# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פֿאַרבאַנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

12

דעקאַבער

1975

# אינהאלט



## ליטעראַטור־קריטיק. ביבליאָגראַפיע. פראַגן פון קונסט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ.ביידער, א. גאָנטאַר,
ש. גאָרדאָן, ט. גען,
י. טשיטשעלניצקי,
נאָטע לוריע, מ. לעוו,
ב. מילער, כ. מעלאַמוד,
ה. פּאָליאַנקער, ס. פרײַ.

**פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר**

י. שוסטער



ארן ווערגעליס

# דיפי

ראָמאַן

אין פיר נאָוועלן מיט אן עפּילאָג

## פערטע נאָוועלע

### יעדערער בלײַבט אף זײַן אָרט

1

ג-עוויס וועט עס אויסזען מאָדנע, נאָר איידער איך וועל אײַך זאָגן, צוליב וואָס איך בין אַהער געקומען, מוז איך א ביסל אָפּעטעמען. ברענגען אין אָרדענונג די נערוון. ניין, קיין גלאָז וואַסער דאַרף מען ניט, עס וועט ניט העלפן....

— עפשער עפענען דאָס פענצטער?

— באַומרויִקט זיך ניט. כ׳וועל בלויז עטוואָס איבערכאַפּן דעם אָטעם... גאָט מײַנער! צי האָב איך אפילע אין כאָלעם געקאָנט זיך אויסמאָלן, אז איך וועל ווען־עס־איז טרעפן — ווו? אין א ווינער האָטעל! — פאַלעקס ברודער...

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 4, 8, 12 פאַרן 1974 יאָר.

— מאדאם, דעם עמעס געריעדט, האָט אויך מיך פאַרכידעשט, וואָס גלײַך נאָך אונדזער קומען קיין ווין האָט פּלוצלינג זיך באַוויזן פעליקס געוועזענע פרוי מיט זײַן זון...
— מע רופט מיך עספיר שאַנאָווסקאַ.
— דאָס האָט איר מיר שוין געזאָגט אין טעלעפאָן. און איך ווייס אַזוי אויך, ווער איר זײַנט. בא אונדז אין דער מישפּאָכע פלעגט מען וועגן אײַך אָפט ריידן...
— מע האָט ניט אויסגעמיטן צו ריידן וועגן מיר?
— ניין, אַפילע דאַן, ווען אונדזער עלטערער ברודער יודאַלעף האָט אין בערלין געפונען אײַער אַדרעס און איר האָט געענטפערט אָף פעליקס אַ בריוו, אַז אַלץ איז פאַרענדיקט...
— מײַן רוסישע שפּראַך איז נאָך פאַרשטענדלעך?
— יאָ, איך פאַרשטיי יעדעס וואָרט.
— כ׳האָב געבראַכט צו אײַך צו פירן פעליקס זון. אַ נאָמען האָב איך אים געגעבן — פעליקס... נאָך פעליקן. זײַן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אין ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע, אָן דעם טאַטן. איר זעט, אַ מין באַכער דאָס איז! עטלעכע כאַדאָשים אָפּגעלעבט מיט אים אין אַ פּויליש דאָרף, ביז מע האָט מיך געכאַפּט און פאַרשיקט קיין בירקענאַו. פעליקסן האָט די אַלטע פאַליאַטשקע איבערגעלאָזט בא זיך — קלוימערשט אירס אַן אייניקל...
— איר ווייסט אַוואַדע ניט, אַז קיין בירקענאַו איז מיט די ערשטע רויטאַרמייער אַרײַן פעליק.
— פעליק? אין בירקענאַו! ער האָט דאָרט געפונען סאַלקען? זי לעבט?
— סאַלקע איז געשטאָרבן אין דער היים.
— אין בירָאָבידזשאַן!
— ס׳ווערט מיר שווער צו ריידן, ווען איר וויינט...
— איך בין אַזוי אומגליקלעך, אַזוי אומגליקלעך. סאַלקע, זײַ מיר מויכל...
— פאַרוואָס פרעגט איר מער גאָרנישט וועגן פעליקן?
— איך האָב מוירע צו פרעגן...
— פעליק איז בלינד.
— בלינד!
— אָף ביידע אויגן בלינד... ער איז נאָך דער מילכאָמע געוואָרן אַ ליטעראַטאָר, שרײַבט ביכער. אין זײַן לעצטן בוך איז באַשריבן אַלץ, וואָס מיט אונדזער מישפּאָכע איז פאָר־לאָפן...
— אַנטשולדיקט, איך וועל זיך אָפּווענדן אָף אַ רעגע. פעליקס פאַרשטייט ניט וועגן וואָס מיר ריידן, נאָר אַלצייגס וויל איך ניט, ער זאָל זײַן באַדערבײַ. ווו איז אײַער טאָכטער? איר זײַנט דאָך געקומען קיין ווין מיט אַ טאָכטער...
— זי איז אַרויסגעגאַנגען אָף אַ מינוט צום פּאָרטיע. שאַט, אָט גייט זי צוריק. נאַטאַשע, דאָס איז דײַנס אַ שוועסטערקינד. איך האָב דיר דערציילט... מע רופט אים פעליקס.
— און די כאַווערטע איז זײַן מאַמע?
— איך בין געווען דײַן פּעטערס ווײַב. לאָז, וועל איך דיך אַ קוש טאָן...
— הער אויס, שוועסטערקינד פעליקס! דו קאָנסט בלויז קוקן? צי עפּשער קאָנסטו ריידן אויך?
— איך פאַרשטעע ניכט, קוזינאַ...
— דו רעדסט ניט אָף רוסיש? אַ ביסל ווייס איך יידיש...
— איווריט?
— אין אונדזער מישפּאָכע רעדט מען ניט אָף איווריט. דו יו ספּיק אינגליש?
— אָאו, יעס.
— איר זעט, עספיר, זיי וועלן זיך ווי־ניט־איז צונויפריידן. נאַטאַשע האָט אָקאָרשט פאַרענדיקט אין מאָסקווע אַן ענגלישע שול, זי וואָלט אָנגעקומען אין אינסטיטוט פון אויסלענ־דישע שפּראַכן, נאָר עס האָט זי אַ צי געטאָן צו סקולפּטור...
— און מײַנער... אַנטשולדיקט, איר הייסט, דוכט זיך...
— אַנדריי.
— זײַנט איר עס יענער קאַראַפּוז, וואָס האָט זיך טאָמיד געהאַלטן בא דער מאַמע עסטער־ראָכעלעס קליידל?..
— ווײַזט אויס, אַז דאָס בין איך...
— איצט — אַזאַ גוואַר, אַ קראַסאַווען... טײַערער אַנדריי! מײַן זון, זאָלט איר וויסן, רעדט אָף די אַלע שפּראַכן, ווײַל דאָס לעבן האָט אים געלערנט. פּויליש — די צווייטע מאַמע בייסן

קריג. דײַטשיש, איווריט און ענגליש קען ער, ווײַל דער שטיפֿטאַטע פּירט אונדז אַרום אין אַט די לענדער...

— דערלויבט אײַך פֿרעגן: ווער איז אײַער מאַן?

— באַלד, באַלד... די קינדער... איר האָט דאָ אַ צווייטן צימער?

— נאַטאַשינקע, קאָנסט גיין מיט דײַן שוועסטערקינד אין צווייטן צימער. דאָרט איז אין שאַפֿקעלע פֿאַראַן שוואַרצער רויג און דאָס געבעקס, וואָס די מאַמע האָט אונדז מיטגע־געבן... די פֿלעשער זײַנען ניט פֿאַר אײַך... אועל, גאָו טו דע נעקסט רום... (נו, גייט אין צווייטן צימער...).

— פּאַפּאַ, דעם פּאַרטיע האָב איך איבערגעגעבן אין דײַן נאָמען, אַז ווען דיעדושקאַ מאַרק וועט זיך באַווײַזן אין האָל פֿון האָטעל, זאָל ער ניט אַרופֿגיין אינעם נומער, בעסער צוּוואַרטן אונטן, ביזוואַנען מירן זיך צו אים אַראָפּלאָזן.

— אַ דאַנק. נו, און איצט גייט, קינדער.

— קאַם אָן... (קום).

— אָ קעי. העוו ע ליטל טאָק (גוט. לאָמיר אַ ביסל זיך דורכריידן).

— וועגן וועלכן דיעדושקאַ מאַרק רעדט זי?

— וועגן מאַרק גריגאָריעוויטש וועגנגראָווערן. איר דאַרפֿט אים געדענקען פֿון בּיראָבּיד־זשאַן...

— ער איז געווען עפּעס אַ נאַטשאַלניק אין ראַיאָן...

— יאָ, געווען.

— לעבט ער נאָך?

— ער אַליין ענטפֿערט געוויינלעך אָף דער פֿראַגע, אַז בּאַ אַ קראַנקן פֿרעגט מען ניט וועגן געזונט, און אַז כראָניש־קראַנקע לעבן איבער כראָניש־געזונטע... יאָ, מאַרק גריגאָריע־וויטש האָט שוין צעביטן דעם נײַנטן צענדליק...

— און וואָס טוט ער דאָ אין עסטרײַך?

— געקומען אָף אַ קאָנגרעס פֿון היסטאָריקער. דאָס האָט ער טאַקע אונדז אײַנגערעדט, מיר זאָלן נעמען טוריסטישע פּוטיאָווקעס און מיט אים צוזאַמען צופֿאָרן קיין ווין, קעדיי דאָ באַגעגענען מײַן טאַטן. אַגעוו, איר ווייסט ניט, ווען עס קומט אָן דער אַעראָפּלאַן פֿון טעל־אוויוו?

— איך בין שוין לאַנג ניט געפֿלויגן פֿון ייִסראָעל.

— אײַער מאַן איז פֿון דאָרטן?

— ער איז אָנגעשטעלט דאָ, אינעם ווינער סאָכנוט. בּאַ אײַך אין דער מישפּאָכע מוז מען וויסן וועגן אים. מאַזאָר איז זײַן פֿאַמיליע. כילוש מאַזאָר... די פֿאַמיליע פֿון מײַן מאַן, זאָג איך, איז מאַזאָר. ער האָט געלעבט אַ קורצע צײַט אין בּיראָבּידזשאַן... וואָס קוקט איר אַזוי אָף מיר?

— מאַזאָר האָט דערהאַרגעט סאַלקען!

— איר האָט דאָך ערשט געזאָגט, אַז זי איז געשטאָרבן אינדערהיים...

— מאַדאַם, אין בּירקענאַו זײַנט איר געזעסן אין איין באַראַק מיט סאַלקען, און עס קאָן ניט זײַן, איר זאָלט ניט וויסן, וואָס עס איז מיט איר פֿאַרלאָפֿן. אײַער קומענדיקער מאַן האָט ניט נאָר אויסגעפֿילט בענעגייע דער אַרעסטאַנטקע טשאַרניצער געסטאַפּאָווישע פֿליכטן, ער האָט, דערצו נאָך, פֿירנדיק די אַרעסטאַנטקע אין טויט־לאַגער, פֿאַרגוואַלדיקט זי אין וועג, און פֿון דעם איז זי אַראָפּ פֿון זינען... סאַלקע האָט זיך מאַזאָרן ניט אונטערגעגעבן, און איר זײַנט געווען, ווי איך פֿאַרשטיי שוין איצט, יענע צווייטע פֿרוי, וועלכע איז אַוועק מיט אים, ווען ער האָט איר צוגעזאָגט די פֿרײַהײַט.

— ער האָט מיר געראַטעוועט מײַן זון! אײַער ברודערס זון!

— נו, און ווײַטער?

— ווײַטער איז ער אים געוואָרן אַ טאַטע. בּאַ אײַך אין די אויגן בין איך שיר ניט אַ גאַסן־פֿרוי. נאָר איך בין געבליבן בּאַ די דײַטשן מיט אַ זויג־קינד אָף די הענט. אַט איז אָף מײַן לײַב דער לאַגער־נומער. סאַלקען וואָלט דען גרינגער געווען צו שטאַרבן, ווען איך און מײַן קינד וואָלטן אויך ניט געלעבט?

— מיר האָבן דאָ גערעדט וועגן מאַזאָרן...

— מאַזאָר איז פּעליקסן אַ טאַטע. ער האָט אים אופֿגעצויגן און זאָרגט זיך וועגן אים...

———

— הער אויס, פעליקס. אז מע וויל אזוי האָבן א טאטן, זעצט מען זיך אוועק און מע שרײַבט אים אָן א בריוו...

— גלייב מיר, איך האָב אפילע ניט געוווסט, אז איך האָב א טאטן. די מאמע מיט מאַ־זאָרן פלעגן זאָגן, אז מײַן טאטע איז אומגעקומען אף דער מילכאָמע און איך דארף אים ניט דערמאָנען צום גוטן, ווײַל ער האָט אונדז אוועקגעוואָרפן, ווען איך בין געבוירן געוואָרן... ערשט איצט, בייס איר זײַנט אהער געקומען און כילוש האָט אונדז באפוילן גיין צו אײַך, האָט מען מיר געזאָגט, אז דער טאטע האָט זיך אָפּגעפונען, ער לעבט...

— פארוואָס האָט אײַך כילוש באפוילן גיין צו אונדז?

— עפּעס שושקעט מען זיך וועגן דעם זיידן. מאזאָר וויל זיך דערוויסן, וואָס דײַן טאטע קלײַבט זיך טאָן אין דעם איניען... עמעס, קיין איינצלהײַטן ווייס איך ניט, די מאמע מיט כילושן ריידן צווישן זיך אף רוסיש.

— דו האָסט אים ניט ליב, מאזאָרן?

— איך האָב מוירע פאר אים, איך האָב אים פײַנט!

---

— איך גלייב אײַך, מאדאם, אז כילוש מאזאָר האָט פארביטן פעליקסן דעם טאטן. אויב איר זאָגט עס, גלייב איך אײַך. אָבער דאָס קויפט דען אויס זײַן פארברעכן? לויט מיר, איז ער א נאצי, מאזאָר! אין סאָוועטנפארבאנד פארמישפּעט מען אזעלכע צום טויט.

— מאזאָר איז א פּאָליטישער קעגנער פון די סאָוועטן. זיי האָבן פארפּאָלגט זײַן טאטן און אים אויך... ער איז אנטלאָפן פון זיי און האָט קעגן זיי געקעמפט...

— און אויך איצט קעמפט ער?

— ניין, איצט איז ער אן אָנגעשטעלטער אין סאָכנוט, פארנעמט זיך מיט ארײַנפירן יידן קיין יִיסראָעל, טאקע פון רוסלאנד... ער קעמפט איצט ניט, ניין... און וועגן דעם, אז ער איז א נאצי, זאָלט איר אזוי ניט זאָגן. די נאציס האָבן מיך ארײַנגעוואָרפן אין בירקענאו, און ער האָט מיך פון דאָרט ארויסגעפירט...

— ער האָט געבראכט צו פירן אהין מײַן שוועסטער. די געסטאפּאָ האָט עס אים פאר־טרויט אָפּצוטאָן. ווער זשע איז ער, אויב אזוי?

— אנדריי, איר זײַנט יונג, איר ווייסט בלויז בירָאָבידזשאַן און, קאָן זײַן, מאָסקווע... לעבט אָפּ עטלעכע יאָר אפן מײַרעוו, וועט איר זען, אז אין קאמף טויג אַלץ און אז אַלץ אין לעבן איז ניט אזוי פּאָשעט. מאזאָר איז טאקע א קעגנער פון די סאָוועטן, און ער האָט, עמעס, געהאט צו טאָן מיט דער געסטאפּאָ, אָבער צילן זײַנען בא אים געווען אייגענע. איר פארשטייט? ס'איז געווען א קאמף מיט א סאך קאָלירן. מאזאָרס קאָליר איז געווען בלוי־ווײַס, ער האָט געראטעוועט יידן... דורך דער געסטאפּאָ געראטעוועט... יאָ, יאָ...

— סאַלקען, און מיסטאמע נאָך פיל אנדערע, האָט ער דערמאָרדעט אויך ווי יידן. מײַן מאמע, מיליאָנען יידן זײַנען געטייט געוואָרן אין די גריבער און דושעגובקעס. און מאזאָר האָט אין דער זעלבער צײַט ארויסבאפרײַט פאר זיך איינע א יִידישקע, אײַך! איך גלייב, אז אויך דעם טאטן אײַערן וואָלט ער אָפּגעראטעוועט... קרויווישע נעשאָמעס!

— מײַן טאטע איז מיט מאזאָרס הילף אוועק קיין יִיסראָעל!

— און ווו איז ער איצט?

— אין דער זעלבער רעגע, ווען מיר ריידן דאָ? פארוואָס דארפט איר עס וויסן?

— גלאַט טשיקאווע...

— מײַן טאטע געפינט זיך איצט דאָרט, אין יִיסראָעל, ניט אין ווין...

— איר ווייסט דען ניט, אז אײַער טאטע האָט שיר־שיר אומגעבראכט פּאַלעקן?

— וויאזוי האָט ער אים געוואָלט אומברענגען?

— מיט רעכילעס... געשריבן בריוו אין די פּארטיי־אָרגאנען. אוועקפאָרנדיק פונעם לאנד, געלאָזט נאָך זיך א מעסירע אפן איידעם...

— אוי, גאָטעניו, פּאָטער אין הימל...

— וויינט ניט, הערט אויס דעם עמעס...

— איך נייטיק זיך ניט אין אײַער עמעס! בא די קאָמוניסטן איז שטענדיק פאראן איין עמעס — זייערער! און איר... איר זײַנט דערצו נאָך א כוצפּעניק! פעליקס, פעליקס! לאָמיר גיין פונדאנען.

---

— איך מוז וואָרענען דעם טאַטן.
— דאָס וועסטו טאָן, ווען מיר וועלן אוועקגיין פונדאַנען...

---

— נו, מיילע. איך בין געקומען צו אײַך מיט גוטן. זיך דערוווּסט באַ א רוסישן כאַוער, אַז צווישן די טוריסטן איז פאַראַן פאַלעקס ברודער, בין איך געקומען צו אײַך. און איר האָט זיך צערעדט ווי א פראָקוראָר. איז רעדט, רעדט...
— מיט אײַך איז איבעריק צו ריידן. מע קאָן עפּשער מיטפּילן אײַער גורל...
— מײַן גורל... מײַן גורל איז ניט אין מײַנע הענט און ניט אין אײַערע...
— אין מײַנע געוויס ניט.
— סײַדן איר וועט מיך צוריק אראָפּברענגען קיין בירא‍ָבידזשאַן.
— אָ, מאַדאַם, איר זײַנט א מיליון אַף הומאָר...
— פאַרן קאָמפּלימענט א דאַנק. איך מוז זיך מודיע זײַן, אַז וועגן בירא‍ָבידזשאַן טראַכט איך אָפּט. עס ווילט זיך וויסן, וויאַזוי די שטאָט זעט הײַנט אויס...
— איך וווין אין מאָסקווע. דאָס לעצטע מאָל בין איך געוועזן אין בירא‍ָבידזשאַן מיט זעכצן יאָר צוריק, אין פיר־און־פופציקסטן. די גאַנצע מישפּאָכע אונדזערע איז זיך צונויפגעפאָרן. געקומען איז אויך וועגנגראַווער. אַזאַ טראַדיציע איז באַ אונדז געוועזן: אין יודאַלעפס טאָג, אַלע עלף יאָר, פלעגט מען זיך צונויפקלײַבן. דאָס לעצטע מאָל איז געוועזן א גרויל... סאַלקע איז אין דעם טאָג געשטאָרבן... נו, און די מאַמע איז, פאַרשטייט זיך, אויך שוין ניט געוועזן...
— פיר און פופציק פּליוס עלף איז פינף און זעכציק... און אין פינף־און־זעכציקסטן איז אויך געוועזן באַ אײַך יודאַלעפס טאָג? מ׳איז זיך צונויפגעפאָרן?
— ניין, מע האָט באַשטימט מער צוליב דעם ניט רופן די גאַנצע מישפּאָכע. אין יענער צײַט האָט דער טאַטע שוין אָנגעהויבן באַקומען פון יִיסראָעל בריוו, אַז עס לעבט די מאַמע. דעמלט האָט ער געוווינט באַ אונדז אין מאָסקווע. פון דער אוקראַיִנע פלעגט קומען צו פאָרן וועגנגראַווער, און ס׳איז געוועזן הימל עפּן זיך! וועגנגראַווער פלעגט שרײַען, אַז דער מאַמעס בריוו זײַנען א שפּיצל פון די ציִעניסטן, און דער טאַטע, ער האָט געגלייבט...
— פאַרוואָס טאַקע ניט גלייבן?
— די בריוו זײַנען געוועזן געשריבן ניט מיט דער מאַמעס האַנט...
— אָבער זי האָט דאָך אויך פריִער קיינמאָל אירע בריוו אַליין ניט געשריבן. שוואַך געוועזן אין דער איווריע.
— פונוואַנען ווייסט איר דאָס? ווער האָט עס אײַך דערציילט?
— איך בין געוועזן אײַער ברודערס ווײַב. שרײַט ניט אַזוי!

---

— הער מיך אויס, קוזינקאַ! גיס מיר אָן נאָך א ביסל. איך בין אַלט נײַן און צוואַנציק יאָר, קורווא טוואָיא מאַטקאַ! און איך האַלט זיך נאָך אַלץ באַ דער מאַמעס קליידל. פאַרוואָס?
— ווײַל דו אַרבעטסט ניט אינערגעץ. מיסטאַמע דערפאַר. באַ אונדז ביסטו שוין לאַנג אַרויס פונעם קאָמיוגישן עלטער...
— וואָסער עלטער, וועלכער עלטער, דאָנער וועטער! איבעראיאָר, נאָך דרײַסיק, וועל איך שוין זײַן אַן אַלטער, קיינער וועט מיך ניט נעמען אַף אַרבעט. קיין געלט האָב איך ניט! אַלץ איז באַ מאַזאָרן אין טײַסטער. און איך האַלט זיך באַ דער מאַמעס קליידל... גיב נאָך א קאַפּל!
— דער טאַטע האָט ניט דערלויבט. נו, איין קליין ביסעלע, און גענוג. זע, האַלט זיך אין די הענט, מע זאָל ניט שטאַרק באַמערקן. דו זאָגסט, אַז באַ אײַך אין שטוב פלעגט מען שרײַבן בריוו צום זיידן קיין רוסלאַנד...
— נו, יאָ. געוועזן אַף דער וועלט א באָבע עספּיר־ראַכעל... מע האָט זי גערופן אַזוי ווי מײַן מאַמען, נאָר מיט א צוגאָב... ראַכעל... איז כאָטש מע האָט זי אין רוסלאַנד דערהאַרגעט, האָט עס קיינער מיט די אייגענע אויגן ניט געזען. פאַרקערט, מע האָט געזען זי אַרומגיין א לעבעדיקע, און צי מע האָט זי דערשאָסן, צי ניט, איז נאַ — א פײַג... אָבער מאַזאָר, ער האָט עס גוט געוווּסט. יאָ. די באָבע עספּיר האָט מען דערהאַרגעט!

— רעד שטילער... וואָס זשע איז פון דעם געדרונגען?

— פון דעם איז געדרונגען, אז די מאמע עספיר האָט געשריבן בריוועלעך פאר דער באָבע עספיר... געשריבן: קום, זיידע נעכעמיע, קום צו אונדז צו פאָרן. כיי־כיי־כי!.. קום, באָלשעוויקעלע! קום צו דײַן ווײַבעלע! מירן דיר העלפן זיך טרעפן מיט איר... אף יענער־וועלט. כיי־כיי־כי!.. קוזינקע, גיב נאָך א ביסל...

— זאָג, מע האָט געוואָלט דעם זיידן דערהארגענען?

— ניין, קיינער האָט אים ניט געטשעפעט. בלויז אים ארויסנארן האָט מען געוואָלט... ארויסנארן אים פון דאָרטן... ארײַנארן אים אהין... אהער... פון דאָרטן...

— צוליב וואָס? צוליב וואָס?

— גיב נאָך א ביסל... דער זיידע נעכעמיע האָט געשוויגן און געוויינט... דער זיידע יאַנקעוו האָט וועגן דעם זיידן נעכעמיע גערעדט מיט מאַזאָרן בלויז אף רוסיש... די מאמע האָט געשריגן... באַנדיטן! קוזינא, גיב נאָך א קאפל...

---

— מאדאם, איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אז געקומען בין איך קיין ווין צו באגעגענען מײַן טאטן, וועלכער קערט זיך אום אהיים פון ייִסראָעל. זאָגט, איר קאָנט מיר מיט עפעס העלפן? עפשער איז אײַך אין סאָכנות באוווּסט, מיט וועלכן רייס ער פליט? ווען קומט דער לײַנער אין עראָפּאָרט שוועכאַט? איר ווייסט ניט? איז זײַט מיר מויכל, מער האָב איך ניט קיין צײַט...

— אנדריי, טרײַבט מיך ניט ארויס, איר וועט נאָך דארפן אָנקומען צו מיר...

— צו אײַך אָנקומען? איר ווייסט עפעס אזוינס, וואָס מיר איז עס ניט באוווּסט?

— אנדריי, איך האָב ניט געוואָלט זיך מיט אײַך קריגן... איר זײַנט געווען אין דער מילכאָמע א פארטיזאנער...

— יאָ, געווען א פארטיזאנער. פארוואָס פרעגט איר עס?

— איך פרעג ניט, איך זאָג. מײַן מאן האָט מיר דערציילט, אז איבער א צופאל האָט ער זיך אפן פראָנט ניט געטראָפן מיט אײַך און מיט ווענגראָווערן, און דאָס האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן...

— דאָס, וואָס ער האָט זיך ניט געטראָפן מיט מיר, איז גאָרניט אזוי וויכטיק. איך בין דאַן געווען א קליין ייִנגל, א פארבינדלער בא די פארטיזאנער. אָט מיט מארק גריגאָריעוויטש וועגנראָווערן, ווען מיט אים וואָלט זיך דעמלט געטראָפן מאַזאָר... צי ווייסט איר, אז מאַזאָרס א פרײַנטל, פערפילאָוון, האָבן מיר אין א קלאָזעט דערקאָנטשעט?

— דערקאָנטשען, דאָס קאָנט איר.

— דער פּאַשיזם, מאדאם, איז אף אונדז געגאנגען ניט אליין, מיט אים אין איין וואָגן איז געזעסן וואָס אין דער קאָרט. די רויטע ארמיי האָט איבערגעקערט אָט דעם וואָגן מיט די רעדער ארוף און פון דאָרט אויסגעטרייסלט די גאנצע אומריינקײַט. מאדאם, עפנט מיר דעם סאָד פארן אָפּגעזעגענען זיך: וואָס האָט איר געהאַט אין זינען מיר צו זאָגן, קומענדיק אהער אין האָטעל?

— איינער א מענטש האָט געוואָלט אײַך פאָרלייגן זיך מיט אים צו טרעפן...

— מאַזאָר?

— קאָן זײַן. פאר מיר איז איצט אָבער קלאָר, אז איר וועט ניט וועלן זיך זען מיט מאַזאָרן... אָבער וואָס טומלען זיי דאָרט אזוי, די קינדער? פעליקס! פעליקס!

— היי, מאָם! שטעל אונטער דאָס מויל, אָט איז וואָדקאָ!

— ער איז שיקער! נאַ! נא דיר אין דער מאָרדע! שווײַן...

— מאָם, כאַפּסט מיט דער פלאש אין קאָפּ ארײַן!

— זי האָט אים אָנגעפּויעט! כאָווער אנדריי!

— מאדאם, בארויִקט זיך. כ׳וועל זיך באלד אליין דערוויסן, וואָס דאָרט איז געשען. נאטאשע! קום אהער נעענטער!

— שיק זיי אָפּ, פּאפּא. מירן רעדן שפּעטער.

— נאטאליא!

— פּאפּא.

— נו, מאדאם, שוין צײַט. שוין צײַט... איך גלייב, אז אונטן ווארט מען אף אײַך... נאטאשע, עס קלינגט דער טעלעפאָן. נעם אין צווייטן צימער דאָס טרײַבל...

— קום, בענאַק. שטעל אוועק דאָס פלעשל און פשאָל וואָן, מיט דײַן מאמען אינײנעם...
— העלאָ! קוזינאַ! שאַלאָם!
— נו, דאנקען גאָט, אוועקגעגאנגען... ווער האָט געקלונגען אין טעלעפאָן?
— דיעדושקאַ מארק.
— ס'איז עפּעס געשען?
— ער האָט זיך אין דער פינלענדישער געזאנדשאַפט פארהאלטן, וואַרנט ער. אין הײַנטיקן אעראָפּלאַן פון דער קאָמפּאניע „על־על" איז ניט פאראַן אין די צעטלען קיין פּאסאזשיר מיט דער פאמיליע טשאַרניצער. מע האָט געקלונגען אין דער ייִסראָעלדיקער געזאנדשאַפט און געבעטן א זוך טאָן אין די צעטלען פונעם נעכטיקן רייס, נאָר נעכטן איז אין „על־על" אײן פּאסאזשיר געשטאָרבן אין וועג, האלט מען דערווײַל דעם גאנצן איניען אין געהיים. ס'איז שווער צו דערגיין א טאָלק...
— ווער איז געשטאָרבן אין וועג?
— ווײַזט אויס, א דאָרטיקער טוישעוו. זײַן פאמיליע איז א העברעיִשע... פאפא, און באַגיין זיך אָן פארמיטלער קאָן מען ניט? נו, זיך ווענדן גלײַך אין דער געזאנדשאַפט פון ייִסראָעל...
— ניין, טאָכטער. זינט דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע זײַנען די דיפּלאָמאטישע באַציִונגען מיט ייִסראָעל איבערגעריסן. מיר קאָנען עפּעס טאָן בלויז מיט דער הילף פון דער פינלענדישער געזאנדשאַפט.
— מוזן מיר וואַרטן אפן דיעדושקאַ ווענגראָווערס א נײַעם קלונג...
— און דערווײַל דערצייל, וואָס עס איז דאָרט בא אײַך געשען.
— זייער וויכטיקס, פאפאַ! די זאַך באַקומט גאָר א נײַעם קער...

## 2

פונקט אין דער זעלבער מינוט, ווען בא דער זײַט פונעם האָטעל „סטעפאני", אין הינטערגעסל, האָט די צעיאָכמערטע, שטארק פארשוויצטע עספיר שאַנאָווסקע, מיט דער הילף פון א באַיאָרטן, שוואַרץ־באָברילטן מאנצבל, געהאלטן באם ארײַנשטופן פעליקסן אין א צעפּראַלטן אף ביידע זײַטן פאָלקסוואַגען, — האָט לעם דער ארײַנגאנגס־טיר פון האָטעל, וועלכער קומט אויס דאָס פערטע הויז פון דער קירכע „סטעפאני", זיך אָפּגעשטעלט א „וואָלגע" מיט א דיפּלאָמאטישן נומער. מארק גריגאָריעוויטש ווענגראָווער האָט אָפּגעדאַנקט דעם צווייטן סעקרעטאַר פון דער סאָוועטישער געזאנדשאַפט גנאַטיוקן פאר דעם, וואָס ער האָט אים אזוי שנעל געהאָלפן זיך דערקלײַבן צו דער פינלענדישער געזאנדשאַפט און דאָרט געוואַרט אף אים, ביז ער האָט דערליידיקט זײַן איניען. די מאשין איז אָפּגעפאָרן, און ווענגראָווער האָט, ארײַנגייענדיק אין האָל פון האָטעל, געבעטן דעם פּאָרטיע, ער זאָל ארויסרופן א טאַקסי און וואָרענען דעם שאָפער, אַז עס שטייט פאָר א יאַזדע אין א פאָרשטאָט, און מע וועט זיך דאָרט פארהאלטן א שאָ צײַט, אויב ניט מער. דער פּאָרטיע האָט ארויסגעברומקעט זײַן געוויינלעכן „יאַוואָל" און דערבײַ דערציילט דעם הער פּראָפעסאָר, אַז די יונגע פרוילײַן פונעם נומער דרײַ הונדערט נײַן און זעכציק האָט מיט א האלבער שטונדע צוריק געבעטן פארהאלטן אים, דעם הער פּראָפעסאָר, אין האָל, ווײַל אינעם נומער זײַנען געווען געסט, און איצט האָט זי זיך ווידער אראָפּגעלאָזט אהער מיט דער ווינדע, כאָטש מע האָט געקאָנט אַלץ איבערגעבן דורכן טעלעפאָן, וואָס דאָס איז פיל באַקוועמער, און זי האָט אויכעט, פון איר זײַט, געבעטן ארויסרופן א טאַקסי. ווענגראָווער האָט געענטפערט דעם פּאָרטיע, אַז אויב אזוי, שאַפט ער אָפּ זײַן פאַראָרדענונג. ער האָט זיך אופגעהויבן אפן דריטן שטאָק. ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, און ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין האָל אין דער באַגלייטונג פון אנדרייען און נאַטאַשען. דער שאָפער פון דער טאַקסי האָט שוין געוואַרט אף זיי.

ס'איז געווען אַן ערעוו־אָסיענדיקער וואַרעמער טאָג. ווין איז געלעגן וואָכעדיק־גרוי, ניט צוגעקליבן, ענלעך צו א גאָרטן, אין וועלכן מע האָט ערשט אראָפּגענומען די גערעטעניש. אפילע אף קערנטנערשטראַסע, וווּהין די מאשין האָט זיך גלײַך פארנומען, דורכפאָרנדיק אָן אָפּגעריבן בריקל איבערן דונײַ־קאַנאַל, אפילע אף אָט דער אריסטאָקראַטישער גאַס האָט גאָרנישט ניט געקאָנט קאָמפּענסירן די אָפּוועזנהײַט פון דער שײַן־רעקלאַמע, וואָס אין אָוונט טוט זי געוויינלעך אָפּ מיט די אַלטע מויערן דעם זעלבן קישעף, וואָס עס טוט אָפּ דאָס זומערדיקע גרינוואַרג מיט אַן איינפּאַכן ברעטלדיקן פּלויט ארום א גאָרטן.

דאָרט, ווו קערנטנערשטראַסע גייט אַרויס אויף רינגשטראַסע, האָט די מאַשין פאַרקערעוועט צום שוואַרצענבערג־פּלאַץ און, דורכפאָרנדיק לאַנגזאַמער פאַרבײַ דעם דענקמאָל די גפאַ־לענע סאָוועטישע סאָלדאַטן, ווידער זיך פאַרנומען אויף לינקס, צום הויז פון דער סאָוועטישער געזאַנדשאַפט, ווו ווענגראָווער, אַרויסשטעלנדיק זײַן זקייניש קערפּער אויפן טראָטואַר, האָט בייסמײַסע אײַנגעטײַנעט דאָס מיט אַנדרייען, דאָס מיט נאַטאַשען:

— קיין שום פאַרטיזאַנישע גענג! הערסט, אַנדריי? דו געפינסט זיך אין אַ פרעמד לאַנד, געדענק עס. און דו, נאַטאַשע, זיץ אין אויטאָמאָביל ביז דער טאַטע וועט זיך אומקערן. אויב ס׳וועט געדויערן מער פון אַ שאָ צײַט, געפינסטו אַ טעלעפאָן־אויטאָמאַט און קלינגסט אָן וולאַדלען איוואַנאָוויטש גנאַטיוקן, איך וועל זײַן באַ אים...

אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַ מאַסיוון שטעקן, איז ווענגראָווער אַרײַן אין דער געזאַנדשאַפט. אַנדריי האָט אומגעדולדיק אַ זאָג געטאָן צום שאָפער:

— אַלזאָ, צום שלאָס שענאַו...

די מאַשין האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, צוריק צו רינגשטראַסע און ווײַטער — איבער גאַסן און פּלעצער, פאַרבײַ בולוואַרן, וואָס בײדע פאַסאַזשירן, וועלכע זײַנען געזעסן שווײַגנדיק הינטער דעם שאָפערס פּלייצע, האָבן ניט געוווּסט, ווי אַזוי מע רופט זיי און וואָס פאַראַ באַרימטע ווינער מויערן עס שטייען אויף זיי.

אַנדריי האָט געטראַכט, צי ער האָט ווי עס דאַרף צו זײַן געהאַנדלט בײַסן שמועס מיט דער מאַדאַם שאַנאָווסקע. בלויז אין איין מאָמענט האָט ער, זעט אויס, זיך געקאָנט נויהעג זײַן אַנדערש — ווען די מאַדאַם האָט אַ זאָג געטאָן, אַז מאַזאָר וויל זיך מיט אים, מיט אַנדרייען, באַגעגענען. ס׳וואָלט אוואַדע ניט געשאַדט, ווען ער זאָל געווען אויף דעם אײַנגיין, באַזונדערס איז דאָס קלאָר איצט, ווען ס׳איז באַוווּסט געוואָרן, וואָס פאַר אַ טײַוואָלאָנישע שפּיל עס ווערט געפירט אַרום דעם אַלטן טאַטן, אָנהייבנדיק פונעם אַרײַנאַרן אים קיין ייִשׂראָעל און ענדיקנדיק מיט דער געהיימניס אַרום זײַן קומען קיין ווין. ס׳האָט זיך אַפילו באַקומען אַזוי, אַז די טרעפונג מיט מאַזאָרן מוז פאָרקומען, ווײַל מאַזאָר און זײַן שווער שאַנאָווסקי זײַנען דאָך זיכער די, וועלכע האָבן פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע. אָבער אין דער זעלבער צײַט זײַנען אין אַזעלכע פאַלן דערלאָזבאַר בלויז באַגעגענישן, וועלכע גייען דורך, ווי מע זאָגט, לויטן פּראָטאָקאָל, און דאָס איז די סיבע דערפון, וואָס אַנדריי פאָרט איצט אינעם סאָכנוט־צענטער שענאַו.

דאָס וויכטיקסטע איז — דערוויסן זיך, וואָס עס האָט פאַרטראַכט מאַזאָר, צי איז עס קליינלעכע נעקאָמע פון אַ מעטורעף, צי עפּשער אַ טייל פון עפּעס אַ פּלאַן? ווער שטייט הינטער מאַזאָרן און שאַנאָווסקין? ווען אַנדריי האָט וועגן די דאָזיקע פראַגעס געפּרוווט אָקאָרשט זיך דורכשמועסן מיט ווענגראָווערן, האָט ער דערהערט אַ קורצן ענטפער:

— אויב עס זײַנען דאָ פאַראַן סוידעס, פירט זיי מיט זיך אין „על־אל“ דײַן טאַטע...

פאַרשטענדלעך, אַז דער נײַנציקיאָריקער נעכעמיע טשאַרניצער האָט ניט געקאָנט אָצינדער אַרויסרופן אַן אינטערעס צו זיך באַ די אַזאַרטע לײַט. דאָס איינציקע, וואָס האָט אים עטוואָס אויסגעטיילט פון די טויזנטער מענטשן, ווען די ציִעניסטן האָבן געשלעפּט מיט אַלע קויכעס פונעם סאָוועטפאַרבאַנד קיין ייִשׂראָעל, ניט וויסנדיק אַליין, וואָס מיט זיי דאָרט צו טאָן, איז געווען זײַן שײַכעס צו בירָאָבידזשאַן און צו סאַלקען, אין פאַל, אויב די ייִדישע געגנט וועט אויך איצטער זיך אוועקשטעלן ווי אַ ביין אין האַלדז די ציִעניסטן און ס׳וועט אויסקומען נאָכאַמאָל צו דערמאָנען דורך דער פּרעסע, אַז זיי, די ציִעניסטן, ווייסן, וויאַזוי בירָאָבידזשאַן איז געגרייט געוואָרן אויף צו ווערן דאָס פאַרשיקונגס־אָרט פאַר די ייִדן אין רוסלאַנד, אַן איידעס דערפון איז די פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער מע זעט באַשײַמפּערלעך, וויאַזוי אַ דעפּוטאַטקע פונעם בירָאָבידזשאַנער שטאָט־סאָוועט — סאַלקע טשאַרניצער, דעם אוילע נעכעמיע טשאַרניצערס טאָכטער — האָט איבערגענומען איינעם פון די קומענדיקע צוואַנגס־לאַגערן באַ די ענקאַוועדע־לײַט. די ייִדישע געגנט אין סאָוועטן־רוסלאַנד האָט אָבער נאָך אַלץ, ווי ביז איצט אין די לעצטע דרײַ צענדליק יאָר, ניט געדריקט אויף די לײַדנשאַפטן אין דער גלאָבאַלער ייִדן־פּאָליטיק, מע איז שוין צוגעוווינט צו זען אין איר אַ געגנט, ווי אַלע אַנדערע אינעם לאַנד, אויב ניט רעכענען די אויסגעשפּראָכן־נאַטירלעכע ספּעציפישקײַטן, און אַפילו די ציִעניסטן פאַרשטייען, אַז קעדיי אַרויסרײַסן אַ ייִדן פונעם רוסישן באָדן און אים איבערפלאַנצן קיין ייִשׂראָעל, איז ניט גענוג צו פאַרשוואַרצן אין זײַנע אויגן בירָאָבידזשאַן, וויכטיקער איז פאַרשלעפערן אינעם האַרצן באַ אים, כאָטש אויף אַ קורצינקער צײַט, דאָס געפיל פון צוגעבונדנקײַט צום גאַנצן לאַנד־סיידער.

רוסלאַנד איז פאַר אַן אָרטיקן געבוירענעם ניט בלויז באָדן, קלימאַט, לאָשן, ניט נאָר דערציִונג, אופהאַלט אין דער מישפּאָכע, טאַקאָנעס פון אַרבעט און פון אופירונג. ווער עס

זאָגט, אז רוסלאַנד איז — בערעזעס, ווייסט ניט, וואָס רוסלאַנד איז. בערעזעס טרעפֿן זיך אויך אין פֿינלאַנד, לעמאָשל, אין פּוילן. די בערעזע איז אין א גרויסן טייל פֿון רוסלאַנד ניט דער סאַמע אָפּטער בוים, און אין היפּשע געגנטן איז זי זעלטן דאָ. ס'איז אויך ניט גענוג צו זאָגן, אז בא אָן אָרטיקן געבוירענעם ליגט אין בלוט רוסלאַנד בלויז נאָכן זיבעצנטן יאָר. מע קאָן זיך פֿארופֿן אַף אָן א צאָל בײַשפּילן פֿון אַלע יאָרהונדערטער. אָך, ווי פּרימיטיוו איז דער פֿארשפּרייטער פּאָרטרעט פֿון רוסלאַנד — דאָס געשטאַלט פֿון א גוטמוטיקן, פּראָסטן קײַלע־כיק־פּאָנעמדיקן, קלײַנעדיקן, ברייט־נאָזיקן רובאַכע־באַכער. רוסלאַנד איז א סיידער פּונעם לעבן, א וועלט א גאַנצע. אין פּראָט פֿון מענטשלעכער פּסיכיק איז אָט דער סיידער צום גוטן קאָנסערוואַטיוו — ער וויל ניט ווערן אַן אַנדערער. דאָס זעען מיר אין רוסלאַנד, פּונקט ווי אין אינדיע, אשטייגער. וויפֿל וועט איר געפֿינען אינדוסן, וועלכע זײַנען געוואָרן עכטע אייראָפּייער? פּונקט אַזוי איז ניט מעגלעך, אז א קלאָרער מענטש, א געבוירענער און אויפֿגע־וואַקסענער אין רוסלאַנד, זאָל, אַרויספּאָרנדיק פֿון דאָרט, ניט מוטשען זיך מיט אַן אײַנגע־בוירענער בענקשאַפֿט.

טראַכטנדיק וועגן דעם, האָט אַנדריי ניט באַמערקט, ווי פֿאַרבײַ דעם פֿענצטער פֿון דער מאַשין טראָגן זיך דורך שוין ניט קיין מאַסיווע מויערן, נאָר פֿריילעכע, געמיטלעכע שטיב־לעך, יעדעס שטיבל — א באַזונדערער פּאָלוואַרק מיט געשניצטע וועראַנדעס און גאַנעקעס, מיט בלומען־בייטן און אַספֿאַלטירטע שטעגעלעך. אַף א רגע האָט דער דאַטשע־ייִשוּוו אָפּ־געטראָטן דאָס אָרט פֿאַר א פֿריילעך וועלדל, און, אַרויסקוקנדיק פֿון דער מאַשין, האָט אַנדריי מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט נאַטאַשען פֿאַר דער האַנט און מיט גרויס כידעש אויסגעשריגן:

— זע, נאַטאַשינקע, א בעריאָזקע!

נאַטאַשע האָט ניט געוווסט, וועגן וואָס עס האָט אין דער רגע געטראַכט איר טאַטע, און דעריבער האָט זי זיך אויך פֿאַרכידעשט, נאָר ניט פֿון דער בערעזע. ס'האָט איר אויס־געזען מאָדנע, וואָס דאָס באַווײַזן זיך פֿון אָט דעם בוים אין א וואַלדיק אָרט האָט געקאָנט אַרויסרופֿן אַזא כידעש.

עס האָבן זיך געדאַרפֿט צונויפֿטרעפֿן און זיך איבערמישן די צוויי אין טאָך אַזעלכע פֿאַרשיידענע בלוט־ריטמען — דער סלאַווישער און ייִדישער, — קעדיי עס זאָל זיך פֿון דעם באַקומען די האַרמאָנישע באַדאַכטקײַט אין נאַטאַשעס נאַטור, די געמאָסטנקײַט פֿון די צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן אין אירע געפֿילן, וואָס עס האָט אויסגעזען אַזוי, ווי אין אָנהייב פֿון יעדער טועכץ אירער וואָלט געשטאַנען א זיפּעלע, אין וועלכן עס פֿאַרהאַלט זיך דאָס איבעריקע אינעם בלוט־געזאָד.

א געבוירענע אין מאָסקווע, אין א פּוילן פֿינפֿיאָר אַרום נאָך דער וועלט־מילכאָמע, אָן אויפֿגעקומענע צום לעבן קימאַט שוין נאָך די פֿאַרדריסלעכע מאַנגלען אינעם שטייגער, איז נאַטאַשע, ווי דער גאַנצער דאָר אירער, געוואַקסן פֿרײַער און אויסגעזען געזינטער, איידער די עלטערע אין דער מישפּאָכע. מע קאָן ניט זאָגן, אַז זי איז אין דער פֿאַרפֿונדעוועטער יוגנט געווען פֿרײַ פֿון דײַגעס פֿאַרן קלאַל. די צוויי זומערס, וואָס זי האָט שוין באַוויזן דורכמאַכן אין קאָמיוגישע בוי־אָטריאַדן, און דער סעזאָן־אַרויספֿאָר אַף דער צעלינאַ, ווו זי האָט אונטער ראָמאַנטישע לאָזונגען געהאָרעוועט, אָנהייבנדיק שיר ניט פּונעם אַרויסלאָז־אָוונט אין שול און ביזן אָפּפֿאָרן, צוזאַמען מיטן טאַטן, אַהער קיין ווין, איצט, א וואָך פֿאַר די ערשטע לעק־ציעס אין אינסטיטוט, — די דאָזיקע לעבנס־עפּיזאָדן האָבן, אומבאַמערקט פֿאַר די דערוואַק־סענע, אַרופֿגעלייגט אַף נאַטאַשעס שוין פֿאַרשווערייקטער מיט טאָגטעגלעכע פֿליכטן באַדאַכט־קײַט אָט די נוצלעכע לאַסט פֿון דײַגעס פֿאַרן קלאַל. אויך איצט האָט זי, פֿאָרנדיק איבער אַן אומבאַקאַנטער לאַנדשאַפֿט, קלאָר זיך פֿאָרגעשטעלט דעם ברייטן באַטײַט פֿון דעם, וואָס עס קומט פֿאָר: די מישפּאָכע טשאָרניצערס, וואָס נאַטאַשע איז אירער א נײַער גליד, מאַכט איצט דורך אַף איר וועג א ווייטעקפֿולן, נאָר אומבאַדינגטן אומבײַט, אַזא, ווי סע איז אין דער באַ־לעכאַים־וועלט דער אומבײַט פֿון דעם פּעל־פּוטער אָדער פֿון די הערנער. דאָס איז אָבער בלויז א פּראָט. שוין מער־ווייניקער א האַלבער יאָהונדערט, ווי די מישפּאָכע טשאָרניצערס גייט דורך, טראָט נאָך טראָט, אַלע ענדערונגען און אומוואַנדלונגען, וועלכע פֿאַלן אויס אַף דער אָנגעשטרענגטער צײַט.

אויב צו דעם צוגעבן, אַז איבער איין וועזנטלעכער סיבע שטייט זי, נאַטאַשע, גאַנץ באַזונדער אין דער מישפּאָכע, — זי איז, פּונקט ווי אירע שוועסטערקינדער פֿון יודאַלעפּס זײַט, אַף העלפֿט א ייִדישקע, אַף העלפֿט א רוסישע, — דאַן קאָן מען פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס זי לעבט איבער אַף איר אייגענעם אויפֿן דעם זיידנס אָוועקפֿאָרן קיין ייִסראָעל.

זי דערמאָנט זיך, ווי־אַזוי דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען. אין די לעצטע טעג האָט זיך פֿון סאַראַטאָוו אַראָפּגעיאָוועט קיין מאָסקווע נאַטאַשעס צווייטער זיידע, דער ייִנגערער, צוזאַמען

מיט דער באָבען און מיט עטלעכע פּעטערס און מומעס, און אויך אין די שאָען, ווען דער זיידע נעכעמיע פּלעגט אוועקגיין פון שטוב — ער האָט שוין געהאַלטן באַם באַקומען די פּאַפּירן, — פלעגט מען ריידן צווישן זיך שטיל־שטיל, ווי אין א שטוב פון א טויטן. און בלויז ווען פון דער אוקראַינע איז געקומען מארק גריגאָריעוויטש וועגנראָווער, האָט מען דערהערט א הויך קאָל אין שטוב.

וועגנראָווער האָט, שווער אָפּטעמענדיק, ווי ער וואָלט אהער, אפן צענטן שטאָק, זיך אופגעהויבן צופוס מיט די טרעפּ, אוועקגעשטעלט דאָס קליינע טשעמאָדאַנדל לעבן אריינ־גאַנג, אָפּגערוקט עס מיטן שטעקן צו דער וואַנט און אליין זיך גוט אויסגעהוסט אין טיכל אריין, באַקוקנדיק דערביי די פאַרזאָרגטע מענטשן אינעם ניט צוגעקליבענעם צימער. ווען קאַטיע און נאַטאַשע זיינען צוגעגאַנגען, ער זאָל יעדע פון זיי א קוש טאָן, האָט ער דער מא־מען, קאַטיען, אונטערגעטראָגן זיין שטעקן צו דער סאַמע נאָז:

— וואָס ביסטו פאַר א באַלעבאָסטע! אַלע זיצן הונגעריקע, איך זע ניט קיין איין פּלעשל אפן טיש!

— מארק גריגאָריעוויטש, איר ווייסט דאָך...

— איך ווייס, איך ווייס... אָבער א קוש טאָן וועל איך דיך, ווען דו וועסט אָנטאָן דעם פאַרטעך און אויסשפּרייטן אפן טיש א טישטעך.

אַנדריי האָט אים צוגערוקט א שטול, נאָר ער איז פריִער צוגעגאַנגען צו יעדן אין צימער און באַגריסט זיך בא דער האַנט, דערנאָך זיך צוגעזעצט צום טיש, אַרומגענומען נאַטאַשען בא דער טאַליע און אָנגעהויבן צו איר ריידן, האַבנדיק דערביי אין זינען, אַז עס הערן אַלע איבעריקע:

— דו, שיין בלאָנד מיידל! ווען איין זיידע דיינער וועט, ווי געווייַנלעך, זיך אומקערן צוריק קיין סאַראַטאָוו און דער צווייטער וועט מעשוגענערהייט אָנשפּאַרן אַזש קיין טעל־אָוויוו, דאַן וועט באַקומען זיין אורעקצושטעלן אף דיין גורל די וויכטיקע פראַגע: ווער זיינען מיר, און וואָס קומט מיט אונדז פאַר אין סאָף פון די זעכציקער יאָרן? און ווען אין א צייט אַרום וועט דער סאַראַטאָווער זיידע ווידער, ווי געווייַנלעך, געבן וועגן זיך צו וויסן פון סאַ־ראַטאָוו און דער צווייטער זיידע, דער מעשוגע־געוואָרענער, וועט, גאָט צו דאַנקען, זיך אומ־קערן פון טעל־אָוויוו צוריק אהיים, דאַן וועט יעדערער זאָגן זיין וואָרט און ס'וועט גרינג זיין צו געבן אן ענטפער אף יענער וויכטיקער פראַגע...

נאַטאַשע האָט אַרויסגעוויזן איר נייַגעריקייט:

— דיעדאַ מאַרק, ווער בין איך, זאָג מיר טאַקע...

— דו, שיין בלאָנד מיידל, ביסט געבוירן געוואָרן בא טאַטע־מאַמע, בא וועלכע ס'איז ניט געווען קיין נאַציאָנאַל בויכווייטעק, ביזוואַנען דיין מעשוגע־געוואָרענער זיידע האָט עס צוגעטראַכט...

ניט נאָר וועגנראָווערס באַריידעוודיקייט האָט דעמאָלט פאַרכידעשט נאַטאַשען, ס'האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער אויסזען זיינער: ווי בייס א פּיִערלעכקייט — א פּולע ברוסט מיט אָרדענס און מעדאַלן און מיט גאָלע סטענגלעך, וועלכע באַצייכענען, אַז דער מענטש איז אין שלאַכט געווען פאַרוואונדעט.

— צוליב וואָס די רעגאַליעס? — האָט זיך נאָכגעפרעגט נאַטאַשע.

וועגנראָווער האָט געפרוווט אָפּקומען מיט א שפּאַס:

— מע זאָגט, אַז אין מאָסקווע קלייַבט זיך צונויף א פּאַראַד פון באַרימער, בין איך שוין באַצייַטנס אָנגעקומען אפן פּאַראַד...

— און אויב ריידן ערנסט, דיעדאַ מאַרק?

— אויב ריידן ערנסט, דו, שיין בלאָנד מיידל, וויל איך מיט דעם געבן צו פאַרשטיין דיין זיידן, דעם אַלטן אייזל, אַז מע האָט ניט ווייניק אריינגעלייגט אין דער רוסישער ערד, מע זאָל מיטאַמאָל נעמען און זי פאַרלאָזן!

פונקט ווי אַלעמען אין דער מישפּאָכע, האָבן נאַטאַשען געערט מארק גריגאָריעוויטשעס צו שאַרפע רייד. פאַרנאַכט, דעם זעלבן טאָג, האָט זי אים אפילע פייַנט געקראָגן, ווען ער האָט, קריגנדיק זיך מיטן זיידן נעכעמיע, אים א שלייַדער געטאָן אין פּאָנעם אריין גראָבע ווערטער:

— יאָ, יאָ! ביז איצט, ווען מע פלעגט שמועסן וועגן פאָרן, אריבערפאָרן אף א צווייט אָרט און דעסגלייַכן, פלעגסטו נעמען ריידן וועגן פערד, און האָסט זיך בעעמעס באַוויזן ווי א מייוון, פאַרט אַמאָל געהאַנדלט מיט זיי. איצט אָבער, נעכעמיע, זע איך, אַז דו אַליין ביסט א פערד, און דו טופּעסט אהין, וווּהין סע טרייַבט דיך א פרעמדער אָנטרייַבער...

נעכעמיע האָט ווי ניט געהערט די גראָבע רייד. ער האָט נאָך טיפער אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין די אַקסל און געענטפערט מיט א טויב קאָל:

— מארק, דו ווייסט דאָך גוט מײַנע צוויי גלאָוונע פערד: דעם גלויבן, אַז איך וועל קיינ־מאָל ניט פארלירן עסטער־ראָכעלען, און דעם גלויבן אין ביראָבידזשאַן... אָט, ביזוואַנען איך בין ניט אראָפּגעפאַלן פון די צוויי גלאָוונע פערד מײַנע, האָב איך ניט אויסגעזען אין דײַנע אויגן, ווי א פערד...

ווענגראָווער האָט א קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש:

— ביראָבידזשאַן לאָז אָפּ! איצט, אַז דו לויפסט קיין ערעץ־יִיסראָעל, זאָלסטו, טשאַרני־צער, ניט דערמאָנען כאָטש ביראָבידזשאַן! דאַקעגן, ווען דו וועסט א שמעק טאָן מיט דער אייגענער נאָז יִיסראָעל, דאַן קום צו מיר און מירן אונטערסאַכאַקלען אונדזער ביידנס וויסן וועגן ביראָבידזשאַן... און וואָס איז שײַעך עסטער־ראָכעלען, זאָלסטו געדענקען וואָס איך זאָג דיר: איר קיוווער איז דאָ! איר געביין איז דאָ! איר נעשאָמע איז דאָ!

— וואַריאַש! זי לעבט! — האָט זיך צעשרײַען ניט מיט זײַן קאָל נעכעמיע. ביידע הענט האָבן אים געציטערט מיט א שטענדיקן ציטער. ער האָט אויסגעזען ווי צעמישט. די עטלעכע גרויע הערעלעך, וועלכע זײַנען אים פארבליבן עטוואָס העכער פונעם שטערן, זײַנען געווען נאַס פון קאַלטן שוויס. די אויגן, פארצויגענע מיט זעקעלעך, האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און פונ־נעם אַנציינערדיקן מויל איז ארויס א קרעכץ:

— אָך, מארק... איך וויל פון קיינעם גאָרנישט... און אָף ביראָבידזשאַן ווארף איך דען, כאָלילע, א שאָטן? איך פאָר דאָך אוועק קיין יִיסראָעל ניט פון ביראָבידזשאַן, נאָר פון מאַ־סקווע... מארק, שרײַ ניט אַזוי... איך פאָר דען קיין יִיסראָעל? איך פאָר צו עסטער־ראָכעלען, פאָר איך, מענטש איינער וואָס דו ביסט...

און שוין אײַנגאַנצן מיט א ווייך קאָל, אונטערשמייכלענדיק, האָט ער דערציילט אָף טשי־קאָוועס:

— הערסט, מארק, אין דער סינאַגאָגע, ווו מיר, די אָפּפאָרנדיקע, נעמען זיך צונויף, האָט מיר הײַנט איינער א ייִד געזאָגט, איך כאַזער דיר עס איבער, ווײַל מיר רעדן וועגן פערד... ער האָט מיר געזאָגט, דער ייִד, אַז איך זע אים אויס צו זײַן א באַלעגאָלע, באַ וועמען ס'איז געפאַלן דאָס פערד... ניט איך, הייסט עס, בין פונעם פערד אראָפּגעפאַלן, נאָר דאָס פערד אליין... כאַ־כאַ!

ווענגראָווער האָט ניט דערלאָזט, אַז דער טאָן זאָל געלינדערט ווערן, און פאַר נאַטאַ־שען איז עס געווען א באַווײַז, אַז ער האָט סטאַם קיין הארץ ניט. ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם זיידן נעכעמיען פון קאָפּ ביז די פיס און געזאָגט, אופהייבנדיק זיך שווער פון דעם אָרט:

— עכע־כע... ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז ווען באַ א באַלעגאָלע פאַלט דאָס פערד, ווערט ער א מעלאַמעד...

און דאָך האָט נאַטאַשע ניט געקאָנט זיך באַפרײַען פונעם קישעף, וואָס עס האָט, ווי שטענדיק, פארשפרייט ארום זיך אין אָט דעם שווערסטן טאָג פון איר לעבן דער דיעדאַ מארק, א פארגלייבטער אין קלאָרע עמעסן, אַן אָפּנהאַרציקער ביז גראָבקײַט, אליין צו זיך א שטרענגער און קאַרגער. זי ווייסט ניט פארוואָס, נאָר אויסער דעם, וואָס די סצענע פונעם זיידן נעכעמיעס אוועקפאָרן פונעם לאַנד האָט אַן־און־פאַר־זיך שוין ארויסגערופן אין הארצן און אָף שטענדיק איבערגעלאָזט דאָרט א קנויל מיט פראַגן, פארגעפילן און ספּייקעס, אַכוץ דעם אלעמען, וואָס דאָס אליין איז שוין געווען איבערגענוג פאַר דער נאָך ניט אײַנגאַנצן פעסטער קינדערשער נעשאָמע, האָט דאָס עמיגרירן פונעם זיידן קיין יִיסראָעל א שפּאַר געטאָן אָף איר אויך פון אַן אַנדער זײַט, און זי האָט אפילע איצט, זיצנדיק אין דער מאַשין, וועלכע האָט זיך געטראָגן איבער א פרעמד לאַנד, אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, איבערגעכאַזערט פון אַלץ, וואָס עס איז אין יענעם טאָג געזאָגט געוואָרן, בלויז אָט די פראַזע:

— דיעדאַ מארק, ווער בין איך, זאָג מיר טאַקע...

דער וועג איז ווידער ארײַנגעגאַנגען אין א גאַס מיט שטיבער־פּאָלוואַרקן. די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַן אַלטן פּלויט, א צונויפגעלייגטן פון ציגל און א געדיכט־ארומ־געוואַקסענעם מיט קראָפּעווע. די לעכער אינעם פּלויט זײַנען געווען ערטערווײַז פארצויגן מיט שטעכל־דראָט, אָדער פארלאַטעט מיט ברעטער. ווען אַנדריי איז ארויס פון דער מאַ־שין, קעדיי א קוק טאָן, ווי־אַזוי דורכצופאָרן אָף יענער זײַט וואַנט, פונוואַנען עס האָט זיך ארויסגעזען דער אָפּגעבליאַקעוועטער בלעכענער דאַך און די אייבערשטע טייל פון אַן אַלט־גרוי געבײַ, האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן לעבן אים צוויי וואַכמענער מיט קאַבורעס פון פּיסטאָלעטן הינטער די ציווילע פּידזשאַקלעך, און איינער האָט קורץ א פרעג געטאָן:

— וואָהין?

ס׳האָט זיך באַקומען, אַז דער צונג און די ליפּן באַגעגענען זיך באַם ריידן און זייערע טועכצן מישן זיך צונויף: די רייד קומען אַרויס סײַ פאַרקײַלעכיקטע, סײַ שעפּעליאַווע.

אויסהערנדיק אַנדרייען — ווער ער איז און צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען, האָט מאַזאַר געפּרוּווט צוגעבן דעם שמועס געמיטלעכקײַט, און צוליב דעם האָט ער פאַרגעלייגט זיך צוזעצן, נאָר אַנדריי איז געבליבן שטיין פּײַנטלעך אין צווייטן ווינקל פונעם ענגן צי־מערל, לעבן דעם קײַלעכיקן, ווי אין אַ שיף־קאַיוטע, פענצטערל, און מאַזאַר האָט דאַן גאַנץ קאָרעקט אים מיטגעטיילט, אַז דער כאַשעווער זאַקן, וועמען מע האָט אין רוסלאַנד גערופן נעכעמיע טשאַרניצער, איז נעכטן, בײַסן איבערפלי פונעם לײַנער קיין ווין, ניפטער געוואָרן פון אַ האַרץ־אַטאַקע, וועגן וואָס עס איז פאַראַן אַ פאָרמעלער מעדיצינישער פּראָטאָקאָל.

אַנדריי האָט, הערנדיק עס, זיך געזשמורעט, ווי פון דער זון, קעדיי ניט צעווייגען זיך, און קוים מערקבאַר זיך געשאָקלט מיטן גאַנצן קערפּער, ווײַל אַנדערש וואָלט ער, ווי אים האָט זיך געדוכט, געפאַלן אין כאַלאָשעס. ס׳איז שוין איינמאָל געשען מיט אים אַזוינס, דאַן, ווען די מישפּאָכע האָט זיך דאָס לעצטע מאָל צונויפגעזאַמלט אין בירעבידזשאַן, אַפן האַלבן אינדזל, און נאַטאַשע, אַן אויפעלע נאָך, איז אַרײַנגעלאָפן אין צימער און, שלעפנדיק אים צום פענצ־טער, אויסגעשריגן: „פּאַפּאַ, נאָך איין ברודערל... אין הויף״... — און ער האָט דערזען אין פענצטער סאַלקען... ס׳האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ, נאָר דערנעבן איז געשטאַנען יודאַלעף, וועלכער האָט אים אונטערגעכאַפּט אונטער די אָרעמס... דער טאַטע, טאַקע ער, דער טאַטע, איז דעמלט אַרויסגעלאָפן אין הויף און גלײַך זיך אומגעקערט צוריק, טראָגנדיק פרײַ אַף די האַלב־אויסגעצויגענע הענט סאַלקען. אַלע אין צימער זײַנען פאַרבליבן אַף זייערע ערטער, בלויז אַנדריי, וועלכער האָט מיט יודאַלעפס הילף שוין געהאַט צוגעזעצט זיך צום טיש, האָט זיך אופגעשטעלט פאַר סאַלקעס ליידן, אַ בלאַסער און אויסערלעך אַ באַרויִקטער. יאָ, דאַן איז ער געשטאַנען פאַר סאַלקען, פאַר אירע אומענטשלעכע ליידן. איצט אָבער שטייט פאַר אים דער אומענטש מאַזאַר, דער מערדער אויך פון זײַן טאַטן. ער וואָלט עפּשער גע־דאַרפט אים דערהאַרגענען, אָפּצאָלן אים דאָ אַפן אָרט, נאָר אין קאָפּ האָט אַ קלאַפּ געטאָן, ווי מיט אַ האַמער: „קיין שום פאַרטיזאַנישע גענג. הערסט, אַנדריי? דו געפינסט זיך אין אַ פרעמד לאַנד. געדענק עס...״

אַנדריי האָט מיט גרויסע אָנשטרענגונגען אַרויסגעשטאַמלט:

— ווו ליגט ער?

— מיר האָבן נאָך ניט געמאָלדן דער עסטרײַכישער מאַכט וועגן דעם צופאַל, דעריבער האָבן מיר דעם קערפּער אַריבערגעפירט אַהער, קעדיי באַשליסן, ווו אים ברענגען צו קווורע, דאָ, אין ווין, אָדער אין דער הייליקער ערד אונדזערער...

— אײַער הייליקע ערד האָט ער פאַרלאָזן, און ער האָט געוואָלט זיך אומקערן אַהיים קיין רוסלאַנד. און באַשליסן, וואָס ווײַטער צו טאָן מיטן קערפּער פון מײַן טאַטן, וועלן מיר, זײַנע קינדער.

זאָגנדיק עס, האָט אַנדריי ניט געקוקט אַף מאַזאָרן, און דעריבער האָט ער ניט געזען, אַז יענער האָט זיך צעשמייכלט, ווי איינער זאָגט: דאָס וועלן מיר נאָך אַ קוק טאָן... אַנדריי האָט איבערגעכאַזערט די פראַגע:

— ווו ליגט ער?

— איך האָב אײַך שוין געזאָגט: דאָ איז זײַן קערפּער, אין שענאַו.

— באַווײַזט מיר אים.

— אָ, דאָס איז אײַער רעכט.

זיי זײַנען אַרויס אין אַ שמאָלן דורכגאַנג, איבער וועלכן ס׳האָבן זיך לענגויס די ניט־געטינקעווועטע ווענט געצויגן לײַכט־צוגעפּעסטיקטע, צוליב צײַטווײַליקן באַנוץ, עלעקטרישע דראָטן און גאַז־רערן. לויט דעם און לויט די צוויי גראַטע־פענצטערלעך, דורך וועלכע ס׳האָבן זיך אַרויסגעזען קופּעס בלעך און שפּענער אינעם הויף, האָט אַנדריי ערשט איצט פאַר־שטאַנען, אַז מאַזאָר האָט אים אופגענומען אינעם קעלער־שטאָק פון דער געבײַדע, וועלכע איז אַמאָל געווען אַ מיטלאַלטערלעכער שלאָס, און איצט האַלט מען דאָ אַרויסגעוואַנדערטע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד ייִדן אַף זייער וועג קיין ייִסראָעל. טאַקע דערפאַר, וואָס ער איז גלײַך פון דער גאַס אַרײַן אין קעלער־שטאָק, האָט ער דאָ קיין לעבעדיקן נעפעש ניט געזען. אין עק פו־נעם דורכגאַנג, לעבן דעם אײַזערנעם ספּיראַלאַרטיקן לייטער, וואָס פירט אַף אַרויף, האָט מאַזאַר אופגעשלאָסן אַ פאַנירענע טיר, און זיי זײַנען אַרײַן אין אַ פינצטער קעמערל. מאַזאַר האָט אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט איבער אַ פּאָליצע בא דער טיר און, אָנטאַפּנדיק דאָרט אַן עלעקטריש פּאַנאַרל, געמאַכט אין קעמערל ליכטיק. אַף צוויי בענק, צונויפגערוקטע אין דער ברייט, איז געלעגן, פאַרוויקלט אין אַ גרויער קאָלדרע און איבערגעדעקט איבערן קאָפּ



מיט א לײַלעך, א קליין גופל. אנדריי האָט פארשטעלט דעם וועג מאזאָרן, ווען יענער האָט געוואָלט אופדעקן דעם קאָפּ פונעם מעס. ער האָט אליין אונטערגעהויבן דעם לײַלעך און זיך אײַנגעקוקט אין דעם טאטנס אויסגעטריקנט פּאָנעם. שטייענדיק מיט דער פּלייצע צו דער טיר, האָט ער ניט מוירע געהאט, אז מאזאָר וועט זען זײַנע טרערן.

ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אין דעם צימערל מיטן קײַלעכיקן, ווי א שיף־קאַיוטע, פענצטערל, האָט אנדריי מיט אן אקסל זיך צוגעשפּארט צו דער וואנט און געווארט, וואָס מאזאָר וועט זאָגן. יענער האָט גערעדט לאנג, ניט אויסרעכענענדיק אף אן ענטפער.

דער ניפטער ליגט שוין דאָ דעם אנדערן מעסלעס, און ווען הײַנט האָט ער, כילוש מאַ־זאָר, צוגעשיקט צו אנדרייען אין האָטעל זײַן פרוי, קעדיי אָפּרעדן וועגן א זאכלעכער טרע־פונג אף צו באשליסן וואָס טאָן מיטן ניפטער — ברענגען אים צו קוורע דאָ, ווו ער ליגט שוין דעם צווייטן מעסלעס, אָדער דרינגענדיק אָפּפירן אים צוריק קיין ייִסראָעל, און דאָרט אים ברענגען צו קייווער־ייִסראָעל, — האָט אנדריי זיך פון דער טרעפונג אָפּגעזאָגט, און איצט איז שוין ניטאָ קיין אנדער ברײרע: דער כאָשעווער זאָקן, וואָס אין רוסלאנד האָט ער גע־האט א פאמיליען־נאָמען טשאָרניצער, איז א בירגער פון מעדינאס ייִסראָעל, מע רופט אים, אגעוו, שוין א היפּשע צײַט נעכעמיע בען שאכאָר, און דאָס איז פארצייכנט אין די אידענטי־טעט־פּאפּירן, אָט דער פלוצעם־געשטאָרבענער אין וועג ייִסראָעל־בירגער וועט מאָרגן דער־גרייכן דעם ברעג פון דער אייביקײַט אין זײַן היסטאָריש היימלאנד... אָן שום צווייפל, אנד־ריי טשאָרניצער וואָלט געקאָנט פארהאלטן ווערן מיט קויעך אין אָט דעם עסטרײַכישן שלאָס, וואָס איז איצט א מעלוכישע טעריטאָריע פון ייִסראָעל, די מעדינע האָט אים אָפּגעקויפט און אוועקגעשטעלט אונטער איר וואך. דאָס זאָגט ער, מאזאָר, ניט אף צו שרעקן אנדרייען. ס׳איז קלאָר, אז פארהאלטן אים קאָן ער, און ער האָט אף דעם די פולע יורידישע רעכט, נאָר ער וועט עס ניט טאָן, מאזאָר, ווײַל ער איז ניט קיין סוינע דער בירא־בידזשאנער מישפּאָכע, און דאָס, וואָס מע רעדט וועגן אים, איז א ליגן. ס׳איז בלויז עמעס, אז ער איז אמאָל געווען אין בירא־בידזשאן, און, ווי דאָס לעבן באווײַזט, איז ניט בלויז ער פון דאָרט אוועק. אפילע אנד־ריי טשאָרניצער אליין, וואָס ער איז אין בירא־בידזשאן געבוירן געוואָרן, אפילע ער ווױנט איצט אין מאָסקווע, ניט עמעס?

מע קאָן בעפּײרעש אָנעמען אף א מינוט אזא ווארי־אנט. נו, לאָמיר זאָגן, אז ער, מאזאָר, פון סענטימענטאלקײַט־וועגן, ברעכט די געזעצן פון ייִסראָעל און גיט ארויס אנדרייען דעם קער־

פער פון זײַן טאטן. אָבער דאָס איבערפירן קיין רוסלאנד אזא סאָרט באגאזש קאָסט א מאסע געלט. ס׳איז נאָך א פראגע, צי די סאָוועטישע געזאנדשאפט וועט געבן א דערלויבעניש ארײַנ־צופירן צוריק אין לאנד דעם עמיגראנט... יאָ, אפילו נאָכן טויט איז אן עמיגראנט — אן עמי־גראנט... מע קערט ניט אום די בירגערשאפט פון דער ראָדינע... איז טאקע א פראגע, צי די געזאנדשאפט וועט געבן א וויזע... אָבער געלט אָף הויצאָעס דעם עמיגראנט... דעם ניפטער, הייסט עס, — דאָס זיכער ניט. די געזאנדשאפט וועט קיין געלט ניט געבן. קאָן מען זיך פאָר־שטעלן, אז ער, מאזאָר, וואָלט געגעבן אנדרייען די נייטיקע סומע... ווי א געוועזענער בירא־בידזשאנער א געוועזענעם בירָאָבידזשאנער... און אנדריי וואָלט דאן געדארפט, פון זײַן זײַט, אָפדאנקען ייִסראָעל... דאָס הייסט, טאָן עפעס־וואָס, ווי א ייִד פארן ייִדישן לאנד...

ווען אנדריי האָט נאָך די דאָזיקע רייד מאזאָרס זיך א וואָרף געטאָן אָף אים מיט די פויסטן, האָט ניט געדויערט קיין סעקונדע אפילו, ווי יענער האָט אים אוועקגעלייגט מיט א קונציקן קלאפּ אונטערן דיך. און דאן האָט זיך געעפנט די טיר, און אין צימערל איז ארײַן א מאָדנע באשעפעניש: גאָר־גאָר קליין אין וווקס, דער גוף אינגאנצן אײַנגעשרומפּן, דאָס פּאָ־נעם פארוואקסן מיט סיווע באָרד־און־פּייעס, אפן קאָפּ קיין סימען ניט פון האָר, בלויז נאָענט לעבן נאקן א שמאָל גרוי פּאסיקל, דורכגעצויגן פון אויער צו אויער און ענלעך אף א פּע־לעכל, וואָס שטארצט ארויס פון אונטער דער פּיצינקער יארמלקע. די קורצע פּיסלעך אונטער דעם היפּשן בײַכל האָבן בא יעדן, ווער עס האָט דעם דאָזיקן מענטשן געזען, דערוועקט א ווילן צו זוכן בא אים נאָך צוויי, אָדער נאָך פיר פּיסלעך. און אין דער זעלבער צײַט האָט די סאמעטענע יארמלקע אפן שפּיץ קאָפּ בא אים, און טאקע אויך די גרײַז־גרויע באָרד און פּייעס און דאָס גרויע פּאסיקל האָר אפן נאקן, אָנגעדײַט אפן כאָשעוון עלטער און נאָך אף עפּעס אזוינס, וואָס ווער עס האָט אליין ניט אזא אויסזען, גלייבט אין דעם און האָט פאר דעם אָפּשײַ.

דער ארײַנגעקומענער האָט אויסגעשריגן ניט מיט זײַן קאָל:

— גאָט איז מיט אײַך, הער מאזאָר!

ער האָט זיך אָנגעבויגן אף צו העלפן אנדרייען אופשטיין, נאָר דערבײַ פארלאָרן פון דער נאָז די ברילן, און בעשאס ער האָט ווײַטער זיך מיט די ברילן געייסעקט, האָט אנדריי אליין זיך געשטעלט אף די פיס און, צוגייענדיק הארט צו מאזאָרן, געזאָגט מיט קאלטער אנט־שלאָסנקײַט:

— אף צו דורכשמועסן זיך מיט דיר, ווי דו האָסט עס פארדינט, סקאָטינע דו איינער, דארף איך דיך האָבן ניט דאָ, נאָר אין אן אנדער אָרט. אויב אזא געלעגנהײַט וועט זיך אמאָל מאכן, וועל איך מײַן כויוו אויספילן.

ער האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו דער טיר אף אוועקצוגיין, נאָר עס האָט אים אָפּגעשטעלט דער ארײַנגעקומענער זאָקן:

— זײַט זיך מאטריִעך און וואָרט צו א ווײַלע. מײַן פאמיליע איז שאנאָווסקי, איך וויל אפּעלירן צו אײַער סייכל־האיאָשער. געשיקט זיך, פארשטייט איר ניט, אז דאָ וועט קיינער מיט אײַך ניט שפּילן, אין איידלקײַט. איך וועל אײַך זאָגן גאנץ אָפן, אז אונדזער מיין איז לאכלוטן אן אנדערער, איידער אײַערער. איר, טײַערינקער מײַנער, ווילט, מיר זאָלן אײַך אָפּ־געבן דעם קערפּער פון אײַער טאטן. אזוי, צי ניט? און מיר האָבן דערבײַ אונדזער אייגענעם מיין. שרעקט זיך ניט, מע וויל אײַך ניט ווערבירן אין דער שפּיִאָנישער נעסט פון ייִסראָעל. די זאך איז א סאך פּאָשעטער. אָבער דורכשמועסן זיך דארף מען, און, נאטירלעך, אין א מער פּאסיקער מינוט. און נאָך איין סאָד וויל איך אײַך פארטרויען. עס לאָזט מיך ניט צורו דאָס, וואָס אין ווין געפינט זיך איצט מײַן אמאָליקער כאווער ווענגראָווער. אוי, וויל איך זיך מיט אים טרעפן, דאָס כײַעס גייט מיר אויס. זיך טרעפן אָן א סיבע וועט ער ניט וועלן. איצט איז די סיבע פאראן. וואָס זשע לייג איך פאָר? איך לייג פאָר זיך צונויפקומען אין א נייטראל אָרט, אפילע אין האָטעל־נומער בא אײַך. הער מאזאָר, איר וועט דאָרט ניט זײַן, ווײַל מיט אײַך האָט מען זיך שוין געזען... איז אָט, כאָשעוועער אנדריי, קלינגט אָן פונדאנען מארק גריגאָריעוויטשן און רעדט זיך צונויף. איר ווילט ניט, איז נאט אײַך מײַן קארטל, און איך וועל וואָרטן אף אײַער קלונג. געדענקט, אז קיין שאָדן וועט אײַך די טרעפונג ניט אָנטאָן, און אײַער באַ־קאָשע קאָן באפרידיקט ווערן...

אנדריי האָט צונויפגעלייגט אינצווייען דאָס הארטע שטיקל פּאפּיר, וואָס שאנאָווסקי האָט אים געגעבן, און דורכגעפירט מיטן נאָגל איבערן ראנד דאָרט, ווו ס׳האָט זיך איבערגעבראָכן.

— גוט, — האָט ער געזאָגט. — איך וועל וועגן אלץ איבערגעבן מארק גריגאָריעוויטשן.

— וועגן אונדזער אינצידענט? — האָט זיך פון דער זײַט אָנגערופן מאזאָר.

אנדריי האָט געענטפערט, ניט קוקנדיק אויך איצט אהין, ווו מאזאָר איז געשטאנען:

— דאָס איז דען אַן אינצידענט? ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, איז מיר איינמאָל אויסגעקומען אופצופּעפּענען אַ קעלער, אין וועלכן די דײַטשן האָבן געפּײַ־ניקט מיט מײַז אונדזערן אַ מענטשן. איך האָב געעפנט דאָס טירל און אַרײַנגעשפּרונגען אין קעלער, און דאַן האָט איין שטשור פון גרויס דערשרעק אַ שפּרונג געטאָן מיר אין פּאָנעם. איז עס דען געווען אַן אינצידענט?

— דו, שטשענאָק! — איז צוגעגאַנגען נעענטער מאַזאַר. אַנדריי האָט אָף דעם קיין אַכט ניט געלייגט און זיך געווענדעט צו שאַנאָווסקין:

— איך האָב, פּאַפּאַשאַ, אַן אינסטרוקציע זיך אופצופירן אַזוי, ווי ס׳פּאָדערט זיך, ווען מע לעבט אין אַ פרעמד לאַנד. דעריבער: זאָל ער שפּרינגען אין פּאָנעם אַרײַן...

און דאָך האָט דאָס פּאַרטיזאַנישע אָדערל אין אַנדרייען געגעבן וועגן זיך צו וויסן. אַרויס־גייענדיק פונעם צימערל, האָט ער אַ שטויס געטאָן די טיר מיטן פוס און זיך געמיִעסט אפילו צולייגן אַ האַנט אָף צו פאַרמאַכן זי.

אין דער מאַשין האָט ער, ניט אַרויסברענגענדיק נאָך קיין וואָרט, פאַרדעקט מיטביידע הענט דאָס פּאָנעם, און נאַטאַשע, וועלכע האָט פון פריִער דערפילט מיט איר פרויִשער אינ־טויִציע דעם אומגליק, נאָר ניט געוואַגט אין דעם זיך מודיע זײַן ניט דעם טאַטן, ניט זיך אַליין, — האָט שטיל זיך צעיאָמערט, כאָטש זי האָט דערווײַל נאָך ניט געקאָנט פּינקטלעך זאָגן, איבער וואָס, אייגנטלעך, עס גיסן זיך די טרערן.

אַנדריי האָט אויך געוויינט, ניט אָפּרײַסנדיק די הענט פונעם פּאָנעם. ער ווייסט ניט פון וואָס, פון אויסגעשעפּטקײַט אָדער פון דערנידעריקטקײַט, נאָר סע האָט זיך אים מיטאַמאָל פאַרוואָלט שלאָפן, און ווען דער שאָפער האָט אַ טרײַב געטאָן די מאַשין צו דער שטאָט, איז ער געבליבן אין דער זעלבער פּאָזע, ווי געווען, בלויז נעענטער זיך צוגערוקט צו נאַטאַשען.

— ווען איז עס געשען? — האָט נאַטאַשע שטיל געפרעגט.

ערשט אין אַ מינוט פינף אַרום איז צו אַנדרייען דערגאַנגען, אַז נאַטאַשע האָט געפרעגט עפּעס. זײַן מידער מויעך האָט זיך אופגעכאַפּט, ווי פון שלאָף. ער האָט אַראָפּגענומען די הענט פונעם פּאָנעם, און אָנגעטאָט צו ענטפערן אָף דער פראַגע, וועלכע ער האָט ניט געהערט, האָט ער געזאָגט צו נאַטאַשען:

— מענטשן וועלן מיינען: ער איז אוועק פון איין ערד מיט דער האָפענונג צו לעבן אָף אַ צווייטער ערד, איז ער געשטאָרבן אינדערלופטן, אָן ערד ביכלאַל... אָבער מיר מיט דיר ווייסן דאָך, אַז וועגן דײַן זיידן דאַרף מען אַזוי ניט טראַכטן...

— אוואַדע, טאַטע... — האָט געשעפּטשעט נאַטאַשע. — אוואַדע... דער זיידע איז ניט אַוועק צו זיי אין לאַנד. ער האָט געזוכט אַ זייכער פון דער, וועמען מע האָט גערופן אין אונדזער מישפּאָכע עסטער־ראָכעלע... איך זאָג ריכטיק אַרויס דעם נאָמען אָף ייִדיש?

— יאָ, טאָכטער, מע פלעגט אַן אַנדערש מאָל ביידע ווערטער אַרויסזאָגן אינאיינעם, און ס׳האָט זיך באַקומען — עסטערוכעלע... דײַן זיידע האָט אַרומגעזוכט איבער דער וועלט זײַן עסטערוכעלען. איז געקומען מאַזאָר מיט זײַנע פרײַנטלעך, וואָס אַמווייניקסטנס קאָן מען זאָגן, אַז זיי זײַנען בײַגעווען באַ דעם מאָרד פון די עסטערוכעלעס, — זײַנען זיי געקומען און אויסגענוצט די ליבע און די ליידן פון דעם אַלטן מענטשן אָף צו פאַרנאַרן אים און דער־נאָך אים דערהאַרגענען...

אַ רעגע איז געווען שטיל, און זי, די רעגע, ווען ס׳איז שטיל געוואָרן, האָט פון נאַטאַשען געפּאָדערט אַ סאַך מער אָנשטרענגונגען, איידער דאָס הערן דעם טאַטנס אומדערטערגלעך־ביטערע רייד. אין אָט דער רעגע האָט נאַטאַשע דערפילט אַ באַדערפעניש צו פאַנאַנדערקלײַבן זיך — באַלד, דאָ, זיצנדיק לעבן דעם טאַטן, זיך פאַנאַנדערקלײַבן, ווער עס זײַנען די יענע, וועלכע האָבן פון דעם גאַנצן בוים אין אונדזער לאַנד אויסגעקליבן די ייִדישע צווײַג אָף פּרוּוון זי אָפּברעכן און אונטערהאַלטן מיט איר דאָס פײַער אין אַ פרעמדן אויוון. צי באַטײַט דער אומגליקלעכער סאָף פונעם זיידן נעכעמיע, אַז אויך אין איר, אין נאַטאַשען, זײַנען די צוויי צווײַגן ניט גענוג פעסט צונויפגעוואַקסן, און אַ האַנט קאָן פונדערווײַטן אַ נעם טאָן איינע, די ייִדישע צווײַג, און, אוועקלייגנדיק זי צו דער קני, צעברעכן זי אָף העלצלעך? ניין, ניין! נאַטאַשע האָט אַרומגעכאַפּט דעם טאַטן פאַרן האַלדז און זיך שטאַרק צוגעדריקט צו אים. זי האָט דאָך דאָס גאַנצע לעבן געזען און געהערט אַלץ, וואָס איז שײַעך סײַ צו איר טאַטן, דעם ייִדן, און סײַ צו איר מאַמען, דער רוסישער, און זי האָט שטענדיק געוווּסט, אַז דאָס אַלץ, וואָס איז נעגייִע זיי, די עלטערן אירע, איז פרײַ פון איבעריקע לאַסטן, און גאָרנישט דראָעט זיי ניט.

אירע געדאַנקען זײַנען איבערגעריסן געוואָרן פון אַ לײַכטן שטויס. די מאַשין האָט זיך אָפּגע־שטעלט לעבן דער סאָוועטישער געזאַנדשאַפט, און זי האָט דערזען דורכן פאָדערשטן גלאָז

פעליקסן, ווי ער דרייט זיך ארום באַם אַריַינגאַנג. זי האָט ניט געוואָלט איצט זען קיינעם, און ס'וואָלט איר אָנגעטאָן אַנגסט צו ריידן מיט עמעצן. נאָר אויסמיַידן פעליקסן איז געווען אוממעגלעך. ער האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט, און, אַריַינמישנדיק אין ענגלישן לאַשן דײַטשישע ווערטער, וואָס עס איז אַלציינס געווען פאַרשטענדלעך, האָט ער איר דערציילט, אַז ווען ער און זײַן מאַמע זײַנען אָפּגעפאָרן אַ קוואַרטאַל פונעם האָטעל, האָט מאַזאָר זיי אַרויסגעזעצט מיט זידלערײַען פון דער מאַשין. אויך מיט דער מאַמען האָט ער, פעליקס, זיך צעקריגט, און ניט ווײַל ער איז שיקער, ער איז איצט אינגאַנצן שוין ניכטער, זאָגט ער איר, דער קוזינא נאַטאַשע, אַז מער צו מאַזאָרן וועט ער זיך ניט אומקערן, ער בעט, מע זאָל אים העלפן אוועקפאָרן קיין רוסלאַנד, צום טאַטן. נאַטאַשע האָט אים געענטפערט, אַז זי קאָן מיט אים איצט ניט ריידן, ווײַל זיי האָבן זיך ערשט דערוווּסט, אַז דער זיידע נעכעמיע איז נעכטן אין אַעראָפּלאַן געשטאָרבן און זײַן קערפּער האַלט מאַזאָר פאַרשלאָסן אין שנאַו.

פעליקס האָט זיך אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ און אָנגעהויבן זיך וויגן אַהער און צוריק. אַנדריי האָט געעפנט די טיר פון דער געזאַנדשאַפט און דורכגעלאָזט אַהין נאַטאַשען.

ווענגראַוווער האָט אויסגעהערט אַנדרייען שווײַגנדיק. און ווען אַנדריי האָט שוין פאַרענדיקט ריידן, האָט ער, ווענגראַוווער, נאָך לאַנג געשוויגן, זיצנדיק אין ווינקל פונעם צימער אָן באַוועגונגען, ווי ער וואָלט אײַנגעדרעמלט. דער צווייטער סעקרעטאַר פון דער געזאַנדשאַפט גנאַטיוק, אַ הויכער, שטאַלטנער יונגערמאַן, אונטערגעשוירן לויט דער מאָדע — די האָר קימאַט ביז די אַקסל, איז אופגעשטאַנען פון זײַן שטול און געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו אַלעמען אין צימער:

— כ'וועל בעטן דעם דזשורנע, ער זאָל אונדז דורך מאָסקווע פאַרבינדן מיט כאַבאַראָווסק און מיט קאָמסאָמאָלסק.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל:

— דאָרט איז איצט פיר באַנאַכט. מירן מוזן אופוועקן יודאַלעפן און פאַלעקן פון שלאָף...

קיינער האָט אויף דעם גאָרנישט ניט געזאָגט, און ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, האָט די שטילקײַט נאָך געדויערט עטלעכע מינוט. ערשט שפּעטער האָט ווענגראַוווער פונקט ווי אופגעכאַפּט זיך פון דרעמל, אויף לאַנג זיך פאַרהוסט און אָן אָן איבעררײַס, ניט אָפּטעמענדיק, גענומען ריידן — דאָס מאָל אויף ייִדיש, ניט וויסנדיק אליין צו וועמען די רייד זײַנען געווענדט:

— דאָס טרויעריקסטע... דאָס סאַמע טרויעריקסטע... ער איז געשטאָרבן בײַ זיי, אין זייער אַעראָפּלאַן... און ער ליגט איצט בײַ זיי, אינעם ביקער־כוילים פונעם ייִדישן לעבן, אין שנאַו, ווו מע באַזאָרגט מיט אַן אַכסאַניע די אַרויסגעוואַרטע ייִדן...

עס האָט זיך אומגעקערט גנאַטיוק. דער דזשורנע זאָגט צו, אַז אין מעשעך פון דער נאָענטער שאָ וועט מען געבן כאַבאַראָווסק און קאָמסאָמאָלסק.

— קום אַהער, וואָלאָדלען, — האָט זיך אָנגערופן ווענגראַוווער. — זעץ זיך צו לעבן מיר, וואָלאָדלען איוואַנאָוויטש.

גנאַטיוק איז געווען אַן אייניקל פונעם אַלטן סאָלדאַט מיטראָפאַן גנאַטיוק. אַ כאַדאָשים צוויי פאַרן טויט האָט מיטראָפאַן אויסטינאָוויטש אַראָפּגעבראַכט צו ווענגראַוווערן אין דער גרויסער אוקראַיִנישער שטאָט וואָלאָדלענען — מע האָט דעמלט אינעם גאַנצן לאַנד געפּײַערט דעם פופציקסטן יובילײַ פון דער רויטער אַרמיי, — קעדיי באַקאַנען דעם אָקאָרשט פאַרענדיקטן יונגן דיפּלאָמאַט מיט אַ לעבעדיקן בודיאָנאָוועץ. פון דעמלט אָן שרײַבט וואָלאָדלען בריוו צו ווענגראַווערן, און איצט, אַז דער אַלטער פּראָפעסאָר איז געקומען קיין ווין אויפן קאָנגרעס פון היסטאָריקער, איז וואָלאָדלען באַשטאַנען, ער זאָל וווינען בײַ אים אין דער דירע, קעדיי אויסמײַדן די אומבאַקוועמלעכקײַטן פון אַ האָטעל.

— איך וויל בײַ דיר פרעגן אַן אייצע, וואָלאָדלען, — האָט פאַרגעזעצט ווענגראַוווער, — זאָלסט מיר זאָגן, וויאַזוי מײַנע אַ געוויסע באַגעגעניש דאָ אין ווין וועט אויסזען אין די אויגן פון אונדזער מאַכט. אין אויסלאַנד, רעכן איך, איז אַ דיפּלאָמאַט — די מאַכט...

— מאַרק גריגאָריעוויטש, איך ווייס ניט, וואָס איר האָט אין זינען...

— פאַראַן דאָ אין ווין אַ מענטש... אַ מענטש אין מײַן עלטער... אַמאָל געווען בײַ אונדז אין לאַנד אַ קאָמוניסט... אין טאָך אָבער קאָן מען וועגן אים זאָגן, אַז ער איז אַ שמאַטע, אַ טריאַפּקע, אַזאַ טריאַפּקע, וואָס מע קאָן זי לײַכט נעמען און וואַשן מיט איר אומריינע פּאָדלאָגעס, און איבער דעם שמעקט זי טאָמיד מיט אומריינקײַט, אפילע ווען זי איז אויסגעדרייט און טריקנט זיך. נו, אַ שמאַטאָווע מענטשל איז דאָס. ער איז אַרויסגעפאָרן פון אונדזער לאַנד, און איצט איז ער אַ פאַרדונגענער בײַ די ציוניסטן. פאַרשטייסט, וואָלאָדלען איוואַנאָוויטש?

— איר מיינט שאַנאָווסקין, יאַקאָוו גאָווריליאָוויטשן, דעם באַפּולמעכטיקטן פונעם סאָב־נוט?

— אים מיין איך. ער איז באַקאַנט דער געזאַנדשאַפט?

— ניט באַזונדערס שטאַרק. צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן איז ער געקומען צו אונדז זיך דורכצושמועסן.

— וואָס זשע האָט ער געוואָלט, אויב סע איז קיין סעקרעט ניט?

— ער איז גרייט פאַלן צו די פיס...

— אָט דאָס איז טשיקאַווע! דו הערסט, אַנדריי?

אַנדריי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ. ווענגראָווער האָט ווידער זיך געווענדט צו גנאַטיוקן:

— דער דאָזיקער שאַנאָווסקי שטעלט איצט אַרויס אַזאַ באַדינג: ער וויל זיך מיט מיר טרעפן און דורכשמועסן זיך מיט מיר. און דאַן וועט גרינגער זײַן זיך צונויפרײדן וועגן איבערגעבן אונדז דעם קערפּער פונעם געשטאַרבענעם...

— מאַרק גריגאָריעוויטש, איך מיין, אַז ווען די יִשׂראלדיקע מאַכט־אָרגאַנען וועלן דורך דער פינלענדישער געזאַנדשאַפט זיך דערוויסן, אַז צו אונדז איז דערגאַנגען די געשיכטע מיט נעכעמיע טשאַרניצערן, וועלן זיי, קעדיי אויסמײַדן אַ סקאַנדאַל, אַזוי אויך באַפוילן, מע זאָל אַרויסגעבן דעם קערפּער... און מיט שאַנאָווסקין זיך טרעפן — איז אַ נײַער זאַך. אויב איר האָט צײַט און געדולד מיט אים זיך דורכצושמועסן, איז פאַרוואָס ניט?

ווײַזט אויס, אַז ס'איז געווען ניט פון די גרינגע זאַכן צו דערקלינגען זיך פון ווין קיין קאַמסאָמאָלסק און קיין כאַבאַראָווסק, — אין אייראָפּע איז נאָך געווען אַזאַ שאָ, ווען די טעלעפאָן־נעץ איז איבערגעלאָדן, און פונדעסטוועגן האָבן ווענגראָווער, אַנדריי און נאַטאַשע, יעדערער באַזונדער, באַוויזן צו זאָגן אין טרײַבל עטלעכע טרייסט־ווערטער יודאַ־לעפן און דערנאָך פאַלעקן. ביידע זײַנען געווען אין דער מינוט פאַרשלאָפן און שטאַרק דערשראָקן, און דאָך האָט מען אויסגעקלאָרט, וואָס זיי וואָלטן געענטפערט, ווען מע פרעגט זיי, צי ס'איז מעגלעך גאָר אַזאַ זאַך, אַז נעכעמיען זאָל מען מעקאַבער זײַן אין ווין, אויב, פאַרשטייט זיך, די טאַקאַנים פאַר עמיגראַנטן וואָלטן געשטעלט אַ מעכיצע דעם ווילן פון דער מישפּאָכע. יודאַלעף איז אין די לעצטע יאָרן, אין זײַן ראַיעלן אופשטײַג פון אַן אַרבעטער־מענטש, געוואָרן אַ דעפּוטאַט פונעם אויבער־סאָוועט פון דער רעפּובליק, און ער האָט, וואַר־שײַנלעך, דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן, געזאָגט אַזוינס, וואָס קאָן אויסגעטײַטשט ווערן ווי צופיל אײַנגעגלויבטקײַט אין די אייגענע קויכעס:

— איך וועל עס ניט דערלאָזן. דער טאַטע נעכעמיע האָט אַפילע מיט זײַן ניט־גערעכ־טער האַנדלונג ניט פאַרדינט, ער זאָל ליגן אין פרעמדער ערד. איך וועל עס ניט דערלאָזן...

פאַלעק האָט מיט אַ געפאַלענער שטים געזאָגט, אַז אויב אַזוינס וועט זײַן אומפאַרמײַד־לעך, בעט ער, מע זאָל אים מיטיילן וועגן דעם מיט אַ פאָרמעלער טעלעגראַמע, אַ באַשטעטיקטער אין דער געזאַנדשאַפט, קעדיי ער זאָל קענען דרינגענדיק אַרויספלִיען קיין ווין. ווען אַנדריי האָט אים דערציילט וועגן דער באַגעגעניש מיט פעליקסן און מיט עספּיר שאַנאָווסקע, האָט ער איבערגעפרעגט, צי פעליקס מיינט טאַקע ערנסט אַריבערצופאָרן אין סאָוועטנפאַר־באַנד, און דערבײַ באַמערקט, אַז אויך צוליב דעם איז נייטיק, אַז ער, פאַלעק, זאָל קומען קיין ווין. וואָס איז שײַעך אַ באַגלייטער, וועט ער קוידעמקאָל זיך דורכשמועסן מיט יודאַלעפן, נאָר אויב יודאַלעף וועט זײַן אַזוי פאַרנומען אַפּן זאַוואָד, אַז ער וועט ניט האָבן קיין מעגלעכקײַט גלײַך אַרויספלִיען, — דאַן וועט מען דורך דער געזאַנדשאַפט מוזן שיקן דעם אַרויסרוף פאַר אים, פאַלעקן, און פאַר זײַן פרוי.

ווען די ווינער טעלעפאָן־צענטראַלע האָט מיטגעטיילט דעם אָבאָנענט — דער געזאַנדשאַפט פון פּסר, אַז ס'איז שוין פאַרענדיקט דער שמועס מיט די שטעט כאַבאַראָווסק און קאַמסאָ־מאָלסק, און אין צימער פון דער געזאַנדשאַפט, ווו עס אַרבעט דער צווייטער סעקרעטאַר גנאַ־טיוק, איז געוואָרן אומהיימלעך־שטיל, ווײַל אָט ערשט זײַנען פונקט ווי אַהין אַרײַנגעקומען נעכעמיע טשאַרניצערס צווײ זין, יודאַלעף און פאַלעק, און זיי זײַנען מיטאָמאָל פאַרשוווּנדן, — דאַן האָט אין דער שטילקײַט זיך דערהערט דאָס קאָל פונעם דריטן זון, אַנדרייס קאָל:

— עס איז מיר אַרײַן אַ סומבורנע געדאַנק אין קאָפּ, מאַרק גריגאָריעוויטש... איצט, ווען ס'זײַנען שוין ניטאָ ניט די מאַמע, ניט דער טאַטע, און ווען יודאַלעפס לעבן טיילט זיך מער ניט אַף אָפּשניטן, די גרייס פון עלף יאָר, איז עפּשער שוין צײַט צו דערמאָנען יודאַלעפן, אַז ער האָט באַם געבוירן, ווי זײַן ייִנגערער ברודער, געהייסן פאַלעק, און זאָלן זײַן אין אונדזער מישפּאָכע צווײ פאַלעקס! האַ?

ווענגראָווער האָט געענטפערט:

— אַ שאָד, אַנדריי נעכעמיעוויטש, וואָס דו האָסט ניט קיין פֿאַרשטאַנד אין די קלײנע אויס־יִעלעך, אַנדערש וואָלט דיך ניט אויסגעמיטן אַ געוויסער ניואַנס פֿונעם וואָרט יודאַלעף. די יוד, טײַערינקער, באַצייכנט אין ייִדישן אַלעפֿבייס דעם קרײַז פֿון דער ציפֿער 10, און דער אַלעף איז 1, ער הייבט אָן אַ נײַעם קרײַז. איז צוליב וואָס איצטער בײַטן דעם נאָמען? זאָל זײַן יודאַלעף. זאָל אַזוי בלײַבן.

# עפּילאָג

מאָסקווע, 7 אָקטיאַבער 1975

טײַערער פּאַלעק טשאַרניצער!

אָט האָב איך הײַנט שוין אָפּגעגעבן אין זאַץ די פֿערטע נאָוועלע פֿון דײַן ראָמאַן „די צײַט". ווי די פֿריִערדיקע דרײַ נאָוועלן, האָב איך אויך זי אונטערגעשריבן מיט מײַן נאָמען — קלומערשט, כ'בין דער מעכאַבער. וועגן דעם וואָלט איך דיר איצטער ניט געשריבן, ווען עס זאָל גיין בלויז אין אונדזער סיכסעך, צי עס איז הײַנטיקע צײַטן בעניִמצע אַ מיסטיפֿיקאַציע אין דער ליטעראַטור. דו ווייסט מײַן מיינונג, נאָר העיויס אַזאַ איז דײַן ווילן און דו האָסט מיך געבעטן עס צו טאָן, האָב איך אויסגעגעבן דעם ראָמאַן פֿאַר מײַנער אַ שאַפֿונג, און איך פֿרעג שוין מער ניט, צוליב וואָס דיר איז עס אַזוי נייטיק.

די סיבע, וואָס איך שרײַב דיר איצט, איז דער וואָיִצאַקו, וואָס אייניקע ייִדישע בלעטער האָבן אויפֿגעהויבן בײַסן דרוקן בעהאַדראָגעדיק די ערשטע, דערנאָך די צווייטע, דערנאָך די דריטע נאָוועלע, איידער זיי וועלן צונויפֿגענומען אין אַ בוך. ריבוינעשעלוילעם, ווי פּלאַטשיק און ווי שטומפּיק עס זײַנען די לײַט פֿונעם צאַד־שעקענעגעד! קיין קינסטלערישע שאַפֿונג פֿאַרשטייען זיי ביכלאַל ניט. ווען ס'איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, לעמאָשל, די צווייטע נאָוועלע, האָבן אין יענע ייִדישע בלעטער זיך דערהערט קוילעס, אַז דער אווטאָר האָט צוגעטראַכט די געשיכטעס מיטן אונטערמאַכן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע וועגן אַ בירָאָבידזשאַנער צוואַנגס־לאַגער און מיט דעם אַרויסזעצן אַ דעסאַנט אויף צו פֿאַרכאַפּן דעם קאָמיסאַר ווענגראָווערן. און נאָך: זאָל דער אווטאָר, אַדעראַבע, באַשטעטיקן מיט דאָקומענטן, אַז דער גענעראַל טשערניאַכאָווסקי האָט אין זײַן שטאַב בעעמעס זיך פֿאַרנומען מיט אַ ייִדישן אייסעק. נאָך דעם וואָלט איך, בענעמאָנעס, זיך ניט געכידעשט, ווען עמעצער זאָל פֿאַרלאַנגען פֿון פּושקינען דאָקומענטירטע באַווײַזן, אַז די באַגעגעניש צווישן גריניאָוון און פּוגאַטשאָוון איז ניט צוגעטראַכט; און ס'וואָלט מיך ניט געכידעשט, ווען נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן „מאָצאַרט און סאַליערי" וואָלט אַן אמהאָרעץ אָנגעגעבן אין געריכט אויף פּושקינען, לעמײַ ער באַשרײַבט מיט אַלע פּראָטים, ווי ער וואָלט אַליין באַדערבײַ געווען, אַז סאַליערי איז באַגאַנגען דעם שרעקלעכן פֿאַרברעכן.

די ליטעראַטור־קריטיקער קאָנען אויף דעם זאָגן, אַז דאָס, וואָס אָפּאָנענטן רופֿן זיך אָפּ מיט אויפֿגעבראַכטקײַט אויף דעם סיפּער־האַמײַסע פֿון אַ ראָמאַן און זיי פֿאָדערן מיט באַנומענע קוילעס, דער אווטאָר זאָל מיט דאָקומענטן דערווײַזן, אַז די געשעענישן אינעם ווערק זײַנען טאַקע געווען אינדערעמעסן, — איז אַ לויב פֿאַרן אווטאָר, ווײַל אַ קינסטלעריש ווערק טראָגט מיט זיך אַלפּי־קלאַל אַ געוויסע דאָזע גליקלעכן „נאַרקאָטיק" — אַמאָל אַ גרעסערע דאָזע, אַמאָל אַ קלענערע, אָפּהענגיק פֿונעם אווטאָרס פּראָפֿעסיִאָנעלן קויעך — אַזאַ „נאַרקאָטיק", וואָס איז באַם אײַנעמען אים, דאָס הייסט באַם לייענען דאָס ווערק, מעסוגל צו איבעראַנדערשן, פֿאַרקישעפֿן די פּסיכיק פֿונעם לייענער אַזוי, אַז יענער זאָל זיך לאַכלוטן אויסשליסן פֿון דער עמעסער רעאַלקײַט און אָנעמען דעם סיפּער־האַמײַסע פֿונעם ווערק פֿאַר אַ רעאַלן פֿאַקט (וואָס אין דעם, אייגנטלעך, באַשטייט דער באַרוף פֿון קינסטלערישער ליטעראַטור).

אַ יאַשער־קויעך דיר, טײַערער, און אַ דאַנק פֿון פֿולן האַרצן, וואָס באַ דײַן טראַגישער לאַגע, בלינדערהייט, האָסטו דאָך אָפּדיקטירט דעם ראָמאַן. איך וויל דיר אויך זאָגן, ניט אין אײַנקלאַנג מיט די קריטיקער, אַז גראָד דײַן ניט־אויסגעשפּראָכענע פּראָפֿעסיִאָנעלקײַט, דאָס ניט קענען שרײַבן שיין און, איבערהויפּט, דאָס, וואָס דו באַשרײַבסט דײַן אייגענע מיש־

פּאַכע, זיך אַליין, און טוסט עס אָן אויסטראַקטעטנישן, ניט רופנדיק צוהילף די פּאַנטאַזיע, הייבט אויף די ווערט פון דײַן ראָמאַן. און ווען אין די פּראַטים טרעפט דער לייענער זיך צונויף מיט אויסשליסלעכע אומשטענדן, איז עס דערפאַר, ווײַל יעדע מישפּאָכע, איבערהויפּט א טיף־פאַרוואָרצלטע, פאַרמאָגט איר מיקראָ־וועלט. אין אַזעלכע פאַלן זײַנען ניט אויסגע־שלאָסן פאַסירונגען, מידעס און אײַנפירונגען, וועגן וועלכע מע זאָגט: „ווילט איר — גלייבט, ווילט איר — גלייבט ניט, נאָר אַזוי איז געשען". די אומגלייבלעכקײַט, וועלכע וויקלט זיך ארום דעם נאָמען יודאַלעך, ארום יודאַלעפּס צוויי טאַטעס, פּונקט ווי ארום דעם מאָדנעם מינהעג באַם פּירלינג — בא נעכעמיען, וועגנראַווערן, עסטער־ראַכעלען און יודאַלעפן — צונויפצו־קלײַבן זיך אַלע עלף יאָר, — דאָס אַלץ, און ניט ווייניק אַנדערע אומגלייבלעכקײַטן אין אײַער מישפּאָכע, וואָלט געמוזט באַשטעטיקט ווערן מיט דאָקומענטן, ווען... — ווען די פונקציעס פון עקספּערטן איבערן שטייגער־לעבן זאָלן אויספילן אידיאָטן. די רעאַלקײַט פון די באַשרײַ־בענע פאַקטן איז באַשטעטיקט מיט דעם, וואָס יעדע מישפּאָכע האָט איר אָריגינעל לעבן.

זאָלסט אָבער, טײַערער פּאַלעק, ניט מיינען, אַז דער וואָיִצאַקו ארום דײַן ראָמאַן איז, ווי עס זאָגט זיך, ניט מערער פון א שטורעם אין א גלאָז וואַסער. די סקעפּטיקער האָבן, פאַרשטייט זיך, אין זינען מער ערנסטערע זאַכן, איידער אָן אייגן־נאָמען פון א פּערסאָנאַזש. זיי האָבן דערזען, אַז אינעם ראָמאַן איז באַשריבן די ניט געקינצלטע געשיכטע פון א טיפּישער ייִדי־שער מישפּאָכע אין א צײַט־אָפּשניט, וואָס שפּרייט זיך אויס אַזש פון די בודיאָנאָווישע יאָרן אָן ביז איצטער־אָ. א ווערטעלע צו זאָגן! און ווײַל איר, די טשאַרניצערס, און אײַערע פרײַנט האָבן ניט אויסגעמיטן ניט דאָס שטעטעלע, ניט ביראָבידזשאַן, ניט דניעפּראָהעס מיט קאָמסאָמאָלסק און אויך ניט דעם קריג קעגן היטלערן — די אָקאָפּן און די אָשוועניטשימס, ניט אויסגעמיטן אפילו ייִסראָעל, — איז, טײַערער מײַנער, פּאַלעק, זאָג: וואָס איז עס? צי ניט דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק אין דעם האַלבן יאָרהונדערט איז דאָס?

און אויב דאָס איז א באַשרײַבונג פון א מישפּאָכע ייִדן, וועלכע איז אײַנגעטונקען אינעם פאָלקס־גורל אין א צײַט פון היסטאָרישע ווידעראַנאַנדן, איז דאָך פונעם אוטאָר אָפּהענגיק, אין וועלכע הענט ער וועט אָף ווײַטער איבערגעבן דעם גורל פונעם פאָלק. אָט דאָס איז דער איקער, פּאַלעק! אין ווין, אין דער פּערטער נאָוועלע פון דײַן ראָמאַן, שטייען שוין איינער אַנטקעגן אַנדערן ניט נאָר און ניט אַזוי וועגנראַווער און שאַנאָווסקי, ווי מאַזאַר און — אָ, וווּנדער־שעבעווונדער! — אַנטקעגן דעם שוין געעלטערטן מאַזאַרן איז אַרויס דער שוין אונ־טערגעוואַקסענער אַנדריי, דײַן ייִנגערער ברודער. אינעם וואָיִצאַקו הער איך קוילעס: „אַנ־דריי? וואָס איז עס פאַר א ייִדישער נאָמען אַזאַ — אַנדריי? אין וועלכער יעשיווע האָט אַנדריי געקענעלט טוירע? און צי טראַכט ער ניט איבערגעבן דעם ייִדישן העמשעך אין די הענט פון דער האַלבער גאָיִשקע נאַטאַשען?". און איבער די אַלע קוילעס — דײַן קאָל, וואָס עס דרינגט אַרויס פונעם ראָמאַן „די צײַט": „ראַבויסײַ, געדענקט, אין וועלכער צײַט מיר לעבן איצט. דאָס, וואָס אײַך כּאָלעמט זיך, האָט געשווינדלט פאַר די אויגן מיט פופציק יאָר צוריק, און דעמלט — אָפּן ראַנד פון פאַרגעסן ווערן. איצט האַלטן מיר באַם צווייטן עק פונעם שטעטגעלע — באַם הײַנטיקן, ראַבויסײַ".

דאָס רעדל פון דער וועלט דרייט זיך אָבער ניט אַזוי פּאַשעט, ווי וועגן דעם שרײַבט זיך. זייער גוט, וואָס דו האָסט באַוויזן דאָס נײַע מיטן אַלטן, צונויפגענומען אין איין קנויל, אינעם קנויל פון געראַנגל. אין לעבן טרעפט, אַז דאָס ניט נייטיקע, דאָס איבעריקע, דאָס אומריינע טוט מיטאַמאָל א דראָע, און טאַקע ניט אָף קאַטאָוועס, צו פאַרכליופּען דאָס לעבנס־נייטיקע.

איך וועל עס דיר באַווײַזן אָף א גאַר־גאַר טשיקאַווען בײַשפּיל, און ווידער דאָס זעלבע: „ווילסטו — גלייב, ווילסטו — ניט..."

בייס מײַנער א רײַזע איבער אַמעריקע דאַרף אַזוי טרעפן, אַז אין ניו־יאָרק באַגעגן איך דעם אַלטן שאַנאָווסקין! ווי די רוסן זאָגן: мир тесен — די וועלט איז ענג.

ס'איז געווען באַלד נאָך דעם, ווי פּעליקס האָט אין ווין, פון פאַרצווייפלונג, געוואָרפן מאַזאַרן די פלאַש אין קאָפּ און אים אוועקגעלייגט אָפן אָרט. אין א ניו־יאָרקער ייִדישער צײַטונג האָב איך וועגן דער פּאַסירונג דורכגעלייענט אַזאַ מיטיילונג: פּעליקס שאַ־נאָווסקי, דער מערדער, האָט אין עסטרײַכישן פּאָליציי־צירקל זיך מודיע געווען, אַז צוויי מאָסקווער אַגענטן — פּעליקסעס פעטער אַנדריי, א טעראָריסט, וואָס איז אויסגעשולט געוואָרן אין דער סאָוועטישער מיליטערישער אויסשפּירונג, און דער געוועזענער באַלשעוויסטישער קאָמיסאַר וועגנראַווער, וועמען מאַזאַר האָט אַמאָל, אין קריג, געפּרווווט אַריבערפירן מיט גוואַלד איבער דער פראָנט־ליניע אָף צו ברענגען אים צו א געריכטן מישפּעט פאַר בויען א צוואַנגס־לאַגער אין ביראָבידזשאַן, —ביידע מאָסקווער אַגענטן זײַנען געקומען, קלוימערשט,

צוליב זײערע הײמישע איניאָנים, קײן װין, פֿאַקטיש אָבער קעדײ צוגרײטן דעם אַקט פֿון נעקאָמע איבער כּילוש מאַזאָרן. זײ האָבן געבראַכט מיט זיך אַנדרײס טאָכטער, די בילד־שײנע נאַטאַשע, אַ קוזינע פֿון דעם מערדער, װאָס טאַקע זי האָט אים אײַנגערעדט צו באַגײן דעם פֿאַרברעכן.

איבערגעלײענט די דאָזיקע נאָטיץ, טראַכט איך זיך: לאָמיך אָנקלינגען די רעדאַקטאָרן פֿון דער צײַטונג און זיך אָנפֿרעגן, װער עס האָט אַראָפּגעבראַכט אין רעדאַקציע דעם דאָזיקן טשאַד. און שטעל זיך פֿאָר, װי פֿאַרכידעשט איך בין געװען, באַקומענדיק אָן ענטפֿער, אַז דער קװאַל פֿון דער אינפֿאָרמאַציע איז אַ ראַיעלער, — ניט קײן אַנדערער, װי דער לײַבלעכער זײדע פֿונעם מערדער, װעלכער װױנט שױן עטלעכע כאָדאָשים אין ניו־יאָרק, האָט עס דער־צײלט. פֿון די רײד האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז יאַנקעװ שאַנאָװסקי האָט זיך אַריבערגעקליבן פֿון װין קײן ניו־יאָרק.

האַקלאַל, כ׳האָב אָפּגעזוכט שאַנאָװסקין. געפֿונען אים אין אַ פֿינצטערן, שטאַרק פֿאַרלאָזטן בעסמעדרעש, אין װיליאַמסבורג, אױף דער סאַטמאַרער זײַט פֿונעם ברוקלינער בריק. דאָס לעבן האָט אים שױן אינגאַנצן אַרױסגעשפּיגן פֿון זיך. ער האָט אױסגעזען אַזױ, װי גלײַך פֿונעם אָרט, װוּ ער זיצט, הײבט ער זיך ניט אױף לאַנגע װאָכן, און סע עסן אים שױן װערעם. ער איז געזעסן אין אַ פֿאַרשאַרטן װינקל און עפּעס געמורמלט, גלאַט אין דער װעלט אַרײַן, האַלטנדיק פֿאַר זיך אַ צוגעמאַכטן סײפֿער. װײַזט אױס, אַז די סאָכנות־פֿאַרװאַלטונג איז זיך באַגאַנגען מיט אים אומענטשלעך. װען די עסטרײַכישע רעגירונג האָט צוגעשלאָסן דעם אימיגראַנטן־לאַגער אין שענאַו, און נאָכן טױט פֿונעם ענערגישן כּילוש מאַזאָר, האָט מען דעם זאָקן אַרױסגעטריבן אױף דער גאַס. מיט עמעצנס הילף איז ער געקומען קײן ניו־יאָרק, אין װיליאַמסבורגער געטאָ, און דאָרט געהאַלטן אין דערלעבן זײַנע טעג.

װען איך האָב אים דערצײלט, װער איך בין, איז מיט אים געשען אַ װוּנדער. ס׳האָט אױסגעזען, װי זײַן קערפּער װאָלט געהאַט אָפּגעלײגט אַ ביסל לעבנס־ענערגיע אױף צו פֿאַר־טײלן עס אַזױ, ס׳זאָל סטײַען ביסקל דעם לעצטן אָטעם, און איצט װעט ער אָט די קנאַפּע ענער־גיע פֿאַרשװענדן אָן אױסרעכענונג, מיט אַ שיטערן אױפֿבליץ פֿון זײַן פֿיזישן כּײַעס און פֿונעם אינטעלעקט. ער האָט גערעדט צו מיר װערטער, פֿול מיט פּשאַטלעך, מיטאָמאָל זיך אַראָפּגע־כאַפּט פֿון דער באַנק און גענומען פֿאַרשמײַעט אַרומלױפֿן צװישן די שאָטנדיקע פֿיר װענט, װי אױפֿן אױלעם־האַטױע. ס׳איז געװען אַ ראַכמאָנעס אױף אים צו קוקן. װיסנדיק, װאָס פֿאַר אַ נישטיקײַט ער איז געװען דאָס גאַנצע לעבן, האָב איך פֿונדעסטװעגן געטראַכט: און דאָך... אַ מענטשישער װעזן...

װען איך האָב געפּרוּװט אים אַרופֿירן אױפֿן געדאַנק, אַז אָט, ער איז אױסגעװען אַ װעלט, געהאַט געװוג פֿאַרגעניגן אין לעבן, האָט ער אַ כיכיקע געטאָן און װי אַרײַנגעשפּיגן אין דער אײגענער באָרד אַזעלכע זױערלעכע װערטער:

— אַ פּאַטשיק ספּיטשיק אָנגעװאָרן, דעם טאָכעס אָפּגעפֿראָרן און גאָרניט אױסגעפֿאָרן...

— רעב יאַנקעװ, — האָב איך צו אים געזאָגט, — איר האָט אַלײן אױסגעקליבן פֿאַר זיך, װיאַזױ צו לעבן... איצט קאָנט איר דאָך זײַן אופֿריכטיק...

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ע, איך לאָז מיך גענאַרן, און דו לאָז דיך גענאַרן...

און ער האָט פֿאַריכט די אײגענע רײד:

— האַשעם־ייִסבאָרעך, אױב ניט איך צו דער דײע, איז די דײע צו מיר געקומען... האַשעם־ייִסבאָרעך...

ער האָט מיך געפֿרעגט, צי איך בין געקומען צו אים אין בעסמעדרעש מיט אַן אױטאָמאָ־ביל, און געבעטן, מאַמעש געװײנט, קריכנדיק אױף די קני, איך זאָל אים טאָן די טױװע און אָפּפֿירן אים אַהין, װוּהין ער מוז הײַנט קומען, און דאָרט אים איבערלאָזן. ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט דעם נאָמען פֿונעם אָרט: ראָקװעי פּאָינט.

איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט מיט אים אין דער מאַשין, און װען דער שאָפֿער האָט מיר פֿאַרטײַטשט, װאָס דאָס איז אַזױנס ראָקװעי פּאָינט — די סװאַלקע פֿון ניו־יאָרק, האָב איך זיך פֿאַרכידעשט:

— רעב יאַנקעװ, װאָס עפּעס פֿאָרן מיר צו דער סװאַלקע?

— אײַ, רעדט ניט קײן נאַרישקײַטן... — האָט ער געענטפֿערט.

דעם גאַנצן װעג איז ער געזעסן שװײַגנדיק, געקראַצט זיך אונטערן קאָלנער, פֿון מאָל צו מאָל זיך אַראָפּגעגליטשט פֿונעם דיװאַן, און אָנכאַפּנדיק זיך פֿאַר עפּעס, געבליבן אין דער ניט באַקװעמער פּאָזע, פּונקט װי הענגענדיק. אײנמאָל האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר נעענטער, אַזױ, אַז עס האָט מיר אַזש פֿאַרכאַפּט דער אָטעם פֿונעם איפּעש, װאָס האָט זיך

פון אים געטראָגן, און קוקנדיק גלײַך אין מײַנע אויגן, האָט ער געזאָגט אין איין אָטעם, ווי ער וואָלט די גאַנצע פראַזע אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק און זי פאַרגעדענקט:

— איר ווייסט, איך דערמאָן זיך די געשעעענישן פון מײַן לעבן... זיי דערווײַטערן זיך איינע נאָך דער אַנדערער אין זיקאָרן און זעען אויס קלענער און נאָך קלענער און לאַכלוטן ניט קלאָר, ווי גלײַך איך וואָלט געקוקט אויף זיי דורך דער איבערגעקערטער זײַט פון א בי־נאָקל...

איך וועל דיר דאָ ניט באַשרײַבן, טײַערער פּאַלעק, ווי־אַזוי עס זעט אויס די סוואַלקע אין ראָקוועי פּאָינט. דאָס איז די קלאָאַקע פון ניו־יאָרק. אַלץ, וואָס אין די שטיבער, אין די הויפן, אין די גאַסן צעבראָכט מען, אָדער מע עסט ניט אויף, אָדער עס ווערט קאַליע, דאָס גאַנצע מיסט און דאָס אָלטוואַרג — שיקט מען אָפּ אין ראָקוועי פּאָינט. פונדאַנען איז א קילאָמעטער צוואַנציק ביזן אָקעאַן. און הער א מײַסע — אין ניו־יאָרק ווייסט מען, אַז אָט די דאָזיקע גי־גאַנטישע סוואַלקע, מע רופט זי טויטער יאַם, רוקט זיך צוריק צו די מענטשן. אויף פיל מײַלן פונעם אָרט פון די אָפּפאַלן איז דער דעק פונעם אָקעאַן פאַרצויגן מיט א מין שליים, וואָס די געלערנטע רופן אים שוואַרצער מאַיאָנעז — א גיפטיקע מאַסע, וועלכע שמעקט מיט טוכלע אייער. ניט לאַנג צוריק האָט דער שוואַרצער מאַיאָנעז זיך גענומען רוקן צו ניו־יאָרק, צו די ברעגן פון לאָנג־אײַלענד. פאַר א יאָר, זאָגט מען, מאַכט ער דורך א מעהאַלעך פון אַנדער־האַלבן קילאָמעטער. ווײַ־ווײַ, דו שטעלסט זיך פאָר, וואָס עס וואָלט געשען מיט ניו־יאָרק, ווען עס טוט אויף אים א פליייץ אַרוף אָט די אומריינקײַט...

און דאָס איז ער טאַקע, דער טשיקאַווער בײַשפּיל, מיט וועלכן איך האָב דיר צוגעזאָגט צו אילוסטרירן דעם געדאַנק, אַז צומאָל טוט דאָס אומריינע, דאָס ניט נייטיקע א דראָע צו פאַרכליופּען דאָס לעבעדיקע. טראַכטנדיק וועגן דײַן ראָמאַן, קום איך צום געדאַנק, אַז גראָד וועגן דעם וואָרנט ער אונדז, ייִדן, און עס ווערט מיר גרינג אויפן האַרצן, ווען איך זע, אַז דו האָסט, אַזוי ווי איך דעמאָלט אין ניו־יאָרק, אָפּגעפּירט אויף דער סוואַלקע יאַנקעוו שאַנאָווסקין, פונקט אַזוי, ווי דו האָסט עס פרי־ער אָפּגעטאָן מיט קאָסטיע פערפילאָוון און מיט כילוש מאַזאָרן.

טײַערער פּאַלעק! אַנדריי האָט מיר אָקאָרשט געזאָגט — כ׳האָב אים געקלונגען אויפן זאַ־וואָד, — אַז דו קלײַבסט זיך קיין מאָסקווע, צום פּראָפעסאָר קליוייעוו. קום זשע וואָס גיכער! באַ נאַטאַשען אין אַטעליע האָב איך געזען, שוין קימאַט א פּאַרטיקן, ווענגראָווערס סקולפּטור־פּאָרטרעט. ס׳ווערט באַלד א יאָר צײַט, זינט מאַרק גריגאָריעוויטש, אונדזער אומפאַרגעס־לעכער קאָמיסאַר, איז אַוועק פון דער וועלט. איז אײַל זיך צו, פּאַלעק, ווײַל ניט בלויז עס וואַרט אויף דיר דער אָפּעראַציע־טיש פונעם גרויסן אויגן־מעכאַשעף קליוייעוו; ווען דו וועסט קומען קיין מאָסקווע, וועט עס פונקט זײַן דער סיגנאַל צו עפענען דעם דענקמאָל אויפן קייווער פונעם „דיעדאַ מאַרק״.

**— דײַן**

ארן ווערגעליס

■ ■ ■

## צום 80־טן געבורטסטאָג
## פונעם גרויסן סאָוועטישן ייִדישן דיכטער פּערעץ מאַרקיש

# פּערעץ מאַרקישעס פופצן בריוו צו יוסעף אַפּאַטאָשו

אין „פּינקעס פאַר דער פאָרשונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע" (ניו־יאָרק, 1965) איז פאַרעפנטלעכט א בינטל פון 22 בריוו, וועלכע פּערעץ מאַרקיש האָט אין פאַרשיידענע צײַטן געשריבן צו יוסעף אַפּאַטאָשו.

אין זײַן אַרײַנפיר צו דער פובליקאַציע שרײַבט דער ליטעראַטור־פאָרשער יעכעזקל ליפשיץ: „די 58 בריוו, וואָס געפינען זיך אין דעם אַפּאַטאָשו־אַרכיוו, זײַנען באַריידעוודיקע איידעס פון דער טיפער און איבערגעגעבענער פרײַנטשאַפט צווישן צוויי באַדײַטנדיקע שעפער פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. בא זײַן לעבן האָט אַפּאַטאָשו פאַרעפנטלעכט בלויז 4 בריוו פון מאַרקישן („זאַמלביכער", נום. 8. ניו־יאָרק, 1952)...

איינס מוז מען אונטערשטרײַכן, אַז סײַ אין די בריוו, וואָס זײַנען שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן, סײַ אין די, וואָס ווערן איצט געדרוקט אָדער וואַרטן נאָך געדרוקט צו ווערן, איז ניטאָ קיין אָנדײַט דערויף, אַז מאַרקיש איז ניט געווען ערלעך איבערצײַגט אין זײַן עמעס — אין קאָמוניזם...

מיילעך ראַוויטש, זײַן נאָענטער כאַווער נאָך פון די וואַרשעווער יאָרן, האָט געזאָגט וועגן מאַרקישן, אַז „ליבע צום ייִדישן פאָלק האָט אויסגעפילט זײַן נעשאָמע ביזן לעצטן ווינקל. גלײַכצײַטיק אָבער — א פלאַמיקע ליבע, ניט נאָר איבערצײַגונג, נאָר מאַמעש ליבע צום ראַטנפאַרבאַנד, אין וועלכן ער האָט געזען די רעטונג פון דער מענטשהײַט און די פולשטענדיקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרײַונג פון זײַן אייגן פאָלק, דעם ייִדישן" (מיילעך ראַוויטש, „פּערעץ מאַרקיש", „זאַמלביכער" נום. 8)".

מיר ברענגען דאָ 15 בריוו, וועלכע האָבן אַן אויסגעשפּראָכענעם געזעלשאַפטלעכן באַדײַט. קעדיי ניט באַלעסטיקן די פובליקאַציע מיט זײַטיקע דעטאַלן, וועלכע האָבן אין יעדן בריוו באַזונדער, אין דער קאָנקרעטער צײַט, געהאַט זייער אָרט, האָבן מיר די בריוו ערטערווײַז אויסגעקירצט, שטעלנדיק זיך א ציל צו באַווײַזן פאַרן הײַנטיקן לייענער דאָס וויכטיקסטע: די אידייען־וועלט פונעם גרויסן סאָוועטישן ייִדישן דיכטער.

### 1

דניעפּערבוי (1929) 25.10

אַפּאַטאָשו טײַערער, האַרציקער!

לאָמיר זיך א ביסל אויסריידן דאָס האַרץ:

ערשטנס, האָט מען מיר דײַן בריוו מיט דער דערציילונג ערשט די טעג איבערגעשיקט אַהער. ווען זי איז אָנגעקומען קיין כאַרקאָוו, בין איך געווען אין יאַלטע; ווען מ'האָט זי מיר איבערגעשיקט קיין יאַלטע, בין איך אַפּגעפאָרן אַפן דניעפּערסטרוי — ווו איך געפין זיך ביז איצט, — און ערשט איצט האָב איך זי באַקומען איבערגעשיקט אַהער. איז וועגן דער דערציילונג:

זי איז זייער שיין אָנגעשריבן, נאָר זי שטימט ניט מיט דער ווירקלעכקײַט — פּסיכאָלאָגיש. דײַן קאַוואָנע איז געווען אַרויסווײַזן די פּאָזיטיווקײַט פונעם „נאַראָבראַזניק" מאַקאָוו צו רעליגיעזע אָנגעלעגנהײַטן, און אַזאַ פּאָזיטיווקײַט הייסט בא אונדז רעכטער אָפּנייג, און דו ווייסט דאָך, וואָס הייסט רעכטער אָפּנייג. קיין ייִדיש קינד זאָל פון דעם ניט וויסן! און קעדיי מ'זאָל דאָ בא אונדז (אין איצטיקן פאַרשאַרפטן מאָמענט) קענען דרוקן — מוז מען זי א ביסל איבעראַרבעטן.

דעריבער וויל איך זיך מיט דיר האַלטן אַן אייצע: אָדער איך זאָל זי דיר אָפּשיקן צוריק אַף איבעראַרבעטן, אָדער מיר זאָלן זי דאָ אַליין איבעראַרבעטן. בעסער, פאַרשטייט זיך, איז דאָס ערשטע[1](...)

איצטער די געשיכטע מיט דער כעוורע פון דער „פרײַהײַט"[2]. מ'האָט אין כאַרקאָוו געמאַכט אַן „אסיפה רבה" און געמישפּעט לייוויקן. וועגן לייוויקן איז די באַליידיקונג געווען גרויס. אין

---

[1] אַזאַ דערציילונג איז ניטאָ אין דעם באַנד דערציילונגען „אַף יענער זײַט בריק", וואָס איז דערשינען 1929 אין כאַרקאָווער מעלוכע־פאַרלאַג.

[2] אַווראָם רייזען, ה. לייוויק, מענאַכעם באָריישאָ, א. ראַבאָי און ל. פײַנבערג האָבן דעם 4־טן סעפּטעמבער 1929 פאַרלאָזט די „מאָרגן־פרײַהײַט", ווײַל זיי זײַנען געווען קעגן דער שטעלונג פון דער צײַטונג צו די געשעענישן אין פּאַלעסטינע.

יאַלטע [האָב איך] איבערגעלייענט אַ פּראָטעסט[1], אונטער וועלכן איך בין אונטערגעשריבן. פאַר לייוויקן האָבן מיר אַלע געהאַט גרויס אַגמעסנפּעש. ביכלאַל איז בײַ אונדז די לאַגע איצטער זייער אָן אָנגעשטרענגטע און שאַרפע. עס גייט אַ גרויסער אָנגריף אויף ליטוואַקאָוון. די גראַפאָמאַניע, וואָס באַהאַלט זיך אויס אונטער דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און וואָס זיצט בײַ איר פּאַראַזיטיש אויף קעסט,— אָט די דאָזיקע גראַפאָמאַניע האָט זיך אָפּן פּרעכסטן אויפֿן אַ רודער געטאָן. און אַז מע גיט איר אַ קלאַפּ — שרײַט זי, אַז מע שלאָגט דעם פּראָלעטאַריאַט, די פּאַרטיי און דעם סאָציאַליזם [...] איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אָפּגעפאָרן פון צענטער. און דאָס טאַקע האָב איך געטאָן. איך זיץ אָפּן דניעפּרבוי — און באַמי זיך זײַן ווײַטער פון די שלאַכט־אַלקערס.

שרײַב מיר אָן, וואָס זאָל איך טאָן מיט דײַן דערציילונג — און ביכלאַל וואָס הערט זיך בײַ דיר? די טעג גייט אַרויס מײַנס אַ געזאַמלט בוך. כ׳וועל עס גלײַך שיקן. זײַ געזונט און שטאַרק.

דײַן פּערעץ

שרײַב מיר אָפּן כאַרקאָווער אַדרעס. פון דאָרט שיקט מען מיר איבער.

## 2

כאַרקאָוו, 3 .11 (1929)

אָפּאַטאָשו טײַערער!

מײַן בריוו פון „דניעפּרבוי“ האָסטו געוויס באַקומען. דאָרט האָסטו אין אַ געוויסן זין באַקומען אַן ענטפער אויף די פראַגן, וואָס דו שטעלסט מיר אין דײַן לעצטן בריוו. אָבער איצט פיל איך, אַז מײַן אינפאָרמירונג וועגן די געשעענישן זײַנען ניט קיין גענוגנדע (אַגעוו, האָב איך שוין געזען אַן אויסצוג פון דער „וואָך“, וואָס איז געווענדט קעגן מיר און ניסטערן[2]. איז הער מיך אויס, טײַערער.

דו מוזסט שאָלעם ווערן מיט איין געדאַנק, זיצנדיק אין ניו־יאָרק, אַזוי גוט ווי זיצנדיק אין מאָסקווע אָדער אין כאַרקאָוו. און דער געדאַנק איז אָט אַזאַ, ווי דו האָסט אים, זײַענדיק אין ראַטנפאַרבאַנד, אַרויסגעזאָגט. אויב דו געדענקסט, האָסטו שטענדיק געטײַנעט, ווען דו בלײַבסט אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָלסטו געגאַנגען אין „וווּספּ“[3], וואָלסטו געוואָרן אַ קאָמוניסט. אָט דער געדאַנק איז בײַ דיר אַרויסגערופן געוואָרן אַדאַנק דער לעבעדיקער באַריִרונג מיט אונדזער סאָוועטישערווירקלעכקײַט. ס׳איז געווען זייער אַ ריכטיקער שטאַנדפּונקט. אָבער גיין אין „וווּספּ“ און ווערן אַ קאָמוניסט איז ניט נאָר אַ ליטעראַרישער איניָען, נאָר אַן איניָען אַ געזעלשאַפטלעכער, און ס׳איז צו עפּעס מעכײַעוו. מיר דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד זײַנען ניט קיין געסט, וואָס זײַנען געקומען אויף אַ סימכע פון איבערבויען אַ לעבן און באַנוגענען זיך מיט „לעכאַיִם־געשרייען“. מיר זײַנען דאָ ניט אויף „אַרײַנגאַנגס־קאַרטן“ — און וואַרטן ניט אויף קיין האַפּסאָקעס, און וואַרטן ניט, ס׳זאָל זיך אַלץ ענדיקן, און מיר זאָלן זיך אַוועקגיין. ניין, מיר זײַנען דאָ — בלוטיק און גײַסטיק אײַנגעוואַקסן און אײַנגעגלידערט אין יעדער באַוועגונג, אין יעדן אָטעם פונעם לאַנד — ווײַל אין לאַנד קלאַפּט זיך איצטער אונדזער האַרץ. און די אָדער יענע ווענדונג אָדער שטעלונג איז פון אונדז — פון אַלעמען. דעריבער איז פאַלש די מיינונג, אַז מע צווינגט דאָ עמעצן טאָן אַזוי אָדער אַנדערש.

דו ווייסט גוט, אַז מע צווינגט דאָ קיינעם ניט. און יעדערער טוט אַזוי ווי ער וויל. און אין געגעבענעם פאַל, אַז לייוויק איז דעמאָנסטראַטיוו אַוועק פון דער „פרײַהײַט“, האָט עס דאָ בײַ אונדז יעדער ניט נאָר אויסגעווייטעקט, נאָר אויסגעבלוטיקט. ווײַל זײַן אַוועקגאַנג באַטײַט — ניט נאָר פון דער „פרײַהײַט“, נאָר פון אונדז, פון יעדער איינציקן פון אונדז דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד. און דו ווייסט גאַנץ גוט די באַציִונג פון אונדז אַלעמען צו לייוויקן. און דו ווייסט, דאַכט זיך אויך, אַז אין דער הויפּט־ביוראָ ...

[1] דאָ רעדט זיך וועגן דעם פּראָטעסט פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער קעגן די, וואָס זײַנען אַרויסגעטראָטן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ איבער דער שטעלונג פון דער צײַטונג צו די געשעענישן אין פּאַלעסטינע.

דער „פּראָטעסט“ איז צוגעשיקט געוואָרן דער „מאָרגן־פרײַהײַט“ און איז דאָרט דערשינען דעם 15־טן אָקטיאַבער 1929. די פּראָטעסטירער „באַגריסן די „מאָרגן־פרײַהײַט“ מיט איר מוטיקער שטעלונג צו די געשעענישן אין פּאַלעסטינע“, וועלכע זײַנען „אַ רעזולטאַט פון דער רויבערישער קאָלאָניזאַטאָרישער פּאָליטיק, וואָס די ציִוניסטן, ווי אַגענטן פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, פירן קעגן דעם אָרעמען פּויערטום אין פּאַלעסטינע“. צווישן די 26 אונטערגעשריבענע שרײַבער זײַנען געווען מאַרקיש און דער ניסטער.

[2] אין דער „וואָך“ פון 4־טן אָקטיאַבער 1929 ווערט צווישן די קאָמענטאַרן געזאָגט: „מיר האָבן דורכגעלייענט דאָס צעטל פון די נעמען און דערזען צווישן זיי אויך די נעמען פון אונדזערע נאָענטע פרײַנד מאַרקיש און ניסטער, האָבן מיר געוואָלט אַרויסשרײַען: אויך דו, מאַרקיש? אויך דו, ניסטער? מיר וועלן זיך דאָך ווען־עס־איז באַגעגענען. ווי וועט איר אונדז קענען קוקן גלײַך אין די אויגן?“

אין „אַן אָפֿענער בריוו צו ה. לייוויקן“ (מאָסקווער „עמעס“, 19־טער נאָוועמבער 1929) שרײַבט מאַרקיש: „אין אײַער שריפט (געמיינט די „וואָך“ פון ניו־יאָרק) איז פאַראַן אַ ווענדונג ספּעציעל צו מיר: „דו אויך, מאַרקיש?..“ אין די דאָזיקע מוז־שורעס פון אײַער שריפט האָט זיך דערלאָזט אַ טאָעס, וואָס ניט נאָר ער שטימט ניט מיט דער ווירקלעכקײַט, נאָר ער שטעמפּלט מיט באַליידיקונג יעדן איינציקן סאָוועטישן שרײַבער — אָדער ווי אַן אומווירדיקן פּאַריער, אָדער ווי אַ נעבעכדיקן שלימאַזלדיקן מאַרטירער, וואָס מוז טאָן, וואָס מע הייסט אים... איר אויך, לייוויק? איר אויך? איר שרײַבט אויך, אַז מיר האָבן געמוזט? ווען מיר שטעלן זיך צו דינסט דער ניו־יאָרקער „פרײַהײַט“, איז עס פּונקט אַזוי נאַטירלעך, ווי מיר שטעלן זיך צו דינסט דער מאָסקווער „פּראַוודאַ“ און אַלע אונדזערע טריבונעס, וואָס זײַנען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער וועלט“.

[3] וווּספּ — ווסעוקראַיִנסקי סאָיוז פּראָלעטאַרסקיך פּיסאַטעליי, — דער אַלוקראַיִנישער פאַרבאַנד פון פּראָלעטאַרישע שרײַבער.



ראָ איז געשטאַנען די פּראַגע וועגן אַרויסנעמען לייוויקן פֿון אַמעריקע אַהער. דעריבער איז דער קלאַפּ פֿון לייוויקס אַוועקגיין געווען פֿאַר אונדז אַלעמען אַזוי גרויס. אין לייוויקס אַוועקגאַנג האָט זיך יעדער סאָוועטישער שרײַבער געפֿילט באַליידיקט, און זײַן מאָביליזאַציע און זײַן פּראָטעסט איז געווען פֿון ווײַטעק — און ניט קיין שפּיַ, ווי דו רופֿסט עס אָן: דער שפּײַ איז געווען דאַקעגן פֿון לייוויקן. וועגן [אווראָם] רייזינען און אַנדערע ריידן מיר ניט. איך וועל די טעג אָנשרײַבן אַן אָפֿענעם בריוו צו לייוויקן [...]

איז אָט, טײַערער אָפּאַטאָשו, קיינער ניט האָט אונדז ניט געצוווּנגען, ווי מע צווינגט אונדז בּיכלאַל ניט, נאָר איך גלייב, אַז ווען דו וואָלסט געווען דאָ אין פֿאַרבאַנד און טראָגן אויף זיך אַ טייל פֿון אונדזער אומגעהייער שווערער און גרויסער אַרבעט, וואָלסטו אין אַן ענלעכן פֿאַל ניט געהאַנדלט אַנדערש. ווײַל נאָכאַמאָל זאָלסטו געדענקען, אַז ניט אין אַלגינען און אין עפּשטיינען האַנדלט זיך עס, נאָר אין די גרויסע אַרבעטער־מאַסן [...]

דאָס איז אונדזער אַלעמענס טיפֿסטע איבערצײַגונג. און אויב דו געפֿינסט, אַז מיר האָבן געהאַנדלט ניט ריכטיק — טאָ ווייס זשע, אַז דער טראַגישער קאַמף פֿונעם אַרבעטער־קלאַס דאָ און אומעטום שטייט בײַ אונדז אַלעמען העכער פֿון אונדזערע אייגענע אינדיווידועלע אַמביציעס און אינטערעסן, און אויך העכער פֿון אונדזערע שרײַבערישע אינטערעסן.

בײַ אײַך אין אַמעריקע שפּילט מען זיך אין פּאָליטיק, און אויף אונדזערע אויגן ווערט געבוירן אַ נײַער דור, אין גרויסן ווײ און אין פּײַן, און אין דעם זעלבן ווײ און פּײַן קומט אום אַ דור, און דווירעס. און מיט גרויס פּאַרטרוילעכקייט קוקן מיר אין די אויגן פֿון אונדזער צײַט און בענטשן זיך פֿון איר אויף דעם וואָרט און אויף דער טאַט. דאָס איז אַלץ, טײַערער אָפּאַטאָשו.

זײַ מיר געזונט און שטאַרק און האָב אויף מיר ניט קיין פֿאַריבל, מער ווי ס׳קומט מיר.

דײַן פּערעץ מאַרקיש
שרײַב מיר אָן.

3

מאָסקווע, 28.11 (1929)

טײַערער אָפּאַטאָשו!

איך ווייס ניט דײַן באַציִונג צו מיר איצטער, נאָך אָט דעם פּלוצלינגדיקן שטורעם פֿון געשעענישן, וואָס איז געווען פֿאַר מיר אַזוי אומדערוואַרט, פּונקט ווי פֿאַר דיר. נאָר ס׳איז געשען, און מיר האָבן זיך דורכגערעדט.

מײַן בריוו צו לייוויקן האָסטו פֿאַר געוויס געלייענט, און זײַן בריוו צו די ייִדישע שרײַבער פֿון פֿאַרבאַנד האָסטו געוויס אויך געלייענט. איז אָפּגערעדט.

די פֿאַרשיידענע מיִעסקײַטן, וואָס מ׳האָט איבערגעגעבן אין דער פּרעסע אין מײַן נאָמען, איז שאַווער. קיין איין וואָרט, וואָס זאָל דערנידעריקן לייוויקן, איז ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן[1]. מײַן באַציִונג צו זײַן שריט, וואָס ער האָט געמאַכט, איז קלאָר לויט מײַן אָפֿענעם בריוו. מיר האָבן זײַן שריט אַלע אויסגעקרענקט, און איך באַזונדער. ס׳זײַנען צו מיר דערגאַנגען קלאַנגען, אַז איך זאָל האָבן געזאָגט אַזעלכע ווערטער, ווי „מיסט” און אַנדערע — זאָג איך דיר נאָכאַמאָל, אָפּאַטאָשו טײַערער, אַז פּאַשעט מע באַנוצט זיך מיט מײַן נאָמען. איך וואָלט וועגן דעם געמאָלדן אין דער

---

[1] אינעם „אָפֿענעם בריוו צו לייוויקן” שרײַבט מאַרקיש: „פֿאַר מיר האָט איר באַטײַט כוץ דראַמאַטורג — אויך רעוואָלוציאָנער... פֿאַר מיר זײַט איר געווען כוץ איינער פֿון די בעסטע פּאָעטן, וואָס האָט געשריבן די „וועגן סיבירער”... אויך קאַטאָרזשניק, וואָס איז געגאַנגען אין קייטן געקאָוועט אויף די וועגן סיבירער... מיט אײַך, קאָלעגע לייוויק, האָט סײַ די ליטעראַטור, סײַ מיר, שרײַבער, אַנדערע כעזשבוינעס. מיט אײַך האָבן מיר ערשט ניט לאַנג געטרוימט אויפֿשטעלן אַ בריק פֿון רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור איבער די דרײַ גרויסע ייִדישע צענטרען, פֿאַרפֿעסטיקן גרויסע ליטעראַרישע פּאָזיציעס, קעמפֿערישע, רעוואָלוציאָנערע — קעגן דעם געלן נאַציאָנאַליסטישן שונד — פֿאַר אַ נײַער רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישער אידייע אין לעבן און אין דער ליטעראַטור”.

פּרעסע, האָב איך אָבער ניט געלייענט די
„פּערל“, וועלכע מ׳האָט מיר צוגעשריבן, און
דאָס איז אַלץ. דער שניט, וואָס ס׳איז געמאַכט
געוואָרן, וועט זיך אַזוי גיך ניט פאַרהיילן.

מײַנע בריוו האָסטו פאַר געוויס שוין באַ־
קומען. די „וואָך“ זע איך ניט. איך וואָלט זי
זייער געוואָלט האָבן. אויב ס׳איז מעגלעך, שיק
זי מיר אַרויס — פונעם ערשטן נומער אָן — אויפן
אַדרעס פון דעם „עמעס“. דליאַ מאַרקישאַ.

מ׳וועט זיי מיר דאָ אָפּגעבן. איך בלײַב ווינ־
טערן אין מאָסקווע.

דײַנע „וועלדער“ („אין פּוילישע וועל־
דער“. — רעד. „סאָוועטיש היימלאַנד“) זײַנען
אַרויס אויף רוסיש אין פאַרלאַג „זעמליאַ אי פאַ־
בריקאַ“. ס׳איז שוין געמאָלדן; די טעג וועל
איך קויפן אַ פּאָר עקזעמפּליאַרן און דיר אַרויס־
שיקן. שיק מיר צו אַ מין דאָווערענאָסט — אָדער
אין רוסיש אָדער אין ענגליש, וועל איך דאָ
בכלל פירן מיט זיי אונטערהאַנדלונגען וועגן
אַנדערע דײַנע ביכער.

מ׳האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ניגער האָט
עפּעס אָנגעשריבן וועגן די „ברידער“[1] — אויב
דו קענסט, שיק עס מיר צו, ווײַל דאָ איז אוּמ־
מעגלעך עס צו זען. איך וואַרט אויך, דו זאָלסט
מיר אַרויסשיקן דעם קאָמפּלעקט „וואָך“ אויפן
אַדרעס פונעם „עמעס“.

און בכלל זאָלסטו אויף מיר ניט זײַן באַ־
רוגעז, ווײַל ס׳קומט מיר ניט. און אויב מירן
זיך איינגיכן זען, וועלן מיר זיך קענען אויס־
ריידן אַזוי ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן.

דײַן פּערעץ

מײַן אַדרעס פאַר בריוו:
מאָסקווע, באָלשאַיאַ סאַדאָוואַיאַ נומ. 6, קוו. 3
אי. אוּוראַדינערו, דליאַ מאַרקישאַ

ענטפער מיר גלײַך און שיק מיר אויך, וואָס
איך בעט בײַ דיר.

---

[1] וועגן מאַרקישעס פּאָעמע „ברידער“, וועלכע
איז דערשינען אין 1929 אין קיִעווער פאַרלאַג „קול־
טור־ליגע“, האָט ש. ניגער געשריבן: „דער אַלגע־
מיינער פּאַטאָס פון דער פּאָעמע ברענט מיט דעם
פײַער פון דער גרויסער רעוואָלוציע, און אויב די
רעוואָלוציאָנערע העלדן זײַנען קינסטלעריש בלאַ־
סער, ווי די קליינבירגערלעכע פאַרשוינען, איז עס,
דוכט זיך מיר, ניט די שולד פון דעם פּאָרפּאָסער.
פאַרקערט, ער האָט דעם גאַנצן אימפּעט פון זײַן
שפּראַך און זײַן רײַכע, צו רײַכע, אימאַזשיניסטישע
בילדלעכקייט אַרײַנגעלייגט אין דער שילדערונג פון
די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און פּאַסירונגען.
אָבער טאַקע דערפאַר, ווײַל ער איז געווען אַזוי פּאַ־
טעטיש, אַזוי צעקאָכט, האָט ער, מאָלנדיק די רע־
וואָלוציע און די רעוואָלוציאָנערן, ניט געהאַט יענע
געלאַסנקייט, יענע קלאָרקייט, יענעם דיסטאַנץ־גע־
פיל און יענעם הומאָר, וועלכע זײַנען נייטיק פאַר
קינסטלערישער שאַפונג. טאַקע דערפאַר זײַנען די
פּראָלעטאַרישע העלדן דערטרונקען געוואָרן אין אַ
מאַבל פון רויטן טינט, בעת די ניט־פּראָלעטאַרישע
פאַרשוינען האָבן זיך געראַטעוועט אין דער שטילער
טייווע פון לעבנס־שטייגער און הומאָר“.

4

[?1930]

טײַערער, הארציקער אָפּאַטאָשו!

געוויס האָסטו שוין מײַן בריוו, וואָס כ׳האָב
דיר מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אַרויסגעשיקט,
און אַ סך פון דעם, וואָס דו שרײַבסט מיר, איז
אין יענער בריוו פאַרענטפערט. איך וויל דיר,
טײַערער, מוסיף זײַן, אַז ביסט אין אַלץ גע־
רעכט. דו האָסט טײַנעס פון אַ שרײַבער מיט
גרויסע, געזונטע לעבנס־אינסטינקטן, וואָס
שפּײַט אויס דאָס שענסטע שטיקל ברויט, אויב
סע ליגט אינעווייניק גלאָז. אין פּראָלעטפּענש־
טשיקעס פון ניו־יאָרק, און אין אַ גרויסער
צאָל פון ראַטנפאַרבאַנד, איז פאַראַן גלאָז! און
זיי זײַנען אונדז אַזוי ליב פּונקט ווי דיר. נאָר
דער כּילעק איז, וואָס מיר קעמפן מיט זיי
אינעווייניק און דו — קעמפסט מיט זיי פון אַ
פרעמדן באַלקאָן.

און סע מאַכט אַן אײַנדרוק, אַז דו — אַ
גרויסער שרײַבער מיט שטאַרקע, פאַרצווײַגטע
וואָרצלען אין דער ייִדישער קולטור — ביסט
פאַרסאַמט אין איין נערוו פון אַזאַ מין־אָ ליטע־
ראַריש פּאַראַזיטעלע און דו קראַצסט זיך
איבערן גאַנצן לײַב.

וואָס גייען זיי דיר אָן? קראַץ זיי ניט, זיי
וועלן פאַרדאַרט ווערן און אָראָפּפאַלן! דו
דאַרפסט נאָר זײַן אין אָרדענונג מיט זיך אַליין.
און דערצו דאַרפסטו זיך באַוואָפענען: דו ביסט
אין דער מיינונג, אַז די ליטעראַטור איז אַ הי־
סטאָריש־מאַטעריאַליסטישע; דו גלייבסט, אַז די
וועלט וועט פריִער אָדער שפּעטער נאָכטאָן דעם
ראַטנפאַרבאַנד, און זײַענדיק בײַ אונדז, האָסטו
שטענדיק געטײַנעט, אַז ווען דו בלײַבסט, וואָל־
סטו געגאַן אין „וווּספּ“ — אָט די אַלע דרײַ מאָ־
מענטן, וואָס זײַנען אַ פראַגע ניט פון די פּראָ־
לעטפּענשטשיקעס, נאָר פון דײַן מענטשלעכן,
שרײַבערישן און קולטור־געוויסן — פאַרוואָס
באַוועגן זיי דיך ניט צו אַ באַשטימטן רעאַלן
שריט אויף צו באַשטעטיקן דײַן אינעווייניקסטן
צושטאַנד?

וואָס גייען דיר אָן די פאַרשיידענע פליי,
וואָס זאָגן און ווילן אײַנריידן, אַז זיי שפּרינ־
גען ניט פּראָסט, נאָר פּראָלעטאַריש? וואָס גייען
זיי דיר אָן?

דו האָסט דאָך אַזויפיל גרויסע און ברייטע
וועגן אויף צו ריידן מיט דײַן קינסטלעריש וואָרט
צו ברייטע מאַסן — רייד מיט זיי! אָט נעם דײַנע
געדאַנקען וועגן דעם גורל פון דער וועלט,
וואָס וועט פריִער אָדער שפּעטער נאָכטאָן דעם
ראַטנפאַרבאַנד, — נעם אָט דעם געדאַנק אַלס
דײַן טיפע איבערצײַגונג און גלויבן — נעם און
שרײַב עס אָן! אין אַ ראָמאַן, אין אַ נאָוועלע,
אין אַן אַרטיקל — אַלצײינס! שליס זיך אײַן אין
לעבן פון יענע, אין וועלכע דו גלייבסט, —
שליס זיך אײַן אויף דײַן אויפן, מיט דײַן באַרוף,
מיט דײַן וואָרט און הייב אָן זען גרויסע באַרג־
שפּיצן, וועלן דיר אַוועק פון אונטער די אויגן
די פאַרשיידענע לאַפּיטוטן. קום צו אונדז! קום

ניט ווי א גאסט, נאָר ווי אַן אייגענער — ניט קוקן אַף אונדז, נאָר לעבן מיט אונדז און לײַדן מיט אונדז; טו עס אין אמעריקע. גיב א פּאַרשעפּ מיט דײַנע הענט אָט יענעם גרויסן, רויען מאסיוו, וואָס טראָגט אַף זיך די וועלט, און זאָלן דײַנע געדאנקען און געפילן ווערן נײַע ייִדישע ליטעראטור, ניט נאָר — אונדזער קאָרעספּאָנדענץ. דעמלט וועסטו ניט פילן די קליינִיטשקע מײַלעכלעך, וואָס ווילן א ביסל פּראָלעטארישע ארבעט...

קום צו אונדז, זאָג איך דיר, טײַערער אָפּאַטאָשו! קום! זאָג זיך אָפּ פון א ביסל צווייפלהאפטער באקוועמלעכקײַט. גיי אין דער „פרײַהײַט" צו די גרויסע ארבעטער־שיכטן. איך ווארט אַף דײַן ענטפער. זײַ געזונט און שטארק.

דײַן, מיטן גאנצן הארצן,

פּערעץ מארקיש

גריס אדעלען, לייוויקן און לעיעלעסן.

א הארציקן גרוס דיר פון נוסינאָוון און מארשאקן.

5

[מאָסקווע], 12. 18. 1930

טײַערער, הארציקער אָפּאטאָשו!

פּאָ דושאם איז פּאָ דושאם.

ווי דען אנדערש רעדן מיר איינער מיטן אנדערן? ריישיס, וועגן דײַן אָפּענעם בריוו צו אייב קאהאנען[1]. די בריוו איז אָנגעשריבן זייער דערהויבן, מיט גרויס ווירדע, נאָר א מאקע וואָלט איך אים אָנגעטאָן דעם קאָוועד און זי אדרעסירט אַף זײַן טרייפענעם און פּאסקודנעם נאָמען. אים וואָלט מען באדארפט כאָרעוו מאכן מין־האצאד, אגעוור־אורכע, און דײַן בריוו וואָלט באדארפט זײַן געווענדט צו דער ייִדישער געזעלשאפטלעכקײַט. קיינער פון אונדז, ייִדישע שרײַבער, פארגינט אים ניט, אָט דעם אלטן שאפּשאָוויטש, א דאָקומענט, וואָס איז געשריבן פון דיר מיט הארץ און מיט בלוט. אין בעסטן פאל שרײַבט מען וועגן אים א פּאמפלעט. נאָר כאפּט אים דער רועך. דאָ אין ראטנפארבאנד קומט עס באזונדער אויס מאָדנע, וואָס אַן אלטער קאטארינשטשיק איז בעקויעך צו טעראָריזירן א ליטעראטור און מע שרײַבט אים נאָך אָפּענע בריוו. איך וואָלט געשריבן א בריוו צו דער אמעריקאנער ייִדישער ארבעטערשאפט, איבער וועלכער ער פּראוועט ציגײַנערשן קישעף, און זי זאָל ענטפערן.

בא אונדז אין ראטנפארבאנד האָסטו פריִער פאר אלץ א כעזשבן מיטן לייענער. און דער קריזיס האָט דיך ניט וואָס אָפּצושרעקן, ריישיס דערפאר, ווײַל בא אונדז קאָן קיין קריזיס ניט זײַן. דאָס, וואָס דאָס לאנד האָט, — דאָס באקומען מיר; מיר עסן און טרינקען און מיר צאָלן דער מעלוכע 4 קאָפּיקעס א פונט ברויט, און כאלע — 10 קאָפּ. קיין לאקירטע שיך טראָגן מיר ניט, און מיר קומען גאנץ גוט אויס אָן זיי. דערפאר האָבן מיר אויך ניט קיין אייב קאהאנס און אין די מעלוכע־פארלאגן זײַנען מיר אלע ווי קינדער פון איין מאמע. מע רײַסט בא אונדז ביכער פון אונטער דער פען. דיר וועט ווארשײַנלעך אויסקומען בא אונדז א ביסל שווער, ביז דו וועסט ניט עפנטלעך באווײַזן דײַן באציִונג צום ראטנפארבאנד. איך האלט, אז דאָס איז דער עלעמענטישער כיוו פון יעדן באוווסטזיניקן שרײַבער אין דער איצטיקער צײַט — דער ראטנפארבאנד האָט געמאכט אַן אנקעטע בא די וועלט־שרײַבער, און מיר האָבן זיי אויסגעציילט, ווער ס'איז מיט אונדז און ווער — קעגן אונדז. פון די ייִדישע שרײַבער האָבן מיר קיין וואָרט ניט געהערט!!!

איצט וועגן זיך: איך האָב הײַנטיקס יאָר אָנגעשריבן א שטיקל פּיעסע. זי גייט אין דרײַ טעאטערן. אין 2 מעלוכישע ייִדישע (כארקאָוו, מאָסקווע) און אין איין — רוסישן. סע דרוקט זיך איצט מײַנע א גרויסע פּאָעמע וועגן ייִדן אַף ערד! זי הייסט „ניט געדײַגעט", אומגעפער אזוי ווי „ברידער". איך ארבעט נאָך אַף א פּאָר זאכן און פיל זיך זייער גוט.

די פיר „איאקסן", וואָס האָבן באדארפט קומען קיין ניו־יאָרק, וועלן שוין ניט קומען. איצטער איז ניט קיין צײַט פון ליטערארישע וויזיטן „א־מאס". איצטער דארף מען ארבעטן. און מיר האָבן פארשטאנען און זיך אָפּגעזאָגט.

מײַן בוך האָב איך דיר שוין ארויסגעשיקט. איך זאָל וויסן, אז ס'אינטערעסירט דיך רוסיש, וואָלט איך דיר ארויסגעשיקט מײַן ראָמאן אין רוסיש. ער איז ניט לאנג צוריק ארויס פון דרוק. און איצט זײַ מיר געזונט און שטארק מיט דײַן בניי־באִיס און לאָז זיך ניט פארפירן פון מאָרעשכוירע־שטימונגען אָפּן כעזשבן פון ראטנפארבאנד. געלט קומט דיר בא אונדז, און וועסט זיך אין גאָרנישט ניט נייטיקן.

דײַן מיטן גאנצן הארצן ווי שטענדיק פּערעץ

[1] אייב קאהאן האָט אין א רעצענזיע אַף דער „טענצערן" („פאָרווערטס", 21־סטער סעפּטעמבער 1930) געשריבן, אז „ס'איז א דעקאדענטישע מאכערײַקע, כאָטש אָפּאטאָשוס סטיל איז ניט דעקאדענטיש". דערויף האָט אים אָפּאטאָשו געענטפערט (ריישעס, א בריוו צו אב. קאהאנען, דער „אויפקום", אָקטאָבער־נאָוועמבער 1930), אז „אַף דער ייִדישער פּראָוואָרלאָזטער גאס זענט איר, אב. קאהאן, מיט אײַער צוריקגעשטאנענעם באגאזש פון פיר קלאסן גימנאזיע דאָס „שײַנדל" און דער רעדאקטאָר פון דער פארשפּרייטסטער ייִדישער צײַטונג, וואָס נעמט זיך איבער מיט אירע „גרעסטע שרײַבער"... דאָס, וואָס ס'עקזיסטירט אין אמעריקע א ייִדישע ליטעראטור — דאָס איז אונדזער קאמף מיט אײַך און אונדזער זיג איבער אײַך... אין דער צײַט, ווען איר האָט דערנידריקט ס'ייִדישע וואָרט, באליידיקט די ייִדישע ליטעראטור, דערגאנגען די יאָרן די ייִדישע שרײַבער, געהאלטן זייערע נעמען (און איר האלט נאָך) אין „אינדעקס פּראָהיביטאָרום" בא זיך אין „פאָרווערטס", אין דער זעלבער צײַט האָט איר בלאמירט די ייִדישע ליטעראטור בא די אמעריקאנער... זיך געשטופּט מיט אײַערע „טאלאנטן"... איר זענט געווען און איר זײַט געבליבן אַן אומגליק פאר דער גאנצער ייִדישער ליטעראטור".

2*

## 6

[דאטע פון פּאָסט־שטעמפּל: מאָסקווע, אָקטיאבער, 8, 1931]

אָפּאטאָשו טײַערער!

שוין א גאנצער כוידעש, אז איך קלײַב זיך דיר שרײַבן און בין אלץ אזוי פארטראָגן, אז כ׳קאָן ניט צונויפקלײַבן א וואָרט מיט א וואָרט. און באזונדערס בענעגייע צו דיר בין איך אינגאנצן דעזאָריענטירט. ס׳איז מיר מאָדנע, וואָס איך שרײַב דיר איצט א בריוו. כ׳האָב זיך דרײַ כאדאָשים צוגעווינט צו א געדאנק, אז מיר וועלן זיך זען. און איך האָב דיך שוין געפּילט נעבן זיך. און מיטאמאָל איז עס אלץ — אראָפּ. וואָס ס׳איז געשען — ווייס איך אדהײַעם ניט. נוסינאָוו האָט מיר טעלעגראפירט, אז א וויזע איז דיר אוועקגעשיקט געוואָרן, און איך האָב בלויז געוואַרט אַף דײַן טעלעגראם, ווען איך זאָל דיך פּאָרן באגעגענען. איך בין צוליב דעם ניט געפּאָרן אָפּרוען. נו, איצט וועלן מיר דײַן קומען אָרגאניזירן אנדערש. כ׳מיין עס דערפירן פּאָשעט דורכן „וואָקס"[1]...

מיר גרייטן זיך יאָמטעוון דעם 15־טן אָקטיאבער־טאָג. גוט וואָלט געווען, ווען זאָלסט צו דער צײַט זײַן בא אונדז און ניט נאָר געאָגראפיש, נאָר אויך מיט דײַן גײַסט. גוט וואָלט געווען, ווען דו זאָלסט אָנשרײַבן א בריוו אין „עמעס" און צערײַסן מיט דעם קליינבירגערלעכן אמעריקאנער איפּעש און קומען צו אונדז זיך איבערבאוואָפענען, ווײַל סאָפּקאָלסאָף וועט עס יעדער עמעסער שרײַבער טאָן פריער אָדער שפּעטער. איז וואָלט בעסער געווען, אז דו זאָלסט זײַן צווישן די פריערדיקע. שרײַב מיר אָן, וואָס דו טראכסט וועגן דעם און צי טראכסטו אין אלגעמיין וועגן דעם.

זײַ מיר געזונט און שטארק.

דײַן פּערעץ

א גרוס אדעלען און לייוויקן.

## 7

(1932 ?)

טײַערער, הארציקער אָפּאטאָשו!

דײַן בריוו האָט מיך מעצאער געווען. דער טאָן פון דעם בריוו איז פון א האלב־פּרעמדן. אָפיציעל. אונדזער בריוו־אויסטויש האָט זיך א שטיקל צײַט איבערגעריסן צוליב דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט אין פארשיידענע זײַטן און אונדזערע ווערטער זײַנען זיך ניט צוזאמענגעקומען. דו מוזט דאָך איין מאָל פאר אלעמאָל פארשטיין, אז דו קאָנסט ניט זײַן גערעכט בענעגייע צום פארבאנד — סײַ צו זײַנע כעסרוינעס, סײַ צו זײַנע מײַלעס[1] — שטייענדיק אין זײַן קעגנערישן לאגער. און קיין נייטראליטעט עקזיסטירט ניט. סע מאכט דאָך סאָפּקאָלסאָף דעם אײַנדרוק פון יענעם „סיאָניסט", וואָס אליין זיצט ער אין ניו־יאָרק פארטאָן אין זײַנע „גאָלעס"־געשעפטן און רײַסט זיך מיט אלע קויכעס באצאָלן דעם שעקל... אנטשולדיק מיר, מײַן טײַערער אָפּאטאָשו, פאר דעם פארגלײַך. [...] מיר דאָ, אין ראטנפארבאנד, האָבן דער רעוואָליוציע ניט געשטעלט קיין באדינגונגען, און מיר האָבן זיך מיט איר פאר באקוועמלעכקײַטן ניט געדונגען. אָט אזוי וואקסן מיר מיט איר אינאיינעם, און אויב אין אמעריקע האָסטו זיך צוליב פּרינציפּיעלע טײַמים ניט געקאָנט אויסגלײַכן מיט אייניקע כאווירים פון דער „פרײַהײַט", האָסטו אָבער צוליב עטלעכע ביימער ניט געטאָרט פארלירן פון אויג דעם וואלד. מיר האָבן דאָ, בא אונדז, אויך פארשיידענע סיכסוכים מיט איינצלנע מענטשן, מיר קריגן זיך אויך, — אָבער אלע ווילן מיר איינס. און מיר ווייסן קלאָר, וואָס מיר ווילן און פאר וועמען מיר ווילן.

און אז מיר שטייען אַף א ריכטיקן שטאנדפּונקט בענעגייע דער ייִדישער קולטור, האָסטו זיך געקאָנט איבערצײַגן לויט דעם, וויאזוי פײַערלעך מ׳האָט בא אונדז אופגענומען בערגעלסאָנס „באם דניעפּער". ניט קיין פּראָלעטאריש ווערק, נאָר א נאציאָנאל ווערק, אָבער מיט א באשטימטער וועלט־אָנשויונג, מיט א באשטימטער ציל־אָנגעווענדטקײַט, וואָס האָט בערגעלסאָנען אויסגעקערעוועט דעם פּאָנעם צו יענער אידיי, וואָס דו אליין אנערקענסט, נאָר צו וועלכער דו פארהאלטסט זיך נייטראל. טײַערער אָפּאטאָשו, איך גלייב, אז דו נעמסט ניט אָן מײַנע רייד ווי פּראָפּאגאנדע; ניט דו באדארפסט עס, ניט איך באדאַרף עס. דאָס אייניציקע, וואָס כ׳וואָלט בעעמעס און מיטן גאנצן הארצן געוואָלט, אז דו מיט דײַנע קרעפּטיקע מעגלעכקײַטן, דײַן קרעפּטיקער טאלאנט זאָל ניט אופגעפּרעסן ווערן פונעם „טאָג" און פון אנדערע אנשטאלטן, פאר וועלכע דו מוזט ארבעטן. איך וואָלט זיך געווונטשן, אז דו זאָלסט נאָך אמאָל פאנאנדערבליען אין דער גאנצער ברייט פון דײַן דיאפּאזאָן, אז זאָלסט זיך אָנשלאָגן אין יענעם גרויסן קוואל, וואָס וועט קאָנען דיך אָנזעטיקן און שטילן דײַן שרײַבערישן דאָרשט. און דאָס איז מעגלעך — אָדער אין יענער טייל ניו־יאָרק, וואָס אקערט, אָדער בא אונדז, און ניט אין דער צעפּוילטער פילאָזאָפיע פון הייליקע אינוואלידן — סײַ איראָפּעישע, סײַ

[1] וסעסאָיוזנאָיע אָבשטשעסטוואָ קולטורנאָי סוויאזי ס זאגראניצעי — אלפארבאנדישע געזעלשאפט פאר קולטור־פארבינדונג מיט אויסלאנד.

[1] אָפּאטאָשוס ווארעמע באציונג צום ייִדישן שאפן אין סאָוועטנפארבאנד זעט זיך ארויס קלאָר פון זײַנעם אָן אינטערוויו אין די „ליטערארישע בלעטער" פונעם 15־טן מײַ 1931. „די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, — האָט געזאָגט דאָרט אָפּאטאָשו, — האָט פאר זיך דורכויס א נײַע סוויווע, א נײַע מיליע, א נײַעם זשאנער. מע דאַרף נאָר ארויס אין גאס און מע קען שעפּן פולע הויפנס. דאָרט ליגן אָן א שיר נײַע מאטעריאלן פארן שאפן — נײַע ייִדן, פּויערים, קאָמיסארן, א נײַ לעבן אַף נײַע יעסויידעס".

ייִדישע. ווערסט זײַן בא אונדז, און איך גלייב, אַז ווערסט זײַן, וועלן דיר אַ סאַך זאַכן קלאָר ווערן — און ווערסט פאַרשטיין, אַז ס'איז פאַראַן איין וועג, וואָס פירט פון העקדעש־קולטור, פון צדאָקע־קולטור און פון פאַרשײַדענע אַנדערע געזעלשאַפטן פאַר קולטור, וועלכע שטינקען מיט נעדאָווע, מיט באַליידיקונג, מיט שאַנד און מיט שפּאָט און מיט מאַכטלאָזיקײַט, — און דער דאָזיקער וועג איז די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון אונדזער פאַרבאַנד, ווו אַלע קולטורן זײַנען מעלוכישע און ווו פאַר זייער וווּקס זײַנען פאַראַן אַלע מעגלעכסטע באַדינגונגען.

איצטער וועגן דײַן וויזע. מיר האָבן אָנגענומען אַ באַשטימונג זיך ווענדן אין „וואָקס", אַז צו דער צײַט פון דײַן ווײַלן אין וואַרשע זאָל שוין די וויזע אָף דיר וואַרטן אין קאָנסולאַט. איך וועל נאָך וועגן דעם שרײַבן. דו ווערסט מיר נאָר אָנווײַזן אַן אַדרעס וווּהין. בא מיר איז קיין באַזונדער נײַס ניטאָ. איך אַרבעט צוביסלעך. איך פיל זיך זייער גוט אין דער גרויסער מישפּאָכע פון אַלע פאַרבאַנדישע שרײַבער, און ס'זאָל זיך מיר אײַנגעבן אָנשרײַבן אַן אָנשטענדיקן בוך, וואָלט איך זיך אוואָדע געפילט גוט. און דאָס לאַנד באַציט זיך איצט צו אַ נײַ גוט בוך מיט ניט ווייניקער ליבע און פרייד, ווי צו נאָך אַ נײַעם זאַוואָד. ס'איז ניט איבערגעטריבן!

איצטער האָב איך דיר אינקורצן אָנגעשריבן וועגן אַלץ...

זײַ געזונט און שטאַרק. גריס אַדעלען מיט די כאַווײרים.

דײַן מיט איבערגעגעבנקײַט און ליבע

פּ. מאַרקיש

מײַן אַדרעס: מאָסקווע — 34
מ. לעווינסקי, דאָם נומ. 8, קוו. 17
פּער. מאַרקישן

8

20/3—34

אָפּאַטאָשו טײַערער!

איך וויל ניט אָנהייבן מײַן בריוו פון אַנטשולדיקונג. פאַר מײַן דאָווראַכערדיק שווײַגן איז דאָס מער ניט קיין טערעץ. אָבער הער מיך אויס, טײַערער, און פאַרשטיי מיך: ס'זײַנען פאַראַן צײַטן, ווען אַ בריוו — ווי פּינקטלעך אין דער צײַט זי זאָל ניט געשריבן ווערן, קאָן שוין ניט זײַן יענער בריק, וואָס פאַרייניקט מענטשן — אידייִש און גײַסטיק — איבערהויפּט אין אונדזער צײַט און בא די פאַרהעלטענישן, וואָס האָבן זיך געשאַפן צווישן ראַטנפאַרבאַנד און יענער טייל אינטעליגענץ, וועלכע דו שטעלסט פאָר. מיר האָבן גאַנץ היפּש זיך דורכגערעדט אין בריוו און דאַך זיך ניט צונויפגערעדט. מיר וואָלטן זיך באַדאַרפט טרעפן פּאָנעם־על־פּאָנעם — מיטן גאַנצן ביסל האָב־און־גוטס, וואָס מיר האָבן, אָדער וואָס ס'ווײַזט זיך אונדז אויס, אַז מיר האָבן, און אין דער גאַנצער גרייס אוועקשטעלן די געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַטור־פּראָבלעמען, וואָס זײַנען צוגעגאַן צו אונדז עפּשער שוין צום לעצטן מאָל, און זיך נאָך אַ מאָל איבערצײלן... און זיך קלאָר מאַכן — צי קאָנען מיר נאָך אײנײנעם עפּעס ברענגען דער נײַער ייִדישער קולטור, אַזוי ווי מיר דאָ אין אײנציקן לאַנד פון גרעסטער מענטשלעכער גײַסטיקײַט פאַרשטייען זי, אָדער ס'איז אוממעגלעך. דעריבער ווילט זיך, זאָלסט שוין וואָס גיכער קומען, ווײַל ווי דו ווייסט, גלייב איך אין דײַן געזונטן, שעפערישן אינסטינקט און סייכל און לעבן נאָך גרויסער אײנײנעמדיקער אַרבעט.

איך האָב דיר מײַנע ביכער ניט אַרויסגעשיקט, ווײַל איך בין ניט אינגאַנצן מיט זיי צופרידן און ניט צוליב וועלכע־ניט־איז אַנדערע סיבעס. דײַן „קלאַסנקאַמף" האָט מיך פּאַשעט געפרייט. איך האָב וועגן דעם פיל גערעדט אָף אונדזערע ליטעראַרישע פאַרזאַמלונגען. אָבער נאָך מער וואָלט מיך בעעמעס געפרייט, ווען דו זאָלסט זיך אַ באַד טאָן אין אונדזער נײַ און גרויס לעבן, זאָלסט דערפילן דאָס נײַע, וואָס האָט זיך געזעצט אָף מענטשן, און עס קינסטלעריש דערקענען.

איז אַן עק: קום צו פאָרן. מיר וועלן אַלץ טאָן, קעדיי דײַן אַרײַנפאָר צו אונדז זאָל זײַן מעגלעך. און איך בעט דיך, טײַערער אָפּאַטאָשו, זאָלסט ניט פאַרשטיין מײַן אומפּינקטלעכקײַט אין בריוו ווי עפּעס בייזווילליקס. פּאַשעטע פאַרטראַגנקײַט. איך שרײַב דיר איצטער נאָך אַ גרויסן אומגליק, וואָס האָט מיך געטראָפן צוריק מיט צוויי וואָכן. די מוטער מײַנע איז פלורצעם פון אַ האַרצשלאָג געשטאָרבן, און איך האָב ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק זיך אומגעקערט פון דער היים.

פאַרצײַ מיר די קורצקײַט פון דעם בריוו. כ'האָב געטראַכט דיר הײַנט שרײַבן זייער פיל. זײַ געזונט און שטאַרק און גריס אַלע דײַנע.

דײַנער ווי שטענדיק

פּערעץ

9

4/2—1935

אָפּאַטאָשו טײַערער!

ערשט אַ פּאָר טעג, אַז איך האָב זיך אומגעקערט פון דער רײַזע איבערן ווײַטן מיזרעך.

אַ רײַזע אָף אַלעמען געזאָגט געוואָרן. קיין ליטעראַטור אין דער וועלט וועט דיר ניט קאָנען געבן דעם באַגריף, וואָס הייסט דער ראַטנצוזאַמענפאָר פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. און איך אין מײַן בריוו — אוואָדע ניט. אַן עמפּינדונג, וואָס וועט בלײַבן אָפן גאַנצן לעבן. איך האָב דאָ געטראָפן דײַנע עטלעכע

בריוו. זיי געלייענט אלע מיטאמאָל און געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון דײַנע געזעלשאַפטלעכע אַרויסטרעטונגען. און דעם ווונדערלעך אַרויסגעגעבענעם „רעגנסבורג" האָב איך געטראָגן אין די רוסישע פאַרלאַגן, זיך באַרימען פאַר דיר. איצט איז שוין פּעוורואַל — און איך טראַכט די גאַנצע צײַט, וויאַזוי צו באַצייכענען דײַן 25־יאָריקן יובילײ. ווען דו זאָלסט אַרבעטן אין דער „פרײַהײַט", וואָלטן מיר, פאַרשטייסטו אַליין, געמאַכט דעם עמעסן יאָמטעוו, אַז מ'וואָלט אים געהערט פון מאָסקווע ביז ניו־יאָרק. און אַזוי וועט מען מוזן עפּעס צוטראַכטן.

יאָ, איינע פון מײַנע ערשטע אַרבעטן, וואָס איך האָב געטאָן, איז דאָס, וואָס כ'האָב דיר פאַרשאַפט דעם 8־טן באַנד ענציקלאָפּעדיע. ס'איז מיר בעעמעס אַ ווייטעק, וואָס דו ביסט דאָרטן פאָרגעשטעלט ניט אַזוי ווי דיר קומט[1]. די רוסישע ליטעראַטור וואָלט געמעגט וויסן וועגן דיר אַ סאַך מער און גרינטלעכער. נאָר דו פאַרשטייסט דאָך, אַז רעדן וועגן דיר מיטן גאַנצן מויל וועט אונדזער אַ ליטעראַטור־פּאָליטיקער קאָנען דאַן, ווען ס'וועט זיך ניט פילן יענער אידעאָלאָגישער טהאָם, וואָס טיילט נאָך דערווײַל דיך אָפּ פון יענע אינטערעסן, מיט וועלכע ס'לעבן די 170 מיליאָן בא אונדז און ניט ווייניקער מיליאָנען צעשפּרייטע אויף דער גאַנצער וועלט. דאָך שיק איך דיר אַרויס די ענציקלאָפּעדיע מיט דער האָפענונג, אַז צו דער צווייטער אויפלאַגע וועט מען בא אונדז אין ראַטנפאַרבאַנד וועגן דיר שוין קאָנען רעדן ווי וועגן אַן אייגענעם.

לייוויקס ביכער באַקומען. ווײַנפּערס אויך. ווײַנפּערן שיק איך הײַנט אַ בריוו.

אויף לעיעלעסעס ביכער — וואַרט איך.

איצט די לעצטע סענסאַציע. נעכטן באַטאָג, אַזייגער דרײַ — שטעלט זיך אַרײַן צו מיר אין צימער מײלעך ראַוויטש. שטעלסט זיך פאָר מײַן ווילדע איבעראַשונג. ער פאָרט שוין נאָך צדאָקע נאָך מאַנטשוריע, אינדיע, האָצעקלאָץ — און נאָך ווײַטער. אָבער אַ נומער איז דאָס געווען אַן ערשטראַנגיקער. אין פאַרבאַנד איז ער געווען טראַנזיט — אַ פּאָר שאָ.

וועגן „קלאַסנקאַמף" האָב איך גערעדט שוין פיל מאָל. סאָפקאָלסאָף וועלן מיר עס דרוקן. וואַרשײַנלעך אַ ביסל שפּעטער. וועגן „1863"[2] הענגט עס ניט [אָפּ]פון נוסינאָוון. דער באָכער טשערניאַק פון „גיכל" דרייט אַ ביסל דעם קאָפּ. איצט איז ער פאַרנומען מיט בערגעלסאָנען. אָבער אויך די דאָזיקע פעסטונג וועלן מיר נעמען. מעגסט זײַן רויִק.

דערווײַל ווינטש איך דיר נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט גרויסע, טאַלאַנטפולע אַרבעט, ווו אין צענטער זאָל זײַן דער מענטש פון יענעם קלאַס, וואָס באַפרײַט די וועלט.



פון לינקס אויף רעכטס: י. אָפּאַטאָשו, פּ. מאַרקיש, י. דאָברושין

דײַן מיטן גאַנצן האַרצן
פּערעץ מאַרקיש

10

[דאַטע פון פּאָסט־שטעמפּל: מאָסקווע, יאַנוואַר, 22, 1936]

טײַערער אָפּאַטאָשו!

האָסט דאָס מאָל רעכט צו זײַן אויף מיר באַרויגעז. איך האָב דיר ווירקלעך שוין זייער לאַנג ניט געשריבן. כ'ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אָט קומסטו צו אונדז. כ'ווייס ניט, ס'איזא מאָדנע עמפּינדונג בא מיר. דײַן לעצטער בריוו האָט מיך געטראָפן אין בעט אַ כוילע — מיט אַ קראַנקן האַלדז. איצט זיץ איך שוין באַם טיש און בין צופרידן, וואָס כ'קאָן דיר ענטפערן.

בא אונדז גייט די נאָענטסטע טעג אַרויס [דער אַלמאַנאַך] „סאָוועטיש" נום. 3. כ'וועל דיר אים גלײַך איבערשיקן. מיר גרייטן שוין דעם פערטן נומער.

איך הייב אָן מײַן ענטפער דערפון, ווײַל דאָס איז שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם אַ[ה]ויפּטפונקט פון דײַן בריוו — וועגן די זאַמלביכער, וואָס דו ווילסט אַרויסגעבן אין ניו־יאָרק.

דער איניען איז אַ קאָמפּליצירטער אין דער פאָרם, אין וועלכער דו לייגסט עס פאָר. רייַשיס — מיקויעך מאַטעריאַל. פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז גוטער מאַטעריאַל פעלט אומעטום. וועלן מיר האָבן דאָ גוטן מאַטעריאַל, וועלן מיר אים פאַרנוצן בא אונדז און פון די הענט אים ניט אַרויסלאָזן, — ניט נאָר קיין ניו־יאָרק, נאָר אַפילע קיין קיִעוו און קיין מינסק.

פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז מאָסקווע איז בילכער און האָט מער רעכט און ווערט. פיל אינטערעסאַנטער וואָלט געווען, דו זאָלסט זיך דרוקן דאָ בא אונדז אין מאָסקווע.

---

[1] געמיינט די באָלשאיא ענציקלאָפּעדיִא, באַנד 8.
[2] דאָ רעדט זיך וועגן אַ רוסישער איבערזעצונג.

אָבער פריִער פון אַלץ שיק מיר צו דעם
ערשטן נומער. לאָמיר זען, וואָס עס וויל און מיט
וואָס עס לעבט איצט דאָס ייִדישע ליטעראַרישע
ניו־יאָרק. און גאָר גוט וואָלט געווען, ווען
זאָלסט צושיקן א פײַנע דערציילונג א גרעסע־
רע — פון א בויגן 3 — 4 — פאר „סאָוועטיש",
ס׳מאכט ניט אויס א קלענערע אויך. אָבער דאָס
וואָלט געווען א פײַנע זאך! ס׳וואָלט דיר גע־
שאפן זייער א גוטע רעפּוטאציע בא אונדז אין
פארבאנד, איבערהויפּט בא די רוסישע כאוויי־
רים. איך אינפאָרמיר זיי וועגן דיר זייער אָפט!
וועגן איבערזעצן דײַנע ביכער וועל איך דיר
שרײַבן באזונדער. איך מיין, אז ס׳וואָלט נייי־
טיק געווען פריִער פאר אלץ איבערזעצן א בוך,
וווהין ס׳זאָלן „ארײַנגיין": „לינטשערײַ"[1], „מאָ־
ריס און פיליפּ", אייניקע דערציילונגען פון
קוילנגרעבער, „קארפּן", קעדיי די רוסישע קרי־
טיק זאָל דערזען דײַן סאָציִאַל פּאָנעם. נאָך דעם
וועט מען בא דיר רײַסן דײַנע ראָמאנען. מע
דאַרף, אז די קריטיק זאָל דערזען אין דיר —
די זעלבע פּאָליטישע און אידייִשע איבעראָרי־
ענטירונג, וואָס קומט פאָר אין דער אלגעמיינער
מײַרעוו־אייראָפּעיִשער און אמעריקאנער שרײַ־
בערישער אינטעליגענץ. וואָס דו שרײַבסט, אז
דו האָסט מוירע, מע זאָל אונדז ניט פארבאָטן
זיך באטייליקן אין די זאמלביכער. דאָס איז,
ווייניקסטנס, זייער נאיִוו. קיינער פארבאָט אונדז
ניט. און אז ס׳איז נייטיק — פארבאָטן מיר זיך
אליין.

אָט שרײַבסטו, אשטייגער, אז דאָס וועלן זײַן
זאמלביכער, ווו די ייִדישע ליטעראטור „פון
גאָר דער וועלט" וועט קומען צום וואָרט. זייי־
ער א שלעכטע פאָרמולירונג! מיר שטייען ניט
אַף א שטאנדפּונקט פון קאָל־ייִסראָעל־ליטערא־
טור ביכלאל, און דער סופיקס „פון גאָר דער
וועלט" מאכט די קאשע ניט פעטער. מיר ווייסן
שוין, וואָס פאר א דרעקישע ייִדישע שרײַבער
ס׳זײַנען פאראנען אין אָט דער שיינער „גאָר
דער וועלט"!.. דארפן, הייסט עס, דו און לייי־
וויק און בערגעלסאָן און נאָך אנדערע — זיי
העלפן קומען צום וואָרט. דאָס איז מיצוועס פאר
כאָליערע־כאסאנים, ניט קיין ליטעראטור. מיר
דארפן ניט קיין „פון גאָר דער וועלט". מיר
ווילן דאָס בעסטע און דאָס אינטערעסאנטסטע,
וואָס עס קאָן געבן אונדזער נײַע קאָנקרעטע
וועלט־אָנשויונג און ניט קיין „אָרעמע מאָל־
צײַט". איך מיין, טײַערער אָפּאטאָשו, אז דו
ביסט מיט מיר אײַנפארשטענדיק. שרײַב מיר
גלײַך אָן. איך שיק דיר ארויס מײַנע „ברידער"
אין רוסיש.

גריס הארציק אדעלען און דאָווידן. וועגן
דאָווידן דאַרף איך נאָך רעדן אין טעאטער[2].
מײַן פרוי און קינד גריסן דיר און דײַן מיש־
פּאָכע. בלײַב מיר געזונט און שטארק.

דײַן פּ. מארקיש

[1] „לינטשערײַ" איז שוין געהאט פארעפנטלעכט
געוואָרן אַף אוקראַיִניש אין כארקאָוו נאָך אין 1931.

[2] די אָפּאטאָשוס האָבן דעמלט געטראכט וועגן
אוועקשיקן זייער זון דאָווידן, דעם איצט־באקאנטן
אקטיאָר, קיין רוסלאנד צו שטודירן בינע־קונסט.

## 11

[דאטע פון פּאָסט־שטעמפּל:
מאָסקווע, יול 20, 1936]

אָפּאטאָשו טײַערער!

ערשטנס, א דאנק דיר פאר די „זאמלבי־
כער". דאָס בוך איז א גרוס וועגן דער צע־
וואָרפנקײַט, ניט נאָר טעריטאָריִעל, נאָר גײַ־
סטיק. ס׳איז גוואלדיק ניט איינהײַטלעך, און
ס׳האָט ניט קיין פירנדיקע אידיי. דאָס איז דער
גרונט־כיסאָרן זײַנער. ס׳מאכט אן אײַנדרוק, אז
איר האָט דאָרט צונויפגענומען אלץ, וואָס ס׳האָט
זיך נאָר געלאָזט... אָבער וואָס האָט מיך בע־
עמעס געדעגט און וואָס איך האָב געלייענט
מיט פארגעניגן, איז דײַן פּראָזע און קאדיעס
לעצטע ליד[3].

שרײַבן וויל איך דיר וועגן דײַנס. דער אל־
געמיינער אײַנדרוק, כוץ דעם, וואָס קינסט־
לעריש איז עס זייער לויטער, דורכזיכטיק, קי־
מאט קלאסיש, איז אזא: דו ווערסט אינעם דאָ־
זיקן ווערק אליין צעריסן פון אינערלעכע ווי־
דערשפּרוכן. דו ווערסט פארכאפּט פונעם באָ־
כער, וואָס זאָגט, אז באנאכט רעדן צו אים די
בערג אַף העברעיִש, און דאָס היסטערישע גע־
שריי פון די טיינצדאקא (?) נעגערס ווערט
בא דיר פארוואנדלט אין פּאטאָס פון א פּאָלק.
פון דער אנדערער זײַט — דער ארבעטער, וואָס
דעקלאמירט ניט, אז די בערג רעדן צו אים, ער
איז פּאָשעט, ער איז שטיל און ער איז אָנגע־
שראָקן פאר אָט דער לאָשנקוידעשדיקער הי־
סטעריע.

ס׳איז זייער שווער צו ריידן וועגן מענטשן,
וואָס טײַנען וועגן זיך ווי וועגן אזעלכע, וואָס
ריידן מיט בערג. אין בעסטן פאל וואָלט עס
געפּאסט פאר ייִרמעיאָהו האנאָווי, — אין זײַן לע־
גענדאריש־עפּישער גרויסקײַט, אָבער ניט פאר
א פאשיסט, וואָס מיינט, אז לאָשנקוידעשדיקער
פאשיזם איז הייליק. און ס׳איז פּונקט אזוי פּאָ־
זע ווי קליינשטעטלדיק. און אונטער דעם אלע־
מען הערט זיך דער עפּאָס פון „גזוז", פון
סעלצוואסער.

פארשטייט זיך, אז עכט איז דער פּרעזי־
דענט פון די בעזעם־מאכערס. אין אים רעדט
די נאקעטע זאָאָלאָגיע. און די ווירקלעכע גרויס־
קײַט, נאָך וועלכער דו בענקסט אינעם ייִדישן
פּאָלק, איז ניט אין די מענטשן, וואָס דו האָסט
דאָרט געזען, נאָר אינעם טויטן אינווענטאר,
וואָס איז געבליבן פון דער ייִדישער געשיכ־
טע און וואָס האָסט דאָרט געזען אין דער בריי־

[3] אָפּאטאָשו האָט דאָ פארעפנטלעכט „צווישן
יאמען און לענדער. א רײַזע קיין ערעץ־ייִסראָעל".
אָפּאטאָשוס אויספיר אין זײַן לענגערער באשרײַבונג
איז, אז „בלויז דאָס גרויסע וואָרט, וואָס איז גע־
בוירן געוואָרן אין יערושאָלאיִם, וואָס האָט אויסגע־
לייזט מאָסקווע, קען פארברידערן דעם ייִד מיטן ארא־
בער" (זאמלביכער, ב. 1, ז. 325). קאדיע מאָלאָדאָווו־
סקי האָט אין דעם באנד אָפּגעדרוקט זעקס לידער.

טער אומיטלבארער אסאָציִאציע. און אז מע
לייענט איבער די זאַך, טראַכט זיך זייער א
סאַך און זייער ביטער וועגן א טראַגעדיע פון
א צאַנקנדיקער ביסל יוגנט, וואָס שמעקט דעם
פּאַרדומפּענעם רייעך פון טויזנטיעריקער טויט־
קײַט, ווי קאָקאַיִן, קעדיי זי זאָל באַקומען נאַ־
ציִאָנאַלן פיבער און עקסטאַז. אָבער אָנגעשריבן
איז עס געשמאַק. מיט א סאַך ווייטעק און
טרויער.

איך האָב [דיר] ניט געשריבן, ווײַל איך
[בין] א כוידעש צײַט געווען אין אָדעס און
ס׳האָט מיר באַנק געטאָן, וואָס דו האָסט
ניט געזען, ווי טויזנטער — 4—5 טויזנט — ייִדן
קומען אַף א ליטעראַרישן אָוונט.

איך האָב וועגן דיר גערעדט אין „איזוועס־
טיִא״, זיי קענען דיך דאָרט. מ׳האָט מיר אפילע
געזאָגט, אויב דו האָסט א קליינע דערציילונג
וועגן אמעריקע, זאָלסטו זי מיר צושיקן, וועלן
זיי זי אָפּדרוקן. ביכלאל, דאַרף איך דיר זאָגן,
בענקען דאָ אַלע נאָך דיר און אַלע וואָלטן דיך
געוואָלט האָבן בא אונדז אין לאַנד. שיק מיר
צו, אויב דו האָסט, א פּאָר נײַע דערציילונגען,
שטאַרקע און פעטע, וועל איך זיי דיר אָפּדרוקן
בא אונדז אין רוסיש און אין ייִדיש.

דעם באַנד ענציקלאָפּעדיע נומער 9 וועל
איך דיר די טעג ארויסשיקן. זײַ מיר געזונט
און שטאַרק מיט אדעלען און דאָווידן.

דײַן פּערעץ

12

[דאַטע פונעם פּאָסט־שטעמפּל:
מאָסקווע, מײַ 16, 1937]

אָפּאַטאָשו הארציקער!

איך האָב דיר ניט געשריבן דערפאַר, וואָס
איך האָב דערוואַרט אן ענטפער פון דיר אַף
מײַן בריוו צו דײַן יובילייִ. ניט אַנדערש, ווי
דו האָסט אים ניט באַקומען. אויב אזוי, טוט מיר
זייער באַנק. אזוי אָדער אַנדערש איז דאָס די
איינציקע סיבע, וואָס איך האָב דיר אזוי לאַנג
ניט געשריבן.

דעם בוך 2 „זאַמלביכער״ האָב איך באַקומען.
א דאַנק. כאַיִם גראַדעס ליד „דוירעס״ איז זייער
א גוט ליד! איך האָב עס דאָ פאָרגעלייענט פאַר
אַלע כאַוויירים, און אַלע אין איין קאָל — גוט!
אָבער ס׳איז א פאָרוואָרף — אֵי דיר, אֵי לײַ־
וויקן! באַזונדערס לייוויקן — זײַן קריסטלעכן
פּאַציפיזם און זײַן קעגנשטאַנדלאָזן הומאַניזם.
אָבער ער אַליין, גראַדע, פאַלט אויך אַרונטער
אָט די ביידע דעפיניציעס. ס׳פעלט אַקטיווקײַט.
ס׳פעלט אין דעם ליד — קלאָרקײַט: וואָס זשע
וויל ער אַליין? וואָס זײַנע זיידעס האָבן גע־
וואָלט — ווייסן מיר! און ער אַליין?.. דאָך איז
דאָס ליד א גוטס!

מאָרגן שיק איך דיר ארויס „סאָוועטיש״
נומער 4. דעם פינפטן גרייטן מיר. ער וועט
דערשײַנען צו די אָקטיאַבער־יאָמטויווים. עפּ־
שער וואָלסטו עפּעס צוגעשיקט? עס וואָלט אונדז
אַלעמען געווען זייער אָנגענעם אָפּצודרוקן דײַנס
א זאַך אין „סאָוועטיש״! בא מיר איז קיין נײַס
ניטאָ. איך האָב אָנגעשריבן א פּיעסע „די מיש־
פּאָכע אָוואַדיס״ און אַרבעט אַף א פּאָעמע „יע־
רושע״. אויב ס׳וועט זײַן נישקאָשע, וועל איך
דיר זי שיקן.

זײַ געזונט און שטאַרק און גריס אדעלען
און דאָווידן.

דײַן פּערעץ מאַרקיש

13

[1939]

אָפּאַטאָשו הארציקער!

באַקומען דעם פערטן באַנד „זאַמלביכער״.
סע מאַכט אַף מיר אן אײַנדרוק, אז ביסט אַף
מיר באַרויגעז. און דו ביסט ניט אומגערעכט,
אָבער אויך איך בין ניט שולדיק. איך האָב דיר
העכער א יאָר ניט געשריבן בלויז צוליב איין סי־
בע. אין דײַן לעצטן בריוו צו מיר איז געווען אָנ־
געוויזן א נײַער אדרעס פון דײַן דירע, און דער
איז בא מיר פאַרלוירן געגאַן. און אזויווי כוץ
ווי מיט דיר שרײַב איך זיך מיט קיינעם אין
אמעריקע ניט איבער, האָב איך קיין מעגלעכ־
קײַט ניט געהאַט בא עמעצן אָנפרעגן דײַן אד־
רעס. איז אויסגעקלאָרט דעם באַרויגעז און —
ווי געווען, כ׳וועל דיר גלײַך אריבערשיקן אונ־
דזערע „סאָוועטיש״ און אַלץ, וואָס דיך אינ־
טערעסירט. איצט וועלן מיר איבערגיין צו
איניאָניי־דעיוימע. אין די „זאַמלביכער״ איז פּאַ־
ראַן א סאַך אינטערעסאַנטס, א סאַך טאַלאַנט־
פולס, אָבער בלאָנדזשענדיקס און אָפּטמאָל —
זייער נאַיִווס און עפּיזאָדישס. אָבער דאָך האָבן
די „זאַמלביכער״ א שטויס געטאָן די ליטעראַ־
טור בא אײַך דאָרטן, אין אמעריקע. ס׳איז גע־
נוג, וואָס דורך זיי איז דורכגעגאַן כאַיִם גראַ־
דע — מיט דער גאַנצער פינצטערניש, וואָס ער
האָט ארויסגעטראָגן אַף דער ליכטיקער שײַן.
אָבער די פינצטערניש האָט געמוזט ארויס, ווי
מאַטעריע פון א וווּנד. איצט איז פאַר אים א
פראַגע — ווּהין ווײַטער? ער האָט א נעכטן, פון
וועלכן ער האָט מיט די אייגענע ציינער זיך
אָפּגעריסן, — אָבער ווער און וואָס איז זײַן
מאָרגן? ס׳וועט זײַן אינטערעסאַנט — ווּהין וועט
ער אָנשפּאַרן. מענאַכעם[1] האָט א וואַקס געטאָן
אין די „זאַמלביכער״. א פּאָר דערציילונגען —
רויִע, אָבער קרעפטיקע — אין סאַכאַקל האָבן
זיי שוין עפּעס אָפּגעטאָן, די „זאַמלביכער״. און
דערפאַר קומט דיר און לייוויקן א יאַשער־
קויעך.

---

[1] גראַדע און מענאַכעם האָבן זיך ניט באַטייליקט
אין פערטן באַנד „זאַמלביכער״, זיי זײַנען אָבער גע־
ווען פאַרטראָטן אין די פריִערדיקע בענדער.

דער לעצטער נומער מאַניפעסטירט א גוואַל־דיקן קער צו נאַציאָנאַליזם, צו קראַנקן נאַציאָנאַליזם — דער באָדן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז פאַר נאַציאָנאַליזם זייער א גינסטיקער. אָבער פאַר אונדזער ייִדישער ליטעראַטור איז ער א גרויסע געפאַר. ער וועט ווידער אַרײַנטרײַבן די ליטעראַטור אין א וויסטן כּוי־שעך. ס'איז ליידער אַמאָל זייער א שלעכטע רעמיניסצענץ.

די פּאָעמע „ציפּרעס" האָט איינגאַנצן צוויי־דרײַ גוטע זײַטלעך[1]. כ'האָב געמיינט, אַז ער האָט ליכטיקע אויגן. אָבער די גאַנצע פּאָעמע איז פיבער־קראַנקע, שלעכטע ליטעראַטור־שטשינע. אַן אָפּשלוקערץ פונעם עקספּרעסיאָ־ניזם, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אין די 20־סטע יאָרן. פאַרוואָס צאַצקעסטו זיך מיט יעדן גאָרנישט, וואָס גיט נאָר א קריי וועגן לאַמעד־וואָוו און וועגן גאָט?

זיי זײַנען דאָך אָף קיין גראָשן ניט מוסיף צו דער פאָלקס־שאַפונג וועגן די לאַמעדוואָוו און טוען נאָך אָן אָף זיי די אייגענע פּוסטע און ליידיקע ביאָגראַפיעס.

די רעדאַקציע פון די „זאַמלביכער" מוז וועגן דעם א טראַכט טאָן. איר מוזט אויסקלאָרן א געשטאַלט, אַן אידייִיִשן פּאַרצוף — ניט נאָר זײַן אַן אָרט, ווו מע דרוקט זיך!

און איצט — וואָס הערט זיך בא דיר? שרײַב מיר אָן א גרויסן און בעפּראָטעסדיקן בריוו. וועגן אַלץ און וועגן אַלעמען. איך וואַרט מיט אומגעדולד אָף דײַן ראָמאַן „רעב אקיווע". וואָס מאַכט דײַן דאָוויד? גריס הארציק אַדעלען! שרײַב וועגן אַלץ. איך האָב פאַרענדיקט דעם 2־טן באַנד „דאָר־אויס — דאָר־אײַן" און אַרבעט אָף א גרעסערער פּאָעמע „ירושע". אָפּאַטאָשו, טײַערער, שרײַב אָן. איך וויל דערהערן א וואָרט וועגן דיר און וועגן דײַנע. און

זײַ געזונט

מיט ליבע, דײַן פּערעץ.

אַלע אונדזערע שרײַבער גריסן דיר האַר־ציק.

ענטפער גלײַך!

מײַנע האַרציקע גרוסן אײַך, ליבער אָפּאַ־טאָשו! איר האָט, אַפּאָנעם, אין מיר פאַרגעסן. דערמאָנט אײַך און שרײַבט אָן.

י. נוסינאָוו

איך האָף, אַז איר זײַנט ניט אָף מיר באַרוי־געז. איך גריס אײַך זייער האַרצלעך.

מ. ווינער

[1] אַריע שאַמריס פּאָעמע „לייזער ציפּרעס" האַלט זעקס און דרײַסיק זײַטן.

14

מאָסקווע, פעוורואַל 12, 1946.

טײַערער אָפּאַטאָשו!

ערשטנס, א מאַזלטאָוו מיט א „ירושע"! דײַן דאָווידס דערציילונג איז ערטערווײַז זייער שטײַף, מוסקוליער, און שפּראַכלעך וואַקסט זי ווי א צווײַג אָף דיר.

ס'איז זייער גוט, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, בא וועמען זיך לערנען ס'לאָשן — און נאָך עפּעס. גיב אים איבער א גרוס און א בראָכע!

פון דיר האָב איך קיין שום בוך ניט דער־האַלטן. ניט וועגן פּוילן און ניט דעם זאַמלבוך און ביכלאַל גאָרניט. איך וואָלט זייער געוואָלט א לייען טאָן. שיק עפּשער אָפן אַדרעס פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט.

מאָסקווע, קראָפּאָטקינסקאַיאַ נומער 10, יעווריעיסקי אַנטיפאַשיסטסקי קאָמיטעט, פּערעצו מאַרקישו.

צווייטנס, דאַרף איך זיך פאַרענטפערן פאַר מײַן פאַרשפּעטיקונג מיטן בריוו. איך בין א פּאָר כאָדאָשים אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און דײַן בריוו געטראָפן, ווען כ'האָב זיך אומגע־קערט פון דער רײַזע.

און דריטנס — דײַן פאָרשלאָג וועגן פאַר־בינדן זיך איז זייער א געזונטער און א וויכטי־קער. איך האַלט, אַז ער וואָלט קעגנזײַטיק אָפּ־געפרישט אונדזער ליטעראַטור. נאָר מע וואָלט דעם באַדאַרפט צוגעבן אויך א געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ס'זאָל ניט בלײַבן בלויז אין אונד־זער ליטעראַרישער קאָרעספּאָנדענציע.

דער פאַקט, וואָס א באַדײַטנדיקע גרופּע שרײַבער האָט זיך א קער געטאָן מיטן פּאָנעם צום ראַטנפאַרבאַנד, איז זייער א דערפרייענ־דיקער און עפּשער — דאָס סאַמע וויכטיקסטע — באַם איצטיקן מאָמענט, ווען דער פאַשיזם וויל אויסנוצן יעדע ניט גוט פאַרשטאַפּטע שפּאַרונע. איצט וואָלט באַדאַרפט א קלונג טאָן דאָס קאָל פון דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע. דו האָסט מיר געהאַט געשריבן, אַז דו טרעטסט אַרויס אָף אָן אָונט, אײַנגעאָרדנט דורך דער „מאָרגן־פרײַהײַט".

ס'וואָלט זייער נייטיק געווען א ריין ליטע־ראַריש־געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונג דורך דער „מאָרגן־פרײַהײַט", ווו ס'זאָל מיט א ברייטן געזעלשאַפטלעכן רעזאָנאַנס אַדורכ־קלינגען אונדזער קאָנסאָלידאַציע אָפן באָדן פון־נעם קאַמף קעגן פאַשיזם. און דאָס איז לײַכטער צו טאָן דיר און די כאַווײרים אין אַמעריקע, וואָס זײַנען אָפן אָרט. און זאָל אונדזער ליטע־ראַרישע פאַרייניקונג אַרויסדרינגען ווי א פּוי־על־יויצע פון אונדזער אידייִש־געזעלשאַפטלע־כער אייניקײַט. דאַן וועט עס ווירקלעך זײַן א ווענדפּונקט אין אונדזער ליטעראַריש־געזעל־שאַפטלעך לעבן. און מיר וועלן גלײַך קאָנען צוטרעטן צום זאַמלבוך מאָסקווע — ניו־יאָרק. ס'וועט זײַן — א געשעעניש!

באטראכט איצט דו, ווי?אזוי דער פארלאג פון אײַער גרופע זאָל ווערן א געזעלשאפטלעכער פאקטאָר.

א הארציקן גרוס און א דאנק יאנקעוו גלאטשטיין[1]. אויב ס'איז ניט שווער, שיק מיר צו זײַן ארטיקל וועגן מיר.

דײַן פּערעץ מארקיש

ס'ארויס מײַנס א בוך אין רוסישער איבערזעצונג. מעגלעך, אז כ'וועל עס דיר צושיקן דורך גאָלדבערגן[2].

## 15

.25.9.47 מאָסקווע

אָפּאטאָשו טײַערער!

לויט דעם, וואָס ביז איצט איז פון דיר קיין שום וואָרט ניטאָ, דארף מען זיך פאָרשטעלן, אז מײַן בריוו צו דיר איז פארלוירן געגאנגען. איז שרײַב איך דיר נאָכאמאָל: ערשטנס, ווינטש איך דיר א גוט יאָר, און אדעלען און דאָווידן.

צווייטנס, געפין איך זיך נאָך ביז איצט אונטערן אײַנדרוק פון די פּאָר אויסשניטן אין „טאָג", וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט [ערעוו שטורעם][3].

מיר דוכט, אויב אורטיילן לויט די פּאָר קליינע קאפיטלען, איז אָט דער בוך דײַן סאמע רײַפסטער אין זין פון פלאסטישער אויסדריקלעכקײַט, עקאָנאָמיע אין וואָרט און געפרעסטקײַט אין דער עקספרעסיע. די ווערטער, די בילדער, די אונטערטעקסטן זײַנען אזוי ארײַנגעצויגן איינס אין אנדערן, ווי די אינעווייניקסטע הויטן אין א בוים. איך האָב געמיינט, אז כ'וועל באקומען נאָך. אָבער ליידער, האָב איך בלויז געמאכט די מויצע און געבליבן ווארטן. אויב דו האָסט די מעגלעכקײַט, שיק מיר צו אלץ, וואָס האָסט אָפּגעדרוקט פון דעם ראָמאן. וועגן דער קאָנצעפּציע איז נאָך דערווײַל פון צוויי קאפיטלעך שווער צו ריידן.

וועגן דײַן בוך „ווען פוילן איז געפאלן" האָב איך דיר אויך געשריבן אין יענעם בריוו. מיר דאכט, אז דאָס וויכטיקסטע, וואָס אינעם בוך, איז — וואָס דו האָסט מיט עכטער פּאָליטישער ווײַטזיכטיקײַט, ניט געקוקט אפן גרויסן ווייטעק, דאָך אויסגעדײַט די פערספעקטיוו פון פרײַנטשאפט צווישן ייִדן און פּאָליאקן. אין יענע טעג האָט מען באדארפט צו דעם א סאך קויעך. ווי דו זעסט, בענקען מיר דאָ נאָך דײַנס א בוך. און אז ער קומט אָן, איז ער א געווונטשענער און באליבטער גאסט. שיק וואָס מער. איך דערמאָן מיך, אז האָסט בא מיר געהאט געבעטן א געזאמלטן באנד פושקין. אויב דו האָסט אים ניט, וועל איך דיר אים צושיקן. מיר הייבן אָן ארויסגעבן אלמאנאכן פּערי?אָדיש. 6 אלמאנאכן א יאָר. דער ערשטער דארף ארויס צו דעם אָקטיאבער־יאָמטעוו. איך וועל דיר אים אויך צושיקן.

איך גלייב, אז צום יאָמטעוו וועט אויך דערשײַנען מײַן פּאָעמע „די מילכאָמע". א גרויס בוך פון אריבער 40 בויגן. קאפיטלען פון איר זײַנען געווען געדרוקט אין אלמאנאך „צום זיג". אויב וועסט קויעך האָבן איבערלייענען אזויפיל קליינע לידעלעך, וועל איך דיר דאָס בוך פארשאפן. שרײַב מיר, צי דו האָסט געלייענט מײַן צווייטן באנד „דאָר־אײַן, דאָר־אויס"? וואָס מאכט דאָווידך? דרוקט ער עפּעס? אויב יאָ, איז לאָז וועגן אים צו וויסן דאָ, בא אונדז, שיק צו. יענע דערציילונג איז געווען זייער אינטערעסאנט און ערטערווײַז — שטארק!

נו, האָב מיר א גוט יאָר און א כסימע־טויווע.

א הארציקן גרוס אדעלען און דאָווידן.

דײַן פּערעץ

גיב איבער א גרוס י. גלאטשטיינען און א דאנק פאר זײַן ארטיקל וועגן מיר.

שרײַב גלײַך אָן.

אויב דו זעסט נאכמען מײַזיל, גיב איבער א הארציקן גרוס. זאָל ער מיר ארויסשיקן די אויסגאבן פון „איקוף" און אויך דעם זשורנאַל.

---

[1] אין סאָף 1944 איז דערשינען אין מאָסקווע א זאמלבוך „צום זיג", אונטער פּערעץ מארקישעס רעדאקציע. אין דעם זאמלבוך האָט מארקיש אָפּגעדרוקט א פראגמענט פון א פּאָעמע „דער כירורג". יאנקעוו גלאטשטיין האָט דאָס בוך רעצענזירט אין „ייִדישן קעמפער" (מארט 16, 1945; שפּעטער איבערגעדרוקט אין גלאטשטיינס בוך „אין טאָך גענומען", ניו־יאָרק, 1947) און זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אף מארקישן, וואָס „וואגט צו קלעטערן, און זײַן מײַלע איז, וואָס ער דערקלעטערט... ער פארמאָגט פּאטאָס, און ער קען ריידן אזוי שטיל, אז מע זאָל אים קוים הערן... ס'גייט אים ניט אויס דער אָטעם. זײַן גרויס ליד איז געשריבן מיט דער זעלבער געצאמטקײַט ווי א קליין ליד. ער האָט א רײַכן טאָן, זייער זעלטן הייבט דער קינסטלער אין אים אָן צו קינצלען".

[2] ב.־צ. גאָלדבערג, מיטארבעטער פונעם ניו־יאָרקער „טאָג", האָט זיך דעמלט געפונען אין סאָוועטנפארבאנד.

[3] א קאפּיטל פונעם ראָמאן „רעב אקיווע".

# זיכרוינעס וועגן פּערעץ מאַרקישן

אַרן יערושאַלימסקי

## זײַן האַרעפּאַשנער ייִכעס

(לויט דערמאָנונגען פון פּ. מאַרקישעס קרוווים)

### דער זיידע שימשן־בער

אַף דער אַלטער באַקאַניוּקער גאַס, ניט ווײַט פון דער גרויסער וואַנט באַם קלויסטער, איז געשטאַנען שימשן־בערס גערעמע שטוב מיטן ברייטן גאַנעק. פונעם גאַנעק איז געווען מיט דער האַנט צו דערלאַנגען ביז צום בריקל איבערן טיפן וואַסער־ריוו, וואָס האָט זיך געצויגן צו כאַמוירי, אַ בײַטײַכל פון האָרין.

דאָס בלעכענע שילדל פון דער סטראַכיר־געזעלשאַפט אַף דער פאַרטקע באַם טויער האָט אָנגעוויזן די פאַמיליע פונעם שטוב־אייגנטימער: „בערקאָ שטיינמאַן“. אָט אין דעם הויז איז געבוירן געוואָרן און האָט פאַרבראַכט זײַן קינדהײַט פּערעץ מאַרקיש.

דער ריוו, אַ באַוואַקסענער מיט קוסטעס, די כורוועס פון דער אַלטער פעסטונג אַפן בערגל זײַנען געווען די געהיימניספולע באַהעלטענישן, וווּהין פּערעצל פלעגט פון כיידער אַוועקלויפן און זיך איבערגעבן זײַנע יונגע טרוימען. באַם טײַך לעבן דער אַלטער מיל האָט ער זיך געבאָדן מיט אַנדערע כיידער־ייִנגלעך און צוזאַמען מיט באַלעגאָלישע יאַטן געפּאָיעט פערד. דאָ בײַשכיינעס האָט זיך געצויגן דער טראַקט, אַ באַצוימטער מיט הויכע טאָפּאָלן. ער האָט געפירט צום וואָקזאַל, קיין פּאָנינקאָ, קיין טשודנאָוו־וואָלינסק, צו די פאַבריקעס, קיין זשיטאָמיר.

ס'איז גרינער באַרג. ס'איז גרינער טאָל.
ס'איז גרין אַף לינקס. ס'איז גרין אַף רעכטס...
און נאָר דער זיידע ז'גרײַז און גרוי.

(פּ. מאַרקיש, „מײַן זיידע“).

די דאָרעם־מיירעווודיקע אײַזנבאַן־ליניע האָט פאַרכאַפּט פּאָלאָנע מיט אירע ראַכוועסן. עס זײַנען אופגעקומען פאַיאַנס־פאַבריקלעך, פּאַפּיר־אונטערנעמונגען, גראַבאַרניעס, גלאָז־זאַוואָדן אין פּאָנינקאָ, ראָמאַנאָוו, סלאַוווּטע, אַלטע הוטע און אַנדערע שטעטלעך און דערפער.

ס'האָבן זיך שנעל געמערט די קאַפּיטאַלן באַ די שפּילבערגס און באַ אַנדערע אופגעקומענע גווירים.

פּאָלאָנע האָט אָנגעציילט אַ פּאָר טויזנט מישפּאָכעס, עטלעכע הונדערט אַרבעטער־פאַמיליעס. דאָס שטעטל האָט זיך אונטערגעגעבן דער האַשפּאָע פון זשיטאָמיר און טיילווײַז פון קיִעוו, געוואָרן נײַוועלטיק. עס האָט געהאַט אַן אייגענעם „באַנק“ (לײַ־ און שפּאָר־קאַסע) און אַן אַפּטייק, אַ קאָמערץ־שול און אַ פּרויען־גימנאַזיע, אַ ראַבינער און אַ פעלדשער, און שעאָריעראָקעס, ווי אין אַלע שטעטלעך: אַ מאַרקפּלאַץ, שילן, כאַדאָרים.

דער וווּקס פון דער רעוואָליוציִאָנערער באַוועגונג אין לאַנד האָט באַאײַנפלוסט די פּאָלאָנער, פּאָנינקער אוקראַיִנישע, ייִדישע, רוסישע, פּוילישע אַרבעטער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַף די פאַבריקן שטרײַקן, די אומלעגאַלע רעוואָליוציִאָנערע קרײַזלעך האָבן אַרויסגעלאָזט פלוגבלעטלעך.

מאַרקישעס זיידע איז געווען אַ שנײַדער בען שנײַדער. אָבער ניט קיין לאַטוטניק — גאָר אַ כאָשעווער צושנײַדער. און געניייט האָט ער לויט די נײַע מאָדעס, אַ מײַסטער געווען אויך פון מיליטער־מאַלבושים. ער האָט געהאַט געהויבענע באַשטעלער: פאַבריקאַנטלעך און בוכהאַלטערס, פּריצים און גאַלאָכים, אָפיצערן און אַפילע גענעראַלן. פלעגט ער זיך טראָגן אַ גאַנצע וואָך, פון זונטיק פרי ביז ערעוו שאַבעס, מיט זײַנע אַרבעטער־מיטהעלפער — לייבעניון, אַרעלען, שפּעטער קסילן — קיין פּאָנינקע, טשודנאָוו־וואָלינסק, אַפילע קיין באַראַנאָוויטש.

...„פּערציק קײַלעכיקע יאָר, ווי רעגנבויגנס ליכטיקע, האָט אָפּגעקײַקלט אַף פּאָנינקער וועג מײַן זיידע“... (פון דער פּאָעמע „מײַן זיידע“).

דווירע סאַנדאַר, פּערעץ מאַרקישעס שוועסטערקינד, מוישע־בערס אייניקל, דערציילט:

— מײַן זיידע איז געווען אַ קרעפּטיקער, שיינער ייִד. מיטעלער וווּקס, ברייטפּלייציק. געהאַט אַ שוואַרצע באָרד, שאַרפע שפּאַרבער־

אויגן. ער איז געווען א פּאַשעטער, העפלעכער כּײַוועקײַעם, היימיש געווען מיט די פּאָלאַנער באלעבאטים, ווי מיט די פּויערים פון די ארו־מיקע דערפער.

„...און יעדן שרײַט ער: א גוטמאָרגן, סערד־צע!..״

די פּויערים פלעגן פון די וועגענער פרײַנט־לעך רופן בערקען זיך צוזעצן צו זיי און צופאָרן ביז דער פאבריקע.

שימשן־בער האָט געלט געשאַנעוועט און געלט געשפּאָרט, קעדיי צו אָנזאמלען פאר די טעכטער נאדן און פאר די איידעמס גוטע קעסט. אָבער קיין כעזשבן פון זײַנע פינאנסן האָט ער ניט געוווּסט. פלעגט טאקע די הארציקע באָבע קיילע גאנוועענען בא אים געלט, באהאלטן עס אין זאָקן־קניפּל און אויסגעבן אָף מאטאָנעס די קינדער, אייניקלעך און אָף נעדאָוועס אָרעמע־לײַט.

בערקאָ שטיינמאן איז געווען א פארמעגלע־כער באלעבאָס, אָבער אָף צו געבן פײַנע סכיי־רעס זײַנע ארבעטער פלעגט זײַן בײַטל ברייט זיך ניט עפענען. האָט טאקע ארעלע, וועלכער איז פארבונדן געווען מיט די פּאָלאָנער רעוואָ־ליוציאָנערן, אנומלטן זיך אָפּגערעכנט מיט אים מיט א שטיין אין פענצטער...

א מענטש מיט לעבנס־דערפארונג, מיט פעסטן ווילן און לעבנסלוסט, האָט דער כאָשעווער באלמעלאָכישער שימשן־בער דעם קאָפּ ניט אראָפּגעלאָזט אין א ביטערער שאָ. ס׳האָט זיך געטראָפן, אז זײַנע ניט־פארגינער האָבן אונטער־געצונדן זײַן שטוב. קיילע מיט די קינדער און מיט די אייניקלעך זײַנען געשטאנען בא דער סרייפע מיט יאָמער און יעלאָלעס. שימשן־בער האָט אָבער אָנגעטאָן די שאבעסדיקע קאפּאָטע און מיט א באסאָווער שטים א ציקע געטאָן אָף קיילען און די קינדער:

— שטיל זאָל ווערן! וואָס פאר א יאָמער? אפן אָרט פון דער פארברענטער שטוב וועט שטיינמאן אויסבויען א פּאלאץ.

און ער האָט טאקע אוועקגעשטעלט א פאר־ברייטערטן סרוב מיט א גאנעק.

ער איז געווען א פרומער ייִד, אָבער די צוויִ־עסדיקע קלייקוידעש און די רײַך געוואָרענע שפּילבערגס האָט ער ניט געדולדעט. אין בעס־מעדרעש האָט מען דעם שנײַדערוק קיין קאָ־וועד ניט אָפּגעגעבן, האָט ער געדאַוונט שאבעס אין דער היים, כאָטש געוווינט אנטקעגן דער

---

אווראָם קאַהאַן

# מײַן ערשטע באַגעגעניש מיטן דיכטער

צוערשט וועגן דעם, וויִאזוי כ׳האָב זיך באַ־געגנט מיט מארקישעס לידער, ניט קענענדיק נאָך דעם אווטאָר פערזענלעך.

אין די קיִעווער זאמלביכער „אייגנס״, וועלכע זײַנען דערשינען אין די יאָרן 1918—1920, האָב איך זיך באקענט מיט לידער פון אָשער שווארצמאן, דאָוויד האָפשטיין, פערעץ מארקיש, לייב קוויטקאָ, ליפע רעזניק און פון אנדערע יונגע דיכטער. די לידער האָבן מיך איבעראשט מיט זייער נײַקײַט, מיט דעם נוסעך, וואָס איז ביז זיי ניט געווען באקאנט אין דער ייִדישער פּאָעזיע. גאנץ פארשטענדלעך, אז נאָך דער אָרעמער לירע פון די דעמלטיקע דעקאדענטן (פון דאָוויד איינהאָרן, לעמאָשל) האָבן די ווערק פון דער יונגער פלעיאדע בעפיירעש גע־קאָנט איבעראשן. איך וויל דאָ צום אָרט באַ־מערקן, אז צו יענער צײַט האָט אין דער ליטע־ראטור זיך געהערט דאָס קאָל פון אזעלכע פּאָ־עטן, ווי כאיִם־נאכמען ביאליק, שאָול טשערני־כאָווסקי, זאלמען שנייער, אָבער אָט די שרײַ־בער זײַנען געווען אקטיוו דעריקער אין דער העברעיִשער שפראך.

און נאָך איינע א באמערקונג: איך בין באַ־האוונט געווען אין דער רוסישער קלאסישער דיכטונג (פּושקין, לערמאָנטאָוו, טיוטשעוו, נעק־ראסאָוו) און געוווּסט דאָס בעסטע, וואָס עס האָבן געשאפן די מאָדערנע דיכטער אלעקסאנ־דער בלאָק, וואלערי בריוסאָוו, סערגיי יעסע־נין, וולאדימיר מאיאקאָווסקי און אנד., און דאָך האָבן שווארצמאן, האָפשטיין, מארקיש גלײַך צוגעצויגן מײַן אופמערקזאמקײַט.

פון מארקישעס לידער האָט ארויסגעשפּריצט פרישער זאפט. זי איז געווען באהויכט מיט וועלט־באוווּנדערונג: „אָף ערד, אָף ערד!״, „שיינהײַט, ווער דו ביסט, איך ווייס אליין ניט״... דאָס האָט בעלי־סאָפעק צוגעצויגן דעם לייענער, אים פארכידעשט מיט אומדערוואַרט־קײַט און פלוצעמדיקן וואָרט־אײַנפאל. אפילע

שול: „ער קאָן זיך אָן דער שול באַדרייען״.
אַפילע בייס ער איז קראַנק געוואָרן און דער
ראָוו האָט געוואָלט אים מעכאַבעד זײַן מיט אַן
אַליִע, האָט ער אָפּגעענטפערט:

„...איך האָב אײַך אין דער ערד, מיט אײַער
שיל, מיט אײַער מאַפטער!״ („מײַן זיידע״).

שימשן־בער האָט טרײַ מעקײַעם געווען דעם
געבאָט וועגן פרוכפּערן און מערן זיך. ער האָט
געהאַט דרײַ זין — פּייסי, מוישע, פּיניע — און
פיר טעכטער — כײַע, זיסל, פריידל און גאָלדע.
אַלע טעכטער גראַטענע, שיינע, האַרציקע.
דער פאָטער האָט זיי פרי פאַרקנאַסט.

מיטן זיג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע
האָט „די שטאָט געטאָן זיך אַ צערודער מיט
בלעטעלעך און מיט כאַווער און מיט ברודער״.
פאַלאַנער אַרבעטערשאַפט האָט אָנגעהויבן אָנ־
פירן מיטן נײַעם לעבן. שימשן־בערס אַרבעטער־
מיטהעלפער קסיל איז געוואָרן אַ מיטגליד פו־
נעם פאַלאַנער רעווקאָם.

שימשן־בער איז די ערשטע צײַט נאָך דער
רעוואָליוציע אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער, אַ
צערודערטער, געקוקט, געוווּנדערט זיך און
גאָרניט פאַרשטאַנען. די גרעסטע טרייסט און
פרייד פאַר אים איז געווען זײַן אייניקל פּערעץ.
ער האָט אים שטאַרק ליב געהאַט און מיט אים
זיך געגרויסט. סאַראַ שאַרפער מויעך, ער וועט
טאַקע אויסוואַקסן אַ ראַבינער, כאָטש שטאַמען
שטאַמט ער פון די שנײַדערס. באַזונדערס האָט
דער זיידע זיך איבערגענומען מיטן אייניקל,
ווען יענער איז געוואָרן אַ מעשווירער באָם
כאַזן. לעפאָנעם האָט ער אים געזידלט פאַר
זײַנע שפּיצלעך. אָבער אין האַרצן זיך גע־
טראַכט: „טאַקע מײַן בלוט, מיט מײַנע שטיק־
לעך״.

קיין פאַלאַנע איז גיך דערגאַנגען דער שעם
וועגן פּערעץ מאַרקישן דעם סאָטשיניטעל, וועגן
שימשן־בערס אייניקל, וואָס שרײַבט שירים, ווי
ביאַליק. אין איינעם פון די זומער־טעג פון
1919 האָט אים די נײַע מאַכט און די לערער־
שאַפט אײַנגעלאַדן אַרויסטרעטן אין פאַלאַנע
מיט זײַנע לידער. די ידיִע איז דערגאַנגען צו
שימשן־בערן. האָט ער זיך יאָמטעוודיק אויס־
געפּוצט און געגאַנגען איבער די גאַסן צו ווײַזן
זיך פאַר די מענטשן. די אַסיפע איז פאַרגעקו־
מען אין גרעסטן זאַל פונעם שטעטל — אין
בעסמעדרעש. ס'האָבן זיך צונויפגעקליבן ייִדן
און ווײַבער, יונג און אַלט. באַם אַרײַנגאַנג, אָנ־
שפּאַרנדיק זיך אויף אַ שטעקן, איז געשטאַנען

---

שפּעטער האָבן זיך אויך פאַרגעדענקט די אויס־
טערלישע שורעס און קלאַנגען („אָ, אַקאָרעדיי־
קע הויך פון אויסגעבענטשטע ליכטער, פאַרגיי
אין טראַגן פון אַ דיכטער...״), וואָס כאָטש זיי
האָבן באַ אַ ניכטער־לאָגישער פאַנאַנדערגלידע־
רונג ניט געבראַכט צו קיין פולער גאַדאַנקלע־
כער באַפרידיקונג, האָבן זיי דאָך — זאָל זײַן
אַפילע „פאַרפירעריש״ — געבראַכט עסטעטישן
פאַרגעניגן! אין מאַרקישעס ערשטע צעכראַסטע־
טע שורעס איז געווען אײַנגעפּלאַנצט פּאָעטי־
שער קישעף, וואָס האָט פיל צוגעזאָגט פאַר
אונדזער ליטעראַטור.

אייניקע שעצער און פײַנשמעקער האָבן גע־
טײַנעט, אַז מאַרקישעס דיכטונג איז אַ פאַרזע־
צונג פון שוין אָן אָנגעהויבענעם פערזן־גאַנג
פון לייב נײַדוס און אַז, קלומערשט, קיין שום
נײַס ברענגט עס ניט. אָבער זיי האָבן גע־
האַט אַ טאָעס: באַ לייב נײַדוסן איז דער פערז
געווען אַ צוגעפּוצטער, אַ גלאַטער און אַ קאַל־
טער, ווי בענגאַליש פײַער, און מאַרקישעס פערז
האָט אין זיך פון טכילעס פאַרמאָגט געזונטע פּאַ־
טענץ פון פאָלקס־נוסעך.

מאַרקיש איז שוין אַפילע אין ערשטן פּעריאָד
פון זײַן רומפולער שאַפונג געווען אַן עכטער,
אָרגאַנישער דיכטער מיט אַ געזונטער נעטיִע צו
עקספּערימענטאַטאָרישקײַט אין דער פּאָעטישער
שפּראַך און אין איר פערזן־קולטור.

עטוואָס שפּעטער איז מיר געקומען צו די
הענט מאַרקישעס בוך לידער „סטאַם״, ווו ס'איז
געווען אָפּגעדרוקט זײַנע אַ צעפּאַטלטע פּאָעמע
„לויפנדיק״, וועלכע איז געווען קעגנזעצלעך
דעם עפּיש־רויִקן און מאַלערישן „וואָלין״ פון
זײַן לידער־זאַמלונג „שוועלן״. „וואָלין״ איז ביז
הײַנטיקן טאָג פאַרבליבן איינע פון די שענסטע,
שטאַרקסטע און מערקווירדיקסטע ווערק אין
דער ייִדישער פּאָעזיע.

ס'איז שווער זיך צו באַפרײַען פון דער ווירק־
קונג פון אָט דער צויבערלעך־שטילער און ווונ־
דערלעך־ראָמאַנטישער פּאָעמע, וועלכע פאַר־
וויגט אײַך, ווי דער מאַמעס אַ מעכײַעדיקער
ניגן. „וואָלין״ געהערט צו אונדזער קלאַסיק.

איינער אַ דיכטער האָט געוואָלט מיר דער־
ווײַזן, אַז „וואָלין״ איז אַ ווונדערלעך פּייזאַזש־
בילד אין דער נײַער ייִדישער דיכטונג, נישט
מער. ער איז זיך טויִע געווען, יענער דיכטער!
מאַרקישעס פּאָעמע „וואָלין״ איז אַ טעמפּעראַ־
מענטפול, פּרעכטיק־אויסגעבויט פּאָעטיש ווערק
מיט אומפאַרגלײַכלעכן פּייזאַזש און שאַרפזיניקן
שטייגער־געמעל.

און נאָך איין דעטאַל וויל איך באַצייכענען,
אַ דעטאַל, פאַרבונדן מיט מאַרקישעס ביִאָגראַ־
פיע, ביז איך האָב פּערזענלעך זיך באַקאַנט
מיט אים. געווני דאָס יאָר איז מיר איצט שווער
זיך צו דערמאָנען — עפּשער אין 1920 אָדער,
מעגלעך, אין 1921 האָט אין אַ ייִדישער אויס־
גאַבע, וואָס איז דערשינען אין ווײַסרוסלאַנד —
אָפּאָנעם, אין וויטעבסק — זיך באַווייזן אַ נאָ־
טיץ, אַז אַפּן פראָנט פון בירגערקריג איז אומ־

שימשן־בער. מיט זײַן גוטמוטיקן שמייכעלע
האָט ער באַגריסט די געקומענע:
— איר ווייסט, סערדצע־לעבן, הײַנט וועט
זאָגן שירים מײַן פּערעצל, איר מעגט שוין
הערן...

דער זיידע פונעם יונגן פּאָעט איז כאַשעוו גע־
וואָרן אין פּאָלאָנע. די נײַע מאַכט האָט אים
אָפּגעגעבן קאָוועד. ער האָט זיך דערנעענטערט
צו די אָנפירער פון שטאָט. באַגעגענענדיק
קסילן, האָט ער אים געגריסט מיט קאָוועד פאַר
דער האַנט.

אין 1920 איז פּערעץ מאַרקיש געפאָרן קיין
פּאָלאָנע צו איבערפירן זײַן זיידן צו זיך קיין
קאַטערינאָסלאַוו. ער האָט אָבער שימשן־בערן
שוין ניט געטראָפן צווישן די לעבעדיקע.

מיט יאָרן שפּעטער האָט די באַקאַניוועקער
גאַס אין פּאָלאָנע באַקומען דעם נאָמען „פּערעץ־
מאַרקיש־גאַס".

אין דעם בוך „סטאַם" האָט דער גרויסער
פּאָעט פאַרייביקט זײַן שנײַדערשן שטאַם, מיט
וועלכן ער האָט זיך געגרויסט. רעאַליסטיש און
ליריש, מיט ליבע און האַרציקײַט האָט מאַרקיש
געמאָלט דאָס געשטאַלט פון שימשן־בערן. ווי
אַן אַמכאַ־מענטש, האָט שימשן־בער געקאָנט
האַרעוועט, שלאָפן אין סעזאָן־צײַט נאָר א פּאָר
שאָ, קרעפּטיקן זיך מיט א שקאַליקל, פריִען
זיך אַף כאַסענעס, קלײַבן נאַכעס פון די צווײַגן
פון זײַן שטאַם, זיך ניט דערנידעריקן פאַר די
קלייקודיעש און גווירים.

צוויי זעלן האָבן געלעבט אין שימשן־בערן:
די האָרעפּאַשנע און די באַלעבעסלדיקע. דער
אַלטער צושנײַדער האָט ניט געקאָנט באַנעמען
דעם אומבײַט פון צײַטן און דוירעס און געפּי־
נען אין דער נײַער צײַט זײַן אָרט — „וואָס זשע
קאָן שוין זאָגן הײַנט א פּראָסטער שנײַדער..."
דאָס האָבן אָבער גוט פאַרשטאַנען די אַרבע־
טער־יונגען, די באָלשעוויקעס פונעם נײַעם
דאָר — שלוימע־בער און אזריִעל. זיי האָבן אַף
לעבן און טויט, אין ברידערלעכער אַכדעס מיט
די רוסישע, אוקראַיִנישע און אַנדערע אַרבע־
טער, געקעמפט פאַרן ניצאָכן פון דער אַרבע־
טער־מאַכט, פאַרן אָפּבוי פונעם נײַעם לעבן.

## דער טאַטע

דאַווידלען האָט שימשן־בער געהאַלטן פאַרן
גרעסטן שלימאַזל צווישן זײַנע איידעמס. דאַ־



די פּובליקאַציע פון אווראָם קאַהאַנס זיכרוינעס
פאַלט צונויף מיט זײַן 75־טן געבורטסטאָג. איי־
נער פון די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער
יידישער פּראָזע, האָט א. קאַהאַן זײַנע לעצטע
ווערק געשאַפן אין די 60־ער יאָרן, זײַענדיק
א שעפער אויך פונעם הײַנטצײַטיקן פּעריאָד
אין אונדזער ליטעראַטור. „סאָוועטיש היימלאַנד"
וועט פאָרזעצן דרוקן די ליטעראַרישע ירושע
פונעם אָנגעזעענעם פּראָזאַיקער.

געקומען „דער יונגער יידישער דיכטער פּ.
מאַרקיש".

איך האָב געלייענט אויך דעם נעקראָלאָג, אין
וועלכן ס'איז, אַגעוו, דערמאָנט געוואָרן, אַז דאָס
איז שוין דער צווייטער פאַרלוסט אין דער יונ־
גער יידישער דיכטונג נאָכן טויט פון אָשער
שוואַרצמאַנען. צום גליק, האָט מאַרקיש עס ניט
„באַשטעטיקט".

איז אָט, האָבנדיק די פאַרשטעלונג וועגן א
בונטאַריש־אייגנאַרטיקן סטיל פון א מאָדערנעם
רעוואָליוציאָנערן דיכטער, האָב איך זיך מיט
פּ. מאַרקישן אין סענטיאַבער 1921 פּערזענלעך
באַקענט אין מײַן היים־שטאָט בערדיטשעוו. און
אָט וויאַזוי דאָס איז פאָרגעקומען.

אין יענער צײַט בין איך געווען א לערער
אין איינער פון די פאָלקסשולן, ווי מע פלעגט
זיי דעמלט אָנרופן. איינמאָל, ווען כ'האָב זיך
אומגעקערט פון די שול־לימודים, האָב איך
דערזען א פּלאַקאַט, וואָס האָט געמאָלדן וועגן
פּערעץ מאַרקישעס אָוונט אין שטאָטישן
אַרבעטער־קלוב. אַפן פּלאַקאַט איז געווען אָנ־
געשריבן דער נאָמען און די פאַמיליע פונעם
דיכטער, דאָס אָרט, ווו דער אָוונט וועט פאָר־
קומען, און אַז דער אַרײַנגאַנג איז פרײַ, אָן
בילעטן.

איך מוז דאָ זיך מודיע זײַן, אַז ביז דעמלט
האָב איך נאָך קיין איין מאָל ניט געזען קיין
לעבעדיקן שרײַבער. איך געדענק, אַז בלע־
טערנדיק די ליטעראַטור־כרעסטאָמאַטיע, האָב
איך זיך איינמאָל פאַרכידעשט, וואָס אונטער

וויד איז מער פון זיי אלעמען געזעסן באַם שווער אַף קעסט, און טאַקע צו קיין פּרנסה זיך ניט דערשלאָגן. ס'איז ניט געווען וואָס צו ריידן וועגן אַן אייגענער דירה, איז ער אַף לאַנג פאַרבליבן וווינען אין שימשון־בערס שטוב. דאָס אַריבערפאָרן קיין ראַמאַנאָוו האָט קיין מזל דער משפּחה ניט געבראַכט. נאָר פּאָר פּערעצן איז עס געווען אַ נײַער קוואַל פון אײַנדרוקן און פּאָעטישע געפילן.

דאַוויד האָט געשטאַמט פון גרויסן ייחוס, פון די אַלטע שפּאַנישע דורות ייִדן. ער איז געווען אַ לאַמדן, אָבער אַ לוי־יוצלעך. וואָס שימשון־בער האָט ניט געטאָן צו שטעלן דאַווידן אַף די פיס, האָט עס ניט געהאָלפן. אָט האָט דער שווער אים געגעבן אַ גאַנצן קאַפּיטאַל און אַוועקגעשיקט אים קיין אַסטראַכאַן אײַנקויפן עטלעכע פעסער הערינג; איז ער טאַקע אַוועק־געפאָרן, געקויפט, נאָר ביז ער האָט זיך אויס־געקליבן זיי איבערפירן, זײַנען אין די זומער־דיקע היצן די פעסער צעטריקנט געוואָרן און די הערינג זײַנען געוואָרן פאַרזשאַווערט און פאַרשטונקען. האָט דער שווער אים געהאָלפן אַרענדירן אַן אַלטע מיל, איז זי אינגיכן אײַנ־געפאַלן...

אָבער אין פּראַט פון רוכניעס האָט דאַוויד זיך אויסגעטיילט ווי אַ באַגאַבטע נאַטור. ער איז געווען אַ מענטש מיט טיפע קענטענישן פון דער אַלטער ייִדישער קולטור, געשעמט מיט זײַן ערלעכקײַט, גערעכטיקײַט, פאַרשטאַנד. גע־ווען דער ערשטער באַל־אייצע אין שטעטל און אין שטאָט, אַ קאַסיר און אַ כּעזשבן־פירער פון די בעסמעדרעש־געלטן. וועגן דאַווידס ערלעכ־קײַט האָט מען דערציילט כּידושים אין קאַטע־רינאָסלאַווער אָפּטיילונג פון דער קאָאָפּעראַ־טיווער פאַרייניקונג („צענטראָסאָיוז"), ווו מע פלעגט אים אַרויסגעבן פּאַפּיר און מעל צו קלעפּן שקאַרמיצלעך. וועט בלײַבן אַן איבעריק ביסל מעל, האָט מען געוווּסט, וועט ער צוריק־ברענגען, כאָטש די פאַמיליע הונגערט.

דאַווידס טאָכטער פאַניע פּאַלסקאַיאַ און זײַן איידעם אַרקאַדי קיסלאָוו, אַ קאָמיוגיסט פונעם 1920 יאָר, דערציילן וועגן דאַוויד מאַרקישן:

— אַ הויכער, שיינער ייִד, ליכטיק־בלויע אויגן, אַ לאַנגע פירעקיקע באָרד, אַ קלאַסיש געטאָקטע נאָז, דינע ליפּן און זעלטן פילבאַרע אויערן. עס האָט זיך געדוכט, זיי כאַפּן ניט נאָר אויף יעדעס וואָרט, יעדן קלאַנג, נאָר זיי ריידן אַליין. אָרעם, אָבער ציכטיק געקליידט. אַ קאַמצן

---

מ. גאָרקיס אַ פּאָרטרעט איז ניט געשטאַנען קיין ציילעמל, הייסט עס, אַז ער לעבט ערגעץ, ווײַל באַ אַלע אַנדערע שרײַבער, וועמעס ווערק מיר האָבן דערלערנט אין שול, זײַנען געשטאַנען אונטער די ביִאָגראַפיעס דאָס יאָר פון געבוירן און אַ ציילעמל מיטן יאָר, ווען דער שרײַבער איז געשטאָרבן.

מאַרקיש איז געווען דער ערשטער ייִדישער שרײַבער, וועמען כ'האָב דערזען אַ לעבעדיקן, און, ווי מע זאָגט, איינס־אַף־איינס.

דערוווּסט זיך, ווו מאַרקיש האָט זיך אָפּגע־שטעלט, בין איך גלײַך אַוועק צו אים. אופֿ־געעפנט די טיר און אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ (נאַטירלעך, צוערשט אָנגעקלאַפּט און דער־הערט „מע קאָן"), בין איך אַריבערגעטראָטן די שוועל און געבליבן שטיין, געדענק איך, אין אַ לענגלעכן צימער אַנטקעגן אַ גרויסן שפּיגל און דערזען זיך אַליין, אַ ביסל אַ פּאַרלוירענעם, מיט זוכנדיקע אויגן. נאָר אָט וואַקסט אויס פאַר מיר אַ שיינער יונגערמאַן, עטוואָס העכער פון מיטעלן וווּקס, מיט אַ ביסל אַ פאַרהויבענעם קאָפּ, מיט שוואַרצע האָר־קרײַזלעך, מיט אַ שטעכיקן בליק. דאַכט זיך, אַ באַקאַנט פּאָנעם פון דער כרעסטאָמאַטיע: בײַראָן, צי עפּשער שעלי... ניין, ניט בײַראָן און ניט שעלי. אָבער גוואַלדיק באַקאַנט. ווי דאָס געשטאַלט זאָל האָבן אַראָפּגעגאַנגען פון אַ פּרעסקע...

— וועמען דאַרפט איר?

— אײַך דאַרף איך.

— מיך?

— יאָ, איר זײַנט דאָך פּערעץ מאַרקיש?

— געטראָפן. וווּאַזוי האָט איר זיך דערוווּסט וועגן מיר?

— לויט דער אינערציע! — שיס איך אויס.

מאַרקיש כאַפּט אַ קוק אַף מיר, און אונטער זײַנע אויגן באַווײַזן זיך דינע כויזעק־קנייטשע־לעך.

— עפּשער האָט איר געוואָלט זאָגן „לויט דער אינטויציע"...

איבער אָט דעם לעפּישן דורכפאַל מײַנעם האָט צוערשט זיך ניט געקלעפּט דער שמועס, צו וועלכן כ'האָב אַזוי זיך געגרייט. ביסלעכווײַז זײַנען מיר דאָך ביידע אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אַ ליטעראַרישן געשפּרעך, און אַן ערעך אין אַ האַלבער שאָ אַרום מאַכט צו מיר מאַר־קיש:

— איצטער לייענט מיר דורך אַ פּאָר לידער, מײַן ליבער אוראַם.

ס'האָט זיך מיר פאַרגעדענקט, אַז באַם אויס־הערן די שורעס „עס זײַנען שוין פאַרנאַכטן אַזעלכע קראַנקע" האָט מאַרקיש אַרופגעלייגט אַף מײַן אַקסל די האַנט און מיט אַ מילדן טאָן ווייך באַמערקט: „יאָ, פײַן. אָבער צי ווייסט איר, אַז דאָס דאָזיקע בילד איז באַווירקט פון עמעצן?.."

כ'האָב גלײַך זיך דערמאָנט אין אַן ענלעכער שורע אין איינער פון זײַנע, מאַרקישעס, פײַ־זאַזש־לידער, און זיך פאַרויטלט.

אף ווערטער, אָבער יעדער בליק זײַנער האָט וועגן פיל גערעדט. טאָג און נאכט איז ער געזעסן אײַנגעהויקערט איבער די ספאָרים. „דער טאטע דאווונט, הוסט און לערנט אײַנגעבויגן" (פּ. מארקיש. „בריוו פון דער היים").

דאָוויד האָט דורכגעמאכט א שווער לעבן. גאָר יונג פארלאָרן דעם טאטן, און די מאמע — א בידנע אלמאָנע — האָט אים ניט געקאָנט אויסהאלטן. פאר זײַן האסמאָדע און גוטן קאָפּ האָט קאָהאָל אים אָפּגעשיקט אין א יעשיווע. ער איז געשטאנען אף טעג, געהונגערט, ביז שימשן־בער האָט אים ניט אונטערגעכאפּט אף צו כאסענע מאכן פאר אים די עלטערע טאָכטער כײַע.

מארקישעס מוטער — כײַע איז געווען א שיינע, הארציקע, צניִעסדיקע פרוי. דאָס גאנצע לעבן געזאָרגט פארן מאן, פאר די קינדער און אייניקלעך. „און דײַנע, מאמע, הענט... וואָס זאָרגן סטאם, וואָס זאָרגן פרום, פונקט ווי זיי האָדעווען און צערטלען".

כײַע האָט געבוירן זיבן קינדער. צווי זין: מייער און פערעץ, און פינף טעכטער: לייע, יענטע, גאָלדע, עטל, פייגע. אלע קינדער זײַנען געווען סטאטנע, שיינע, געהאט א גרויסן דאָרשט צו בילדונג און ארויסגעוויזן גוטע פייִקײַטן. לייע און יענטע זײַנען געוואָרן לערערנס און, ווי מייער און פערעץ, פרי געקומען צו הילף די עלטערן. נאָר גאָלדע איז געווען פון קינדווײַז קראנק און איז גאָר יונג געשטאָרבן. פייגע איז, ווי א בעזשענקע, אָנגענומען געוואָרן אין קאטערינאָסלאווער פרויען־גימנאזיע. מיט די בעזשענצעס איז דאָוויד מארקישעס פאמיליע אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע אריבערגעפאָרן קיין קאטערינאָסלאוו. צו יענער צײַט האָבן דאָרט געוווינט די טאָכטער לייע, דער זון מייער און זייערע פאמיליעס. זיי האָבן געהאָלפן די עלטערן זיך באזעצן אף סטאראָ־דוואָריאנסקע־גאס (איצט פלעכאנאָוו־גאס).

דאָוויד, ווי כײַע, האָט שטארק ליב געהאט אלע קינדער, נאָר באזונדערס איז זײַן שטאָלץ געווען פערעץ. נאָכן כיידער האָט ער מיט אים אליין געלערנט, אײַנגעזונגען זײַן כאריפעס, דעם זעלטענעם זיקאָרן, די כאָכמע, קענטענישן פון גראמאטיק און שפראכן. אויסערלעך איז פערעץ געווען אן אויסגעגאָסענער דאָוויד, נאָר א זשוואווער ווי קוועקזילבער, א גרויסער שטיפער און אן אפיקוירעס פון די יונגע יאָרן.

---

— אָבער ס'מאכט ניט אויס, דאָס איז נאטירלעך באם אָנהייב, — האָט מארקיש מיך בארויִקט, און ער טוט זיך דערבײַ א דריי איבערן צימער, מיט די הענט פארלייגט אין די קעשענעס, קוקט מיר ארײַן אין פּאָנעם און גיט צו: — איר מיינט, רעב אווראָם, אז ס'איז בלויז בא אײַך אזוי? אָ, ווען איך זאָל נעמען דערציילן פון זיך און פון מײַנע באקענטע...

א ביסל שפּעטער האָב איך פאָרגעלייענט מײַן איבערזעצונג פון אלעקסאנדער בלאָקס „צוועלף", וואָס איז דעמלט געווען שטארק פּאָפּולער. מארקישן איז באזונדערס געפעלן געוואָרן די איבערזעצונג פון די שורעס:

Мы на горе всем буржуям
Мировой пожар раздуем;
Мировой пожар в крови,
Господи, благослови!..

**איך האָב די שורעס אזוי איבערזעצט:**

אף צעזעצעניש בורזשויען
וועט די סרייפע ווײַטער ווויען.
ס'איז די וועלט־סרייפע אין בלוט,
בענטש אונדז, גאָט, און גיב אונדז מוט!..

— גיט עס מיר אהער, — מאכט צו מיר מארקיש, און ער נעמט פלינק פון מײַנע הענט דעם מאנוסקריפּט און וויקלט אים צונויף אין א טרײַבל און טראָגט צו צום מויל, און מיר האָט זיך געדאכט, אז ער האָט אין דעם ארײַנגעטרובעט: — „איך וועל עס ערגעץ אָפּשטעמפּלען"...

איך געדענק גענוי, אז מארקיש האָט בעפּיירעש געזאָגט: „אָפּשטעמפּלען" אָנשטאָט „אָפּדרוקן". און דאָס האָט אזוי אויסטערליש א קלונג געטאָן אין מײַנע אויערן. אגעוו, די איבערזעצונג מײַנע איז קיינמאָל ניט אָפּגעדרוקט געוואָרן, און דער מאנוסקריפּט איז בא מיר פארלוירן געגאנגען.

— מיינט ניט, — דערהער איך ווײַטער, — אז ס'איז ניטאָ קיין איבערזעצונגען פון בלאָקס „צוועלף". מוישע טײַטש, מוישע בראָדערזאָן. אײַער איבערזעצונג איז אנדערש.

און ער האָט דערבײַ עטלעכע מאָל ארײַנגעוואָרפן דאָס וואָרט „טאלענט". טאלענט בא טײַטשן, טאלענט בא בראָדערזאָנען... איך האָב א קנייטש געטאָן מיט די אקסלען — דאָס ערשטע מאָל געהערט אין ייִדיש „טאלענט" אָנשטאָט „טאלאנט".

— וואָס איז, רעב אווראָם? אז ס'איז גאָרנישט ניטאָ בא דער נעשאָמע, זאָגן מיר אויך, מיר שעמען זיך ניט. אָבער מע דארף א סאך האָרעווען אף צו געפינען די אייגענע שטימע אין זיך. איר וועט ארבעטן, זוכן אין זיך, וועט איר געפינען. ס'וועט ארופשווימען דאָס אייגענע, און דאָס פרעמדע אין אײַער שאפונג וועט פאמעלעך אָפּגיין.

...מיט יאָרן שפּעטער, בא פיל אנדערע בא־

פאַרן פאָטער איז קלאָר געווען — קיין ראַוו ווערט ער ניט זײַן. אָבער א כאַשעווער מאַס־קיל — אף זיכער. שפּעטער איז ער געווען איבערצײַגט, אַז זײַן פאָטערישער פאַרשטאַנד האָט אים ניט אונטערגעפירט. מיט יזראַס־האַ־קאָוועד האָט ער געשריבן דעם 28־יאָריקן זון: „לבני החכם והמשכיל" (מײַן זון, דעם כאַכעם און מאַסקיל). אַז די וועלט האָט אָנגעהויבן ריי־מען דעם גרויסן סאָוועטישן פּאָעט, האָט דער פאָטער מיט ליבע און שטאָלץ געשריבן פּע־רעצן: „מײַן קינד, מײַן קלוגער אַריסטאָטעלו!"

פּערעצעס יוגנט־יאָרן האָבן געבראַכט די על־טערן אי פרייד, אי ניט פאַרווירקלעכטע האָפע־נונגען. זיי האָבן געהאָפט — ער וועט ווערן אַן אַפּטייקער, ווען א ווײַטער קאָרעוו האָט אים אויפגענומען אַלס לערן־ייִנגל אין פּאָלאָנער אַפּ־טייק. אָבער גאָר אײַנגיכן האָט ער זיך צעשאָמ־פּערט מיטן באַלעבאָס און איז פון אַפּטייק אַרויסגעשמיצט געוואָרן. האָט ער פאַרנומען א נײַע, גאָר א פײַנע שטעלע — א מיטאַרבעטער אין קאָנטאָר פון דער פּאָלאָנער לײַ־ און שפּאָר־קאַסע.

— ער וועט, מירצעשעם, א בוכהאַלטער ווערן, — האָבן געטרוימט די עלטערן. אָבער די האָפענונג איז צעשוווּמען, ווי וואַסער. פאַר אָר־גאַניזירן אין דער שפּאָרקאַסע א ליאַמע פאַר די אָנגעפאַרענע אַקטיאָרן האָט מען אים אַרויס־געטריבן.

נאָך ייִנגלווײַז האָט פּערעצעס גוט האַרץ און זײַן פילבאַרע נעשאָמע שטאַרק איבערגעלעבט די דאַכקעס און נויט, וואָס ער האָט געזען בײַ די שטעטלדיקע אָרעמעלײַט. זײַן האַרץ האָט באַזונדערס געווייטיקט פאַר טעוויע דעם שטריקלדרייער, צו וועלכן ער פלעגט זיך אַרײַנ־כאַפּן אין שטוב, סטאַרענדיק זיך מיט עפּעס מיטצוהעלפן דעם אויסגעמאַטערטן אָרעמאַן. אָפּט פלעגט ער אים פאַרבײַטן בײַם דרייען די ראָד און צײַען די פעדעם.

אַז פּערעץ איז אונטערגעוואַקסן, איז דער ווילן מיטצוהעלפן די לײַדנדיקע איבערגעוואַקסן אין א פעסטער שטרעבונג זיך באַהעפטן מיט די אַרבעטער אין זייער קאַמף. דאָס יונגע באַ־כערל איז אַוועק אַרבעטן קיין סלאַוועטע אף א פאַרצעלײַ־פאַבריק. גיך באַפרײַנדעט ער זיך מיט „בונטאָווּשטשיקעס" און ווערט איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון א שטרײַק. דאָס איז דערגאַנגען צו די באַלעבאַטים פון דער פירמע „סעגאַל", און קעדיי מע זאָל אים ניט אַרײַנזעצן

---

געגענישן, פלעג איך אין א שפּאַס זאָגן מאַר־קישן, אָנרופנדיק אים בײַם נאָמען און פאָטער־נאָמען (געווען אין אונדזערע קרײַזן אַזאַ מינ־העג):

— פּערעץ דאַווידאָוויטש, כ'האָב זיך שוין אונטערגעטוקט...

און ער האָט אָפּט געענטפערט דערויף:

— מע זעט עס, פאַראַן עכטע סימאָנים...

און ביידע האָבן מיר געלאַכט.

דעמאָלט, בײַם ערשטן שמועס, געדענק איך, האָט ער דערציילט וועגן דעם, אַז אין קיִעוו האָט ער געהאַט אַן אָוונט, ווו די קיִעווער שרײַ־בער ד. וואָלקענשטיין און ד. האָפשטיין זײַנען אַרויסגעטראָטן און ווו האָפשטיין האָט טרעפ־לעך גערעדט וועגן דיכטערישן וואָרט, וואָס פלייצט צו שטורמיש בײַ מאַרקישן מיט צו גרויסע שטראָמען אָן אָפּהאַלט, אָן קאָנטראָל...

— און איך בין בייז געוואָרן אף האָפשטיינען און אים אַרײַנגעזאָגט: בײַ אײַך פליסן די לידער מיט א שמאָל שטרעמעלע, ווי פון א פּולווערי־זאַטאָר! און האָפשטיין מיר צוריק: און בײַ אײַך, ווי פון א פּאָזשאַרנע קישקע...

מיר האָבן געלאַכט: א פּולווערי־זאַטאָר, א פּאָ־זשאַרנע קישקע... מיילע, וואָס דיכטער דער־לויבן זיך אויסוואַרפן איינער דעם צווייטן, אָבער דער טאָך און די קאַוואָנע זײַנען דאָך גוטע — דיכטונג, נײַע ייִדישע רעוואָליוציאָנע־רע דיכטונג.

דערנאָך האָט מאַרקיש מיך געבעטן, איך זאָל אים ווײַזן, ווו עס וווינט דעם ניסטערס מאַמע. זײַן אין דעם ניסטערס שטאָט און זיך ניט באַ־קאַנען מיט זײַן מישפּאָכע — איז עפּעס ניט פײַן פון זײַן, מאַרקישעס, זײַט.

מיר זײַנען צוזאַמען געגאַנגען אף יענער זײַט הרעבליע צום ניסטערס מישפּאָכע און געטראָפן דאָרט די מוטער — א צאַרטע קליינוווּקסיקע זקיינע מיט מילדע קליינע אויגן, וואָס האָבן זיך מיר פאַרגעדענקט. איך מעג שווערן, אַז די אַלטע פרוי האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס איר זון פאַרנעמט זיך. עפּעס שרײַבט ער מײַסע־לעך...

אף צוריקוועגס האָבן מיר שוין גערעדט וועגן דעם ניסטערס שאַפונג.

אין א קורצער צײַט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מאַרקיש געפינט זיך אין וואַרשע און ברענט דאָרט א וועלט, גיט אַרויס א זשור־נאַל „כאַליאַסטרע", טראָגט דאָס רעוואָליוציאָ־נערע וואָרט אין די מאַסן, טרעט אַרויס קעגן הילעל צייטלינען און אַזוינע, ווי ער, און אַז דער דיכטער מיילעך ראַוויטש האָט אַפילע אַרויסגעלאָזט א ספּעציעלע בראָשור „פּראָ פּע־רעץ מאַרקיש". אף א שטיק צײַט איז מאַרקיש געוואָרן דער צענטער פונעם וואַרשעווער רוי־שיקן ליטעראַרישן לעבן.

אַזוי איז פאָרגעקומען מײַן ערשטע באַגעגע־ניש מיט פּערעץ מאַרקישן. פיל מאָל האָבן מיר זיך נאָך געטראָפן מיט אים אָפּן ליטעראַרישן וועג אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אָבער דאָס איז שוין אַן אַנדער טעמע.

אין טפיסע, האָט ער געמוזט גלײַך זיך אָפּטראָגן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן זײַן נאווענאד־לעבן אין קעשענעוו, באלטע, אָדעס. ער האָט זיך פאַרנומען אי מיט לערערײַ, אי מיט שווארצער ארבעט און קוים פארדינט אַף ברויט.

אין 1916, בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, איז פּערעץ מאָביליזירט געוואָרן אין דער צארישער ארמיי. אינגיכן האָט מען אים אוועקגעשיקט אפן דײַטשישן פראָנט, ווו ער איז פארוווּנדעט געוואָרן. די בעסטע רעפוע פאר אים איז געווען די גיכע פארניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג.

מיט דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז פּערעץ מארקיש געבוירן געוואָרן אלס דיכטער. ער האָט גלײַך באגומען איר וועלט־באנעם און זײַן אייגן אָרט צווישן די אופגעשטאנענע מאסן:

— וועלט!
גענוג איז מיר א גרעזעלע נאָר זײַן פון דיר,
אז גרויס כ'זאָל זײַן, ווי דו אליין!..
(„שוועלן")

פינף יאָר האָט געלעבט פּערעץ מארקיש אין קאטערינאָסלאוו (דניעפּראָפּעטראָווסק). אין אלקערל פון דעם טאטנס דירע האָט ער געשאפן זײַנע יוגנט־לידער, די באוווּסטע פּאָעמעס און טעמאטישע ציקלען. זײַנע עלטערן האָבן געשעפט גרויס נאכעס פון דעם זונס דערפאָלגן. זייער מאטעריעלע לאגע האָט זיך פארבעסערט, זיי האָבן אָנגעהויבן באקומען אן „אקאדעמישן פּאיאָק", וואָס איז אין יענע צײַטן ארויסגעגעבן געוואָרן די געלערנטע און שרײַבער. די דירע איז פאר זיי פארפעסטיקט געוואָרן, די ייִנגערע טעכטער האָבן כאסענע געהאט. דאָווידס נײַע איידעמס זײַנען געווען ארבעטער, קאָמוניסטן, און זיי האָבן צוזאמען מיט פּערעצן ארײַנגעטראָגן דעם רעוואָליוציע־גײַסט און רעוואָליוציע־שטייגער אין דער מישפּאָכע. דאָוויד האָט באקומען א זיכערע פּארנאָסע אלס א קוסטאר און געשעפט די כאיונע פון קלעפּן קוליאָקן פאר דער קאָאָפּעראציע.

— זעסט, ארן, איך בין איצט א פּראָלעטאריאט, און כײַע, וואָס העלפט מיר קלעפּן, איז טאקע אויך א פּראָלעטאריאט, — האָט ער איינמאָל א זאָג געטאָן זײַן איידעם קיסלאָוון.

## מײַנע א באַגעגעניש מיט פּערעץ מאַרקישן

קיין קאטערינאָסלאוו בין איך אָנגעקומען אין אָנהייב מײַ 1920. באזעצט האָב איך זיך אין דער קאָמיוג־קאָמונע אין האָטעל „פּאלמירא". באטאָג האָבן מיר געארבעט אַף פארשיידענע ארבעטן פון „קאָמונכאָז" (אָפּטיילונג פון דער שטאָט־ווירטשאפט) און אין די אָוונטן און נעכט זיך באטייליקט אין יוגנטלעכן קאמפּס־אָטריאד, וועלכער האָט באשיצט די שטאָט.

אין איינעם פון די נעכט בין איך באשטימט געוואָרן אין קאראול אפן וואָקזאל — אָפּצוהיטן וואגאָנעס מיט שפּײַז און געווער. די נאכט איז געווען א ליכטיקע, א זויבערער הימל. ביקסן האָט מען אונדז געגעבן אלטע, ערטערווײַז באַדעקטע מיט זשאווער. דאָס האָט אָבער אונדז ווייניק געקימערט. מיר האָבן זיך מיט די ביקסן ניט געצאצקעוועט, ניט גערייניקט זיי, אגעוואָרכע ניט פעסט געווען אין פאנאנדערקלײַבן דעם ביקס־שלאָס. מיר האָבן זיי פארוואָרפן מיטן רימען אַף די פּלייצעס און זיך געשטעלט אפן פּאָסט.

אומדערוואַרט האָב איך דערזען פּערעץ מארקישן. ער איז געשטאנען ווי אן אויסגעגאָסענע סקולפּטור, יאָמטעוודיק געקליידט. א ווינטל האָט געשויבערט זײַנע האָר און אופגעדעקט דעם גרויסן שטערן. ער האָט געהאלטן די ביקס בא די פיס. כ'האָב זיך מיט אים באגריסט. אין א פּאָר שאָ ארום האָט מען אונדז פארביטן. עס האָבן א קאפּע געטאָן רעגן־טראָפּנס. א ווינטל האָט אָבער גיך פארטריבן דאָס פארבלאָנדזשעטע וואָלקנדל. כ'האָב געײַלט אין קאראול־הויז א דרעמל צו טאָן ביז דער ווײַטערדיקער וואכטע. פארבײַגייענדיק, טו איך א קוק צו מארקישן. אראָפּגייענדיק פונעם פּאָסט, האָט ער ניט געײַלט זיך אָפּגעשטעלט אין א זײַט, ארויסגעצויגן פון קעשענע א ציכטיק־ווײַס טיכעלע און גענומען אָפּווישן פון דער ביקס די רעגן־טראָפּנס. ער האָט ניט געווישט, נאָר ליבלעך געגלעט די הילצערנע טיילן פון דער ביקס. דערזעענדיק מיך, האָט ער מיר בארויגעזלעך א זאָג געטאָן:

— מע דארף צו א ביקס זיך באציִען צערטלעך...

מיט פיל יאָרן שפּעטער, אומקערנדיק זיך פונעם פראָנט פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע קיין מאָסקווע, האָב איך איבערגעלייענט מארקישעס לידער־זאמלונג „פאר פאָלק און היימלאנד", וועלכע איז אָפּגעדרוקט געווען אין 1943. אין די אויגן האָבן זיך געוואָרפן די ערשטע סטראָפעס:

איך ווייס: דו האָסט געקושט די ביקס אין יענעם טאָג,
וואָס האָט אַף וואָגשאָלן געלייגט פון פאָלק דאָס לעבן.

יאָ, מארקיש האָט ווי געקושט די ביקס אין יענעם מײַ־טאָג פון 1920.

# פונעם ליטעראַטור־אוצר

## מוישע־לייב האַלפּערן

### דער גאַסן־פויקער

זינגט דער פויגל פרײַ און פריילעך,
ציטערט אַף זײַן טראָן דער מיילעך,
ציטערן איז ניט קעדײַ,
זינג איך, ווי דער פויגל, פרײַ,
און געשווינד,
ווי דער ווינט,
טאַנץ איך העפקער, טאַנץ איך בלינד,
גאַס אַרײַן און גאַס אַרויס! —
בין איך קראַנק און אַלט און גראָ,
ווערט עס — האָ־האָ־האָ!
פאַר אַ קופּער־גראָשן בלויז
פויק איך, אַז די פויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד אַרום —
דזשין, דזשין, בום־בום־בום.
דזשין, דזשין, בום!

קומט אַ מיידל אַ מאַכשײַפע,
צינדט זיך אָן אין מיר אַ סרייפע,
נעם איך זיך נאָך ווילדער דריי'ן,
און איך פרעס צונויף די ציין.
און איך ברום:
— מיידל, קום,
גיב די הענט און נעם אַרום.
הייסער טאַנצט זיך עס צו צוויי.
ס'האָט אַזאַ, ווי דו, אַ שלאַנג,
מיך פאַרלאָזן ערשט ניט לאַנג.
קרענקט דאָס האַרץ און פּלאַצט פאַר וויי —
פויק איך, אַז די פויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד אַרום —
דזשין, דזשין, בום־בום־בום.
דזשין, דזשין, בום!

לאַכן קינדער לוסטיק, מונטער,
פאַל איך ניט באַ זיך אַרונטער,
רירט זיך, יונגען! פלינקער — האָפּ!
נאָכאַמאָל אַ זעץ אין קאָפּ.
נאָך אַ שפּײַ!
סײַוויסײַ
מיטן שפּרונג גייט אַלץ פאַרבײַ.
צוגעוווינט צו אַלדאָס בייז,
קנײַפּ איך אַ שטיק ברויט פון טאַש.
און איך זשליאָקע פון דער פלאַש.
ברענט דאָס בלוט און רינט דער שווייס —
פויק איך, אַז די פויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן.
און איך דריי זיך רונד אַרום,
דזשין, דזשין, בום־בום־בום.
דזשין, דזשין, בום!

אָט אַזוי זיך דורכגעריסן,
דורכגעריסן, דורכגעביסן
מיטן קאָפּ, ווי דורך אַ וואַנט,
איבער שטעג און וועג און לאַנד.
מיט די ציין
האַק דעם שטיין!
האַק דעם שטיין און בלײַב אַליין!
הונט און שלעפער, ליומפּל און ווינט.
העפקער, העפקער, דורך דער פרעמד!
האָב איך ניט קיין ראָק, קיין העמד,
האָב איך ניט קיין ווײַב, קיין קינד.
פויק איך, אַז די פויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
און איך דריי זיך רונד אַרום —
דזשין, דזשין, בום־בום־בום.
דזשין, דזשין, בום!

ווען א לייב זאָל דאָ פאַרבלאָנדזשען,
וואָלט ער וואַנזיניק געוואָרן,
וואָלט ער זיך אַליין צעריסן.
וויין אַף דײַנע יאָרן, מענטשל,
ווי אין יאַם אַרײַן א רעגן,
פאַלן דײַנע טרערן.



## בענק אהיים

בענק אהיים און האָס דײַן היימלאַנד,
זײַ אַן אָפּגעבראָכן צווײַגל
פון א בוים א לאַנג פאַרדאַרטן.
זײַ א קליינטשינק אַשן־שטויבל
אין א ברענענדיקן טורעם.
קאָ'ס זיך, מענטשל, אין דײַן ווייטעק.

## זשום־זשום־זשום

שלאָפט מוישע־לייב, ווי אין א וויג,
פליט אַרום זײַן נאָז א פליג.
פליט די פליג מיט זשום־זשום־זשום,
ווי א בין אַרום א בלום.
דאַכט זיך אים, אַז שטילערהייט
וויַזט מען אָן אַף אים מיט פרייד
און מע זאָגט, אַז גאָר אין לאַנד
איז ניטאָ אַזאַ טאַלאַנט.
קוקט ער קלוימערשט ערגעץ העט,
גלײַך ער הערט ניט, וואָס מע רעדט.
נעמט זיך שווין די פליג פאַר דאָס
און זי זעצט זיך אַף זײַן נאָז.
דאַכט זיך אים, אַז צו זײַן קאָפּ
בייגט זיך עמעצער אַראָפּ,
און ער זאָגט, אַז גאָר אַף דר'ערד
איז ניטאָ אַזאַ מין פערד.
וויל ער, ווער דאָס איז, דערגיין,
הערט ער ברומען זיך אַליין...
גיט ער זיך אין נאָז א קראַץ,
און ער טראַכט זיך, אַז ס'איז שוואַץ,
און ער גיט א געגעץ אויך,
און ער לייגט זיך אַפּן בויך.

## גלאַט אַזוי

האָט מוישע־לייב זיך אָנידערגעשטעלט
אינמיטן דער נאַכט צו דערטראַכטן די וועלט.
הערט ער צום אייגענעם טראַכטן זיך אײַן —
שעפּטשעט אים עמעץ אין אויער אַרײַן,
אַז אַלצדינג איז גלײַך און אַז אַלצדינג איז קרום,
און ס'דרייט זיך די וועלט אַרום אַלצדינג אַרום.
צופּט מוישע־לייב מיט די נעגל א שטרוי
און שמייכלט.
פאַרוואָס?
גלאַט אַזוי.

צופּט ער אַזוי זיך די שטרוי אין דער נאַכט,
טוט זיך אים נאָכאַמאָל עפּעס א טראַכט.
טראַכט זיך אים — הערט ער זיך נאָכאַמאָל אײַן —

שעפּטשעט אים עמעץ אין אויער אַרײַן,
אַז גאָרנישט איז גלײַך און אַז גאָרנישט איז קרום,
און ס׳דרייט זיך די וועלט אַרום גאָרנישט אַרום.
צופּט מוישע־לייב מיט די נעגל די שטרוי
און שמייכלט.
פאַרוואָס? —
גלאַט אַזוי.

## אייבי קירלי, דער מילכאָמע־העלד

אייבי קירלי, דער מילכאָמע־העלד,
מיט די מעדאַלן אָפן ברוסט, און מיט דער קוליע,
מאַכט דאָס לינקע אויג צו, ווען ער וויינט.
נעכטן אָבער, אין אַ מיטן מיטוואָך,
האָט ער אינמיטן נאַכט אַ יאָמטעוו זיך געמאַכט, —
זיבן לעבעדיקע זשאַבעס אופגעגעסן.

זיבן מאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט,
אַז בלויז דער נאַכט־ווינט וויינט באַ מיר אין גאָרטן.
נאָר איך האָב ניט געפּרוווט באַ זיך אַפילע פרעגן,
פאַרוואָס ער וויינט.
אים פאַרדריסט עפּשער,
פאַרוואָס ער קען די בלומען נישט באַוועגן
אין מײַן גאָרטן.
זיי זײַנען שטיינערדיקע, — אַזוי האָב איך זיי אויסגעטרוימט.

נאָר מאָדנע, ווי דאָס זאָל ניט זײַן,
ניט דער נאַכט־ווינט — אייבי קירלי האָט געוויינט.
איטלעך מאָל, ווען ער האָט איינע
פון די לעבעדיקע זשאַבעס אופגעגעסן,
האָט ער באַוויינט איר טויט.
איצט זיצט ער ווידער אין דער זון
און וואַרט, די קינדער זאָלן קומען
זאָגן אים „גוט־מאָרגן!“,
ער ׳האָט זיי ליב.
זייער וואָרעמקײַט דערמאָנט אים אָן זײַן ווײַב —
די ווילדע באַרלאַ.
אים, לאַכנדיק, אַמאָל אַ ביס געטאָן אין מאָרדע.
נאָר דעמלט האָט ער נאָך געהאַט זײַן קאַטערינקע.

און אַ פּאַווע־פּעדער אָף זײַן גרינעם קאַפּעליוש,
און הייזן ענג־געפּאַסטע,
און די שטיוול —
ווי אַ שפּיגל האָבן זיי געפּעכלט אין דער זון.
היי, מײַן באַרלאַ!

אייבי קירלי טאָר זיך ניט דערמאָנען וועגן גליק,
ווײַל ער שרײַט,
און דערנאָך, אַז ער פאַרהוסט זיך, שפּײַט ער בלוט.

אַזוי איז אָבער אייבי קירלי ניט קיין בייזער,
בלויז דאָס לינקע אויג פאַרמאַכט ער,
ווען ער וויינט
מיט די מעדאַלן אָפן ברוסט און מיט דער קוליע.

## אהאוואס־צײַיון

מיט א בערדל ווי א רויטער מאיער,
שאָקלט זיך דער כאָכעם הארשל באַיער.
עסט ער אָפּ — דער כאָכעם הארשל באַיער —
טרינקט ער אויס א דראַצן, פאַרצן אײַער.

ער זאָגט טוירע, די טאַלמידים הערן,
און זיי פאַלן פאַר אים אָפּן שטערן.
ווישט זיך אָפּ די לעפּצן, מיטן בערדל,
און ער כאַלעמט פון מאָשיעך־פערדל.

האָט ער אָפּגעזאָגט א שטיקל טוירע,
עסט ער אויף דאָס ליכט פון דער מענוירע.
וויל ער, עס זאָל ווילטון אים צו ליגן,
טרײַבן שקלאָוון אָפּ פון אים די פליגן.

און פאַרבײַסט מיט אײלבירטן א שיסל,
און ער זעצט זיך אָפּצורוען א ביסל.
און עס טאַנצט, און פּויקט פאַר אים זײַן גנענדל
מיטן יאַמשעמשטאַק אין קופּער־פענדל.

אָפּגערוט — באַטאַפּט ער זיך דאָס בײַכל,
ווילט זיך, הייסט עס, נאָך עפּעס א מײַכל.
איז דאָך אים, דעם כאָכעם הארשל באַיער,
טאַקע זייער גוט און זייער טאַיער.

ברענגט מען אים דעם קאַקערוזע־קוכן,
איז ער טרוקן, — הייבט ער אָן צו פלוכן.
קראַצט ער זיך פאַר ווילטעק מיט א גופל
אין זײַן שײַנעם ווײַנגאָרטן באַם נופל,

זעצן זיך ארום אים זײַנע ווײַבער,
גלאַנצט באַ זיי דער בוימל אָף די לײַבער.
און ער לייגט זײַן גנענדל אָפּן בעטל,
און ער טוט איר אויס דאָס פּײַגנבלעטל.

קנײַפּט ער קוכן, און ער טונקט פּאַמעלאַך,
ווערט אים ווידער אָפּן הארצן פריילאַך.
און ווי שלוימע, אונדזער קלוגער קײַניק,
זינגט ער שיר־האַשירים אויסנווײַניק.

## ווער וועט ראַטעווען

ווער וועט ראַטעווען די וועלט
פון דער פינצטערניש, וואָס ווערט שווערער און שווערער?
דער הויף־האַר וועט שיקן א קוימענקערער,
און דער ראָוו מיט זײַן הויכן סויבל־היטל
און דער גאַלעך מיט זײַן ווײַסן קיטל
וועלן אים העלפן די שיידים פאַרטרײַבן, —
די שיידים פאַרטרײַבן.

ווער וועט ראַטעווען די וועלט,
אַז דער הונגער ווערט אײַך גרעסער און גרעסער?
דער הויף־האַר האָט ווײַן זיבן הונדערט פעסער,
און ראָוו און גאַלעך — גאָטס ווונדער צו ווײַזן
וועלן צוניפמישן בלאָטע מיט אײַזן
און וועלן פון דעם וואַרעניקעס קאָכן, —
וואַרעניקעס קאָכן.

ווער וועט ראַטעווען די וועלט
פון דעם האַס אין איר, וואָס ברענט, ווי א פײַער?
דעם הויף־האַר באַוואַכט א העלד א געטרײַער,
און דעם ראָוו און דעם גאַלעך, דעם ראָוו און דעם גאַלעך,
היט אָפּ פונעם הימל א הייליקער מאַלעך,
און וועלף זאָלן פרעסן דאָס פאָלק דאָס וויסטע, —
דאָס פאָלק דאָס וויסטע.

## דזשודאַיזם

מײַן זלאַטאָוװער מומע הינדע־באַשע
בעט מיך, איך זאָל איר אַ שיפּסקאַרטע שיקן;
זי וועט דאָ מאַכן דאַמען־פֿאַבריקן
און געבן שטונדן אין כומעש מיט ראַשע —
שרײַבט זי מיר אויף דײַטשיש.

דער יאָם פֿון צאָרעס גײט שוין איבער,
און ווי איין ליכטעלכען, גייט אויס איר נעשאַמע,
און זאָ העלף איר דער הערגאָט, ווי זינט דער מילכאַמע
איסט קיין לעפל געקעכץ איר מונד ניכט אַריבער, —
שרײַבט זי מיר אויף דײַטשיש.

איך האָב איר געענטפֿערט אַ בריוו און געשווירן,
אַז בא אונדז איז געקעכץ געגוג פֿאַראַנען;
נאָר די פּאַניכעס אונדזערע מיט די פּאַנען
פּרעסן ווי בערן און שטינקען ווי טכוירן.
ס'איז פּאָשעט נישט אויסצוהאַלטן, שרײַב איך.

און וועגן דעם, וואָס זי לאָזט מיר וויסן,
אַז אַפּילע די הייליקע סאַבאַט־געזאַנגען
זײַנען אין שטעטכען שוין אונטערגעגאַנגען,
ענטפֿער איך איר, אַז סע ווערט מיר צעריסן
דאָס האַרץ אוואַדע, ווען איך הער דאָס.

אויך וועגן איר מאַן, דעם סאַלאַמאָן מאָזעס, —
שרײַבט מיר מײַן מומע, — מע האָט אים געשמיסן,
און אים דאַן, ווי וועלפֿע איין שאָף צעריסן,
און זי האָט אים איין קראַנץ מיט ליליען און ראָזעס
געלייגט אויף זײַן הייליקן גריבע.

נאָר אויף דעם האָב איך דאַפֿקע אַ טרייסט פֿאַר מײַן מומען:
זאָל מיר נאָר, — שרײַב איך, — גאָט באַגליקן,
איך זאָל דיר קענען אַ שיפּסקאַרטע שיקן;
זאָל אַזוי גיך מאָשיִעך קומען,
ווי גיך דו וועסט האָבן אַ מאָזעס.

פֿאַראַנען, — שרײַב איך, — אַ גאַנצע סטאַדע
מיט מאָזעסעס בא אונדז אין נו־יאָרצע.
איך קען איינעם, הייסט ער מאָזעס פּאַרסע,
אָף ייִדיש הייסט ער אַנדערש אוואַדע,
אָבער ערלעך איז ער ביז גאָר — דאָס איז עמעס.

און די הויפּט־זאַך איז דאָך — ער זוכט איין אַלמאָנאַ,
וואָס קען לייגן איין לאַטכען אויף האָזע און רעק
און אַרײַנמאַכן צאַצעס אין לעוואָנאַ,
אַז זי וועט קיין כאַראָטע נישט האָבן.

און אויך בא זײַן נאָמען מאָזעס פּאַרסע
שווערט ער זיך, אַז אויב נאָר זי וועט וועלן,
וועט ער קעדאַס־מאַישע אַ כאַפּע שטעלן,
אין עמאַנועל־טעמפּל אין נו־יאָרצע.
און אויך עפּענען פֿאַר איר איין דײַטשישן כיידאַר.

און דאָס שרײַב איך איר טאַקע. — איך האָב נישט קיין מוירע
פֿאַר דײַטשיש צווישן די יִדישע שכיינים,
דאָס קען עפּשער בלויז נישט געפֿעלן דעם קליינעם
דאָקטאָרל פּעמפּאַק, וואָס וויל, אַז די טוירע
זאָל מען לערנען דאַפּקע אַף לאָשנקוידעש.

נאָר ער, ווי מע ווייסט שוין, — פֿינף מאָל טעגלעך
עסט ער ציבעלעס מיט רעטעך.
און מײַן דײַטשישע מומע שטינקט אויכעט (דאָס וועט איך).
ווי דאָס דאָזיקע דאָקטאָרל פּעמפּאַק.
אָבער קיינמאָל ניט אַזוי אומדערטרעגלעך,




5

באַ פישלען דרייט זיך דאָס היטל אפֿן קאָפּ. ער איז פאַרוואַלגערט מיט ארבעט. כּוץ אַלע פּלענער, וואָס מע האָט צוגעשיקט, איז ערשט ניט לאַנג אָנגעקומען אַ נײַער באַפעל, אַז ער, דער פאָרזיצער פֿון אַרטעל, זאָל דרינגענדיק זיך נעמען אופשטעלן די ציגעלניע, וועלכע געפינט זיך אין כּוטאָר, ניט ווײַט פֿון דובאָווע, פֿון דעמבעבנעץ, הייסט עס. ציגל דאַרף מען איצטער האָבן זייער נייטיק, אָבער ווּ זאָל מען נעמען מענטשן, ווער וועט אופשטעלן די אויוונס אַף אויסברענען די ציגל. און אויב עס גייט אַ רייד וועגן אויסברענען, מוז מען דאָך פֿיַרן האָלץ פֿונעם וואַלד. ליים וועט אויך אַליין ניט קומען צום ציגלזאַוואָד, ווּ זשע נעמט מען סוסים? דערצו קומען אָן דירעקטיוון, אַז די אַרטעל זאָל העלפֿן דער באַפעלקערונג אופשטעלן זייערע הײַזער. ניין, ס'איז צו אַ שווער היטל פֿאַר פישלען, נאָר ער שטאַרקט זיך, ער ווייסט בלויז ניט וואָס פֿריִער צו טאָן. און דאָ זײַנען די געקומענע פֿון דער עוואַקואַציע אַראָפּ פֿון זינען, — מע וויל וואָס גיכער אופשטעלן, רעמאָנטירן די אויוונס מיט די הרובעס, ווײַל מע רעדט, אַז נאָפּטאָלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט קלײַבט זיך אוועקפֿאָרן פֿון דעמבעבנעץ.

פרויקע איז פֿאַר אַלעמען אַ גוטער. מענטשן רופֿן אים — גייט ער, באַטראַכט די צעררוינירטע אויוונס און הרובעס אין יעדער שטוב, מאַכט אַ כּעזשבן, וויפֿל מע דאַרף ליים און זאַמד, און גיט אייצעס, מע זאָל אין די כאָרעוו־געוואָרענע הײַזער זוכן ציגל, זיי אָפּרייניקן און ברענגען צו פֿירן אין הויף אַרײַן.

דערווײַל איז אַדורך קימאַט אַ וואָך, און פֿראָיִם כאַפּט זיך ניט שטעלן צו דער ארבעט. ער פֿאָדערט, אַז פישל זאָל אים געבן אַ באַהעלפֿער, נאָר פישל ווייסט ניט ווּ נעמט מען אַזאַ איינעם, וואָס זאָל קענען העלפֿן אין דער ארבעט. אומגעריכט איז דער מענטש אַליין געקומען צום פֿאָרזיצער, דעריבער האָט הײַנט פישל מוידיִע געווען פֿראָיִמען, אַז זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע וועט אים העלפֿן פֿאַרמישן אַ קאַשע פֿון ליים און אונטערטראָגן ציגל צו דער האַנט.

---

סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 11, 1975.

דערהערט די דאָזיקע ידיעה, איז פראָים רויט געוואָרן, די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן, ווי ער וואָלט וועלן דוירעס זײַן דעם כאַווער זײַנעם. נאָר ער, פראָים, איז צוגעגאַנגען צו פישלען און אים שטילערהייט געפרעגט:

— כאַווער פאָרזיצער, איר ווייסט ניט, האָדעלע קאָן באַקן קנישעס מיט פאַסאָליעס?

פישל האָט פאַרשטאַנען, וואָס די דאָזיקע קאַשע באַטײַט. דאָס מאָל איז ער אָבער ניט געוואָרן אופגעטראָגן, ניט ארויסגעשטעלט פאָרויס די ברייטע ברוסט זײַנע און ניט אַרײַנגערוקט די איין־און־איינציקע האַנט אין דער הויזן־קעשענע. די קײַלעכיקע אויגן האָבן בלויז אָנגעהויבן פינטלען און ער האָט גאָר אָנגעהויבן זיך קלאָגן פאַר פראָימען, אז ער ווייסט אליין ניט, וואָס מע טוט מיט האָדעלען. צי איז זי אין עפּעס שולדיק, ווייסט ער ניט, אָבער ארבעט דאַרף מען איר געבן, א ברויט־קאַרטל מוז זי דאָך האָבן. ס'איז א ראַכמאָנעס אָף איר. ווען איר טאַטע שטייט אוף פון דער גרוב און טוט א קוק, וואָס פון זײַן באַסיעכידקעלע איז געוואָרן, וואָלט ער זיך אָנגעטאָן א מיסע. זאָל פראָים זי צײַטווײַליק נעמען פאַר א באַהעלפערן, און אַז מע וועט לאָזן דעם שנײַדער־צעך, וועט ער, פישל, זי איבערפירן ארבעטן אָף א ניי־מאַשין.

פראָים איז אָפּגעקילט געוואָרן, נאָר ער האָט געוואָרנט, אז האָדעלע וועט מיט אים ניט קאָנען ארבעטן, זאָל פישל זי אנידערזעצן אין קאָנטאָר פאַר א סעקרעטאַרשע, דאָס וואָלט בעסער געפּאַסט פאַר האָדעלען, ווי מישן קאַשע פון ליים און טראָגן ציגל.

פישל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, — וואָס פאַר א קאָנטאָר, — האָט ער געפרעגט בא פראָימען, אז ער אליין האָט נאָך ניט קיין טיש און קיין בענקל. די איינציקע בוכהאַלטערשע, פעסעלע, פירט די ביכער בא נאָכעם שפּיץ אין סוקע, האָדעלע איז געווינט צו שווערער ארבעט. זי האָט דערציילט, אז בא די דײַטשן איז איר אויסגעקומען ארבעטן אָף אופשטעלן די צעבאָמבירטע הײַזער. זי ווייסט, וויאַזוי פאַרמישן א קאַשע, זי קען לייגן ציגל, און, אז ער, פישל, האָט געפרעגט בא איר, צי זי וואָלט וועלן אים, פראָימען, העלפן אין דער ארבעט, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט פאַרן פאָרשלאָג.

פראָים האָט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, געמאָלדן, אז ער וועט זיך באַגיין אָן א באַהעלפער, און זאָל ער, דער פאָרזיצער, אהינטאָן האָדעלען וווּ ער וויל, ארבעט מוז מען איר געבן.

פראָים האָט פונדערווײַטן געשיקט פישלען א זײַ־געזונט און געלאָזט זיך גיין אראָפּ א בארג צום גרינעם געסל, און מיט די גערטנער אוועק אהין, ווו דער בעסמעדרעש איז אמאָל געשטאַנען. וואָס ציט אים אהין, ווייסט ער, קלוימערשט, ניט, דערווײַל שלעפּט ער די ברעגן פון דער גימנאַסטיאָרקע, ציט אײַן שטײַפער דעם רימען, פאַרשפּיליעט דאָס קעלנערל אָף אלע קנעפּלעך, פּונקט ווי ער וואָלט דאַרפן זיך באַגעגענען מיטן קאָמאַנדיר זײַנעם. שפּרײַזנדיק, באַטראַכט פראָים, ווי האַלט עס מיט די זון־רויזן, זיי וואַקסן פון ביידע זײַטן סטעזשקע, אייניקע האָבן פאַריסן די קעפּ אָף ארויף, אנדערע האָבן די קעפּ אָנגעבויגן צו דער ערד — ווײַזט אויס, די יאָדערן זײַנען שוין אָנגעפילט מיט ווײַסער מילך. פראָים קלערט וועגן דעם, אבי ניט אָנהייבן זיך מוסערן, ניט פרעגן — „וווהין ציט עס דיך? דײַנע אויערן האָבן געכאַפּט, אז פעסעלע זיצט בא נאָכעם שפּיץ אין סוקע, קיצלט דיך אין דער נאָז דער שטאַרקער כריין?“ ווען ער גייט אַרײַן צו נאָכעמען, וואָלט ער א שמועס געטאָן מיט פעסעלען. פון זינט זי האָט זיך ארויסגעצויגן פון זײַן דירע, האָט ער זי בלויז איין רעגעלע געזען. זיי האָבן זיך ביידע צופעליק באַגעגנט, זי האָט געײַלט מיט ביידע קינדער ערגעץ. אָף זײַן פראגע, פאַרוואָס איז זי אנטלאָפן פון זײַן שטוב, האָט זי אים געענטפערט: ווען ער זאָל געווען אָנשפּיצן זײַנע אויערן, וואָלטן זיי געהערט, ווי דעמבענעצער טוישווים כקירען און זאָרגן זיך, וויאַזוי ער, פראָים, וועט לעבן מיט אן אגונע אונטער איין דאַך. די סאָלדאַטיקלעך האָבן ניט געלאָזט זי שטיין מיט קיין פרעמדן מאַנצבל — זיי האָבן זי אוועקגעשלעפּט מיט גוואַלד. וואָס זשע האָט ער וואָס צו גיין צו נאָכעם שפּיץ? ווען ער, פראָים, זעט ניט, ווי פעסעלע האָט נעכטן אין אָוונט געשפּאַנט פון קאַראַפּעישער בארג מיט א רוקזאַק אָף דער פּלייצע, וואָלט ער ניט געוווּסט, אז זי גייט ארום איבער די דערפער בײַטן. זי זוכט שפּײַז פאַר אירע קינדער. דער קאָפּ איז איר פאַרקלאָפּט מיט בילכערע זאַכן, וואָס זשע וועט ער גיין צו נאָכעם שפּיץ אין הויף אַרײַן?

פראָים פאַרקערעוועט צוריק, און ווײַל ס'איז אים וואַרעם געוואָרן, צעשפּיליעט ער דאָס קעלנערל. ער באַשטימט גיין אהיים, אים אַרט ניט די איינזאַמקײַט. פאַר דער וואָך צײַט, וואָס ער געפינט זיך אין דעמבענעץ, איז ער בלויז צוויי מאָל געווען בא לוזערן, און ווען ער, פראָים, זאָל זיך ניט געווען פאַרהאַלטן ביז שפּעט אין דער נאַכט און ווען לוזער זאָל אים ניט געווען בעטן, וואָלט ער ניט גענעכטיקט צוויי נעכט באַם כאַווער זײַנעם.

ווען פראָים זאָל ניט קומען אין שטוב, געפינט ער זיך אָן ארבעט. הײַנט האָט ער זיך געקליבן אופהענגען די אראָפּגעריסענע לאָדנס, נאָר ביז ער האָט זיך ארומגעוואשן, איז גע־וואָרן טונקל אין דרויסן. און אינמיטנדערינען האָט זיך פון גאס דערטראָגן א געוווי פון א הונט. פראָימען האָט זיך דערמאָנט, אז ווען די מאמע זײַנע פלעגט דערהערן דעם דאָזיקן ניגון, האָט זי טייקעף איבערגעקערט א קאָלאָש מיט דער פּאָדעשווע אַף ארויף און יעדעס מאָל דערציילט, אז די קינדער זאָלן געדענקען: קעדיי דער געוווי זאָל ניט ברענגען קיין אומגליק אין שטוב ארײַן, דאַרף מען אזוי טאָן און דערבײַ ניט פארגעסן זאָגן: „צו מײַנע סאָנימס קעפּ".

פראָים האָט ניט געזוכט קיין קאָלאָש, בלויז אָפּגעשיקט דעם הונט צו אלדי רוכעס, ווײַל לײַדן דעם געוווי איז געווען אומעגלעך — ער האָט זיך געפונען א סיבע אַף אוועקגיין פון שטוב.

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, פונעם טײַך האָבן זיך געטראָגן רייכעס פון ליוביס־טעק, אויך די מעטיאָלעס זײַנען צו דער נאכט וואכנדיק געוואָרן און פארשמעקט דעם ארום מיט א דופטיק־פרישן גערוך.

פראָים האָט אליין ניט באמערקט, ווי ער איז אויסגעוואקסן לעם נאָכעם שפּיצס הויף. אין איין פענצטער איז ליכטיק געווען. ער ווייסט אָבער ניט צי ברענט דער לאָמפּ בא פעסע־לען אין צימער. אָבער סײַווי האָט ער דאָך בא זיך געפּוילעלט, צו איר אין שטוב ניט גיין. שטיין און וואַרטן ביז זי וועט ארויסגיין, קאָן די נאכט אוועקגיין.

פראָים האָט זיך ארומגעדרייט א צײַט, א קוק געגעבן אַף די פינצטערע פענצטער, אַפּן גרויסן שלאָס, וואָס איז געהאנגען אַף דער טיר, און געלאָזט זיך ווײַטער גיין.

בא לוזערן אין שטוב איז שטענדיק ליכטיק. לוזער איז טאָמיד אין דער היים, ער מײַ־סטרעוועט געוווער פארן פלעמעניק. בא ניאָמען איז שוין פאראַן ניט נאָר פּיסטאָלעטן און אוטאָמאטן, — קאַטיושעס אויך. כוץ דעם שניצט דער פעטער מעבל צוליב דער פלעמעניצע, יענע וויל, מע זאָל איר מאכן א בעטעלע, זי זאָל האָבן ווו צו לייגן שלאָפן די ליאַלקע אירע. לוזערן איז גאָר ניט שווער. וואָס די קינדער באשטעלן בא אים — מאכט ער.

דאָס מאָל האָט פראָים געטראָפן לוזערן זיצן באַם טיש, האַלטנדיק ניאָמען אַף די הענט. דער יאַט איז געלעגן באַם פעטער אין שויס און געכאַפּט א דרעמל, דאָס געוווער זײַנס האָט זיך געוואַלגערט הינטערן טיש.

לוזער האָט באַגעגנט פראָימען מיט א פינטל פון אָן אויג, וואָס האָט באַטײַט, דער גאַסט זאָל נעמען א בענקל און זיך אנידערזעצן.

פראָים האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אַף דער קאַנאַפּע. ער ווייסט שוין, אז ער, פראָים, וועט קוקן אַף לוזערן, וועט יענער קוקן אַפּן פלעמעניק, מוירע האָבן ניט נאָר אויסריידן א וואָרט, נאָר זיך א ריר טאָן. מע קאָן מיינען, אז לוזערס אקסלען זײַנען אויסגעהאַקט פון א שטיין, בלויז די אויגן זײַנען וואַרעמע. זיי באַטראַכטן דאָס שלאָפנדיקע יאַטל, ער, דער פעטער, גע־פינט די ענלעכקײַט פון זײַן אייגענעם ברודער. אמאָל טוען לוזערס ליפּן א ציטער, און אמאָל א שמייכל.

אומגעריכט צעשפרייט לוזער די פּלייצעס, טוט א קוק אַף פראָימען און זאָגט מיט זײַן ברומענדיק קאָל:

— אויב ניאָמעלעס נעזל פײַפט שוין, מעג מען שיסן פון האַרמאַטן. א כידעש, נו, דער קליינינקער לויפט זיך אָן א טאָג, קיין אײַנהאַרע, — ער שמייכלט, דער פעטער, נאָר די רעגע ווערט ער טרויעריק, טוט א קוק אַפּן גאַסט מיט אומעטיקע אויגן, ברומט מיטן זעלבן נוסעך:

— אז פישל קומט צו גיין צו זײַן מאַמען — דרייט ער זיך ארויס, דער קאַלבויניק, אנט־לויפט פון שטוב, ווײַזט אויס, ער האָט ליב פישלען פונדערווײַטן.

ס'איז געוואָרן שטיל. ערגעץ צווירקעט א גריל, און לוזער נעמט דערציילן ווײַטער:

— אז דער באָכערעץ שטעלט זיך ארײַן אהער אין צימער און טוט א כריפּע מיט זײַן קאָל — „פעטער לוזער, איך בין צו דיר געקומען", ווייס איך שוין, אז פישל האָט זיך ארײַנ־געכאַפּט צו מירלען.

אז ניאָמע קומט צו לויפן, הייסט ער דעם פעטער לוזער אוועקוואַרפן די ארבעט, מיט וועלכער ער פארנעמט זיך, אנידערזעצן זיך באַם טיש, אז ער, ניאָמע, זאָל קאָנען ארופקריכן צו אים אַף די קניִעס. אָדער, אז מע זעצט זיך אנידער עסן וועטשערע, קײַען ביידע — דער גרויסער מיטן קליינעם — אַף ביידע באַקן. אז דער קונדעס עסט זיך אָן, באַפאַלט אים א שלאָף, און לוזער זיצט, ווי א סטאַטעק, ביז דער פלעמעניק הייבט אָן אונטערפײַפן מיטן נעזל. אז מירל וועט ניט קומען צו לויפן נעמען דאָס יִינגעלע, וועט ער, דער פעטער, אויס־טאָן דעם באָכערעץ און אים אנידערלייגן צו זיך אין בעט ארײַן. קיינער איז ניט גלײַך צו

לוזערן, ווען ער פילט, ווי ניאַמעלע טוליעט זיך צו אים מיט זײַן וואַרעם גופעלע און פאַר־וואַרפט א הענטל אַף זײַן האַלדז.

עס טרעפט אָבער, אַז מירל קומט צו לויפן, קלוימערשט זי ווייסט ניט, אַז איר זונעלע באַהאַלט זיך אויס באַם פעטער, אַמאָל לאָזט זי אים איבער בעכטיקן און אַמאָל וועקט זי אים אוף פון שלאָף און הייסט אים לויפן אַהיים. ניאַמע איז ניט צופרידן, רײַבט מיטן פויסטל די פאַרשלאָפֿענע אויגן, נאָר ער פאַרגעסט ניט צונעמען זײַן געווער און, כליפּענדיק, גייט ער אַרויס פונעם שטוב. און מירל קוקט אַף לוזערן, וואָס שטייט ווי אַן אָפּגעשמיסענער, פרעגט מיט א פאַרטײַעטער בייזקײַט:

— דו ווילסט אים אָפּגעווינען פון זײַן היים? האַ?

— וואָס רעדסטו, מירל? בין איך עפּעס א פרעמדער, צי וואָס? — נאָר מירל האָט סײַווי זיך ניט אונטערגעגעבן.

— וואָס קומט מיר אַרויס, אַז דו ביסט א קאָרעווו?

— איך מיין דאָך דײַן טויווע.

— טו מיר ניט קיין טויוועס און מאַך מיר ניט גוט. איך וועל ווי סע ניט איז אָן קיינעמס הילף דערציִען מײַנע קינדער.

און אַלע מאָל דונערן מירלס ווערטער, און שטענדיק קוקט זי אַפּן שוואָגער, וואָס שטייט אײַנגעבויגן, ווי זי וואָלט וועלן הערן, וואָס וועט ער איר ענטפערן. אין דער צײַט גייט איר אַפּ דאָס האַרץ. זי פאַרשטייט, אַז אים איז שווער צו ריידן. שטייט מען און מע קוקט זיך אָן. פריִער מיט עטלעכע טעג, אויך אין אָוונט, נאָך אַזא געשפּרעך אָן ערעך, האָט זי גערעדט א ביסל ווייכער:

— דאָס האָסטו צוגעשיקט דאָס זעקל קאַרטאָפליעס? — האָט מירל געפרעגט.
לוזער האָט שווײַגנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ.

— נו, און ווער האָט אַראָפּגעטראָגן צו מיר אין קעלער דאָס שטיקל פוטער?

— איך...

— איך, עמעצער האָט דיך געבעטן?

— ניין.

— ניין? — האָט מירל א פּאַטש געטאָן מיט די הענט און געלאָזט זיך אַרויסגיין, נאָר פּלוצעם איז זי שטיין געבליבן און גענומען רעדן צו דער טיר.

— לוזער, קום מאָרגן עסן וואַרמעס, אַז דו זיצסט באַם טיש, זײַנען די קינדער צופרידן און אין שטוב ווערט היימלעכער.

נאָך די דאָזיקע רייד האָט זי זיך אויסגעקערעוועט, א קוק געגעבן אַף לוזערן און א שטופּ געטאָן די טיר אַף אַרויסצוגיין.

הײַנט איז מירל געקומען צו לויפן, ווי זי וואָלט זיך אַרויסגעריסן פון גענעם. מע האָט גע־קענט מיינען, אַז א שטאַרקער ווינט האָט אָנגעשמיסן איר פּאָנעם, אָבער די שוואַרצע לאָקנס זײַנען געווען, ווי צוגעקלעפּט צום שטערן, די ליפּעלעך האָבן געסאַרפּעט, געגלאַנצט, ווי רויטע ווײַנשל. דאָס פּאַרטעכל האָט־זי גאָר געהאַלטן אין דער האַנט, ווי א קאַנטשיק, ניט אַנדערש, אַז זי האָט זיך געקליבן עמעצן אָנשמײַסן. איידער זי איז נאָך אַריבער די שוועל, האָט זי גע־עפנט א מויל:

— לוזער, ניאַמע איז באַ דיר? — דערזען פראַ‏ימען זיצן, האָט זי מיט דער פרײַער האַנט א וואַרף געטאָן צום טיש — טו נאָר א קוק אַף זיי ביידן, מיינסט אַז הײַנט איז דאָס ערשטע מאָל?! יעדער אָוונט דאַרף איך לויפן זוכן דעם מאַזיק מײַנעם, סע דאַרף מיר דרייען דער קאָפּ, צי ער איז באַם פעטער לוזער, צי ער איז ניט באַם פעטער לוזער. — זי איז צוגעגאַנ־גען צום טיש, א נעם געטאָן ניאַמען פאַר א הענטל:

— וואָסי, טאַכשיט מײַנער, האָסט ניט ווו צו שלאָפן? צי דער מאַמעס שטוב איז דיר פרעמד געוואָרן? — און צו לוזערן האָט זי אויסגעלאָזט, וואָס ס'איז איר געווען אָפּן האַרצן, — וואָס האָסטו צו מיר? איך האָב דאָך געבעטן: — זי האָט א נעם געטאָן ניאַמען אַף די הענט, נאָר אײַנהאַלטן אים האָט זי ניט געקענט. זי האָט אים אנידערגעשטעלט אַפּן פּאָל און מיטן פּאַרטעכל א ווישׁ געטאָן דעם ייִנגלס פאַרשלאָפן פּאָנעם. זי האָט זיך אָנגעבויגן צו אים און גענומען ריידן מיט א ניגן, ציילנדיק יעדעס וואָרט: — נעם דײַנע ביקסלעך און לויף אַהיים, דײַן שוועסטערל וויינט דאָרטן, זי מיינט, אַז איר ברודערל איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, און די מאַמע דײַנע איז אויך שיִער ניט מעשוגע געוואָרן. איך האָב דאָך דיר עפּעס אָנגעזאָגט. — זי האָט א שטופּ געטאָן דאָס ייִנגל צו דער טיר, ער זאָל גיין אַהיים און גענומען טײַנען צום שוואָגער:

— איך האָב דאָך דיך געבעטן, לוזער, דיר אַנגעזאָגט, טאָמער וועט צו דיר קומען ניאָמע פּאַרהאַלט אים ניט און שיק אים אָפּ אהיים. איז ניין, דו טוסט זיך דײַנס.

לוזער איז ווי וואכנדיק געוואָרן, זיך אופגעהויבן פונעם בענקל און אײַנהאַלטנדיק זיך, ער זאָל זיך ניט צעגוואַלדעווען, געגרעדט מיט הארבע ווערטער:

— איך וועל די קינדער פון מײַן שטוב ניט טרײַבן. ס'איז מײַן ברודערס קינדער...

— וואָס זשע ווילסטו פון מיר? וואָס זאָל איך טאָן? צערײַסן זיך אַף שטיקער? צי עפּ־שער מיינסטו, איך זאָל דיר אָפּגעבן די קינדער?

— איך וועל מיט פאַרגעניגן זיי נעמען...

— וואָס ווערסטו טאָן מיט זיי, אַז דו אליין קאָנסט זיך קיין אייצע ניט געבן...

— פאַר מיר זאָרג זיך ניט, איך וועל זיי אָפּהיטן, ווי די אויגן מײַנע.

— און איך אליין זאָל זיך שפּילן אין קוצר־באַבע, ארופוואַרפן דעם פאַרטעך אָפן בוידעם און ארומגיין זוכן נעכטיקע טעג? עפּעס בין איך א מאַמע צי ניט? — כליפּענדיק איז מירל ארויס פון שטוב און א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר.

לוזער איז א פאַרגליווערטער שטיין געבליבן. אין א ווײַלע ארום איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער, ווי זײַן געוווינהײַט איז, ארויסגעקוקט אין דרויסן, פראָים איז אים איצטער ניט אָנגעגאַנגען. אָנשפּאַרנדיק זיך מיט א האַנט אין דער וואַנט, האָט לוזער געוואָלט אָנהייבן ברומען דעם ניגן זײַנעם, נאָר, בייסמײַסע, איז פראָים אויסגעוואַקסן לעבן אים און מיטאַמאָל, ווי אויסגעשאָסן מיט ווערטער:

— הערסטו, לוזער, ווען דו ביסט א לײַטישער מענטש, וואָלסטו כאַסענע געהאַט פאַר מירלען.

לוזער האָט א ציטער געטאָן און בלויז דעם קאָפּ אויסגעקערעוועט.

— פויקער, — האָט ער געזאָגט מיט א ביטער שמייכעלע, — מע דאַרף דיר פּיקן די צונג, — אזוי האָט לוזער געלאָזט זיך שפּאַנען איבערן צימער. פלוצעם שטיין געבליבן און אַף א קאָל גענומען טײַנען: — אזוי זאָגסטו? נו, און טאָמער וויל גאָר דעם ברודערס ווײַב כאַסע־נע האָבן פאַר אַן אנדערן? ווערסטו זי צווינגען?

— פונוואַנען ווייסטו וואָס זי ווילו? דו האָסט מיט איר גערעדט?

— וואָס זשע מיינסטו, עס זײַנען מיר ארויס די אויגן? דו ווייסט, נעבעך, ניט, אז נאָך מירלען און פישלען שלעפּט זיך נאָך א לאַנגאָנעדיקע ליבע.

— די קינדער זײַנען בילכער פון אלע דײַנע פוסטע רייד...

— מירל וועט פאַר מיר ניט כאַסענע האָבן, פאַרגעס ניט, אז איך בין עלטער פון איר מיט א מיטוואָך.

— נו, איז וואָס? ווערסט איבערלעבן ייִנגערע פון מיר...

— דו רעדסט מיר אין דער גאַל ארײַן? — איז לוזער געוואָרן אויסער זיך. מיטאַמאָל האָט ער זיך צעגוואַלדעוועט, — זאָלץ מיר ניט אַף די ווונדן און טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!

אין שטוב איז געוואָרן טויט־שטיל. ביידע זײַנען געשטאַנען, ווי פרעמדע, קלוימערשט זיך אײַנגעהערט צו דער שטילקײַט. פראָים איז דער ערשטער וואכעדיק געוואָרן און לאַנג־זאַם, מיט געציילטע טריט, געלאָזט זיך ארויסגיין פון שטוב. לעבן דער שוועל האָט לוזער אים אָנגעיאָגט, א נעם געטאָן פאַר די אַקסלען, אים א דריק געגעבן צו זיך און אזוי, האַלטנ־דיק אים ארומגענומענע, צוגעפירט צום טיש:

— זיץ, — האָט לוזער באַפוילן.

— מע דאַרף גיין, ס'איז שוין שפּעט.

— אַף נעמען א ביסל מאַשקע איז שפּעט קיין טערעץ ניט.

פון דעם ערשטן זופּ בראָנפן האָט לוזער זיך פאַרקרימט, אראָפּגעשלונגען און גענומען ריידן. גלאַט אין דער וועלט ארײַן:

— פע, וואָס פאַר א מענטש האָט אויסגעטראַכט אזא סאַם־האַמאָוועס?

— ניט קיין מענטש, נאָר א רועך אָן הערנער און אָן א צונג.

— מיט וואָס זשע האָט ער געלעקט דעם ביטערן טראָפּן? — האָט לוזער א פאַרכידעש־טער געפרעגט און אָנגעשטעלט א פאַר קוקערס אַף זײַן כאַווער, אים באַטראַכט שווײַגנדיק.

— האָסט געפונען א כיסאָרן אין מיר, רעבע, וואָס קוקסטו אזוי? — האָט פראָים געפרעגט.

— אוי ביסטו א מאַמזער, — האָט לוזער מיט א ניגנדל געזונגען, — ווען מע וואַרפט דיך ארײַן אין א קאַלך־אויוון, וואָלטן פון דאָרט ארויסגעשפּרונגען צוויי מאַמזיירים.

און פראָים גיסט אָן אין די גלעזער, מאַכט זיך, אז ער פאַרשטייט ניט, וואָס דער אויג־מעלעך־האַבאָשן מיינט.

— לעכאַים, לעכאַים, — האָט פראָים אונטערגעשײַלט.

— וואַרט אַ ווײַלע, איך דאַרף דיך וואָרענען,— קוקנדיק אַף דער גלאָז מאַשקע, האָט לוזער גערעדט.— מירל טאָר ניט וויסן, וועגן וואָס מיר האָבן געשמועסט, דו הערסט, וואָס איך רעד צו דיר?

— וואָס בין איך עפּעס אַ מעלופן קינד? סײַדן עפּשער אונטנאַרום, אַף אַן איידעלן אויפן אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן?

— גאָט זאָל דיך היטן... טאָמער ווײסטו וואגן, וועל איך דיך צעבראָקן אַף לאָקשן.

— אויב דו הייסט ניט, איז דאָך ניט שײַעך.

לוזער גלייבט ניט פּראָזימען. ער איז געגאַנגען אים באַגלייטן אַהיים, דער מאַמזער זאָל זיך, אין איין וועג, ניט אַרײַנכאַפּן צו מירלען. אין דרויסן שוין האָט לוזער זיך באַטראַכט, גענומען פּראָזימען אונטערן אָרעם און פֿאַרקערעוועט צוריק צו זיך אין שטוב, אײַנריידנדיק אים, אַז אינצווייען וועט הײַנט זײַן היימלעכער צו שלאָפֿן.

6

לאַנגזאַם האָט די זון גענומען זיך אַרויסרוקן פֿון אונטער דער ערד, מיטן רונדן עק זיך פֿאַרטשעפּעט אינעם באַרג, זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ ווײַלע, ווי זי וואָלט וועלן באַטראַכטן וווּהין ווײַטער גיין, און ניט געײַלט געלאָזט זיך שוועבן איבערן ריינעם רויטלעך־בלויען הימל. די בלאָנדזשענדיקע כמאַרעס זײַנען נעלעם געוואָרן, ווי אַ צעפּאַלאָכעטע טשערעדע שאָף.

די פֿויגלען האָבן זיך דערפֿרייט מיטן באַגינען, געמאַכט אַ געפּילדער, און די הענער האָבן זיך צעקרייעט.

כאַווע איז אַרויסגעגאַנגען פֿון שטוב, זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן הויף, גענומען אויסגלײַכן די ביינער. אַן אויסגעשלאָפֿענע, אַן אויסגערוטע. דאָס קאָפּטל אַף איר איז אויסגעפּרעסט, דאָס פֿאַרטעכל אויסגעוואַשן. אײַנשלינגענדיק אַ געגעץ, האָט כאַווע געלאָזט זיך גיין צום שטעלכל אַרויסלאָזן די דרײַ הינער, מיט וועלכע זי קלײַבט זיך פֿאַרפירן אַ ווירטשאַפֿט. בעשאַס מײַסע האָט האָדעלע, וואָס האָט גענעכטיקט בא דער מומע כאַווע, אויך זיך באַוויזן אין הויף, איין אויג דרעמלט נאָך בא איר, דאָס צווייטע זשמורעט זיך, קוקנדיק אַף דער נאָרוואָס געבוירענער זון, מע קען מיינען, אַז האָדעלעס הייס גופּעלע דערוואַרעמט דעם פֿאַרטאָגיקקילן דרויסן. רייכעס פֿון צעשפּאַלטענע קאַווענעס האָבן פֿאַרשמעקט אַרום און אַרום.

און אָט איז האָדעלע אינגאַנצן וואַכנדיק געוואָרן. די אויגן אירע, ווי נאָרוואָס אויסגעוואַשענע, זוכן די מומע כאַווע. זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע קאָן זיך ניט מויכל זײַן, האַלעמײַ ניט זי איז די ערשטע אופגעשטאַנען. זי האָט אַפֿילע ניט געהערט, ווען די דרויסנדיקע טיר האָט אַ סקריפּע געטאָן.

ניט לאַנג געטראַכט, איז האָדעלע צוגעגאַנגען צו דער אָנגעפּילטער דייזשקע, וואָס איז געשטאַנען הינטער אַ רינווע, אײַנגעטונקען דאָס פּאָנעם אין וואַסער. עס אַ שווענק געטאָן און בלויז מיט די הענט אויסגעווישט דאָס געזיכט, נאָכדעם פֿאַרנומען די פּײַכטע פּאַסמעס האָר הינטער די קליינע אויערלעך און אַרויסגעשטעלט דאָס פּאָנעם טריקענען אַף דער זון. איבערן הויכן פֿאַרברוינטן האַלדז זײַנען גערונען בלישטשענדיקע טראָפּנדלעך, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט אין די גריבעלעך בא די שלאָס־ביינער.

כאַווע האָט אַרויסגעטראָגן פֿון שטעלכל אַ קײַלעכדיקן קאָשעק מיט קיזיקעס, אויסגעשאָטן זיי אַף דער קופּע ליים, וואָס איז געווען אָנגעוואַלגערט ניט ווײַט פֿון דער שטוב. האָדעלע איז אַרײַן אין פּירהויז, די רעגע זיך אומגעקערט מיט אַן עמער, צוגעגאַנגען צו דער דייזשקע, אָנגעשעפּט וואַסער און גענומען באַגיסן די קיזיקעס, וועלכע זײַנען געווען אויסגעשאָטן אַף דער קופּע ליים.

— האָדעלע, שוויץ ניט, קיין דײַטשן זײַנען דאָ ניטאָ, מע זאָל דיך אונטערטרײַבן,— האָט כאַווע געזאָגט, דערבײַ פֿאַרהויבן די ראַנדן פֿונעם קליידל און זיי פֿאַרשטעקט בא די לענדן. אַראָפּוואַרפֿנדיק די שטעקשיך, איז כאַווע אַ באָרוועסע, מיט אַנטבלויזטע פֿיס ביז די קני̇עס, אַרויף אַף דער קופּע ליים און גענומען זיך טאָפּטשען אַף איין אָרט.

האָדעלע שוויצט ניט, בא איר איז יעדער באַוועגונג אויסגערעכנט, זי האָט פֿון זיך אַראָפּגעשלעפּט דאָס קליידל, עס אופגעהאַנגען אַף דער צעעפֿנטער טיר פֿון פּירהויז, נאָכדעם גענומען פֿאַרקאַטשען די קאָלאָשעס פֿון די שאַראָוואַרעס און איז אויך אַרויף אַף דער קופּע ליים. פֿון אָנהייב האָבן האָדעלעס שלאַנקע פֿיס זיך געהויבן לאַנגזאַם, נאָכדעם איז זי אַוועק שפּאַ־

נען אין אַ קרײַז, זי האָט באַוויזן פאַרשאַרן מיט לײם דעם קרײַז, די וואַסער זאָל ניט אַרויסרינען אַף דער ערד.

כאַווע הייבט אויף אירע פיס, בײַסמײַסע וואַרפט זי מיט די הענט, ווי אַ זעלנער, די אַקסלען הייבן זיך קימאַט ביז די אויערן, און האָדעלעס קערפּער רירט זיך ניט, בלויז די ראַגלײַמלעך אירע ווײַסן, וואָס מע דאַרף טאָן.

ביידע טוען זייער אַרבעט שווײַגנדיק, דעריבער ווײַזט זיך אויס האָדעלען, אַז די מומע כאַווע איז אָפּגעשטאַנען אַף דער לינקער זײַט. די מומע כאַווע שפּיגלט זיך אינעם מיידל. דער מאַזיק, טראַכט זי, קען דאָך שפּילעוודיק און טאַנצנדיק אָפּטאָן אַ וועלט מיט אַרבעט און אין איין וועג צונויפדרייען אַ רועך אין דרײַען, נאָר פון זינט זי, האָדעלע, איז זיך מעיאַשעוו געווען אײַנראַמען אַ סאָד דער מומע כאַווען, אַז זי, די קליינע, פאַרמאָגט אַ לאַנגאָנעדיקע טרוים וועגן איינעם אַ באָכער, וועלכער האָט צוויי מאָל געראַטעוועט איר דאָס לעבן, און ערשט ניט לאַנג איז זי, האָדעלע, געווירע געוואָרן, אַז יענער באָכער לעבט און זי איז גליקלעכער פון אַלעמען אַף דער וועלט. זי האָט גערעדט פאַר פײַער און פאַר וואַסער. זי ווייסט שוין, אַז ער איז עטלעכע מאָל געווען פאַרוווּנדעט, ער איז געלעגן אין די שפּיטאָלן, דערבײַ האָט זי אַ זיפץ געטאָן:

„ווי דערלעב איך מיט אים אַ וואָרט אויסריידן", הייסט עס, איציק גייט איר ניט אָן? אין איר זון האָט זי אײַנגאַנצן פאַרגעסן. דערפאַר טאַקע, פאַרטראָגט ניט כאַווען דאָס האַרץ מוידיע זײַן האָדעלען, אַז ס'איז אָנגעקומען אַ בריוו פון איציקן, ווו ער שרײַבט, אַז אײַנגיכן וועט ער קומען אַהיים און ער בעט, מע זאָל האָדעלען איבערגעבן אַ האַרציקן גרוס. כאַווען קאָרטעט צו וויסן ווער איז יענער באָכער? אין דעמבבענעץ זײַנען, דאַכט זיך, אַזעלכע באָכערים ניטאָ און ניט געווען. נאָר צו וואָס דאָס דאָזיקע מיידעלע קען זיך דערטראַכטן, איז ניט שײַעך. און עפּשער איז זי גאָר ניט שולדיק? פאַר די עטלעכע שווערע יאָרן איז זי דאָך אויסגעוועזן אַ וועלט, ווער ווייסט אין וועמענס הענט איז זי געווען.

כאַווע האָט ראַכמאָנעס אַף דעם מיידל, דערפאַר איז עפּשער די קליינע צוגעזאָגטן צו איר, צו כאַווען. זי האָט דאָך קיינעם ניט, זוכט זי, נעבעך, די וואַרעמקײַט בײַ אַ גאָענטן מענטשן.

אָפּטלעך, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, פלעגט כאַווע זיך צולייגן אַפן דיוואַן אָפּרוען אַ ביסל. דעמלט פלעגט האָדעלע באַלד אויסוואַקסן לעבן געלעגער און זיך צוגעשפּאַרט אַפן דיוואַן, טוליענדיק זיך צו איר, צו כאַווען. דערבײַ פלעגט זי אָנהייבן דערמאָנען די שרעקלעכע טעג, וואָס איר איז אויסגעקומען אויסצושטיין אין דער פרעמד צווישן כײַעס. אָט־דאָ ניט לאַנג האָט די קליינע דערציילט, ווי אין איינעם אַ שיינעם טאָג איז אַף דער פאַרמע, אַף וועלכער זי מיט די כאַווערטעס האָבן געאַרבעט, געקומען דעם באַלעבאָס' זון, אַן עסעסאָוועץ, אַ שיינער באָכער, אַ ווּוקסיקער, אַ שלאַנקער. די אוניפאָרמע איז אַף אים געווען, ווי אויסגעגאָסן. אויסערלעך האָט ער אויסגעזען זײַן אַ גוטינקער, אַ ווווילער, קאַרל האָט מען אים גערופן. די בלויע אויגן האָבן בײַ אים געשײַנט, ווי בײַ די מאַלאָכימלעך, וועלכע זײַנען געווען אָנגעמאָלט אַף אַ בילד, וואָס איז געהאַנגען בײַם באַלעבאָס אין שטוב. דערצו איז קאַרל געווען אַ צוכט, ליב געהאַט זיך פּוצן, מאַמעש עס פלעגט פון אים שמעקן. ווען ער פלעג נאָר קומען, האָט ער באַפוילן, מע זאָל הייצן די באָד. די מיידלעך, וואָס אַרבעטן אַף דער פאַרמע, זאָלן קענען זיך וואַשן, זיי זאָלן זײַן ריין. אָבער זיי, די מיידלעך, האָבן, פון אָנהייב, ניט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער צוכט מיט די בלויע אויגן פלעגט דורך אַ פענצטערל כאַפּן אַ קוק אַף די נאַקעטע מיידלעך און אויסקלײַבן אַ קאָרבן פאַר זיך. גוט, וואָס זי, האָדעלע, איז זעלטן געגאַנגען אײַניינעם מיט די מיידלעך זיך וואַשן. זי פלעג זיך פלײַסן האַלטן ניט שטאַרק ריין, קעדיי זיך ניט וואַרפן אין די אויגן ניט דעם באַלעבאָס און ניט דעם זון זײַנעם. זי האָט זיך געהאַט אָפּגעלאָזט, און דאָס פּאָנעם איז ניט שטאַרק לויטער געווען, ווײַל זי איז מאָגער געווען — הויט און ביין, דערצו האָט זי געבעטן גאָט, אַז די זײַדעס אין די ווינקלען פון מויל זאָלן זיך קיינמאָל ניט פאַרהיילן, די אויגן זאָלן זײַן פאַרקיסנעט. און כאָטש מע האָט זי געהאַלטן פאַר אַ נעבכליע, דאָך איז דעם באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע געפעלן געווען איר אַרבעט און זיי האָבן געהאַלטן זי פאַר אַ האָרעפּאַשניצע, ווײַל קיין בעסערע דינסט פאַר די כאַזיירים האָבן זיי קיינמאָל ניט געהאַט.

די ערשטע צײַט איז קאַרל געווען גלײַכגילטיק צו האָדעלען, זי ניט באַמערקט, ער האָט בלויז געוווּסט, אַז אָנשטאָט זעקס מיידלעך קומען אין באָד אַרײַן נאָר פינף.

ווען קאַרל איז אַ צווייט מאָל געקומען צו גאַסט צו די עלטערן, איז ווי אָפּצולאָכעס, זי, האָדעלע, אים אָנגעקומען אַנטקעגן. ער האָט באַפוילן, זי זאָל זיך אָפּשטעלן. מיט די שפּיץ פינגער האָט ער זיך צוגערירט צו איר קין און אונטערגעהויבן דעם קאָפּ העכער, באַטראַכטנ־

דיק די אויגן אירע, די נאָז, די ליפּן און ווי זיך אַליין געפרעגט פאַרוואָס זעט ער זי דאָס ער־
שטע מאָל, הייסט עס, זי באַהאַלט זיך אויס פון אים? אָ, דאָס איז זי די זעקסטע? אַף זײַן גע־
זיכט האָט זיך באַוויזן אַ גוטמוטיק שמייכעלע, בלויז פון די בלויע קוקערלעך האָבן אַ שפּריץ
געטאָן שטעכיקע שפּיזלען און, ווי פאַרבײַגייענדיק, האָט ער איר אָפּגעלאָזט אַזאַ פּאַטש אין
פּאָנעם, אַז שטערנדלעך האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון אירע אויגן.

זײַן באַפעל איז געווען אַ קורצער: מאָרגן אויסהייצן די באָד און זי, האָדעלע, זאָל זיך
וואַשן מיט זודיקער וואַסער.

אַ גאַנצן טאָג איז בײַ האָדעלען די אַרבעט געפאַלן פון די הענט. פון שרעק האָט זי צע־
שאָטן אַ טאָרבע מיט קלײַען, ווען זי האָט געמאַכט אַ מײַכל פאַר די כאַזיירים. זי האָט גע־
וואָלט צונויפשאַרן די צעשאָטענע קלײַען, ווײַל אויב די באַלעבאָסטע וועט דערזען, פאַר־
שפּאָרט זי לעבן אַף דער וועלט. עס האָט זי געמוטשעט איין און דער זעלבער געדאַנק: זיך
אָפּטראָגן פונדאַנען, נאָר וווהין אַנטלויפט מען, אַז זי ווייסט ניט קיין וועג און קיין שטעג. זי
האָט קוים דערלעבט דעם אָוונט. זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער אַרבעט, איז זי פון שטאַל
אַרויסגעגאַנגען אין הייפל, געמיינט צוגיין צו דער שטוב, ווו די מיידלעך וווינען, אַרויסרופן
אָקסאַנען, קיינער זאָל ניט באַמערקן, זיך דורכריידן מיט איר, האַלטן זיך אָן אייצע, וואָס זאָל
זי טאָן, נאָר די כאַווערטע אירע איז שוין אַליין אַרומגעגאַנגען אַרום די שטאַלן, וואַרטנדיק
אַף איר, אַף אַנען, אַזוי האָט מען אַף דער פערמע גערופן האָדעלען.

אָקסאַנע האָט דעמלט שוין ניט מוירע געהאַט פאַרן באַלעבאָס׳ זונדל, ווײַל זי איז גע־
ווען אין די הויכע כאַדאָשים.

ביידע כאַווערטעס האָבן זיך אָנגעקוקט שווײַגנדיק, געטראַכט און נאָך אַמאָל געשוויגן.
אָקסאַנע מיט האָדעלען האָבן זיך אומגעקערט אין כאַזער־שטאַל, דאָרט האָבן זיי געקענט
ריידן.

אָקסאַנע האָט דערציילט, אַז מאַריקע, וואָס ראַמט די שטוב, האָט איבערגעגעבן, אַז זי,
אַנע, זאָל קיין מוירע ניט האָבן, אָבער אַקשענען דאַרף זי זיך ניט, ווײַל שפּילן זיך מיט קאַר־
לען איז געפערלעך, סײַווי וועט זי זיך ניט אויסדרייען פון זײַנע הענט. האָדעלע האָט געביסן
די ליפּן, געדרייט מיטן קאָפּ, סײַווי וועט זי ניט בלײַבן, זי וויל ניט אַרײַנפאַלן צו קאַרלען
אין די הענט, זי וועט גיין וווהין די אויגן וועלן זי טראָגן. בעסער זאָל מען זי שיסן.

אָקסאַנע האָט מיט אַ טיכעלע געווישט האָדעלעס פּאָנעם, זי באַרויִקט, דערציילט, אַז אָק־
סאַנע איז געווירע געוואָרן, אַז דעם באַלעבאָס׳ זונדל נעמט מען צו אַף דער מילכאָמע, דאָס
איז ער געקומען זיך געזעגענען מיט די עלטערן, אָבער ווער ווייסט, וואָס ער וועט זיך דער־
לויבן אָפּטאָן, ביז ער וועט זיך אָפּטראָגן פונדאַנען. זי איז ניט אומזיסט געקומען, אָקסאַנע.
זי ווייסט, דאָס הייסט איר יוזיק ווייסט, ווו מע קען זיך אויסבאַהאַלטן, נאָר דאָרטן דאַרף מען
זייער שווער אַרבעטן, האָרעווען פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט און זי ווייסט ניט, צי זי,
אַנע, וועט אויסהאַלטן.

האָדעלע האָט אַרומגענומען איר כאַווערטע, זיך געטוליעט צו איר און דורך טרערן זי
פאַרזיכערט, אַז זי וועט קענען, זי וועט אויסהאַלטן.

אין דער זעלבער נאַכט זײַנען יוזיק מיט אַנען געגאַנגען, געפּויזעט אַף אַלע פיר צו אַ
טײַך, ווו ס׳איז אַפן הויכן ברעג געשטאַנען אַ פּוילישער מאָנאַסטיר.

אַ כוידעש צײַט האָט האָדעלע אָפּגעהאָרעוועט אַף יענער קאַטאָרגע, געוואַשן די פּאָלן
אין קאָסטיאָל, געווײַסט די ווענט אין די קעליעס, אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען שײַערן
די אײַזערנע פּליטעס באַם אַרײַנגאַנג אין קאָסטיאָל. מע האָט זיי באַדאַרפט רײַבן מיט זאַמד,
זיי זאָלן בלישטשען.

איינמאָל האָט האָדעלע אַזוי לאַנג געשײַערט די דאָזיקע פּליטעס, ביז זי איז געפאַלן כאַ־
לאָשעס. ווען זי זאָל ניט געווען זײַן אַזוי שטאַרק הונגעריק, וואָלט עפּשער אַזוינס מיט איר
ניט פאָרגעקומען. עמעצער האָט אַף איר אַ גאָס געטאָן וואַסער פון אַן עמער און זי איז גע־
קומען צו־זיך, קוים זיך אויפגעהויבן און ווידער גענומען זיך צו דער אַרבעט.

נאָך דער אַרבעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן קאַיאָר און זיך געענדיקט, ווען די זון איז
פאַרגאַנגען, האָט האָדעלע באַדאַרפט צוויי שאָ שטיין אַף די קניִעס אין אַ שמאָלינקער קעליע,
וועלכע איז ענלעך געווען אַף אַ שטיינערנעם זאַק, און בעטן די „מאַטקע באָזקע״ זאָל איר,
דער זינדיקער, פאַרגעבן די כאַטאָים אירע. די קני זײַנען פאַרקילט געוואָרן. זי פלעגט קוים
זיך דערוואַרטן, מע זאָל איר אַרײַנטראָגן דאָס שיסעלע סופּ מיטן שטיקל ברויט. נאָר די צוויי
שאָ האָבן געדויערט אַן אייביקײַט. קניִענדיק, האָט זי באַדאַרפט צוטוליען דלאָניע צו דלאָניע,
פינגער צו פינגער, האַלטן אַזוי די הענט לעבן דער ברוסט, שטאַמלען איינע און די זעלבע

טפּילע — מע זאָל איר מוחל זײַן, מע זאָל איר פֿאַרגעבן, און ווי אָפּצעלאָכעס פֿלעגט האָדע־
לע זיך דערמאָנען, ווי די מאַמע האָט דערציילט, אַז גאָט איז איינער, ער געפֿינט זיך אין
הימל און קיינמאָל האָט אים קיינער ניט געזען כּוץ מוישע ראַביינו.

האָדעלע איז זיכער געווען, אַז די איקאָנע וועט איר קיינמאָל ניט העלפֿן, נאָר בעטן האָט
זי געמוזט, ווײַל אַלע מאָל האָבן צוויי אויגן אַ קוק געגעבן דורכן טיר־פֿענצטערל. די דאָזיקע
קוקערס האָבן ווי צוויי שפּינען געפּויזעט איבער איר פּלייצע.

דעמלט, ווען מע האָט זי אָפּגעגאָסן מיט וואַסער, האָט זי געמיינט, אַז זי וועט קיינמאָל
ניט קענען זיך דערקלײַבן צו דער שטיינערנער געבײַדע, ווו די קעליע האָט זיך געפֿונען.
דאָס נאַסע אָנטאָן איז צוגעקלעפּט געוואָרן צום לײַב. און יעדער אייווער איז אַזוויוי געווען
געפּענטעט. זי האָט קוים געפּלאָנטערט מיט די פֿיס, די אויגן האָבן גענומען זיך צומאַכן. אָט
טוט זי אַ פֿאַל אויף דער ערד. און פּלוצעם האָט זי דערהערט דער מאַמעס קאָל: „האָדעלע,
טאָכטערקע, שלאָף ניט”. די אויגן האָדעלעס האָבן זיך געעפֿנט, זי איז זיכער געווען, אַז די
מאַמע גייט באַנאַנד מיט איר, דאָס אײַלן זיי צו דער מאָדיסטקע אַראָפּנעמען אַ מאָס אויף אויפֿ־
נייען איר, האָדעלען, אַ כאַסענע־קלייד, און ס׳איז איר אַזוי גוט געוואָרן אויפֿן האַרצן... נאָר
אינמיטנדערינען האָט די קעליע־טיר אַ סקריפּע געטאָן, און דער שיינער כאָלעם איז פֿאַר־
שוווּנדן. די הענט אירע האָבן געטאַפּט די שטיינערנע קאַלטע ווענט. אין קעליע איז פֿינצ־
טער געווען, ווי אין אַ קייווער. בלויז דאָרטן אין ווינקל בלינצלט דאָס פֿײַערל און עס הייבט
זיך אָן די אייביקײַט, די צוויי שאָ. זי מוז זיך שטעלן אויף די קני. ווי נאָר זי האָט זיך אַראָפּ־
געלאָזט אויפֿן פֿאָל, וואָס איז געווען אויסגעלייגט פֿון ציגל, איז אַ פֿראָסט אַדורך איבער איר
לײַב. די הענט האָבן ניט געפֿאָלגט, ניט געקאָנט זיך טוליען דלאָניע צו דלאָניע און פֿינגער
צו פֿינגער. פֿון די אויגן האָבן געיאָשעט טרערן, וואָס זײַנען געפֿאַלן אויף די ציגל, ווי האָגל.
די קויכעס זײַנען אויסגעגאַנגען און זי האָט דעם קאָפּ אָנגעבויגן צו דער ערד.

דרעמלענדיק ווײַזט זיך איר אויס, אַז זי האָט זיך אונטערגעשטעלט אויף די קני, אויפֿ־
געהויבן צו דער איקאָנע די אויגן. פּלוצעם דערזעט זי, ווי דאָס שיינע יינגעלע, וואָס זיצט
אויף די הענט פֿון דער הייליקער מוטער, טוט זיך אַ דריי, און זי באַמערקט, ווי פֿון זײַנע אויגן
זײַנען אויך אַרויסגעפֿאַלן צוויי גרויסע טרערן; הייסט עס, ער האָט דערהערט איר געבעט, און זי,
האָדעלע, וויל אָנהייבן ריידן, נאָר עס וואַרגן איר אין האַלדז צוויי קאַלטע שטיקלעך אײַז. ענד־
לעך איז דאָס אײַז צעגאַנגען געוואָרן, און זי צעוויינט זיך אויף אַ קאָל. זי ווייסט ניט, וואָס
זאָל זי פֿריִער בעטן באַם יינגעלע. אַ־אַ, זי האָט זיך דערמאָנט. זי בעט, מע זאָל איר געבן
צוויי שטיקלעך ברויט און דרײַ שיסעלעך סופּ, ווײַל איין שטיקל ברויט איז ווייניק, די קוי־
כעס פֿאַרלאָזן זי. זי וועט ניט קאָנען אַרבעטן. פּלוצעם האָט זיך דערהערט דאָס קאָל פֿון דער
הייליקער מוטער: „זינדיק ניט, — זאָגט זי, — פֿאַרוואָס האָסטו געלייקנט ווער דו ביסט? אויב
דו ביסט לעבן געבליבן, דאַרפֿסטו אָפּנהערציק זיך מיסוואַדע זײַן, און זיך ניט קלאָגן. דיר
וועט נאָך אויסקומען גוט זיך מוטשען...”

אויסהערנדיק האָדעלעס מײַסע, איז כאַווע געבליבן ליגן אַ דערשיטערטע. ווען האָדעלע
איז אַנשוויגן געוואָרן, יהאָט איר גופּעלע אָנגעהויבן ציטערן. כאַווע איז געקומען צו־זיך, גע־
נומען גלעטן דעם מיידלס פּלייצע, די הענט אירע, זי האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס זי וויל
זאָגן. און זי, האָדעלע, האָט גאָר אָנגעהויבן לאַכן, וואָס הייסט לאַכן. די גאַנצע שטוב איז גע־
וואָרן פֿול מיט איר געלעכטער. איצט, טאַפּטשענדיק זיך אויף דער קופּע ליים און דערמאָנענ־
דיק זיך אין יענעם אָוונט, האָבן כאַוועס אויגן זיך, קלוימערשט, געזשמורעט אַנטקעגן דער
זון, אויף איר געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. הייסט עס, איר, האָדעלען, האָט זיך דעמלט
אײַנגעגעבן אויסדרייען פֿונעם קוילערס הענט, אָבער ווער ווייסט, וואָס איז איר ווײַטער
אויסגעקומען אויסצושטיין. כאַווע איז מילדער געוואָרן, פֿאַרגעסן אינעם פֿאַרדראָס, האַלעמײַ
די קאָלבויניצע איז זיך מעיאַשעוו געווען פֿאַרגעסן אין איר איציקן.

כאַווע איז מיטאַמאָל שטיין געבליבן, געהייסן האָדעלען אויך אָפּרוען אַ ביסל, בייסמײַ־
סע, מיט גוטע אויגן געקוקט אויפֿן מיידל, און זי, האָדעלע, דאַרף מער ניט. שמייכלענדיק נעמט
זי מיט אַ טיכעלע ווישן דער מומע כאַוועס פֿײַכטן שטערן, פֿאַרשאַרט אַ פּאַסמע האָר, און
כאַווע פֿאַרשפּיליעט אַ קנעפּעלע פֿון האָדעלעס צעכראַסטעט קאָפֿטעלע, טוליענדיק זיך צו
דער קליינער. אין אַ ווײַלע אַרום טוט זי אַ מעסט אָפּ דאָס מיידל פֿון אויבן ביז אַראָפּ און
באַשליסט — ווען האָדעלע זאָל געווען האָבן אַ קינד און וואָלט עס געזויגן, וואָלטן די בריסט־
לעך אירע ניט געווען אַזוי האַרט, ווי שטיינדלעך...

נאָכן קליינינקן איבערײַס לייגט כאַווע אַנידער ביידע הענט אויף האָדעלעס אַקסלען און
יענע פֿאַרשטייט, וואָס עס באַטײַט. ניט געײַלט טוט זי דאָס זעלבע, און ביידע זײַנען גרייט

געוועז כאַפּן א טענצל אַף דער קופּע ליים. ניט לאַנג געטראַכט, האָט כאוועַ האָפּערדיק אויס־געדופן:

— אַנו, איניינעם: איינס, צוויי, דריי!

ביידע האָבן גענומען קנעטן מיט די פיס, טאַנצנדיק פּונקט ווי זיי וואָלטן דערהערט קלעזמער שפּילן. האָדעלע האָט אונטערגעגעבן מיט א ניגנדל:

— טשירי, טשירי באַם, באַם. טשירי, טשירי באַם באַם.

די ליים קוויטשעט אונטער זייערע פיס, ביידע שאָקלען מיט די קעפּ אַף רעכטס און אַף לינקס, טאַנצנדיק זאָגט כאוועַ:

— מיר האָבן באַקומען א בריוועלע פון איציקן.

— נו? וואָס זשע שרייבט ער? לאַם צעדריצאַ האָצאַ, צאַ.

— ער וועט איינגיכן קומען צו פאָרן אַהיים. האָפּליאַ!

— אוי, וועט ער דאַך באַווייזן אַנקומען אין אינסטיטוט אָן עקזאַמענעס...

— ביסט דאַך געדעכט! — האָט כאוועַ פרייליך אויסגערופן.

— דירי, דירי, באַם, באַם — זינגט האָדעלע א צופּרידענע, און כאוועַ האַלט אונטער מיטן זעלבן ניגון:

— א האַרציקן גרוס שיקט דיר איציק. באַם, באַם.

האָדעלע שאָקלט מיטן קאָפּ, זי דאַנקט פאַרן גרוס. די ליים קרעכצט שוין, און זיי ביידע הערן ניט אויף טאַנצן. זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי פּראַזים האָט זיך באַוויזן לעבן הויף, זיינע וואָנצעס בלישטשען אַנטקעגן דער זון און אין די אויגן שפּרינגען פאַרשייטע שיידימלעך. אים געפעלט, ווי מע טאַנצט, און ער הייבט אָן פּליעסקען מיט די הענט:

— ווײַבעלעך, הייבט פאַלקעס, לעבעדיקער. טשירי, בירי באַם־באַם.

דערזען פּראַזימען, זיינען די פרויען שטיין געבליבן, ווי די געליימטע. און מיטאַמאָל האָבן זיי ביידע א פּישטשע געטאָן, ווי מע וואָלט זיי אָפּגעגאָסן מיט וואַסער. כאוועַ האָט אָפּגיך אַרויסגעשלעפּט די פאַרשטעקטע ראַנדן פונעם קליידל — זי איז פאַרטיק, ניטאָ וואָס זיך צו שעמען. האָדעלע איז געוואָרן צעטראָגן, אַראָפּ פון דער קופּע ליים, גענומען טיאַפּקען מיט די פאַרפּאַפּטע פיס צו דער פירהויז־טיר, איילן אַראָפּגעשלעפּט פון דאָרט דאָס קליידל, אַרופגעוואָרפן עס אָפּן קאָפּ, נאָר דאָס קליידל האָט זיך פאַרטשעפּעט, פאַרפּלאָנטערט, און זי, האָדעלע, האָט ניט געקענט ניט אַריין און ניט אַרויס.

— מומע כאוועַ, ווו זיינט איר ערגעץ? — האָט האָדעלע אָקאָרשט ניט געוויינט.

פּראַזים איז אויסגעוואַקסן לעבן מיידל און געענטפערט מיט כאוועס קאָל:

— שוין, אָט באַלד! — און ער האָט גענומען העלפן כאוועלען אָנטאָן דאָס קליידל. ווען האָדלס פּאַנעם האָט זיך באַוויזן אַף דער ליכטיקער שיין און זי האָט דערזען לעבן זיך פּראַזימען, איז זי דערציטערט געוואָרן. די דערשראָקענע אויגן האָבן זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. און פּראַזים האָט אַראָפּגעשלעפּט דאָס קליידל, עס א טרייסל געטאָן, נאָר ווען ער האָט געוואָלט נעמען עס פאַרשפּיליען, איז האָדעלע געקומען צו־זיך און געמאַכט א שפּאַן אין א זייט.

פּראַזים מאַכט זיך ניט ווּסנדיק, ער גייט נאָכן מיידל און רעדט שמייכלענדיק.

— האָדעלע, וואָס מאַכסטו עפּעס? וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר, דו דערקענסט מיך ניט?

האָדעלע שווייגט, ווייסט ניט וואָס צו זאָגן, די אויגן אירע ווערן פייכט, בלישטשען. קוקנדיק אַף איר, לאַכט פּראַזים:

— כאוועַ, — זאָגט ער, — טוט נאָר א קוק אַף איר, באַרוואָס איז זי געווען א שעד אין פּלור־דערן, געטאַנצט, געשפּרונגען, איצטער שטייט זי און ווייסט ניט ווען זי איז געבוירן געוואָרן.

כאוועַ איז צוגעגאַנגען נעענטער, גענומען לאַכן אַף א קאָל איניינעם מיט פּראַזימען, און זי, האָדעלע, האָט געמאַכט פּיסקעס, ווי א קליין קינד, ווען מע באַליידיקט עס:

— וואָס איז מיט דיר, כיעס מיינער? ע, ע, האָסט שוין פאַרגעסן, ווי מיר פּלעגן מיט דיר גיין א פרייליכס. — אויסקערעווענדיק זיך צו דער באַלעבאָסטע פון הויף, האָט ער גע־זאָגט: — איר געדענקט דאָך, כאוועַ, ווי דאָס דאָזיקע מיידעלע פּלעגט טאַנצן, געווען בייגעוו־דיק, ווי א ווערבע־צווייגל, — ער האָט האָדעלען אויסגעשטרעקט א האַנט, נאָר זי האָט ניט געיילט ענטפערן. א שטאָלצע האָט זי געמאַכט צוויי שפּאַן נעענטער צו פּראַזימען און, ווי נאָר די ערשטע טרער איז אַרויסגעפאַלן פון אָן אויג, האָט זי מיט ביידע הענט אַרומגענומען פּראַזימען און זיך צוגעטוליעט צו אים.

כאוועַ מיט פּראַזימען האָבן זיך איבערגעקוקט. זייערע אויגן האָבן ווי געזאָגט: א צע־בראָכן האַרץ, נעבעך.

גלעטנדיק דעם מיידלס אקסלען האָט פּראַים זי באַרויִקט, און ווען ער האָט זיך באַפרײַט פון האָדעלעס אָרעמס, האָט ער ווייטעקדיק געזאָגט:

— איר זײַנט א מייוון, כאַווע, אומעטום באַווײַנט מען מיך, גיי האָב צו טאָן מיט ווײַבער, — ער האָט א מאַך געטאָן מיט א האַנט און הילכיק אויסגערופן: — ווּ איז ערגעץ ראַכמיִעל?

ווען פּראַים איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, איז האָדעלע אַוועקגעלאָפן אין סאָד. די מומע כאַווע ווייסט שוין, אַז די קליינע וועט זיך וואַלגערן אין גראָז און וועט אָנהייבן אָדער וויינען, אָדער לאַכן.

# 7

פּעסעלען איז נימעס געוואָרן וויינען אין שכיינעס. זי האָט ווי־ניט־איז אָפּגערעמאָנטירט א צימער, די קיך, און מיט די קינדער, מיטן גאַנצן דאָברע־מאַזל, זיך איבערגעקליבן צו זיך אין שטוב. זי האָט מער ניט באַדאַרפט זיך אַרומקוקן און טראַכטן, וואָס מע מעג טאָן אין א פרעמדער דירע און וואָס מע טאָר ניט, דערצו אײַנהיטן די קינדער זיי זאָלן ניט אַרומלויפן איבערן הויף, — דאָס ניט טשעפּען, יענץ ניט אָנרירן, ניין, ס'איז ניט פאַר אירע קויכעס. דערצו ווייסט בלויז פּעסעלע, וואָס דער באַלעבאָס פון דער שטוב איז ווערט...

נאָכעם שפּיץ איז א מענטש אין די יאָרן, נאָר ער איז א קרעפּטיקער, א באַוועגלעכער. ער כאָליעט א שיינע שוואַרצע באָרד, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין איין גרוי הערעלע. ער גלעט זי אַפילע באַנאַכט, ווען ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. ער האַלט צוליב זײַן ליבלינג א ספּעציִעל קעמעלע, וואָס ליגט באַהאַלטן אינעם אייבערשטן פּידזשאַק־קעשענקעלע. די באָרד איז בא אים א ברייטע, א קײַלעכדיקע, וואָס פּאַסט צו זײַן רונד רויטלעך געזיכט און צו זײַן האַמעטנעם פולבלעכן קערפּער.

נאָכעם גייט אַרום צווישן די רויִנעס און ליידיקע הײַזער זוכן א מעזוזע. ער זאָגט, טאָמער וועט ער, אין איין וועג, אָנטרעפן אף א נישקאָשעדיק ווײַבל, אַן אַלמאָנע, וועט ער גלײַך פאַרלייגן, זי זאָל פאַר אים כאַסענע האָבן, ווײַל אָן קיין פלוינעסטע קאָן ער זיך ניט באַגיין.

פּעסעלע פלעגט באַמערקן, אַז דער דאָזיקער זאָקן האָט א טעווע געהאַט אָנשטעלן אף איר זײַנע גרויסע אויגן און קוקן ניט אַהין ווּ מע דאַרף. זי פלעגט פילן, אַז די דאָזיקע קורקערס באַגלייטן זי, ווען זי גייט אַרויס פון הויף און באַגעגענען זי, ווען זי קערט זיך אום צוריק.

אַמאָל איז נאָכעם געווען אַן אָקסן־הענדלער, פאַר די מילכאָמע־יאָרן איז ער געוואָרן א קאַצעוו. איצט, טײַנעט ער, אַז מע רײַסט אים אף שטיקער. דעמבעבעצער קאָאָפּעראַציע שלעפּט אים צו זיך, און קאַראַפּעיִשער פאַרגרייט־קאָנטאָר זאָגט אים צו גאָלדענע בערג. די קאָאָפּעראַטאָרן ווייסן, אַז אף אים, אף נאָכעמען, מעג מען זיך פאַרלאָזן, ער פאַרשטייט א טשאַד. אַז ער, דער אַמאָליקער אָקסן־הענדלער, טוט א קוק אף א קאַלב, אָדער אף א קו, ווענגן אָפּ די אויגן זײַנע דאָס שטיקל פּי בעסער ווי דער אַפּטייקער וועגט אָפּ די פּראָשעקעס. ער דאַרף ניט טאַפּן די נעווײלע, זי באַטראַכטן. אַז ער טוט נאָר א פיר מיט זײַן האַנט איבערן רוקן, ווייסט ער שוין די פּרײַז פון דער סקאָטינע. פּעסעלע האָט באַדאַרפט אויסהערן אָט די אַלע מײַסעס. ווען די בוכהאַלטערשע האָט געפירט די ביכער, אָדער, ווען זי האָט זיך געפּאָרעט אין שטוב, פלעגט ער זיך אַנידערשטעלן באַם פענצטער גלעטן די באָרד און דערציילן, אַז גנעסיע, די פלוינעסטע זײַנע, אָלעווהאַשאָלעם, האָט בא אים געלעבט, ווי א מאַלקע. דער קאָפּ איז בא איר פרײַ געווען פון דײַגעס, דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פלעגט ער אַרײַנטראָגן אין שטוב אַרײַן. הײַנט די מאַלבושים אירע, וואָס ער פלעגט צוליב איר באַשטעלן בא די בעסטע שנײַדער? איז דען אין דעמבעבענעץ נאָך בא עמעצן געווען אַזא קאַראַקול־מאַנטל, ווי בא זײַן פלוינעסטע?

איינמאָל איז נאָכעם אַרײַנגעגאַנגען אין צימער, געבעטן פּעסעלען, זי זאָל זיך מיט אים אַנידערזעצן באַם טיש, ער דאַרף איר פאָרלייגן א נייטיקע זאַך.

פּעסעלע איז גרייט געווען אָפּענטפערן, אַז זי נייטיקט זיך אין גאָרנישט ניט און זי דאַרף ניט אויסהערן קיין נייטיקע זאַכן. נאָר ער, נאָכעם, איז דאָך פאָרט עלטער פון איר, דערצו וווינט זי בא אים, איז זי מאַסקים געווען אים אויסהערן.

ווען זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט באַם טיש, האָט נאָכעם אָנגעהויבן דאַבערן. ער האָט אײַנגעטײַנעט מיט דער שכיינע, אַז זי דאַרף טראַכטן וועגן טאַכלעס, ביזוואַנען וועט זי זיך

מוטשען מיט די קינדער איינע אליין. אן אלמאָנע, צי אן אגונע, דארף כאַסענע האָבן. עמעס, הײַנטיקע יאָרן, נאָך אזא מילכאָמע, ווו ס'איז אומגעקומען אזויפיל יונגעלײַט, און דער מאנגל אין מאנצבלען איז גרויס, דארף מען וואָס ווינציקער איבערקלײַבן.

אויסהערנדיק די דאָזיקע רייד, איז פעסעלע קוים אײַנגעזעסן אפן בענקל און ער, נאָכעם, מאכט זיך ניט ווימנדיק. ער האָט ארויסגענומען דאָס קעמעלע פונעם אייבערשטן פידזשאַק־קעשענקעלע, פארהויבן דעם קאָפּ און גענומען קעמען די באָרד הינטנארום, אָנהייבנדיק פונעם האלדז. אז ער האָט פארענדיקט די דאָזיקע ארבעט און באהאלטן דאָס קעמעלע, האָבן זײַנע גרויסע אויגן פעסעלען דורכגענומען אף דורך און דורך:

— א שידעך איז, ווי א לייטער. אז מע שטעלט אים קרום, קריכט מען ארוף.

נאָכעם וואָלט נאָך גערעדט און געכקירעט, נאָר פעסעלע איז פלוצעם אופגעשפרונגען. ס'האָט געדאכט, אז זי וועט דעם זאָקן מיט דער שיינער באָרד באוויַזן אף דער טיר, נאָר זי האָט באדארפט זײַן שטארקער פון אײַזן אף א שמייכל צו טאָן.

זי האָט באדאנקט דעם באלעבאָס, וואָס ער זאָרגט פאר איר, זי וועט אלץ גוט באטראכטן, אָבער איצטער...

ווערליק דאָס קאָל אירס האָט געציטערט, איז נאָכעמען קלאָר געוואָרן, אז ער דארף וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן. אופהייבנדיק זיך פון בענקל, האָט ער יעכידנע געשמייכלט: זײַן מיין איז דאָך געווען, הייסט עס, איר פאָרלייגן געדאַליע טאם, ער איז דאָך געווען דער מיילעך באַ דעמבענעצער קאצאָווים, ער וואָלט זי געטראָגן אף די הענט. באמערקנדיק ווי פעסעלעס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן, האָט נאָכעם האסטיק געלאָזט זיך ארויסגיין פון צימער.

ווען פעסעלע איז געבליבן אליין, האָבן די אויגן אירע מיט צאָרן א קוק געגעבן אף דער טיר. זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אפן בענקל, אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אף די הענט, וואָס זײַנען געלעגן אפן טיש, און שטילערהייט זיך ביטער צעוויינט.

אפן צווייטן טאָג האָט פעסעלע זיך ארויסגעקליבן פון נאָכעם שפּיצס דירע.

פון זינט זי וווינט באַ זיך אין שטוב, איז זי געקומען צו־זיך, געוואָרן גאָר אן אנדערע, זי האָט אופגעראַמט אין יעדער ווינקל, דאָס איין־און־איינציקע פארגלייזטע פענצטער איז אויסגעוואשן און בלישטשעט, ווי דער שפּיגל, וועלכן זי האָט אופגעהאנגען אף דער וואנט לעם שראנק, וואָס איז געבליבן אָן טירלעך. דער הויף איז אויך אין אָרדענונג, כאָטש די קאַרטאָפליעס אינעם גאָרטן זײַנען שפּעט געווען פארזעצט, דאָך בליִען זיי שוין.

פעסעלע האָט אָנגעהויבן זיך ארומזען. דאָס כאַקי־קליידל, דאָס סאָלדאטסקע העמד, וואָס האָבן איר געדינט א היפּש ביסל צײַט, האָט זי באהאלטן אין קאסטן — זאָל דאָס בלײַבן אן אָנדענק פון די שווערע יאָרן. פעסעלע האָט אופגעהערט פארדרייען גלאט אזוי א קובליק. איר גוף איז א ביסל פולער געוואָרן, און זי קאָן שוין זיך פארגינען אָנטאָן א קליידל, א קאָפּטל, וואָס זײַנען אף איר געהאנגען, ווי אף א שטעקן. זי האָט אָנגעהויבן פארפלעכטן די צעפּ און זיי אויסגעלייגט ווי א קרוין אפן קאָפּ.

יעדן אָוונט גייט זי מיט די קינדער צום טײַך זיך באָדן. די יאַטלעך לויפן אראָפּ א בארג, און זי, די מאמע, גייט לאַנגזאם, מיט ווירדע. זי איז אָנגעטאָן אין א לײַכטן געקווייטלטן סאראפאן. זי דארף זיך פאר קיינעם ניט שעמען. טאָמער וועט זי עמעצן באגעגענען, וועט זי די פּאטשיילע ארופווארפן אף די אנטבלויזטע אקסלען. די פּאטשיילע דינט איר אויך צו־ליב א צייכן, טאָמער דערווײַטערן זיך די קינדער פון איר אף א גרויסן מעהאלעך, טוט זי א פאָכע מיט איר — בלײַבן זיי שטיין.

אז די זון זעצט זיך, גייען זיי אלע אהיים. אין איין וועג, רײַסט אָן פעסעלע בלומען און מיטן בוקעט שפּרײַזט זי אן אויסגערוטע, א פרישע. קומענדיק אהיים, צעעפנט זי דאָס פענצ־טער, שטעלט ארײַן אין א קריגל די בלומען און עס הייבט אָן שמעקן אין שטוב.

ווען די קינדער עסן אָפּ וועטשערע, לאָזט זי זיי ארויס אין הויף זיך שפּילן, און זי, די מאמע, ווארפט אראָפּ דעם סאראפאן און טוט אָן א העל־בלויען כאלאט, נעמט צעפלעכטן די צעפּ אירע, וואָס זײַנען פײַכט געוואָרן בעשאס דעם באָדן זיך. מיט צעלאָזטע האָר גייט פעסע־לע צו צום שפּיגל, קוקט זיך אײַן אין איר געזיכט. די קנייטשעלעך, וואָס האָבן געהאט זיך אָנגעמערקט באַ די אויגן־ווינקלען און לעבן די שלייפן, זײַנען ניט געסטײַעט. זי פילט, ווי די אייוורים אירע זײַנען קרעפטיקער געוואָרן, שטײַפער. דער גוף איז מאמעש אופגעלעבט געוואָרן. אָפטלעך טוט א ציטער די הויט און, נאָכדעם, פילט זי, פונקט ווי אין דער יוגנט, ווי לעבלעכער זאמד צעשיט זיך איבערן לײַב מיט א צארטער ווארעמקײַט. אמאָל טרעפט זיך, אז דער דאָזיקער געפיל קומט צו איר, ווען זי טוקט זיך אונטער אין טײַך. דעמלט גייט זי ארויס פון וואסער, לייגט זיך אנידער אפן ברעג און פארמאכט די אויגן. צעשפּרייט די הענט

אין די זײַטן, ליגט זי און הערט זיך אײַן, ווי דאָס לײַכטע ווינטל גלעט אויס יעדער אײוער איִרן.

און אַפּדערנאַכט קען זי ניט צומאַכן מיט קיין אויג, די קינדער שלאָפן געשמאַק, זיי האָבן ניט קיין שום דײַגעס, און בײַ איר ווערט דער קאָפּ צעשפּאָלטן — ווו קריגט מען עטלעכע בלעך אַף צורעכט מאַכן דעם דאַך. זי דאַרף אויך אין זינען האָבן געפינען עפּעס אַ זאַך, זי זאָל זי אויסבײַטן אַף מילך פאַר די קינדער. די אַלע מאַכשאָווועס טוען זי אַ הייב פון געלעגער. אַז זי גייט זיך דורך איבער דער פּינצטערער שטוב, הערן זי אויף צו מוטשען די דאָזיקע געדאַנקען. זי צעעפנט דאָס פענצטער, ס׳זאָל אַרײַן אַ ביסל פרישע לופט, דעקט אײַן גוט די קינדער און גייט אַרויס אין קיך, וואַרפט אַרויף אַף זיך אַ שאַלעכל, פאַרשפּיליעט אַף אַלע קנעפּלעך דעם כאַלאַט און עס טראָגט זי אַרויס פון שטוב.

אין דרויסן איז פריש, עס ציט אַ ווינטל פון טײַך. ערגעץ ניט ווײַט אין אַ סאָד פאַלן עפּל פון דיביימער. עס ווײַזט זיך אויס, אַז אַ גרויסער וואָגיקער פויגל שנאָלט מיט די פיס איבער דער ערד. ס׳איז, ווײַזט אויס, ניט שפּעט. צווישן די צעוואַקסענע ביימער זעט מען, אינדערווײַטן, בלימלט אַ פײַערל. פּעסעלע מאַכט זיך, אַז זי ווייסט ניט אין וועמענס שטוב לײַכט זיך. זי לאָזט זיך גיין אַהין, ווו דער טויער איז אַמאָל געהאַנגען, פונדאָרטן זעט מען בעסער. זי דערקאָנט יענע שטוב, אין וועלכער זי האָט געוווינט אַ שטיקל צײַט. הייסט עס, פּראָיִם איז איצטער אין דער היים, ער קען אויך ניט שלאָפן, וואָס זשע טוט ער איינער אליין? און עפּשער איז עמעצער צו אים געקומען?

פּעסעלע איז שטיין געבליבן לעבן אַן אַקאַציע־בוים, וואָס וואַקסט פון יענער זײַט הויף, קוקט זיך אַרום, הערט זיך אײַן צי די קינדער שלאָפן. ווען זי וואָלט אַף זיי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, וואָלטן די פיס זי אַוועקגעטראָגן דער רועך ווייסט וווהין.

פריִער מיט צוויי טעג אין דער צײַט, איז זי געגאַנגען פון ראַכמיִעלן, ער האָט ערגעץ געקראָגן טאָל אַף דעקן דעם דאַך, האָט זי געמיינט, אַז ער וועט איר אויך מיט עפּעס העלפן. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס האָט האָדעלע, צופּעליק, אין בראָנווע בײַ אַ פויער אויסגעביטן אַף צוויעכעס צוויי רולאָנען. פּראָיִם איז איר אָנגעקומען אַנטקעגן.ביידע זײַנען זיי, פּלוצעם, שטיין געבליבן, ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט, ווי זיי וואָלטן פאַרלוירן דאָס לאָשן. מע האָט אַפילע פאַרגעסן זיך באַגריסן. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי, פּעסעלע, געקומען צו זיך און אָנגעהויבן ריידן:

— טו נאָר אַ קוק אַף אים, — האָט זי געזאָגט, — שליאָנדרעוועט אַרום אַזוי שפּעט. וואָס שלאָפסטו ניט?

פּראָיִם איז נעענטער צוגעגאַנגען, זיך אײַנגעקוקט אין איר, ווי ער וואָלט זי ניט דערקענט, קלוימערשט, און ווי ער וואָלט איר אַ סאָד אַנטדעקט, שטילערהייט געזאָגט:

— פּעסעלע־קרוין, איך האָב פאַרלוירן אַ כאָלעם, גיי איך אַרום אים זוכן.

— אוי, שלימאַזל, כאַלוימעס גייען אים אָפּ, וואָס זשע ביסטו צעכראַסטעט, צעשויבערט? — זי האָט ניט געוווסט, וויִאַזוי איר האַנט האָט גענומען פאַרשפּיליען זײַן גימנאַסטיאָרקע, נאָר די רעגע האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי ווייסט ניט וואָס זי טוט, זיך אויסגעקערעוועט, ווי אַ פאַרשעמט מיידעלע און געלאָזט זיך גיין. פּראָיִם איז איר נאָכגעגאַנגען, עפּעס געשטאַמלט, זי געדענקט שוין ניט וואָס. זיי האָבן גענומען פּלוידערן ניט געשטויגנס און ניט געפלויגנס, נאָכדעם האָט מען זיך גענומען דערמאָנען אין די יונגע יאָרן, פאַר גאָרניט מיט נישט האָט מען זיך צעקריגט, גרייט געווען אויסדראַפּען די אויגן איינער דעם צווייטן, אָבער שפּעטער, פלעגט ער, פּראָיִם, איר נאָכגעבן און באַשטעטיקן מיט צוויי ווערטער: „ביסט גערעכט”. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן מײַסעס, און אַז דער פויקער דערציילט, איז דאָ פון וואָס צו לאַכן... ניט ווײַט פון איר שטוב איז איר געקומען אַפּן זינען אַ געשיכטע, וואָס מיט איר איז פאַרלאָפן.

דאָס איז פאַרגעקומען, ווען זי איז נאָך אין נײַנטן קלאַס געגאַנגען. ס׳איז געווען אָנהייב זומער, דער לעצטער עקזאַמען איז שוין פאַרבײַ, און זי מיט אַ כאָפּטע ייִנגלעך, פאַרפּוצטע מיידלעך, זײַנען געגאַנגען אַהיים פון דער שול. מע האָט געלאַכט, געמאַכט זיך מעשוגע, און קיינעם איז ניט אײַנגעפאַלן אַ קוק געבן אַפּן הימל, וואָס איז געוואָרן פאַרוואָלגערט מיט שווערע וואָלקנס. מיטאַמאָל איז דאָס שטעטל פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ שלאַקסרעגן. דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן פונעם דונערן און בליצן, די ערד האָט געציטערט. אַלע כעוורע, די פאַרפּוצטע מיידלעך זײַנען זיך צעלאָפן, בלויז זי איינע, אַ דערשראָקענע אַף טויט, איז געבליבן שטיין, ווי אַ געליימטע אין מיטן גאַס. זי איז אַף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, באַוויזן, ווי זי איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע, ווי פונעם נײַעם קליידל האָט געגאָסן און געררינען, ווי די שענסטע שיך אירע זײַנען געשטאַנען אין וואַסער. און די קאַליוזשע איז געוואָרן

אַלץ טיפער און גרעסער. פעסעלע האָט געלאַכט און דערציילט ווײַטער: פלוצעם האָט זי דער־זען ווי איינער, מיט אַ זאַק אויפן קאָפ, לויפט צו איר, אַ באָרוועסער, די קאָלאָשן פון די הויזן פאַרקאַטשעטע העכער די קני, זי איז זיכער געווען, אַז דאָס אײַלט גרישע זי ראַטעווען, נאָר ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַ שטייסל.

פעסעלע איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן, אויפגעהויבן די אויגן אויף פראָ:ימען און שטילערהייט געפרעגט בײַ אים, עפשער ווייסט ער, ווער איז דאָס געווען. ס'איז דאָך פאָרגעקומען ניט ווײַט פון זײַן שטוב. פראָ:ים האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפ אויף יאָ. נאָר ער האָט פון אָנהייב דעמלט ניט געוווּסט, אַז דאָס איז זי, פעסעלע, געשטאַנען אַ דערשראָקענע.

זי האָט פאָרגעזעצט דערציילן, ווי ער האָט זי אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם, זי אַרויס־געשלעפט פון דער קאַליוזשע און זי מאַמעס אוועקגעטראָגן צו זיך אויפן גאַנעק. דאָס קאָל איז בײַ איר הייזעריק געוואָרן, אָבער שווײַגן האָט זי ניט געקענט. זי האָט געפרעגט, צי געדענקט ער, ווי ער האָט זי אין קאָרידאָר אײַנגעמאָסטעט אויף אַ בענקל און אַליין איז ער אוועקגע־לאָפן ברענגען אַ האַנטעך. פאַרזיכטיק האָט ער געגומען אַרומווישן איר נאַס פּאָנעם, דעם האַלדז אירן, אַפילו די צעפ אויסגעדרייט, פאַרשאַרט די צוגעקלעפטע פּאַסמעס האָר פונעם שטערן, פון די באַקן, נאָכדעם זיך אַראָפגעלאָזט אויפן פאָל, געשטאַנען אויף איין קני, קעדיי צעשנורעווען די שיינע שיכלעך אירע. זיי אַראָפגעשלעפט פון אירע פיס, אויסגעגאָסן פון זיי די וואַסער, אויסגעטרייסלט פון זיי ווי אַ טראָפנדל, בײַסמײַסע האָט ער געשמייכלט, נאָכדעם אָנגעהויבן לאַכן. און איר איז געווען אַזוי גוט, בלויז אין האַלדז איז געשטאַנען אַ קנויל שניי. זי, די צעדרייטע, האָט געווישט די אויגן, ער זאָל ניט באַמערקן. איר קאָל האָט קוים־קוים מיט ווייטעק אויסגעשטאַמלט: „ווּ נעמט מען יענע יאָרן, פּרויקעלע".

פעסעלע איז אַנשוויגן געוואָרן, זי האָט דעמלט ניט געוווּסט, אַז זיי שטייען אונטער דעם זעלבן אַקאַציע־בוים, זי האָט ניט געפילט ווי זי האָט זיך צוגעטוליעט צו פראָ:ימען, און ער האָט מיט זײַנע הענט, פאָרזיכטיק, זי אָנגענומען פאַר די אַקסלען און פון דער גרינג זי צו־געצויגן צו זיך. ווען זײַנע זײַדענע ווייכע וואָנצעס האָבן אָנגעהויבן בלאָנדזשען איבער איר פּאָנעם, זוכנדיק די ליפן אירע, האָט זיך, פלוצעם, דערהערט דער געשריי פון די קינדער.

— מאַמע, ווּ ביסטו, מאַמע?!

פעסעלע האָט אַ ציטער געטאָן, מיט בײדע הענט אַ שאַר געטאָן איבערן פּאָנעם, אַ צע־טומלטע זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך נאָרוואָס אויפגעכאַפּט פון שלאָף און פאַרלוירן דעם שיינעם כאָלעם. זי האָט אַ קוק געגעבן אויפן ווײַטן פײַערל און געלאָזט זיך גיין צו דער שטוב אַרײַן, זי זאָל ניט הערן דעם געשריי „מאַמע, ווּ ביסטו".

8

פון זינט פראָ:ים איז פאַרנומען מיט אויפשטעלן דעם ציגל־זאַוואָד, סטײַעט אים קיין צײַט ניט טראַכטן וועגן זײַן איינזאַמקײַט. עס דרייט אים דער קאָפ, ווּ נעמט מען מענטשן אויף אויפשטעלן די קאַריערן, מאַכן אַ וועג צו זיי, מע זאָל קאָנען פירן ליים. נאָך מער מאָראָקע האָט ער מיטן אָפּרעמאָנטירן די פּרעסן. ראַכמיִעל קאַשנעק איז דער איינציקער, וואָס וואָלט געקענט צורעכט מאַכן די דאָזיקע מאַשינעס, זײַנען די אויגן בײַ אים שלאָף געוואָרן.

אַלע אינדערפרי שפּאַנט פראָ:ים צום כוטאָר. אין אָוונט אײַלט ער זיך צוריק אַהיים, און ביז ער פאַלט אַרײַן אין שטוב און ביז ער וואַשט זיך אַרום און טוט זיך איבער, ווערט נאַכט.

פראָ:ים וואָלט געקענט נעכטיקן אויפן כוטאָר, נאָר עס ציט אים קיין דעמבענעץ, ער וויל זיך ניט מוידע זײַן נאָך וועמען ער בענקט. איצט וואָלט ער ניט באַדאַרפט זוכן קיין צופעליקע באַגעגענישן, בלויז צוגיין צום הויף, אָדער אַ קלאַפּ טאָן אין פענצטער לעצט ברײרע, נאָר אַז ער דערמאָנט זיך, ווי די קינדער היטן זי, סטײַעט אים ניט קיין מוט. דערצו, אַז ער קומט אַהיים, איז ער מיד, עס ווילט זיך אָנידערלייגן אָפּרוען, ווי נאָר ער דערזעט די קישן, מאַכן זיך צו די אויגן.

נעכטן קאַיאָר, ווען פראָ:ים איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און געלאָזט זיך גיין אויפן זאַ־וואָד, איז לוזער אים אָנגעקומען אַנטקעגן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווי עס האַלט מיט דער אַרבעט, ווען ווערט מען שוין זען אַ לעבעדיקן ציגל... באַגלייטנדיק פראָ:ימען, האָט לוזער גענומען זיך קלאָגן, אַז פון מירלען איז אוממעגלעך אויסצוהאַלטן. זי לאָזט ניט די קינדער גיין צו אים אין שטוב, און ער קען זיך דעריבער קיין אָרט ניט געפינען. לוזער האָט ניט אויסגעוואַרט,

פראַים זאָל אים עפּעס זאָגן, צי טרייסטן אים, זיך אָפּגעזעגנט און איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ שווער אוועקגעגאַנגען.

נעכטן, טאַקע, האָט פראַים מיט גוואַלד זיך פאַרפרי באַפרײַט פון דער אַרבעט, באַשטימט אַרײַנגיין צו מירלען און זיך דורכריידן מיט איר. ער האָט געוווּסט, פראַים, אַז פישל איז אוועקגעפאָרן אין אַ קאָמאַנדירונג.

ווען פראַים איז אַרײַנגעקומען צו מירלען אין שטוב, האָט שוין געברענט אַ לאָמפּ, זי איז ניט געזעסן מיט קיין צונויפגעלייגטע הענט. זי איז געשטאַנען באַם טיש, זיך געדרייט דעם קאָפּ, וויַאזוי פון אירס אַן אַלט קליידל אויסשנײַדן אַ פלאַטקעלע פאַר סימעלען.

— מירעלע, אַ גוטער אָוונט זאָל זיך אין דיר אַרײַנכאַפּן, — האָט פראַים אויסגערופן. דערזען דעם גאַסט, האָט זי אַראָפּגעשאַרט פון טיש דאָס אַלטע קליידל, עס צונויפגעלייגט און אַנידערגעלייגט אַף אַ בענקל.

— זע נאָר, — האָט זי געזאָגט, — אָט נעם איך באַלד צעוואָלגערן די הרובע, קום נעענטער זעץ זיך אַנידער. — זי האָט זיך אַ דריי געטאָן, און אַ סערוועטל האָט זיך באַוויזן אין אירע הענט. זי האָט עס פלינק אויסגעשפּרייט אַפן טיש, און פאָרגעזעצט ריידן: — באַלד וועל איך דיך מעכאַבעד זײַן מיט אַ לעמעשקע פון פּאַפּשוי־מעל און מיט געבריטער קאַלטער מילך.

פראַים האָט אופגעהויבן ביידע הענט אין דער הייך, אָנגעהויבן זיך בעטן:

— מירל, אויב דו ווילסט, איך זאָל באַ דיר אַ ביסעלע זיצן, טשעפּע מיך ניט מיט קיין מײַכאָלים, איך האָב נאָרוואָס געגעסן.

— אין דײַן נאָז זע איך ניט, דו זאָלסט זײַן זאַט.

— ווי קומט אהער די נאָז. ווען דער מאָגן האָט אַ פענצטערל, וואָלסטו געזען. דו גיב בעסער אַ קוק אַף זיך, כּיעס מײַנער, מיט יעדער טאָג ווערסטו ייִנגער און שענער.

— שפּײַ אויס דרײַ מאָל, גיכער. — האָט מירל זיך אַ דריי געטאָן, גלאַנצנדיק מיט די אויגן.

— טפו, טפו, טפו, טפו. איך האָב שוין פיר מאָל אויסגעשפּיגן, קיין גוט־אויג זאָל דיך ניט נעמען.

— און דו, פראויקעלע, ביסט אַף צאָרעס, האָרעוועסט גאַנצענע טעג, נאָר אַ מענטש ביסטו געוואָרן. ווייסט דאָך, קיין קראַסאַוועץ ביסטו קיינמאָל ניט געווען, וואָס זשע דען? — מירל האָט אַ שנאָל געטאָן מיט צוויי פינגער און מאַמזעריש אַ קוק געגעבן אַפן גאַסט. — נאָר הונדערטער כיינען האָבן זיך דיר נאָכגעשלעפּט פּוסטריט, און אַלע מיידלעך האָבן זיך צו דיר געקלעפּט, ווי בינען צו האָניק.

— פונוואַנען ווייסטו?

— אַ מאָשל, נו, — מירל האָט פראַימען גענומען פאַר אַ האַנט, ווי מע נעמט אַ קליין קינד, אים צוגעפירט צום דיוואַן, בײַסמײַסע ניט אופגעהערט ריידן. דערציילט אים, אַז זי געדענקט, ווי די מאַמע זײַנע פלעגט טײַנען, אַז אַ באָכער האָט ניט קיין צעפּ און וועט ניט זיצן ביז די גרויע האָר. ביז ביידע טעכטער אירע וועלן ניט כאַסענע האָבן, וועט זי, די מאַמע זײַנע, ניט דערלאָזן, ער זאָל זיך פאַרשרײַבן אפילע מיט דער גרעסטער קראַסאַוויצע.

פראַים האָט זיך געוואָלט אופהייבן פון דיוואַן, האָט מירל מיט ביידע הענט אָנגענומען זײַנע אַקסלען:

— דו דריי זיך ניט, האָסט פאַרגעסן, ווי דו פלעגסט זיך האַלטן אין אַ זײַט, קיינעם ניט באַדאַרפט און קיינעם ניט געוואָלט. אַ סאַך מיידלעך וואָלטן געשפּילט מיט דיר אַן עמעסע ליבע, נאָר פאַטערן דאָס האַרץ אומזיסט און אומנישט, פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ און ניט קומען צו קיין טאַכלעס — דאָס אַזיאַס! מײַן מאַמע פלעגט זאָגן: לוי מיט אַ ספּאָדעק!

פראַימס דורכגעטריבענע אויגן האָבן אַ קוק געגעבן אַף מירלען, און מיטאַמאָל איז ער אופגעשטאַנען פון דיוואַן און געלאָזט זיך שפּאַנען איבערן צימער.

מירל האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע טריט, געקוקט אַף זײַן פּלייצע, אַפן הויכן שטאַרקן האַלדז און געשמייכלט צו זיך אַליין. איר איז געפעלן, וואָס זי האָט געקענט אים אַרײַנזאָגן אַזוי, ער זאָל ניט קאָנען אײַנזיצן.

פראַים האָט זיך אַף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט לעבן דיוואַן און מיט אַ כויזעק־נוסעך געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר מעיִכעסטע מײַנע, דו האָסט אַמאָל געטרייסלט די סאַזשע?

— ביסט מעשוגע, ווי קומט צו מיר טרייסלען סאַזשע?

— אָט דאָס מיין איך טאַקע, — פראַים האָט גענומען אַ בענקל און זיך אַנידערגעזעצט אַנטקעגן מירלען, — ווי קומט טאַקע צו אַ מיידל שפּרינגען איבער די דעכער? אָבער זאָג מיר גלעקעלע, ווען דו האָסט אַ ברודער, וואָלסטו געוואָלט, ער זאָל ווערן אַ קוימענקערער?

— לעמיַ זאָל איך לייקענען, איך וואָלט בעסער געוואָלט, ער זאָל זײַן אַן אינזשעניער, אָדער א דאָקטער...

— אזא יאָר אף מיר, ווי צוקער איז זיס. און צו מיר איז איינמאָל מײַן טאטע געקומען צו כאָלעם און ער האָט מיר אזוי געזאָגט: „זוניו, דארפסט זיך ניט שעמען, וואָס דו האָסט צו טאָן מיט אזא שמוציקער ארבעט, דעריקער די נעשאָמע זאָל בא דיר זײַן א ריינע..."

— אָ, דײַן הערצעלע איז ריין ווי גאָלד!

— כאַפּ ניט, מירעלע, דו זײַ זיך מוידע, קנישעס מיט פּאסאָליעס קאָנסטו באקן?

— וואָס זשע דען, איך קען ניט?

— נו, און דעם אויוון, ניט איצטערט, פארשטייט זיך, פאר דער מילכאָמע, מיין איך, האָט מען בא אײַך אין שטוב געהייצט יעדער מיטוואָך און דאָנערשטיק?

— א מאָשל, קימאט יעדן טאָג, כוץ שאבעס...

— איז דאָך אוואדע גוט! איצט זאָג מיר, כאכאָמע מײַנע, וויפל טראכסטו, איז אין דעמ־בענעץ געווען הײַזער פארן כורבן.

— איך ווייס, זייער א סאָך.

— איז דאָך קומענס אויך געווען א מאיאָנטעק, האָט מײַן טאטע געזאָגט, ווען ער זאָל ניט געווען טרייסלען די סאזשע, וואָלט דעמבעבנעץ פון לאנג אוועק מיטן פײַער. און ווער האָט נאָכדעם גערייניקט די קומענס?

— וואָס הייסט ווער? — דו.

— איז דאָך ניט קיין כידעש, וואָס יעדער מיידל האָט מיך ליב געהאט פונדערווײַטן, קע־דיי זיך ניט אויסשמירן אין סאזשע.

— אײַ, גיי זיך, פּויקערל, דו דערציילסט באָבעמײַסעס.

— אדעראבע, הייב אוף דײַנע שיינע ליכטיקע אויגן צום הימל און זאָג דעם עמעס. שטעל זיך פאָר, מירעלע, ווען איך האָב די האָזע און וואָלט אמאָל אריַנגעשיקט צו אײַך אין שטוב הערצל דעם שאדכן, ער זאָל מיט דײַן מאמען איבערריידן וועגן דעם, אז מיר ביידע זאָלן כא־סענע האָבן, וואָלט דײַן מאמע געזאָגט דעם שאדכן: „וואָ?ס? נאפטאָלע דעם קומענקערערס טאכשיט פאר אַן איידעם? גאָט איז מיט אײַך, הערצל, איר האָט, ווײַזט אויס, ניט געפּאָקט און ניט געמאָזלט".

— אײַ, גיי דיר אוועק, מײַן מאמע וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געזאָגט.

— וואָלט דעם טאטן דײַנעם, דעם קעניג פון די דעמבעבנעצער שערערס, ניט אָנגעשטאָ־נען, דו זאָלסט כאסענע האָבן פאר א „סאזשעטרוס", דערציילסטו מיר כאלומעס, אז אלע מיידלעך האָבן זיך צו מיר געקלעפּט, ווי בינען צו האָניק. — פּראָים האָט קלוימערשט געוואָלט אָפּטרייסלען עפּעס אף מירלס קורץ ארבעלע, און ווען זי האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ א קוק געבן, וואָס האָט פּראָים דאָרטן דערזען, האָט יענער, פון דער גרינג, איר א שנאָל געטאָן אין נעזל.

מירל האָט זיך אופגעהויבן פונעם דיוואַן, גענומען דעם גאסט אונטערן אָרעם, שפּאצירט מיט אים איבערן צימער. פּראָים האָט איר געזאָגט, אז זי דארף וויסן, אז ער איז ניט אומ־זיסט געשטאנען אין א זײַט־יאָון איז גלײַכגילטיק געווען צו מיידלעך. ס'איז פאראן א סיבע, און ער וויל איר דערציילן, ווי ס'איז געווען. איינמאָל איז ער געזעסן בא לוזי וועטמאן אפן קומען, האָבן זײַנע אויגן באמערקט גיין א מיידעלע איבער דער גאס. אזא שיין פּייגעלע, אז ער איז געפּלעפּט געוואָרן און שיר ניט אראָפּגעפאלן פונעם דאך, נאָר איר שיינקײַט האָט אים געראטעוועט. און ביז הײַנטיקן טאָג קען ער אין יענעם מיידל ניט פארגעסן.

מירל איז שטיין געבליבן א פארכושטע, געקוקט אף פּראָימען און שטילערהייט געפרעגט.

— דאָס מיידל לעבט, צי זי איז אומגעקומען?

— זי לעבט, — האָט פּראָים שווער א זיפץ געטאָן, — נאָר וואָס קומט ארויס. איר לויפן שוין נאָך צוויי קינדערלעך.

מירלס אויגן האָבן זיך צעפינטלט, געזוכט דעם שפּיגל. ווען זי האָט אים געפונען, איז זי צוגעגאנגען צו דער וואנט, און פון דאָרטן געפרעגט:

— מעג איך וויסן, ווער איז די שיינהײַט דײַנע?

— דערווײַל איז דאָס א סאָד. עס וועט קומען די צײַט, וועל איך דיר דערציילן, — און קע־דיי איבערגיין אף אַן אנדער געשפּרעך האָט ער גענומען אויסטראכטן א מײַסע, ווי איינער א באָכער, וואָס איז געלעגן מיט אים אין שפּיטאָל האָט דערציילט, אז יענער האָט זיך אויך געהאט פארליבט אין א מיידל אַן אנטיק — דאָס פּענעמל א ליכטיקס, א שיינס, מיט אלע טאמען, אירע אויגן האָבן געקאָנט א שטיין אופוועקן. די שווארצע געלאָקטע האָר האָבן גע־גלאנצט, ווי זײַד. אז דורכגייער האָבן זי באגעגנט, פלעגט מען זיך אָפּשטעלן. ס'האָט לאנג

ניט געדויערט, און זיי האָבן כאַסענע געהאַט. ער איז אַזוי געווען פאַרבלענדט פון איר שיינ־קייט, אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז דאָס מיידעלע פאַרמאָגט אַ צינגעלע, און באַלד נאָך דער כאַסענע האָט דאָס צינגעלע באַקומען לאַשן, און דאָס שיינע ווייַבעלע האָט מיט אים אָנגעהויבן לערנען באַלעק.

מירל האָט פאַרביסן די ליפּן, זי זאָל זיך ניט צעלאַכן, און ער, פראַזים, האָט געפינטלט מיט די אויגן, געשמייכלט טאַמעוואַטע און טרויעריק פאַרגעזעצט דערציילן:

— אַז מע האַלט באַ כאַסענע האָבן, דאַרף מען אין זינען האָבן ניט נאָר דאָס שיינע פּע־נעמל, די געטאָקטע פּיסלעך, נאָר דאָס צינגעלע אויך.

מירל האָט אוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און באַדויערנדיק געקוקט אויף פראַזימען:

— פּויקערל, — האָט זי געזאָגט, — אויב דו ווילסט זיַין קליגער פריִער, ווי דיַין ווייַב נאָך דעם, וועסטו פאַרבלייַבן אַן אַלטער באָכער.

פראַזים בעט מעכילע. ער גיט איר צו פאַרשטיין, אַז עס גייט ניט נאָר אין אים. ער מיינט זי אויך, אָט וויל ער זיך באַ איר דערוויסן, מיט וועמען איז פאַרנומען איר הערצעלע:

— ווי אַ ברודער וויל איך באַ דיר פרעגן, מירעלע, — און דיַין זאַך איז מיר זאָגן דעם עמעס, אָדער מיר הייסן, איך זאָל זיך ניט מישן.

מירל האָט אַ ווײַלע געשוויגן, נאָך דעם אַנטשיידן געזאָגט:

— פרעג.

— זאָג מיר, פריַינטעלע, דו טראַכסט טאַקע כאַסענע האָבן פאַר פּישלען?

מירל האָט אַ צאַפּל געטאָן, נאָר די רעגע איז זי געוואָרן האַפּערדיק, אַ שמייכל געטאָן. דאָס שמייכעלע איז אָבער פאַרביטערט געוואָרן, און אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן צוויי קליינינקע טראָפּנדלעך, נאָר מירל קען זיך האַלטן אין די הענט, זי האָט פאַרהויבן דעם קאָפּ אין דער הויך און גענומען ריידן קאַלטבלוטיק:

— ווער־ווער, נאָר דו, פּויקערל, ווייסט גאַנץ גוט, אַז פון פּישלען האָב איך קיינמאָל ניט געהאַלטן.

— פריִער יאָ, דאָס ווייס איך, אָבער איצט?

— איצט איז גרינג צו פרעגן און שווער צו ענטפערן. מע זאָגט, אַז היַינטיקע צײַטן טאָר מען ניט איבערקלײַבן, דערצו שלעפּט זיך מיר נאָך אַ לאַנגער שלייף. צוויי קינדער, געזונט זאָלן זיי מיר זיַין. זיי האָבן דאָך אויך אַ דייע אויף מיר. און זיי ווילן ניט קיין פרעמדן טאַטן, ווי זשע זאָל איך זיי נעמען דעם אייגענעם פאָטער זייערן?

— די קינדער זײַנען גערעכט...

— מיט וואָס זײַנען זיי גערעכט?

— זיי זעען דאָך, אַז ס'איז פאַראַן אַ פאָטער לוזער, וואָס לעבט איינער אַליין, און די קינדער פילן, אוי, פילן זיי, און זיי ציִען זיך צו אַן אייגענעם מענטשן.

מירלס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן:

— ביסט געקומען מיך איַינריידן, איך זאָל לוזערן אָפּגעבן די קינדער?

— גאָט באַהיט, זיי פילן מיטן גאַנצן הארצן...

— וואַרט אַ ווײַלע, פאַרקלאַפּ מיר ניט דעם קאָפּ, פּרויקעלע.

— איך האָב ניט וואָס צו וואַרטן, איך ווייס, אַז לוזער וועט פאַר דיַינע קינדער קיין פרעמדער טאַטע ניט זיַין.

— גיי זיך, לוזער וויל צונעמען די קינדער, און אים וועט ניט אַרן, איך זאָל זיך פאַר־שלייערן פאַרן טײַוול, אָדער איך זאָל זיך אַפּילע אַרײַנוואַרפן אין טײַך אַרײַן.

— וואָס רעדסטו?! דו ביסט לוזערן טײַער ניט ווייניקער, ווי די קינדער.

— וואָס זשע שוויַיגט ער? ער איז שטום, — האָט מירל מיט הארץ אויסגערופן, און ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער, אַ דראַיע געטאָן מיט אַ פּויסט, — פראַזים, איך גיי באַלד צו לוזערן. איך וועל אים פרעגן, טאָמער האָסטו אויסגעטראַכט, זאָלסטו געדענקען.

— קום! מיר וועלן ביידע גיין.

— ניין, דאָס ניט, דו האָסט דײַן אַרבעט אָפּגעטאָן, דיר קומט פּויקערל... — זי איז אַנ־שוויגן געוואָרן און אין אַ ווײַלע אַרום פאַרגעזעצט הייזעריקלעך, — וואָס זשע קומט דיר? — איר קאָל האָט אַ ציטער געטאָן. — דו גיי אַהיים, מײַן טײַערער. אַ גוטע נאַכט דיר.

פראַזים איז געשטאַנען, ביז ס'איז געוואָרן שטיל אין שטוב. אַז ער האָט באַמערקט, ווי מירל האָט ביגנייווע אַראָפּגעשאַרט אַ טרער פונעם פּאָנעם, האָט ער געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז לאַנגזאַם אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

# 9

לעצטנס איז האָדעלען געוואָרן היימלעכער צו וווינען בא זיך אין דער היים. קימאַט א וואָך צײַט האָבן געזעכטיקט בא איר אין שטוב קיילע מיט אירע היישעריקעס. דאָרטן, ווו עס לעבט א היפּשער אוילעם, דערשרעקן זיך די שיידים פאַר די מענטשן און אנטלויפן צו אלדי רוכעס.

דאָס גאַנצע שטעטל וווּנדערט זיך, וויאַזוי האָט עס קיילע געקענט פאַרהיטן אַלע אירע זיבן קינדער אין דער פרעמד, אין אַזא אומגליקלעכער צײַט. א קליינינקײַט — דעם קלענסטן דאַרף ערשט ווערן זיבן יאָר, און דעם עלטערן מיידל ברושקען — זיבעצן, פּונקט אַזויפיל, וויפל איר, האָדעלען, איז געווען, ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן.

קיילעס מאַן איז אומגעקומען אויפן פראָנט, און די שטוב אירע האָט אויך געליטן פון דער מילכאָמע — א לאַסט־מאַשין האָט פאַרטשעפּעט א ווינקל פון דער הײַזקע און צעוואַלגערט א וואַנט. דער יִשעוו־ראַט האָט דער אַלמאָנע פאַרגעלייגט א גוטע דירע, פון די, וואָס זײַנען גאַנץ געבליבן, קיילע זאָל וווינען מיט אירע קינדער וויפל זי דאַרף, ווײַל די באַלעבאַטים פון דער שטוב מיט אַלע יאָרשים וועלן שוין קיינמאָל זיך ניט אומקערן פון יענער וועלט. נאָר קיילע וויל ניט הערן וועגן דעם — זי טײַנעט זיך אירס:

— זאָל זײַן א כאָרעווע נעסט, אבי אַן אייגענע.

פונעם ערשטן טאָג אָן האָבן די קינדער מיט דער מאַמען גענומען אויפראַמען אַרום דער שטוב — צונויפפליקן, ווו א בעררוענע, ווו א באַלעק מיט א ברעט, אפילע יעדער שפּענדל.

אין דרײַ טעג אַרום, זונטיק איז דאָס געווען, איז צו קיילען געקומען צוגאַסט דער פּעטער ראַכמיִעל, פּראָיִם און איינער פון דאָרף, מיט א קוישל געצײַג אויף די פּלייצעס. מע האָט לאַנג ניט געבריִעט, פאַרקאַטשעט די אַרבל און גענומען צורעכט מאַכן די וואַנט פון דער שטוב.

קיילע איז א געפּלעפּטע שטיין געבליבן. ס'האָט גידוכט, אַז די דאָזיקע וווּקסיקע, ברייט־ביינערדיקע פרוי איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן. זי האָט געהאַלטן אין איין פאַרשאַרן די גרויע פּאַסמעס אונטערן שאַלעכל, פּונקט ווי זי וואָלט ניט וועלן, מע זאָל זען, ווי זי איז ווײַס געוואָרן, און די ווײַסע האָר זײַנען, ווי אָפּצעלאָכעס, געקראָכן צוריק, מע האָט געקענט מיינען, אַז זיי רייצן זיך מיט די שוואַרצע ברעמען, מיט די טונקעלע ברוינע וויִעס אירע.

די קינדער האָבן אַרומגערינגלט די מוטער, שווײַגנדיק אויפגעהויבן די קעפּ צו איר. אַלע זײַנען זיי געווען פאַרברוינט, די פּענעמלעך האָבן געגלאַנצט. דאָס האָבן די אוראַלער ווינטן זיי אויסגעשליפן. קימאַט פיר יאָר האָבן זיי אַלע געאַרבעט אויף די פעלדער, אָנהייבנדיק פון פרילינג־צײַט, ביז שפּעט אין האַרבסט.

קיילע האָט געפילט, ווי די היישעריקעס האָבן אויף איר אָנגעשטעלט די אומרויִקע קוקערלעך זייערע — ווײַזט אויס, באַמערקט די טרערן אין אירע אויגן און דעם ביטערן שמייכל אויפן פּאָנעם:

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט קיילע געפרעגט — די וועלט איז נאָך ניט אונטערגעגאַנגען, — און איבערגעפירט דעם בליק אויף דער עלטערער.

— ברושקע, דו זעסט דען ניט, בא יאָסעלען לײַכט זיך אונטערן נעזל.

בא קיילען זײַנען די קינדער ניט אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע, אָבער אָפּגעריסן זײַנען זיי ניט געווען. פון קליינוויײַז אויף האָט די מאַמע געלערנט מיט יעדן איינעם, אַז די עלטערע קינדער דאַרפן אַכטונג געבן אויף די קלענערע.

קיילע קלאָגט זיך אויף גאָרנישט ניט, בלויז א קלייניטשקע טײַנע האָט זי צום אייבערשטן. ווען ער זאָל געווען וועלן, וואָלט זי אָפּריִער געבוירן די זין, נאָכדעם די טעכטער. ווען די מאַלאָכים פאַרבײַטן ניט די יאָצרעס, וואָלט זי שוין געהאַט איצט א מאַנצבל אין שטוב און ס'וואָלט טאַקע געווען אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן. נאָר זי זינדיקט ניט, אבי קיינער האָט זיך ניט געפעלט.

אַז די מאַנצבלען האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט בא דער שטוב, האָבן אָנגעהויבן האַווען די ווײַבער. עס זײַנען געקומען די מומע כאַווע, מירל, אפילע פעסל האָט אָפּגעלייגט איר אַרבעט אין דער בוכהאַלטעריע. אַלע האָבן זיי גענומען קנעטן „טייג”, טינקעווען די ווענט. האָדעלע מיט ברושקען האָבן געגראָבן ליים אין יאַר און געפירט זי אויף דער טאַטשקע צו דער שטוב.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַלץ פאַרטיק געוואָרן. קיילע קען זיך זאַט ניט אָנקוקן אין איר אייגענער שטוב. אַז די אינווייניקסטע ווענט האָבן געכאַפּט א טריקן, איז זי מיט די קינדער איבערגעגאַנגען וווינען צו זיך אין דער אויפגעשטעלטער נעסט, און האָדעלען איז ווידער געוואָרן אומעטיק אָן דער כאַליאַסטרע, נאָר ס'איז איר ניט אויסגעקומען זײַן איינע אַליין.

קיילע איז לאַנג ניט געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט. זי ווייסט, אַז מע וועט אַף ווינטער פאַרגרייטן קאַרטאָפליעס, פּאַפּשוי־מעל, ווײַט די שטוב זײַן אַ זאַטע. די היישעריקעס אירע האָבן ליב צו פּיקן. ניט לאַנג געטראַכט, ניט געהײַעט קיין צײַט, האָט די מוטער פאַרנומען דאָס געזינדל אירס, פון קליין ביז גרויס, און זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען זיך פאַרדינגען אַף אַרבעט אינעם קאַראַפּעיִשן סאָווירט. קיילע האָט האָדעלען אויך פאַרעכנט צו זיך אין דער בריגאַדע.

קעדיי ניט גיין יעדער טאָג אין דאָרף הין און צוריק, האָט מען באַשלאָסן נעכטיקן אין סאָווירטישן אַמבאַר. נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג שלאָפט זיך געשמאַק אַפן היי.

האָדעלע נעכטיקט אײנײנעם מיט דער כאַליאַסטרע. פריִער פלעגט זי לויפן קיין דעמבע־נעץ, איר האָט זיך אַלץ געוואָלט באַגעגענען מיט פראַיִמען אויג־אַף־אויג, ווײַל וויפל מאָל זיי האָבן זיך באַגעגנט, איז איר ניט אויסגעקומען זיך דורכריידן, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, אָבער פון זינט זי האָט דערזען נאַפּטאָלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט שפּאַצירן מיט פעסעלען, ווי די גע־ליבטע אין די הינטערגעסלעך, איז איר אַלץ קלאָר געוואָרן. אויב דאָס שטעטל רעדט, אַז זיי האַלטן באַ כאַסענע האָבן, איז דאָס ניט אומזיסט. אָפּטלעך איז האָדעלע געלאָפן נאָך דער אַרבעט קיין בראָוונע זיך זען מיט יוזיקן. איצט איז דאָס יִנגעלע באַ איר די איינציקע טרייסט. ווען זי טוט אים אַ נעם אַף די הענט, כאַפּט ער אַרום איר האַלדז מיט די הענטעלעך און טוליעט זיך צו מיט זײַן וואַרעם גופּעלע צו איר. דעמלט פאַרגעסט זי אין אַלע אירע צאָרעס.

הײַנט האָט די כאַליאַסטרע פריִער פאַרענדיקט די אַרבעט, ווײַל מע האָט זיך געקליבן גיין אַהיים זיך אַרומוואַשן און איבערטאָן זיך. קיילע מיט די קינדער האָבן געשפּאַנט קיין דעמבענעץ, און האָדעלע האָט פאַרקערעוועט קיין בראָוונע. זי האָט געמיינט בלויז אַ קוק געבן, וואָס מאַכט דאָס יִנגעלע און נאָכדעם לויפן אַהיים, נאָר ווען זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין הויף, האָט זי דאָס קינד ניט געטראָפן. די אַלטיטשקע, אָקסאַנעס מוטער, איז געשטאַנען אַף דער שוועל באַ דער פירהויז־טיר און האָדעלען ניט אַרײַנגעלאָזט אין שטוב, און דאָ טאַקע גלײַך געמאָלדן, אַז זי, האָדל, זאָל מער צו יוזיקן נישט קומען, ווײַל ווען זי גייט אַוועק, הערט ער ניט אויף וויינען און שרײַען, אַז ער וויל צו דער מאַמע אַנען, בעסער זאָל זי אים ניט רייצן, זאָל ער אין איר פאַרגעסן.

האָדעלע האָט עטלעכע רעגעס ניט געקענט געפינען די פּאָרטקע. און אַז זי איז שוין אַרויס־געגאַנגען פון הויף, האָט זי סײַווי ניט געוווּסט וווּהין צו פאַרקערעווען — אַף רעכטס צי אַף לינקס. אייגנטלעך, איז איר געווען אַלציינס וווּהין צו גיין. באַהאַלטן דאַרף זי זיך ניט. אָבער שווײַגן מוז זי. אָבער דאָס איז ניט שרעקלעך. דעמלט, געדענקט זי, איז געווען שוידערלעך. די געסטאַפּאָ־לײַט פלעגן זיך אַראָפּכאַפּן אינעם יִשעוו, און אין אָוונט מאַכן אַן אָבלאַווע אַף די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אַף די נאָענטע פערמעס. זי, האָדעלע, האָט געהאַט אַ גוטן סעקרעט, זי פלעגט זיך באַהאַלטן אין שטאַל צווישן אירע כאַזיירים. איינמאָל האָט זי באַ־שטימט איבערנעכטיקן באַ די קוויטשערלעך, וואָס זײַנען אַנטוויינט געווען פון די כאַזער־מוטערס. אין אַ ווינקל פון שטעלכל האָט זי אויסגעבעט פון שטרוי אַ געלעגער, און, אַז ס'איז געוואָרן פינצטער, זיך בֿעלייגט שלאָפן. באַנאַכט האָט זי זיך אופגעכאַפּט פון אַ טופּערײַ. מייד־לעך האָבן געפּישטשעט, געלאָפן וווּהין די אויגן האָבן געטראָגן. האָדל האָט זיך צונויפגע־קאָרטשעט און געשוויגן. זי האָט דערפילט, ווי די כאַזיירימלעך באַלאַגערן זי, לייגן זיך אויס אַרום איר קערפּער. איינציקע האָבן געזויגן די פינגער פון אירע פיס. אַ דערשראָקענע האָט זי זיך אופגעכאַפּט, געוואָלט זיי אָפּשטויסן, אַוועקטרײַבן פון זיך, האָט זיך אָבער ווידעראַמאָל דערהערט דאָס טופּען אין הויף. מע איז, ווײַזט אויס, אַרומגעלאָפן זוכן די מיידלעך. האָט האָדעלע געמוזט שווײַגן, די כאַזיירימלעך זאָלן ניט אופהייבן קיין געפילדער. איר האָט זיך דעמלט אויסגעוויזן, אַז זיי זייגן אויס דאָס בלוט פון די אָדערן, נאָר זי האָט פאַרציפּעט די ציין און געשוויגן.

איצט איז זי געגאַנגען איבערן וועג, וואָס איז געווען פאַרפלייצט מיט וואַסער, אין וועלכן די זון האָט זיך געטרונקען. זי האָט דערפילט, אַז עס האַקט איר אין רוקן, אַז די עלנבויגנס הו־דען, די פינגער שמאַרצן אויך אַ ביסעלע. דאָס גראָז איז איצט שאַרף, ווי די מעסערס. אַז מע נעמט עס אויסרײַסן אַרום די בורעק־געוויקסן, שנײַדט עס און רײַסט די הויט פון די פינגער. האָדעלע האָט זיך שוין אָפּגעוווינט שטיין אין פעלד אַ גאַנצן טאָג אײַנגעבויגן און שלײַדערן מיט דער סאַפּקע אַהער און אַהין. נאָר מע דאַרף האָפן, אַז מיט דער צײַט וועט איר ווערן גרינגער.

אַרום און אַרום איז שטיל. מע זעט קיינעם ניט. דאָס מיידל שפּאַנט אַ באָרוועסע איבערן שטעגל. די פאַרגייענדיקע זון וואַרעמט אין פּלייצע, גלעט דעם האַלדז, אַז עס גייט אַזש דורך אַ ציטער איבערן מידן קערפּער. עס גלוסט זיך איר צומאַכן די אויגן און אַזוי גייענדיק כאַפּן



א דרעמל. דאָס רענצעלע איז געוואָרן שווער, די שיך, צונויפֿגעבונדענע מיט שנירלעך, באַמבלען זיך אויף די אַקסלען, לאָזן ניט צורו. עס ציט צו דער ערד, עס ווילט זיך אַנידערזעצן און זיך אײַנהערן, ווי די גרילן רימפּלען מיט די סמיטשעקעס אויף די פֿידעלעך, ווי א פּויקערל קלאַפּט ערגעץ אין גראָז און גייט נאָך האָדעלען פּוס־טריט. ניט ווײַט פֿון די ביימער האָבן זיך שאָטנס אויסגעשפּרייט, און פֿונדערווײַטן ווײַזט זיך אויס, אַז בעהיימעס האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד און מאַלעגיירעון אָן א סאָף. עס שמעקט מיט וואַרעמער אויסגעמעלקטער מילך און מיט ביטערן פּאָלין.

אפֿן הימל האָט געצאַנקט די פֿאַרגאַנגענע זון.

האָדעלע דרייט זיך אַרום איבערן שטעטל און ווייסט ניט ווו די שטוב אירע איז. וואָלט זי כאָטש געקענט טרעפֿן צו קיילען, אָדער צו דער מומע כאַוועון — ווייסט זי ניט דעם וועג. זי פֿאַרשטייט ניט, ווי קומט זי אין די אַלייען, אָן זעט מען דאָך די בריק. דער טײַך שלאָפֿט שוין, אויף די ברעגן דרעמלען די ווערבעס, די טשערעטן, מ׳זעט ניט די ווונדן אויף דער ערד, די אָפּגעבראָכענע צווײַגן, די אָפּגעברענטע ביימער. עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט האָט גאָרנישט ניט געליטן. ס׳איז פֿרידן אומעטום.

א מידע האָט האָדעלע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, א שאַר געטאָן מיט די הענט אַרום זיך איבערן גראָז, זי דאַרף איצט קיין דאָך ניט האָבן. וויפֿל נעכט איז איר אויסגעקומען רעדן מיט די שטערן, ליגן פֿאַרטײַעט אין א גרוב, וואָס א באָמבע האָט אויסגעגראָבן. איצט וועט זי זיצן אַזוי דאָ און זיך דערמאָנען, ווי זי איז אַמאָל מיט א כאָפּטע מיידלעך און ווײַבלעך געקומען אַהער צום ברעג זיך באָדן אין איינעם א שיינעם אָוונט. איר איז דעמלט אַלציינס געווען, צי די וואַסער איז קאַלט, צי וואַרעם. זי האָט אַראָפּגעוואָרפֿן דאָס סאַראַפֿאַנדל, א גלעט געטאָן מיט ביידע הענט דעם באָד־קאָסטיום, ווי ער הילט אײַן די טאַליע, די לענדן, געמאַכט א פּאָר לאַנגזאַמע שפּאַן און פֿלוצעם, ווי א הירש, א שפּרונג געטאָן און אַרײַן אין וואַסער. ס׳איז איר דעמלט אַזוי גרינג געווען צו שווימען, זי האָט געלייגט פֿאָלקעס, געגאַנגען טריט וואַסער, עס האָט זי געטראָגן צום בריק. פֿון ברעג האָבן געשריגן די מיידלעך, זי זאָל זיך אומקערן, נאָר זי האָט ניט געוואָלט הערן. זי שווימט און שווימט, און פּלוצלעם ניט ווײַט פֿון בריק האָט די וואַסער אָנגעהויבן זיך דרייען, און זי אַליין איז אַזויווי פֿאַרדרייט געוואָרן אין א קרײַז. זי האָט זיך געוואָלט אַרויסרײַסן פֿונעם קרײַז, צונויפֿגענומען אַלע קויכעס אירע,

אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן. די פיס מיט די הענט זײַנען שווער געוואָרן מיט רוכעס, ס׳איז אומעגלעך געוואָרן צו אָטעמען, ס׳האָט געצויגן אַראָפּ צום דנאָ, זי איז געגאַנגען צו גרונט. אַפן זינען איז געקומען די מאַמע, די מאַמע, פאַרפאַלן, אוי, פאַרפאַלן, — האָט ווי אַ זייגער געקלאַפּט אין קאָפּ, עס שלעפּט זי די וואַסער, און זי באָרבלט זיך אַלץ, וויל שרײַען און קאָן ניט. אַף דער בריק האָט עמעצער דערזען, ווי זי ראַנגלט זיך. יענער האָט אָנגעהויבן אַראָפּ־שלעפן פון זיך דאָס אָנטאָן. אין דער צײַט האָט זי זיך אונטערגעטוקט אונטערן וואַסער און מיט די לעצטע קויכעס זיך אַרויסגעריסן צוריק. מיטן בליק האָט זי באַוויזן באַמערקן, ווי דער מענטש איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בריק אין טײַך אַרײַן, נאָך דעם איז זי ניט געסטײַעט, נאָר אײַנגיכן האָט זי דערפילט, ווי אַ פּאָר קרעפטיקע הענט האָבן זי אונטערגעכאַפּט. דער הימל איז אַזויווי אַליין איר געלאָפן אַנטקעגן. ס׳איז איר געוואָרן גרינגער צו עטעמען, די לופט איז געווען אַזאַ זיסע. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז געראַטעוועט. איין קרעפטיקע האַנט האָט זי צוגעטוליעט צו דער בײַנערדיקער ברוסט און די צווייטע האָט געקערעוועט צום ברעג. אײַנגיכן האָבן בײדע הענט זי אונטערגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגן צו דער יאַבאָשע, יענע צוויי שטאַרקע הענט דערפילט זי שטענדיק, ווען עס ווערט איר שטאַרק שווער אַפן האַרצן.

דער רעטער אירער האָט זי אַרויסגעטראָגן אַפן ברעג, אַנידערגעזעצט אַפן זאַמד, געקוקט אַף איר און שווער געאָטעמט. די מעכטיקע ברוסט זײַנע האָט זיך געהויבן און צוריק געפאַלן, די ליפּן האָבן געבלאָזן אַף די טראָפּנס וואַסער, וואָס האָבן געיאָשעט אים אין מויל אַרײַן. ענדלעך, האָט ער אָפּגעווישט דאָס פּאָנעם מיט די ברייטע דלאָניעס, צוגעגלעט די האָר, עס זאָל פון זיי ניט רינען, און מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע געזאָגט:

— האָסטו דאָס באַדאַרפט, קעצעלע מײַנס, נאָך אַ ביסעלע פאַרלירן מיר דאָך אַ טענצל. נו, זאָג אַליין, מיט וועמען וואָלט איך מאָרגן געגאַנגען אַ וואַלס?

זי האָט געשמייכלט, זיך געשטאַרקט, און מוירע געהאַט אופהייבן די אויגן אַף אים. ווען דער קאָפּ אירער איז צוגעפאַלן צו דער ערד, האָט ער זי גענומען אונטערן אָרעם און זי אופ־געשטעלט אַף די פיס.

— ס׳איז דיר ניט גוט? האַלט זיך, פישעלע מײַנס, טו נאָר אַ שפּרונג אַף איין פיסל, בויג אָן דעם קאָפּ אין אַ זײַט, וועט די וואַסער אַרויסרינען פון דײַנע שיינע אויערלעך. אָט אַזוי, אָט אַזוי.

האָדעלע איז געשפּרונגען פריִער אַפן רעכטן פוס, דערנאָך אַפן לינקן. ווען זי האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָבן זײַנע הענט אַרומגענומען אירע אַקסלען. זי האָט געמיינט, אַז אָט באַלד כאַלעשט זי אַף אָן עמעסן, אָט גייט זי אויס אַף זײַנע הענט. און אײַנמיטנדערינען האָט זי דערזען, ווי די מיידלעך און די ווײַבער, אייניקע הוילע, ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, זײַנען מיט צעשפּרייטע הענט, צופרידענע צו איר געלאָפן, זיי האָבן געשריגן, געפילדערט. ווען דער רועך טראָגט זיי ניט אָן דעמלט, וואָלט זי אים אויך אַרומגע־נומען, זי וואָלט אים געזאָגט אַלץ, וואָס איז שוין פון לאַנג געווען באַ איר אַפן האַרצן, נאָר ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר די נאַקעטע ווײַבער, אַרײַן אין וואַסער און גענומען שווימען צו יענער זײַט טײַך.

און ווען מע האָט אַלעמען געטריבן צו דער גרוב, האָט האָדעלע געוווּסט, אַז דאָס גייט מען אַהין, פונוואַנען מע וועט זיך קיינמאָל ניט אומקערן. אָבער ווען זי האָט דערזען די בריק, איז דאָס האַרץ אַף אַ רעגעלע שטיין געבליבן, נאָכדעם האָט עס האַסטיק אָנגעהויבן קלאַפּן. פאַר אירע אויגן איז אופגעשטאַנען דאָס בילד, ווי פרויקע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער בריק אין טײַך אַרײַן, און אײדער זי האָט באַוויזן אַ קלער טאָן, אַז זי וועט אויך טאָן דאָס זעלבע, האָבן זיך אַף דער בריק דערהערט טריט פון געקאָוועטע שטיוול, און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן אָנגעהויבן שאַרקען פיס איבער די ברעטער. עס האָט געדוכט, אַז דער פּלאָנטער פון די דאָזיקע פיס וועט צעהוידען די בריק און זי וועט זיך איבערברעכן אַף צוויי כאַלאָקים.

מע האָט זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי זי, האָדעלע, איז ווי אַ קאַץ איבערגעשפּרונגען די פּאָרענטשע און אַראָפּ אין וואַסער אַרײַן.

...אַדאַנק אים איז זי דעמלט געבליבן לעבן.

איצט, קומענדיק פון דײַטשלאַנד, קאָן זי אים קוקן אין די אויגן. זי ווייסט, אַז ער האָט ליב פעסעלען. איר וואָלט געווען גוט, ווען מע באַוואָלט זי ניט... אָבער יוזיקן טאָר זי אויך קיינמאָל ניט זען. וואָס זשע איז איר געבליבן?

ווידעראַמאָל לײַדן און שווײַגן.

## 10

זינט מירל מיט לוזערן האָבן זיך פאַרשריבן, איז פישל אַרומגעגאַנגען, ווי מע וואָלט אים אונטערגעטוקט אין טײַך און אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער, דאָס אַנטאָן זאָל אַף אים זיך אויסטריקענען. ער האָט שוין ניט געהאַט ווהין צו אײַלן אין די אָוונטן. ער פלעגט קומען אַהיים, אַראָפּוואַרפן פון זיך די גימנאַסטיאָרקע, אויסטאָן די פאַרעמדע האַנט, און נאָכן אָרומוואַשן זיך, נעמען אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב, ברומען דאָס לידל, וואָס זײַן טאַטע האָט ניט אַרויסגעלאָזט פון מויל, בײַס ער איז געשטאַנען באַם צושנײַד־טיש. דער טאַטע האָט געזונגען און געדרייט זיך דעם מויעך, וויאַזוי אויסשנײַדן אַן איבעריקן דאַשעק, וואָס איז ניט געסטײַעט צו דער צאָל צוגעשניטענע קאַרטוזן. די ערשטע עטלעכע ווערטער פון דעם לידל האָט פישל געוווּסט און זיי אָנגעהויבן זינגען אַף אַ קאָל: „וואָס וועט זײַן, אַז מאָשיעך וועט קומען?״... אָבער ווײַטער איז די ליד געוואָרן אַ שטומע, בלויז אַ ניגן, אָן שום ווערטער.

פישל האָט געשפּרײַזט אַהער־און־אַהין און סײַווי קיין אָרט ניט געקענט זיך געפינען. זײַן ווּקסיקער קערפּער, די מעכטיקע פּלײצע איז, ווי פאַרגליווערט געווען. עס האָט געדוכט, אַז דאָס בלוט איז באַ אים פאַרקילט געוואָרן אין די אָדערן.

פריִער מיט אַ צײַט האָט פישל אין זינען געהאַט זיך באַפרײַען פון דער אַרבעט ביז ס׳איז נאָך ליכטיק געווען אין דרויסן, פאַרגעסן אַף אַ ווײַלע פון קאָפּ־דרייעניש, פון אַלע דײַגעס, געײַלט אַהיים, זיך אַרומוואַשן און זיך איבערטאָן אין דער אָפיצערישער אוניפאָרם, ווײַל ער איז זיכער געווען, און אַפילע מירל האָט געהאַט אים געזאָגט, אַז דער מיליטערישער אָנצוג פּאַסט אים צום פּאָנעם, דערצו האָט ער ליב געהאַט די כראָמעווע שטיוועלעך, וואָס זײַנען געווען ווי אויסגעגאָסן אַף זײַנע פיס. אין דעם דאָזיקן אָנטאָן האָט פישל זיך געפּילט אויסגעצייכנט: אונטערגעצויגן, שטײַף און קרעפטיק, יעדער גליד זײַנער האָט געשפּילט מאַמעש.

מיט מירלען האָט פישל זיך אָנגעהויבן באַגעגענען נאָך פאַר דער מילכאָמע. אינדרײַען פלעגן זיי שפּאַצירן: ער, פישל, שאַכנע און מירל. ביידע באָכערימלעך האָבן קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקט. מע איז צו דער צײַט געקומען נעמען דאָס מיידל און גיין אין קינאָ, אָדער אין קלוב. איינמאָל האָט מירל אײַנגערוימט פישלען אַ סאָד, ער זאָל מאָרגן קומען פריִער זי נעמען, ווײַל ס׳איז איר שוין נימעס געוואָרן אַלע מאָל שפּאַצירן אינדרײַען. זי וויל זיך אָפּרוען פון שאַכנען. פישל האָט נאָך דעמלט ניט געוווּסט, וואָס אין דער מירעלען שטעקט. דאָס דאָזיקע מיידעלע איז געווען ניט קיין נאַר, זי האָט געוווּסט, ווהין זי צילט. איר שאַרף קעפּלע, די קלוגע אייגעלעך, האָבן צונויפגעשטעלט אַ פּלאַן, און ער, דער כאָכעם באַלײַלאָ, האָט געמיינט, אַז דאָס מיינט זי אים, ער וועט זײַן איר באַשערטער. אָבער שרײַ ניט גוואַלד, איידער מע וויל דיך פּאַלמעסן. לויף, שפּרינג, נאָר ספּאָטיקע זיך ניט. דאָס האָט מירל געמאַכט אַ גאַנג אַף דער שאָך־ברעט, געוואָלט אָנלערנען שאַכנען, ער זאָל קיין קאַלטער מאַלעך ניט זײַן. זאָל אים טאַקע פאַרדריסן, וואָס זי האָט נאָך עמעצן אין זינען. און זאָל שאַכנע ניט מיינען, אַז פישל איז בלויז אַן איידעס באַם גיין אין קינאָ. איז אין יענעם אָוונט, אַפּצולאָכעס שאַכנען, האָט זי אַף אים נײט געוואַרט, און זאָל דער באָכער, הייסט עס, וויסן, ווו ער האַלט אין דער וועלט.

אומגעריכט האָט פישל זיך דערוווּסט, אַז שאַכנע מיט מירלען האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט. ווען איז דאָס באַ זיי פאָרגעקומען, פאַרשטייט ער אַדהאַיעם ניט. אין צוויי כאָדאָשים אַרום האָבן זיי טאַקע געפּראַוועט אַ כאַסענע.

איצט איז פישל זיכער געווען, אַז קיינער וועט באַ אים מירלען ניט אויסכאַפּן און אײַנמיטנדערינען זײַנען זיי, לוזער מיט מירלען, זיך צונויפגעגאַנגען. נאַפּטאָלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט זאָגט, אַז אַזוי דאַרף זײַן, ס׳איז לויטן דין. וואָס וואָלט דער דין באַטײַט, ווען מירל אָדער לוזער וואָלטן ניט געוואָלט הערן וועגן שידעך? דער דין איז ווי אַ קליאַמקע — ווילסטו פאַרקייטלסטו זי, ווילסטו ניט — קייטלסטו זי אָפּ. און דער־פויקער טײַנעט זיך זײַנס: ס׳איז אַ גלײַכע זאַך: די קינדער! פישל פאַרשטייט עס מיטן קאָפּ, אָבער אינווייניק טאָטשעט אַ וואָרעם.

פישל ווייסט שוין פאַרוואָס פלעגט דער פויקער אָפטלעך זיך אַרײַנכאַפּן צוגאַסט צו אים, צום פאָרזיצער, קלוימערשט זיך האַלטן אַן אייצע וועגן דער אַרבעט.

פישל איז יעדער מאָל געווען צופרידן מיטן כאַווערס קומען. ס׳איז געווען מיט וועמען אויסריידן אַ וואָרט און בעניי־ביי מאַכן אַמאָל אַ קליינינקן צעגיס. מע פלעגט טאַקע ריידן ביז שפּעט אין דער נאַכט. לאָזט זיך אויס, אַז ער, נאַפּטאָלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט, פלעגט קומען פישלען פאַרריידן די ציין.

נעכטן האָט פּישלען זיך געדוכט, אַז פֿראָים איז אַרײַן אין שטוב אויף אַ ווײַלע, ווי אַ באַלכויוועניק, וואָס לויפֿט אַרײַן אָפּגעבן דעם כּיוו און פֿאַרשווינדט. ווידליק ער איז געווען פֿאַרפּוצט אין אַ פֿריש ווײַס העמד, דאַרף ער, מיסטאָמע, זיך באַגעגענען מיט פּעסעלען, נאָר פּישל קוקט עפּעס ניט אויפֿן זייגער, ער האָט נאָך פֿון דער שוועל אַ פֿיר געטאָן מיט זײַנע דורכגעטריבענע אויגן איבער דער שטוב, צוגעהוילעכט צום פֿענצטער און עס צעעפֿנט:

— ס'איז דאָ דושנע ווי אין באָד, — האָט פֿראָים געזאָגט און גענומען זוכן עפּעס אַ כּי־סאָרן אין צימער. אים איז טאַקע ניט געפֿעלן געוואָרן וויִאַזוי דער הענגער איז געווען צו־געקלאַפּט צו דער טיר. און ער האָט גלײַך גענומען אים איבערקלאַפּן. דערנאָך האָט פֿראָים זיך צוגעזעצט צום טיש אַנטקעגן פּישלען און אָנגעהויבן דאַבערן וועגן דער פּאָגאָדע:

— עס וועט הײַנט גיין אַ רעגן, — האָט ער געזאָגט.

— וואָס זשע אַרט דיך, דײַנע גיטער וועלן פֿאַרטרונקען ווערן?

— אַ מאָשל, נו, די שפּליטערלעך קאָיען, אַז מע קען מעשוגע ווערן.

— אַ שפּליטער אין אַ פֿוס איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט קיין צוקערקע אין מויל, — פּישל האָט אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט איבערן טיש און גענומען דערציילן שמייכלענדיק צו זיך אַליין, אַז ער האָט געזען אַ מאָדנעם כאָלעם. ער ווייסט ניט צוליב וואָס איז ער אַרויף אויפֿן בוידעם, גענומען זוכן אין קאַסטן, וווּ די מאַמע זײַנע פֿלעגט האַלטן פּייסעכדיקע כפּייצים. אָנשטאָט געפֿעס איז אין קאַסטן געלעגן די גיטאַרע זײַנע, נאָר דערלאַנגען זי קאָן ער ניט. וואָס מער ער בייגט זיך אָן, ווערט דער קאַסטן טיפֿער. אָט בייגט ער זיך אָן נאָך טיפֿער, נאָר די גיטאַרע זײַנע נעמט זיך אַליין אונטערהויבן. ער ציט אויס צו איר די רעכטע האַנט, און דאָ איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן די לינקע. ער וויל ניט גלייבן, אַז דאָס איז זײַן האַנט, ער פּרוווט שפּילן. יאָ, די פֿינגער קלײַבן איבער די סטרונעס, לויפֿן איבערן האַלדז פֿון דער גיטאַרע. ער שפּילט און זינגט: „איך זיץ און שפּיל מיר אויף מײַן גיטאַרע און זינג זיך מיר אַ ליד פֿאַר זיך אַליין"... אָן אוילעם איז געקומען צו לויפֿן צו אים אין הויף אַרײַן און גענו־מען שרײַען: „פּישל, גיי אַרויס אויפֿן דאַך"... אָט דאָ האָט מען אים אויפֿגעוועקט. אין שטוב איז פּוסט, דער לינקער אַרבל איז ליידיק און אים איז קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן. אין פּישלס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל:

— ווען וואָלט געווען ביטער, ווען איך זאָל געווען זיך צונויפֿגיין מיט מירלען? — האָט פּישל פּלוצעם געפֿרעגט. דער גאַסט האָט אָפּגעמאָסטן פּישלען מיט זײַנע קוקערס און אין גוטן מוט געענטפֿערט:

— מיר ניט, נאָר מירלס קינדער וואָלט געווען ביטער און פֿינצער.

אין שטוב איז שטיל געוואָרן. פֿראָים האָט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס קוקט אַזוי אויף אים דער כאַוועך זײַנער. ווײַזט אויס, ער וויל פֿרעגן, וויִאַזוי וועלן זיך פֿילן פּעסעלעס קינדער? נאָר ער, פֿראָים, איז דעם כאַוועך פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, אָנגעהויבן דערווײַזן, אַז קינדערשע נעשאָמעלעך זײַנען זייער צאַרטע, און מע טאָר זיי ניט קאַליעטשען. פֿריִער איז אים, פֿראָיִמען, געווען אַלצײַנס, צי ס'איז פֿאַראַן קינדער, צי ס'איז ניטאָ קיין קינדער, אָבער איצט פֿאַר־שטייט ער זייער גוט, ווײַל, אַז פּעסעלעס סאָלדאַטיקלעך פֿלעגן זיך דערוויסן, אַז ער, דער כאָסנבאָכער, דאַרף קומען צוגאַסט צו זייער מוטער, האָבן זיי ניט געקענט אַנשלאָפֿן ווערן און, אַז זיי פֿלעגן אים דערזען אַרײַנגיין אין שטוב, האָבן זיי אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ גאַזלען, וואָס איז געקומען צונעמען די מאַמע זייערע. צום סאָף האָט נאַפּטאָלע דעם קוימענ־קערערס טאַכשיט ווי אײַנגעראַמט אַ סאָד פּישלען אויפֿן אויער, אַז אַפֿילע צוליב פֿרעמדע קינדער דאַרף מען זיך מאַפּקער זײַן.

ווען פֿראָיִם איז אוועקגעגאַנגען און פּישל איז געבליבן אַליין אין שטוב, האָט ער ניט געקענט זיך מויכל זײַן, האַלעמײַ ער האָט ניט געפֿרעגט באַם פּויקער, צי ער וועט זיך מאַפּ־קער זײַן צוליב פּעסעלעס סאָלדאַטיקלעך?

## 11

ווען קיילע האָט זיך געגרייט פֿראַווען דעם כאַנוקאַס־האַבאַיִס, האָט האָדעלע איר גע־זאָגט: ווען דאָס זאָל זײַן אַ נײַע שטוב, איז קעדײַ זיך לאָזן קאָסטן, אָבער די דירע איז בלויז דאָך אויפֿגעשטעלט. קיילע איז געוואָרן אויסער־זיך. וואָס הייסט, האָדעלע רעדט אַזוינס. פֿון דער הײַזקע איז דאָך אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער פּאַלאַץ, כוץ דעם, די סימכע פֿראַוועט מען דאָך ניט צוליב דער שטוב, נאָר צוליב מענטשן.

יענעם אָוונט, ווען דער שמועס איז מיט האָדעלען פֿאַרגעקומען, און די היישעריקעס זײַ־נען אַרויס אין דרויסן, האָט קיילע נאָכאַמאָל געמאַכט אַ שפּאַציר פֿון איין כיידער אינעם

צווייטן. מיט איר האָט געטיאַפּקעט דער מעזיניק אַף זײַנע אויסגעבויגענע קרעפּטיקע פּיס־לעך, מײַסע באַלעבאָס, פאַרלייגט די הענטלעך אַף הינטן, אלע מאָל געכאַפּט א קוק אַף דער מוטער, וואָס קען זיך קיין אָרט ניט געפינען, האלט אין איין שפּאַנען א באַרוועסע איבער דער שטוב און זעצט זיך ניט צו, אפילע אַף קיין איין מינוט.

אומגעריכט האָט קיילע זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גרויסן צימער, זיך אָנגעבויגן צום זון און שטילערהייט געפרעגט:

— יאָסעלע, זוניו, דו הערסט דען, די ברעטער זאָלן סקריפּען, קרעכצן מיין אייד?

יאָסעלע דרייט מיטן קאָפּ אַף ניין.

— נו, און קיין לעכער זעט מען ניט אין פּאָל, עס שמעקט ניט מיט קיין הניל?

— ניין,— זאָגט יאָסעלע און קוקט, ווי דער מאַמעס אויגן שווענקען זיך אין א בורשטין־ריין וואַסערל. קיילע פּילט, דאָס הייסט די פּיאַטעס אירע, די פינגער פון די פּיס פּילן, אז זיי זײַנען זיך מעכײַע מיטן געהובלעוועטן פּאָל. איצט וועט זיך קיינער ניט פאַרשטעכן די פּיס. זי גייט צו צום פענצטער, פירט מיט די פײַכטע אויגן איבער די שויבן, באַטראַכט די נײַע ראַמעס. זי טוט א זיפץ, פאַרשאַרט די ווײַסע האָר אונטער דער פאַטשיילע און לאָזט זיך ארויסגיין אין דרויסן.

אָבער אין קיך איז זי שטיין געבליבן לעם אויוון, געגומען אים גלעטן מיט בײדע הענט, געשפּיגלט זיך אין דער זויבערער ווײַסקייט און געטײַנעט צום יינגעלע, ער זאָל וויסן זײַן, אז אזא אויוון און אזא הרובע איז בא קיינעם אין דעמבעגעץ ניטאָ. איצט וועט זײַן ווארעם בא זיי אין שטוב, ווי אין אן אויער. און מיטאַמאָל טוט זי א קוק אַף איר זונעלע און פרעגט בא אים, צי ווייסט ער, ווער האָט דעם אויוון מיט דער הרובע אוועקגעשטעלט?..

— יאָ, איך ווייס, מאַמע,— האָט יאָסעלע אויסגעשריגן, א שאַר געטאָן מיט די פאַרברוינ־טע הענטלעך איבערן צופרידענעם פּענעמל און אַף א קאָל אויסגערופן:— פלויקע, פּויקעל!

— שאַ, אזעסניק, גאַרנישט שעבעגאַרנישט, מע דאַרף זאָגן, אז דעם אויוון מיט דער הרובע האָט איבערגעוואָרפן נאַפּטאַלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט מיט זײַנע אייגענע הענט, זיי זאָלן אים קיינמאָל ניט ווײ טאָן.

קיילע האָט ניט אופגעהערט זיך גרייטן צום כאַנוקאָס־האַבאַ:ס, אַף קיין ניסים האָט זי זיך ניט פאַרלאָזט. אז ס'איז באַזאָרגט געווען, וואָס צו דערלאַנגען צום טיש, איז זי אליין געגאַנגען פאַרבעטן, מע זאָל מאָרגן, אינעם ארויסגאַנג־טאָג, קומען צו איר א קוק געבן, ווי עס זעט אויס איר דירע, וועגן א כאַנוקאָס־האַבאַ:ס איז ניט דערמאָנט געווען.

און ס'איז געקומען דער טאָג. פון קאַיאַר אָן האָט זיך אָנגעהויבן קאָכן בא קיילען אין שטוב און ארום דער שטוב. דאָס קליינוואַרג האָט געראַמט אין הויף, אויסגעקערט אין יע־דער ווינקל און עס באַשאָטן מיט פרישער זאַמד. דאָס שטיינערנע שטעגל, וואָס פירט צו דער ארײַנגאַנג־טיר, איז געווען אויסגעשײַערט. אין שטוב האָבן די עלטערע מיידלעך איניי־נעם מיט האָדעלען געוואַשן די פּאָלן, אופגעהאַנגען פרישע, ווײַסע פאַרהענגלעך אַף די פענ־צטער. אַפן טיש האָבן זיך באַוויזן בלומען אין א קריגל.

קיילע מיט עסטערקען האָבן זיך געפּאַרעט אין קיך. עסטערקע איז א בעריע אַף גרייטן מײַכאָלים. בא איר איז דער מאַמעס נעזל, זי דערשמעקט דעם געררך פון א געשמאַקן געריכט, זי ווייסט וויפל צײַט דאַרפן שטיין די פיש אין אויוון, זיי זאָלן פאַרברוינט און צעמל:עט ווערן, אז אפילע די ביינדלעך זאָלן זיך צעגיין אין מויל. פון גאַרניט מיט נישט דרייט זי צונויף אזא קוגעלע, אז מע קען מיט דעם אײַנשלינגען די צונג. דאָרט, אינעם דאָרף, ווו זיי זײַנען עוואַקוי:רט געווען, האָט זי זיך אויסגעלערנט גרייטן פאַרשיידענע מײַכאָלים פון קאַר־טאָפליעס. זי אליין, עסטערקע, האָט שטאַרק ליב די אכילע, זי איז, קיין איינהאָרע, א געזעצט פּולבלעך מיידל. דאָס שטײַף פאַרקנאָטענע לײַב האלט זיך אַף איר, ווײַל זי קען אײנצײַטיק עסן מילכיקס און פליישיקס, און עס וועט איר גאָרנישט ניט פאַרשאַטן.

כאַטש עסטערקע איז ניט די עלטסטע בא קיילען, דאָך ווייסט זי, ווען מע דאַרף אָנהייבן טראַכטן וועגן א מאַלבעש פאַר ברושקען, וועלכע איז שוין א מויד צו לײַטן, און ברושקעס מאַנטעלע איז שוין גוט אַף דער קלענערער שוועסטער, און איר, עסטערקעס, מאַנטעלע וועט איבערגיין צו סאָרקען, אזויאַרום וועט די גאַנצע כאַליאַסטרע זיך באַנײַען מיט אנדערע בגאָ־דימלעך.

דאָס האָט עסטערקע פאַרפּוצט די מוטער אינעם שווארצן וואָלענעם קליידל. זי האָט עס אויסגעבאַהאַלטן דאָרטן אין דאָרף, מע זאָל עס ניט אויסבײַטן אַף קאַרטאָפליעס, און דער מאַמעס ברוין קאָפּטל מיט די שווארצע פינטעלעך האָט זי אויך פאַרהיט. אינעם דאָזיקן אָנטאָן איז קיילע ארומגעגאַנגען איבער דער שטוב, ווי א נעגידעסטע. ס'איז איר בלויז אָפּגעגאַנ־גען דאָס בינטל שליסלען, וואָס דאַרפן זײַן באַהאַלטן הינטערן פאַרטעך, מע זאָל בלויז הערן

זייער קלונג. נאָר קיילע האָט ניט וואָס צו פאַרשפּאָרן, און זי דאַרף זיך פאַר קיינעם ניט היטן.

האָדעלע פאָרעט זיך אַרום ברושקען, פאַרקעמט איר די שוואַרצע האָר — זי וויל אויס־לייגן דעם מיידל אַ שיינע פריזור, נאָר עפּעס באַקומט זיך ניט. ענדלעך האָט האָדעלע צוגע־טראַכט — פאַרדרייט אַ קאַטשלקע פון ברושקעס האָר אַף אַ גומי־סטענגעלע און זיי שיין אויסגעלייגט העכער דעם האַלדז־און־נאַקן. האָדעלע האָט זיך מאַמעש געשפּיגלט אין ברוש־קען, וועלכע איז געווען אַ ווױקסיקע, אַ שטאָלטנע, מיט אַ לויטער און פריש פּאָנעם. מע האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס מיידל האַלט אין איין עסן סמעטענע, אַז זי טרינקט מילך און פאַרבײַסט מיט רויטע עפּעלעך, וואָס האָבן דעם קאָליר פון אירע באַקן.

אַז אַלע זײַנען געווען פאַרטיק, אָנגעטאָן און פאַרקעמט, איז האָדעלע צוגעגאַנגען צום קליינעם שפּיגעלע, וואָס איז געשטאַנען אַף אַ טישל, גענומען צוקעמען די אייגענע האָר. אַרום איר זײַנען געשטאַנען ברושקע, עסטערקע און האָבן געקוקט, ווי זי, האָדעלע, צעטיילט זיי אַף צוויי כאַלאָקים און נעמט פלעכטן אַ צעפּל, וואָס בלײַבט הענגען לענגויס דער באַק. נאָכדעם האָט זי דאָס דאָזיקע צעפּל פאַרדרייט לעם אויער, און עס האָט זיך באַקומען ווי אַ געפלאָכטן בייגעלע. אַזוי האָט האָדעלע פאַרפּלאָכטן אַ צווייט צעפּל און עס אויך פאַרדרייט לעם צווייטן אויער, נאָר ווי־אַזוי דיביידע דריידלעך האָבן זיך געהאַלטן, ווייסט איין גאָט. האָדעלע איז ניט געווען פאַרפּוצט, זי האָט געטראָגן דאָס קליידל, ווי אַלע טאָג. הײַנט האָט זי בלויז אָנגעטאָן אַ ראָזעווע קאָפּטעלע מיט ווײַסע פּערלאַמוטערעווע קנעפּעלעך, וואָס האָבן דעם זעלבן גלאַנץ, ווי האָדעלעס ציין, און ווי די ווײַסלעך פון די אויגן אירע.

האָדעלע האָט, אויסערלעך, אויסגעזען זײַן רויִק, נאָר אַפן האַרצן איז געווען ניט שטאַרק היימלעך. זי איז זיכער געווען, אַז דער הויפּט־גאַסט, פּרויקע, וועט ניט קומען, און אויב ער וועט זיך יאָ באַווײַזן, וועט ער זײַן פאַרמאַרעשכוירעט. ווײַזט אויס, ער לעבט איבער, וואָס צו פּעסעלען האָט זיך אומגעקערט דער מאַן. שטייענדיק אַזוי באַם שפּיגל, באַמערקט האָ־דעלע, ווי די פאַרב טוט איר אַ זעץ אין פּאָנעם, אַלעמאָל קומט פאַר אַזוינס, ווען זי דער־מאָנט זיך, ווי־אַזוי זי האָט זיך דערפרייט, ווען זי איז געווירע געוואָרן וועגן דער נײַס. די כאַליאַסטרע האָט באַמערקט, ווי זי איז דעמלט רויט געוואָרן, און ניט געוווּסט וואָס מיט זיך טאָן. דאָס איז פאָרגעקומען, ווען קיילע איז געווען אין דעמבענעץ, און דאָרט אין קאַראַפּעשי האָבן די היישעריקעס איניינעם מיט איר, מיט האָדעלען, געוואַרט אַף דער מוטער.

ווי נאָר קיילע איז אַרײַן אין אַמבאַר, האָט זי אויסגעשאָסן:

— איר ווייסט, גרישע דודיס האָט זיך אומגעקערט צו די קינדער און צו זײַן פּעסעלע!

האָדעלע האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי עס האָט זי אַ הייב געטאָן פון אָרט, אָן איר ווילן האָט פון איר מויל זיך אַרויסגעריסן אַ פריילעכער „אוי", די הענט האָבן שיר ניט אַ פּליעסקע געטאָן, נאָר האָדעלע האָט איבערגעטראַכט. דער האַלדז באַם מיידל האָט זיך אויס־געצויגן, מע האָט געקענט מיינען, אַז קיינער פון דער כאַליאַסטרע ווײַזט ניט אַרויס קיין שום היספּײַלעס, קיינער אין ניט אופגערעגט, איז זי, האָדעלע, לאַנגזאַם, מיט לײַכטע טריט, צוגעגאַנגען צו קיילען, זי אַרומגענומען און שטילערהייט אויסגעשטאַמלט:

— איז, מאַזלטאָוו, קיילע, מאַזלטאָוו!

קיילע איז געווען צופרידן. גלעטנדיק האָדעלעס פּלייצע, האָט זי געזאָגט:

— ווער עס לעבט, דער קערט זיך אום. ס'איז זייער אַ גרויסע פרייד, ווײַל ס'איז גע־בליבן ווייניקער מיט אַן אַלמאָנע און ווינציקער מיט צוויי יעסוימימלעך. ניט אומזיסט פּלעגט מײַן מאַמע זאָגן: אַ הון ווערט פאַרפאַלן, אַ ציג אַנטלויפט, אָבער אַ מאַן קערט זיך אום צום ווײַב. האָדעלע האָט זיך צעלאַכט, אַזוי ווי זי קאָן, און קוקנדיק אַף איר, האָבן די היישעריקעס איניינעם מיט קיילען אויך געקײַכט פון געלעכטער.

און דעמלט טאַקע האָט קיילע באַמערקט, ווי דאָס מיידל איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערע, דער אומעט איז פאַרשווּנדן געוואָרן פון איר פּאָנעם, אירע ליכטיקע אויגן האָבן געשטראַלט, עס האָבן זיך ווידעראַמאָל אָנגעהויבן די „מילכאָמעס". האָדעלעס הענט האָבן פלינק געשלײַ־דערט דאָס היי, די עלטערע מיידלעך זײַנען אויך ניט געשטאַנען מיט צונויפגעלייגטע הענט, אַפילע זי, קיילע, האָט געמוזט זיך אַרײַנמישן אין דער שפּיל, העלפן די קינדער אירע. און אַז אַלע האָבן זיך גענומען צו האָדעלען, — אָנגעהויבן זי אַרומרינגלען פון אַלע זײַטן, — איז יענע געוואָרן רויִק, אופגעהויבן די הענט אין דער הייך. דאָס האָט באַטײַט, אַז זי, די בונטאַרקע, גיט זיך אונטער.

נאָך אַלעמען, אַז מע האָט זיך אויסגעלייגט אַפן געלעגער, וואָס איז געווען אויסגעבעט אַף דער קופּע היי, האָט האָדעלע גענומען דערציילן, ווו זי איז אויסגעווען בעשאַס דער מילכאָמע, וואָס זי האָט אַף דער וועלט געזען.

איצט, ווען ס׳איז שוין גרייט דער טיש, אַלץ איז אין אָרדענונג, זעט קיילע, אַז האָדעלע איז אומרויִק, זי איז פֿול מיט וואַרטעניש. אַף ווען מען קוקט זי דאָס אַרויס, איז פֿאַר קיילען געוואָרן א רעטעניש.

ווען פּראַיִם האָט זיך באַוויזן אין הויף, האָט קיילע באַמערקט, ווי דאָס מיידל איז בלאַס געוואָרן, די אויגן אירע האָבן, ווי דערשראָקענע כּײַעלעך, קיין אָרט זיך ניט געקענט געפֿינען, אָבער אין א ווײַלע אַרום איז האָדעלע געקומען צו־זיך. זי איז אַף די שפּיץ פֿינגער צוגעגאַנגען, ניין, צוגעשוועבט מאַמעש, צום פֿענצטער, פֿאַרשאַרט א ביסעלע דאָס פֿאָרהענגל און מיט איין אויג אַרויסגעקוקט אין דרויסן. זי האָט זיך געשפּיגלט אינעם גאַסט. און פּראַיִם האָט פֿון גאָרנישט ניט געוווּסט. ער איז דאָך מיט דער כאַליאַסטרע געוואָרן א גוטער ברודער, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט, בלויז ברושקע מיט עסטערקען זײַנען געשטאַנען אין א זײַט, זיך אײַנגעהערט, וואָס דער גאַסט דערציילט. די ייִנגלעך קוקן אים אין מויל און גאַפֿן.

ווען פּראַיִם איז אַרײַנגעגאַנגען אין צימער, איז זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע אַלץ געשטאַנען באַם פֿענצטער. — עס גייט איר ניט אָן צי עמעצער איז שוין געקומען, צי ניט געקומען. זי האָט אַזוי־ווי ניט געהערט, ווי פּראַיִם איז צו איר צוגעגאַנגען, זיך אַנידערגעשטעלט הינטער איר פּלייצע. עפּעס האָט ער איר געזאָגט, און זי איז גאָר ניט ניספּאָעל געוואָרן, קאַלטבלוטיק זיך אויסגעקערעוועט צו אים מיטן פּאָנעם. אַזאַ מאַלעך־פּענעמל האָט קיילע באַם מיידל קיינמאָל ניט געזען. ווען זי, קיילע, איז אַף פּראַיִמס אָרט, וואָלט זי קלאַפּירט. ווי׳אַזוי קען א מענטש אַזוי קוקן? באַ ווען מען לויכטן זיך אַזוי די אויגן — זיי קענען דאָך דורכדרינגען אין דער נעשאָמע. און דאָס שמייכעלע איז ניט וואָס באַגײַסטערט — עס באַהאַלט אין זיך די געהיימע טרוימען אירע. און אַז ער האָט זיך צוגערירט מיט די שפּיץ־פֿינגער צום דריידעלע האָר לעם איר אויער, האָט זי אָנגעבויגן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט ווען די האַנט זײַנע צודריקן צו איר אַקסל, דערבײַ האָבן די אויגן אַף א ווײַלע זיך צוגעמאַכט און באַלד געעפֿנט זיך צוריק. ווײַזט אויס, ער האָט איר עפּעס געזאָגט, ווײַל דאָס הענטעלע, די פֿינגערלעך אירע האָבן פֿאַרשטעלט איר מײַלעכל, און סײַווײסײַ האָט זי ניט געקענט זיך אײַנהאַלטן און א שפּריץ געטאָן מיט א געלעכטער, און ער דאָס זעלבע. ס׳איז צו מערקן געווען, ווי זײַנע ברייטע פּלייצעס טרייסלען זיך, און דאָס ווײַסע העמדל אַף אים ציטערט. דער פֿאַרבראַוינטער הויכער האַלדז בייגט זיך אָט אַף רעכטס, אָט אַף לינקס, און לאַכנדיק, קוקן זיי זיך בײדע אין די אויגן.

קיילע טראַכט, אַז ניט אומזיסט איז פּראַיִם פֿאַרפּוצט, ווי א כאָסן־באָכער, די געגרײַזלטע ברוינע האָר זײַנע גלאַנצן, ווי מע וואָלט זיי אָנגעשמירט מיט א פּעטקײַט. ווערליק דאָס ווײַסע העמדל איז אָנגעקראָכמאַליעט און אויסגעפּרעסט, און די לוגן פֿון די הויזן זײַנען שאַרפֿע, ווי די מעסערס, קאָן מען מיינען, אַז פּראַיִם פֿאַרמאָגט א ווײַב, וואָס גייט אַרום אים, טוט אַכטונג, דער מאַן זאָל ניט אויסזען ווי קיין שמאַראַוואָזניק.

אינגיכן זײַנען געקומען ראַכמיִעל מיט כאַווען. לוזער מיט מירלען האָבן אויך לאַנג ניט געלאָזט אַף זיך וואַרטן. בלויז פּישל האָט א ביסל פֿאַרשפּעטיקט. די געסט האָבן פֿאַרנומען ערטער באַם טיש, מע האָט באַשטאַט בענקלעך פֿאַר דער באַלעבאָסטע מיט די צוויי עלטערע טעכטער, די איבעריקע היישעריקן האָבן זיך געשפּילט אין דרויסן, ווײַל זיי האָבן שוין זייער אַרבעט אָפּגעטאָן — מע האָט אַפּילע פֿאַרזוכט די קנישעס, וועלכע מירל האָט געהאַט צוגעשיקט, און דעם שטרודל, וואָס כאַווע האָט אָפּגעבאַקט אין קיילעס נײַעם אויוון.

פּישל האָט אָנגעפּילט די גלעזער, געוואָלט זאָגן „לעכאַיִם, קינדער", נאָר קיילע האָט זיך אופגעהויבן פֿון אָרט, האַלטנדיק די קויסע אירע אין דער האַנט, א קוק געגעבן אַף פּישלען, אַף די געסט און שמייכלענדיק געזאָגט:

— וואַרט אויס, פּישל. איך ווייס, בעדערעך־האָטעווע, באַגריסט מען פּריִער דעם באַלסימכע. אָבער הײַנט דאַרף מען דעם מינהעג ענדערן. פּריִער פֿאַר אַלץ וויל איך פֿאַרנייגן מײַן קאָפּ פֿאַר אײַך, מײַנע טײַערע, און זאָגן א גרויסן דאַנק אײַך, — קיילע האָט זיך אָנגעבויגן. די גלאָז האָט א ציטער געטאָן אין איר האַנט, און אין די אויגן זײַנען אָנגעלאָפֿן צוויי קלײנקע טראָפּנדלעך. זי אַליין איז אַזוי ווי העכער געוואָרן, דאָס ביטערע שמייכעלע איז ניט געסטײַעט, איר געזיכט איז שטרענג געוואָרן, ווי זי וואָלט זיך קלײַבן געבן א פֿײַערלעכע שווּע, — איך וועל מײַנע קינדער לערנען, זיי זאָלן זײַן אַזעלכע גוטע מענטשן, ווי איר זײַט; זיי זאָלן שטענדיק צו הילף קומען יעדערן, וואָס נייטיקט זיך, איך ווינטש אײַך דאָס, וואָס איר ווילט אַליין, לאָזט ניט אַראָפּ די קעפּ, די לעבעדיקע מוזן לעבן. — קיילע האָט זיך אויסגעקערעוועט אין דער זײַט, וווּ פּראַיִם איז געזעסן, — און דיר, טאַטע מײַנער, דיר, נאַפֿטאָלע דעם קוימענקערערס טאָכשיט, ווינטש איך, איך זאָל גאָר אינגיכן זײַן די סאַרווערן אַף דײַן כאַסענע. איז לעכאַיִם, קינדער!

— לעכאיִם! לעכאיִם! — האָבן אלע אופגעהויבן די גלעזער.
פראָיִם איז אָפגעקומען מיט א וויץ. דער אוילעם האָט געגאפּט.
אלץ וואָלט גוט געווען, נאָר קימאט באם סאָף פון דער סודע, ווען מע האָט געהאלטן באם פארבײַסן מיט צימעס און כאָוועס שטרודל, איז קיילעס עלטער ייִנגל ארײַן אין שטוב און אויסגערופן אף א קאָל:
— האָדעלע, גיי גיכער, בא דיר אין הויף וואַרט די באָבע נאסטיע מיט עפּעס א ייִנגעלע.
אלע האָבן זיך אויסגעקערעוועט אין האָדעלעס זײַט, בלויז קיילע מיט כאָוועס האָבן שווײַגנדיק זיך איבערגעקוקט, און זי, האָדעלע, איז אופגעשטאנען פון אָרט, ווי ניט אומיסטן אנידערגעלייגט א האנט אף פראָיִמס אקסל, זיך אָנגעבויגן און עפּעס אים אײַנגערוימט אפן אויער.
קיינער האָט ניט באמערקט, אז האָדעלע זאָל זײַן צעטראָגן, אָדער אומרויִק. ווי געוויינ־לעך, האָבן אירע אויגן זיך צוגעזשמורעט, נאָכדעם זיך ברייט צעעפנט און א בלענד געטאָן מיט פײַערדיקע פונקען. זי האָט זיך העפלעך אנטשולדיקט פאר אלעמען, וואָס זי דאַרף פארלאָזן די היימלעכע שטוב און די טײַערע געסט, און ניט געײַלט ארויסגעגאנגען פון שטוב.
קיילע האָט פארשטאנען, אז האָדעלע דאַרף זײַן שטארקער פון אײַזן, קעדיי קענען זיך אזוי האלטן. אין גאס איז מען זיכער געווען, אז האָדעלע אײַלט ניט, אָבער קיינער האָט ניט באמערקט, אז די ערד לויפט מעשוגענערווײַז אונטער אירע פיס.
מענטשן האָבן געזען, ווי זיידל דעם זייגערמאכערס באסיעכידקעלע, איז ארײַנגעגאנגען צו זיך אין הויף, און ווען דאָס קינד האָט זי דערזען, האָט עס אזוי אויסגעשריגן „מאמע אנע”, „מײַן מאמע אנע”, אז מע האָט געקענט מיינען, אז דער הימל וועט זיך צערײַסן אף שטיקער. האָדעלע איז שטיין געבליבן, ווי אן אײַנגעגראָבענע, בלויז ווען דאָס ייִנגעלע איז צו איר צוגעלאָפן, האָט זי עס א נעם געטאָן אף די הענט און גענומען שטאמלען:
— יוזיק, טײַערער, יוזיק.
יוזיק האָט פארוואָרפן די הענט ארום איר האלדז, געקושט און געטוליעט זיך צו איר. דערבײַ האָבן טרערן א גאָס געטאָן פון זײַנע אויגן. האָדעלע האָט ביטערלעך געשמייכלט, געגלעט דעם קינדס פלייצעלע און אים געמוסערט, האלעמײַ ער וויינט. און ער האָט בעשום אויפן ניט געקענט מיטאמאָל אופהערן צו יאָמערן — דאָס געוויין איז איבערגעגאנגען אין א כליפּען.
די באָבע נאסטיע האָט ניט געקענט צוזען דעם קינדס טרערן, זיך אָפּגעקערעוועט, ווישנ־דיק די אויגן מיט די דלאָניעס.
אז האָדעלע מיטן קינד אף די הענט און מיט דער באָבע נאסטיען זײַנען ארײַנגעגאנגען אין שטוב, האָבן די דורכגייער, וואָס האָבן זיך געהאט אָפּגעשטעלט זען, וואָס קומט פאָר אין הויף, לאנג ניט געקענט זיך רירן פון אָרט. אז מע איז געקומען צו־זיך, האָט מען אָנגעהויבן כקירען: ווּעדליק מע פארשטייט, וויל די באָבע נאסטיע זיך ניט „וואָזיען” מיט האָדעלעס מאמזערל. אנדערע האָבן ארויסגעזאָגט א האשאָרע, אז דאָס קינד איז טאקע דער באָבע נאָ־סטיעס טאָכטערס, וואָס איז אומגעקומען אין גערמאניע, אָבער די אלטיטשקע וויל אלץ ניט גלייבן, אז ניט קיין אייגן קינד זאָל אזוי ליב האָבן א פרעמדע פרוי.
קיילע האָט אויסגעהערט אָט די אלע רייד און קיינעם גאָרנישט ניט געענטפערט און ניט געזאָגט, אָבער בא זיך אין הארצן איז געלעגן פארטײַעט א סאָפעק, און אײַלנדיק אהיים האָט קיילע זיך דערמאָנט, אז ווען די באָבע נאסטיע האָט האָדעלען ניט געהייסן קומען צום קינד, פלעגט זי, קיילע, ליגנדיק אין אמבאר אפן היי, הערן, ווי האָדעלע וויינט דורכן שלאָף, גערעדט צום קינד און אָנגערופן זײַן נאָמען. אײנמאָל האָט קיילע אפילע געזען, ווי האָדעלע איז גע־זעסן אפן היי, זיך געשאָקלט, צונויפגעלייגט די הענט, ווי זי וואָלט געהאלטן א קינד, עס געוויגט און מיט א הייזעריקלעך קאָל שטיל געזונגען א־א־א־א. ווען קיילע האָט דעמלט זיך צוגערירט צו האָדעלעס האנט, האָט יענע זיך אופגעכאפּט פון שלאָף, א שאר געטאָן מיט די הענט ארום זיך און זיך א וואלגער געטאָן אפן געלעגער. אין א ווײַלע ארום איז זי ווי־דער אנשלאָפן געוואָרן מורמלענדיק עפּעס. און אף מאָרגן איז האָדעלען געווען ניט צו דער־קענען, זי איז די ערשטע אופגעשטאנען, אופגעהויבן די גאנצע כאליאסטרע, געשטיפט מיט די ייִנגלעך. בלויז יאָסעלען האָט זי געזשאלעוועט אופוועקן, זי האָט באפוילן אים ניט טשע־פען, מע זאָל אים לאָזן נאָך א ביסל שלאָפן, ווײַל ער איז א קליינינקער. וואָס פאר א שעד זיצט אין דעם מיידל, פארשטייט קיילע ניט, בלויז דאָס הארץ טוט ווי, קוקנדיק אף איר.

## 12

נאָרוואָס האָט האָדעלע געלייגט דאָס קינד שלאָפֿן. ביז אהער איז ער געלעגן בא איר אין שויס.ביידע האָבן זיך געקוקט אין די אויגן און ביידע האָבן געשוויגן. יוזיק האָט געפירט מיט זײַן הענטל איבער דער מאמע אנעס האנט, געגלעט איר געזיכט. מע האָט ניט באמערקט, ווען ס׳איז נעלעם געוואָרן דער ביין־האשמאָשעס, און כאָטש דעם קינדס פּענעמל איז אײַנגעהילט געוואָרן אין טונקלקײַט, דאָך האָט האָדעלע געזען זײַנע שארפֿע פֿלינקע גרויסע אויגן, די סאַרפּענדיקע פֿארקלעמטע ליפּעלעך און דאָס גריבעלע אף דער ברייטלעכער קין, פֿונקט ווי בא זײַן טאַטן. די באָבע נאסטיע האָט דערציילט, אז פֿונעם קונדעס איז אומעגלעך אויסצו־האלטן. א שטיפֿער איינער אין דער וועלט. אנומלטן האָט ער א שלײַדער געטאָן א שטיינדל אינעם קריגל, וואָס איז געהאנגען אפֿן פֿלויט־פּלאָקן, און געמאכט א לאָך פֿונקט אין דער מיט, ווי מע זאָל זי אומיסטן אויסקלעפּן. דערנאָך איז ער ארופֿגעקראָכן אפֿן בוידעם און, ווײַזט אויס, מוירע געהאט צוריק אראָפּקריכן. זי, די באָבע, האָט דעם הויף, די שטוב איבער־געקערט און ניט געקענט אים געפֿינען. ער איז אנשלאָפֿן געוואָרן אפֿן בוידעם! ווען ער הייבט ניט אָן צו זיפֿצן פֿונעם שלאָף, וואָלט זי אים אזוי גיך ניט געפֿונען.

אין איינעם א שיינעם טאָג איז ער אוועקגעגאנגען פֿון דער היים, אזש לעם די קאָל־ווירט־גערטענער האָט זי אים אָנגעיאָגט, געפֿרעגט וווהין גייט ער, — צו דער מאמע אנען — איז געוועזן זײַן ענטפֿער. אין די אָוונטן, ווען זי פֿלעגט אים לייגן שלאָפֿן, איז ער געזעסן אפֿן געלעגער, גענומען זיך שאָקלען און זינגען אף זײַן אויפֿן: „מאמע אנע, אוי, וויל איך צו דער מאמע אנען“. הערנדיק דעם טרויעריקן געזאנג זײַנעם, איז דאָס הארץ אירס אָקאָרשט ניט צעריסן געוואָרן. זאָל ער אמאָל געוועזן וויינען, שרײַען צי בעטן עפּעס? — דאָס ניט. מע דארף גאָר אויספֿאָרן די וועלט און קענען געפֿינען אזא ייִנגעלע.

אים איז שווער צו דערקענען. — ער איז אויסגעוואקסן, רעדט און כקירעט, ווי א דער־וואקסענער. האָדעלע האָט אים אָפּגעווינט פֿון טומלען און שרײַען. ווי נאָר ער האָט עפּעס אָנגעהויבן פֿארשטיין, האָט זי מיט אים אײַנגעטײַנעט, אויב ער וועט וויינען, ראשן, וועט מען זי, די מאמע אנע, מאכן באַ־באַ. ער האָט געוווּסט, אז דאָס באטײַט — מע וועט זי, די מאמע אנען, בא אים צונעמען. דעמלט איז ער שוין בעקויעך געוועזן אָנבײַלן צוויי פֿויסטלעך, אָדער זיך אָנטשעפּען מיט די הענטלעך אין אירע האָר. דאָס האָט געהייסן — ער וועט ניט לאָזן, דערבײַ פֿארקוועטשן אין זיך א זיפֿץ און פֿארפּרעסן די ליפּעלעך זײַנע.

די באַלעבאָסטע פֿון דער פֿערמע האָט געזען, ווי אנע מוטשעט זיך מיטן קינד. די דאָזי־קע באַלעבאָסטע, א פּרוי מיט בלאָנד־געפֿארבטע האָר, מיט א קליינעם פּענעמל, אף וועלכן עס איז קוים באמערקט געוועזן, ווי די שארפֿע, דינע ליפּן באוועגן זיך בייס זי רעדט, האָט געוואָלט, אז די ארבעטערן זאָל דאָס מאמזערל אָפּגעבן אין פּריזוט, נאָר האָדעלע פֿלעגט אלע מאָל אויסבעטן בא יענער, זי זאָל ניט צווינגען, מע זאָל דאָס קינד אָפּגעבן עמעצן. אנע האָט פֿארזיכערט, אז דאָס ייִנגעלע וועט איר ניט שטערן אין דער ארבעט, זי וועט טאָג ווי נאכט ארומגיין לעם די כאזיירימלעך און קוויטשערלעך, זי וועט פֿאר צווייען האָרעווען. אז יוזיק איז שלאָף געוואָרן פֿלעגט זי אים א גאנצע נאכט ארומטראָגן אף די הענט, ער זאָל ניט וויינען.

איצט איז האָדעלע מיטן קינד בא זיך אין שטוב, זי דארף זיך מער ניט ארומקוקן, היטן זיך, מע זאָל עפּעס א כעט אף יוזיקן ניט געפֿינען, מע זאָל קיין כיסאָרן אין איר ארבעט ניט אנטדעקן. זי האָט שוין פֿאר קיינעם קיין מוירע ניט. ווען יוזיק איז געלעגן אפֿן געלעגער, און זי האָט זיך איבערצײַגט, אז ער שלאָפֿט, איז זי ארויסגעגאנגען אין קיך, אָנגעצונדן דאָס לעמפּעלע, גענומען זיך צום פּעקל, וואָס די באָבע נאסטיע האָט איבערגעלאָזט. געוואָלט א קוק געבן, וואָס דארף מען איבערוואשן, אויספּרעסן, פֿון יוזיקס אָנטאָן, ער איז שוין אויסגע־וואקסן קימאט פֿון אלע זײַנע מאלבושימלעך. בעשאסמײַסע האָבן זיך דערהערט טריט אין דרויסן. קעדיי מע זאָל ניט קלאָפּן אין טיר, ניט אופֿוועקן דאָס קינד, איז האָדעלע ארויס אין דרויסן א קוק טאָן ווער איז דאָרט.

קיילען קאָן מען דערקענען אין דער פֿינצטער, זי שפּאנט האסטיק און אימפּעטדיק, דערצו האָט זי פֿונדערווײַטן געלאָזט זיך הערן:

— און איך האָב געמיינט, אז דו פּאָפּסט שוין, נאָר דאָס פֿײַערל אין פֿענצטער זאָגט דאָך עפּעס, א גוטן אָוונט דיר, האָדעלע, — זי איז צוגעגאנגען צו דער באנק, וואָס איז גע־שטאנען הינטערן אלטן בארנבוים, זיך אנידערגעזעצט, — קום אהער, זעץ זיך צו לעם מיר, — האָט קיילע געזאָגט און אנידערגעשטעלט לעם זיך עפּעס א קוישל, און שוין שטילערהייט געפֿרעגט: — דער גענארניק שלאָפֿט? דאָס קינד מיין איך.

— שלאָפט, — האָט האָדעלע אַ זיפץ געטאָן.

— דו נעם זיך ניט צום האַרצן. דאָרטן, וווּ ס'איז פאַראַן זיבן הײַשעריקעס, וועט יוזיק זײַן דער אַכטער, מירן אַרבעטן, און ער וועט אויך העלפן מיט אַ קרעכץ, אַזוי ווי מײַן יאָסעלע. מײַן שטיפער פלעגט בלאָנדזשען איבערן פעלד און וווּ די וועלט האָט אַן עק. איינמאָל האָבן מיר אים פאַרלוירן. ווײ, ווײ וויפל צאָרעס מיר האָבן דעמלט געהאַט, ביז מיר האָבן אים געפונען. אין אַ ריוו, צווישן ווילדגראָז, איז ער אַנשלאָפן געוואָרן. נישקאָשע, יאָסעלע וועט זיך מיט יוזיקן שפּילן, און עס וועט זײַן גוט, — קיילע האָט געהאַלטן אין איין רעדן. פרעגן עפּעס וויל זי ניט, אויב זי, האָדעלע, וועט געפינען פאַר נייטיק, וועט זי אַליין דערציילן ווער און וואָס.

— דו הער זיך ניט צו, וואָס מע רעדט, — האָט קיילע ניט געקענט שווײַגן. — אַ קינד איז אַן אומשולדיקע נעשאָמע, עס ווייסט ניט צי דער טאַטע איז געווען אַ רעציייעך, צי אַ צאַדיק. עס וועט אויסוואַקסן און וועט ווערן אַ מענטש, איז אַזוי וויל וועט זײַן צו אים.

— וואָס זשע רעדט מען דאָרטן? — האָט האָדעלע געפרעגט.

— וואָס דאַרף דיך אַרן, אַ צונג אָן ביינער פּלוידערט. אויב מע קען אַ פּיצל קינד אָנרופן פּאַשיסטל, דאַרף באַ יענעם דאָס מויל זיך שטעלן פּאַפּערעק.

— יוזיקס טאַטע איז געווען אַ פּאָליאַק, די מאַמע — אַן אוקראַיִנקע.

— אַזוי די מײַסע? די מאַמע אַן אוקראַיִנקע? נאָר וואָס טויג מיר מײַסעס, דאָס האָבן די פּאַשיסטן אויסגעטראַכט, אַז באַ זיי איז דאָס בלוט פון אַ געהויבענעם סאָרט. ווערדליק איך פאַרשטיי, איז בלוט רויט באַ פּאָליאַקן, באַ רוסישע און באַ ייִדן, און אויב די פּאַשיסטן ווילן שטאַרק, אַרט מיך אויך ניט, אויב דאָס בלוט וועט באַ זיי ווערן ווײַס. איך פרעג דען? גלאַט, ס'איז געקומען צו רייד. אַבי דו ביסט צופרידן, איך זע דאָס פּענעמל זעט באַ דיר אויס יאָמטעוודיק, איז מיר אויך גוט אויפן האַרצן.

קיילע איז געזעסן און גערעדט וועגן דער גוטער פּאָגאָדע, געדאַנקט דעם אויבערשטן, וואָס עס רעגנט ניט. זאָל מען פּרוּוון אין אַ בלאָטע און אין אַ שליאָטע גראָבן בורעקעס. פּלוצעם האָט קיילע זיך דערמאָנט אינעם קוישל, עס גענומען אין די הענט:

— מאָרגן וועסטו מיט יוזיקן בלײַבן אין דער היים, זאָל ער זיך צוגעוווינען צו אַ נײַ אָרט, מעשאַנע מאָקעם, מעשאַנע מאַזל, נאָכדעם וועסטו מיט אים אַרויסגיין אַף דער אַרבעט. אין דער היטשקע וועט יוזיק האָבן וווּ זיך צו שפּילן. אַף צוויי טעג האָב איך אײַך געבראַכט עסן, און ווײַטער וועלן מיר זען. נאַ, נעם.

— מע דאַרף ניט, — האָט האָדעלע געוואָלט זיך אָפּקערעווען, ניט נעמען דאָס קוישל, נאָר קיילע האָט באַוויזן איר האַנט מיט אַלע פינף פינגער.

— וואָסי? דו נעמסט באַ פרעמדע, צי דו האָסט עס ניט פאַרדינט, ווי אַזוי איז דיר ניט קיין ביזויען?

ביידע האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק; האָדעלע מיט קיילען זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין קיך. בייס קיילע האָט גענומען אויסליידיקן דאָס קוישל, האָט זי אָנגעזאָגט: — האָדעלע, זאָלסט באַלד עסן די קנישעס, ווײַל אַף מאָרגן וועלן זיי ווערן אַלט־געבאַקן. אַ שאָד, וואָס דאָס קינד שלאָפט שוין, טאָמער וועט ער זיך אויפכאַפּן, זאָל האָדעלע ניט פאַרגעסן מעכאַבעד זײַן אים, זאָל ער וויסן, וואָס פאַר אַ טאַם האָבן דעמבענעצער קנישעס מיט פּאַסאָליעס. נישקאָשע, יאָסעלע פאַרגינט זיך אויפשטיין אינמיטן דער נאַכט, און איידער ער עפנט די אויגן, שרײַט דאָס מויל — עסן! — קיילע האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אוועקגעגאַנגען אַהיים.

דאָס ערשטע מאָל, אײַנגאַנצן אַ רויִקע, איז האָדעלע געלעגן אויפן געלעגער באַ זיך אין שטוב. זי הערט ווי דאָס קינד עטעמט, ער שלאָפט געשמאַק, עפּשער כאָלעמען זיך אים גוטע כאַלוימעס, און זי, האָדעלע, שמייכלט צו זיך אַליין, דערמאָנענדיק זיך אין דער באָבע נאָסטיכאַלוימעס מײַסעס. אַ ייִנגעלע קען שוין קריכן אַף אַ לייטער, צעברעכן אַ קריגל מיט אַ שטיין, אָבער הײַנט איז ער ניט געזעסן אויפן געלעגער, ניט געשאָקלט זיך, זינגענדיק, אַז ער וויל צו דער מאַמע אַנען. ער איז אַנשלאָפן געוואָרן אָן שום דײַגעס, און זי, האָדעלע, הייבט אויך אָן דרעמלען, און דרעמלענדיק פּלאָנטערן זיך דערינערונגען, ווי כאַלוימעס. זי זעט כאָרעווע שטעט, ברענענדיקע גאַסן. עס ווײַזט זיך אויס, אַז גאַנץ דײַטשלאַנד איז אין פײַער און אין רויך. זי דערמאָנט זיך אין די צערויִנירטע דערפער, שטעט. פון די וואָקזאַלן און סטאַנציעס זײַנען בלויז שטיינערנע בערג איבערגעבליבן. דאָס האָט האָדעלע געזען דורך די קליינע פענצטערלעך, פאַרקאָוועטע מיט אײַזערנע פּרענטלעך פון די לאַסט־וואַגאָנעס, אין וועלכע מע האָט געפירט מיידלעך אַף אַרבעט קיין גערמאַניע. דעמלט האָט זיך איר געדוכט, אַז די גאַנצע וועלט וועט כאָרעוו ווערן. הייסט עס, איצט פּילט מען דאָ אויך דעם טאַם פון מילכאָמע, — האָט זי דעמלט געטראַכט. די היגע טוישווים ווייסן אויך וואָס הייסט די אַראָפּגע־

5—2864



פאַלענע מאַטאַנעס פונעם הימל. עס האָט געשמעקט פונקט ווי דאָרטן אין דער היים, מיט געברענטע ציגל, אָנגעגליטע שטיינער, און פונקט אַזאַ געדיכטער רויך איז געהאַנגען איבער די צעבאָמבירטע שטעט און דערפער. ערגעץ אין אַ כאָרעוו געוואָרענער גאַס, צווישן די רוי־נעס האָט אַרויסגעקוקט אַ גאַנץ געבליבן מויערל, אָבער ס׳איז ניט באַמערקט געווען, אַז עס אָטעמט מיט לעבן. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס דאָזיקע מויערל שאָקלט זיך, באַוויינענדיק די כאָרעוו געוואָרענע שכײנעסדיקע הײַזער.

איבער אַ ברייטן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן בערג שטיינער, אָנגעוואַלגערטע ליים און ערד, האָבן זיך געשלעפּט פּליטים, מע איז געלאָפן אַף מײַרעוו, קעדיי ניט אַרײַנ־פאַלן אין די הענט פון דער אָנגרײַפנדיקער סאָוועטישער אַרמיי, און בײַ דער זײַט פונעם ברייטן וועג האָט מען געטריבן אַ קאָלאָנע מיט מיידלעך און פרויען. זיי זײַנען געווען פאַר־שטויבט, אויפגערעגט. אייניקע האָבן אפילע אַ לוסטיקן אויסזען געהאַט, דאָס האָבן זיי דער־שמעקט די נאָענטע היים זייערע. זיי האָבן אַראָפּגעריסן די בערעטן, קאַפּעליושלעך פון די קעפּ און אויסגערופן „פּאַריזש, פראַנקרײַך״, אַנדערע האָבן געפּאָכעט מיט פּאַטשיילעס און געשריגן: „טשעכיא״. די רוסישע מיידלעך האָבן, שעפּטשענדיק, סקאַנדירט „דאַיאָש מאָסקווו!״

מע האָט פאַר דער וואָך קיין מוירע ניט געהאַט. די דאָזיקע זעלנער זײַנען געווען פון היטלערס לעצטע רעזערוון: אַלטע לײַט, הינקעדיקע. לויט דעם, ווי זיי האָבן געהאַלטן דאָס געווער אין די הענט, איז קענטיק געווען, אַז זיי זײַנען קיינמאָל קיין סאָלדאַטן ניט געווען.

ווען ניט די עטלעכע עס־עס־לײַט, וואָס האָבן געהיט אי די מיידלעך, אי די וואָך, וואָלטן די דאָזיקע זעלנער אָפּגעלאָזט אַלעמען און אַליין מיט גרויס פאַרגעניגן אַנטלאָפן אַהיים. קיינער פון זיי האָט ניט געוווּסט וואָס וועט מאָרגן זײַן. זיי האָבן זיך געשושקעט צווישן זיך, אַז דער פירורער איז קאַפּוט, בערלין איז, ווײַזט אויס, געפאַלן.

האָדעלע האָט אויך זיך געשלעפּט מיט דעם דאָזיקן אוילעם, האַלטנדיק יוזיקן אַף די הענט. ער האָט זי אַרומגענומען אַרום האַלדז, געלעקט מיט דער צונג דאָס פײַכטע פּאָנעם אירס. ער האָט ניט געוויינט, בלויז געזיפצט, און איר זײַנען דעמלט אויסגעגאַנגען די קויכעס. גוט, וואָס זי האָט זיך געשלעפּט אין דער לעצטער ריי, געקאָנט זיך אַ וואַקל טאָן, אָפּשטיין, ביז עס וועט זיך ניט דערהערן דער הייזעריקער „שנעל, שנעל!״ דאָס האָט זיך געלאָזט הערן דער זעלנער, וואָס האָט געשפּאַנט הינטער דער לעצטער ריי, געשלעפּט קוים די פיס.

האָדעלע איז ניט איינע געווען מיט אַ קינד אַף די הענט. אַ נידעריטשקע פרוי האָט אײַנגעמאָסטעט אַ מיידעלע אין אַ רוקזאַק און עס געטראָגן אַף דער פּלייצע. בײַ האָדעלען האָבן געקוואַטשעט די שיך. מענערישע שיך מיט גראָבע אָפּגעריסענע פּאָדעשוועס און אויס־געקרימטע אָפּצאַסן. האָדעלע האָט געפילט, ווי דאָס העמד ווערט צוגעקלעפּט צום לײַב,

און דער פרילינגדיקער ווינט שמײַסט אין פּנעם, רײַסט מאמעש שטיקער פון איר. זי נעמט ארום יוזיקן מיט ביידע הענט, ער זאָל זיך ניט צוקילן, ווײַל דאָס פידזשאקעלע איז נאָך ניט אויסגעטריקנט געוואָרן נאָכן רעגן. און דאָ באַמבלט זיך דאָס פעקל, וואָס הענגט אראָפּ ביז צו די קני.

זי האָט צום פעקל צוגעבונדן א שטריקל, געמאכט א שלייף און עס אופגעהאנגען אפן האלדז, די הענט זאָלן בא איר פרײַ זײַן, דערפאר האָט אָבער דאָס שטריקל אומבעראכמאָנעסדיק געריבן דעם נאקן. די נאסע שיך האָבן אזוי געמוליעט די פיס, אז ס׳איז אומעגלעך געווען אויסצוהאלטן.

יוזיק האָט ווי געפילט, אז דער מאמע אנען איז שווער צו גיין. ווען ער פלעגט פון איר דערהערן א זיפץ, האָט דאָס פענעמל זיך פארקרימט בא אים. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער, יוזיק, פלײַסט זיך ווערן גרינגער, סע זאָל איר זײַן לײַכטער צו שפאנען.

אזוי איז מען געגאנגען און געגאנגען. ס׳איז געווען קענטיק, ווי די רייען פון די רוסישע פרויען ווערן שיטערער, אייניקע מיידלעך האָבן האָדעלען געגעבן אָנצוהערן — ווען ניט דאָס קינד, וואָלט זי אויך געקענט מאכן די פלייטע, נאָר יוזיק קען דאָך אָנהייבן וויינען, ווען מע דאַרף ניט, און לויפן מיט אים איז אויך אומעגלעך.

אומגעריכט איז פאָרגעקומען אזוינס, וואָס קען בלויז זיך כאָלעמען. ס׳איז פלוצעם געוואָרן א בעהאָלע אין דער קאָלאָנע. מע האָט געמוזט מאכן א וועג די מאשינעס, וואָס האָבן געיאָגט מיט געהויבענע פלייטים. די וואכלײַט האָבן באפוילן האלטן זיך רעכטס. ס׳איז געוואָרן א שטופעניש, א געפילדער מיט א געלעכטער. האָדעלען האָט מען פארשטופט צו די קוסטעס, וואָס זײַנען געוואקסן פון יענער זײַט וועג. זי האָט זיך אפילע ניט ארומגעקוקט, זיך אָנגעבויגן און איז ארײַן אין דער געדיכטעניש פון די געוויקסן, זיך אָפּגעשטעלט אף א ווײַלע, ווײַל דאָס הארץ האָט האסטיק אָנגעהויבן קלאפן. איבערכאפנדיק דעם אָטעם, האָט זי געלאָזט זיך גיין ווײַטער. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז דיביימער פון יענער זײַט קוסטעס גייען איר אנטקעגן און ווילן זי באהאלטן. זי האָט זיך געלאָזט לויפן צום וועלדל. פלוצעם האָט זיך דערהערט א שיסערײַ. נאָר וואָס פאר א ווערט האָט געהאט דאָס שטעפן פון אן אווטאָמאט, אז ארום און ארום האָט געדונערט א קאנאָנאדע פון הארמאטן. מיט די לעצטע קויכעס איז זי געלאָפן טיפער אין וואלד, טוליענדיק יוזיקן צו זיך, און ווי אפצולאָכעס האָט ווידעראמאָל אָנגעהויבן גיסן א רעגן. דאָס אָנטאָן איז טייקעף געוואָרן שווער מיט רוכעס, דאָס קליידל האָט זיך געקלעפּט צו די קני, דערצו איז יוזיק געוואָרן שווער, מאמעש, ווי א שטיין. עס האָט געצויגן צו דער ערד. זי האָט געוואָלט כאָטש אף א רעגע זיך אנידערזעצן, אָפּרוען א ביסל. דער שווייס, וואָס איז גערונען איבער איר פּאָנעם, האָט זיך איבערגעמישט מיט אירע טרערן און מיט די טראָפּנס פון רעגן. איר האָט זיך געדוכט, אז יוזיק וויינט, ציטערט פאר קעלט, נאָר זי איז אזוי ווי טויב געוואָרן. באוועגט זיך, ווי א טאָם, וואָס ווייסט בלויז איין זאך — לויפן, גיין, נאָר ניט אומפאלן.

פון די ביימער האָט געיושעט, און דער הימל איז געווען נידעריק, געהאנגען איבערן קאָפּ. מע האָט געקענט מיינען, אז די שווערע וואָלקנס שלעפן אים צו דער ערד.

ווי:אזוי זי איז געקומען צו א שטוב, האָט האָדעלע ניט געוווּסט, ניט געדענקט, צי זי האָט אָנגעקלאפט אין דער טיר. זי דערמאָנט זיך בלויז, ווי זי איז געשטאנען אונטער א דאך, און פון איר האָט געיושעט דאָס וואסער. יוזיק איז געווען בלאָ, ווי א דערטרונקענער. ווען זי האָט זיך אָנגעבויגן און אים אראָפּגעלאָזט אף דער ערד, איז זי ניט בעקויעך געווען זיך אויסגלײַכן. א ווײַלע איז זי געשטאנען אף די קני, נאָכדעם א פאל געטאָן אפן פּאָל. יוזיק האָט געוויינט, און איר האָט זיך אזוי געוואָלט שלאָפן!

איצט האָבן אירע אויגן אויך זיך געקלעפּט. זי הייבט אָן אײַנדרעמלען אף אן עמעסן. יוזיק וויינט ניט, ער ציטערט ניט, אים איז ווארעם, ער ליגט אף דער קושעטקע און שלאָפט געשמאק.

ניט יעדער מענטש ווייסט, וואָס ער קען איבערטראָגן און פארוואָס קען ער זײַן שטארקער פון אײַזן.

## 13

פראָ:ים איז געווינט געוואָרן צום כוטאָר. פון זינט דער ציגל-זאוואָד האָט אָנגעהויבן ארבעטן, פארגעסט ער אָפּט אין דער היים. פר:יער פלעגן אים טרײַבן קיין דעמבבענעץ זײַנע דײַגעס. די צעלעכערטע דעכער פון די שטאלן, ווו די ציגל טריקענען זיך, און די צעבראָכענע אויוונס האָבן אים געמאטערט. ער האָט געמיינט, אז ער וועט זיי קיינמאָל ניט אופשטעלן,

הייַנט די פאַרזשאַווערטע פּרעסן, די ליים־מישערס האָבן אים ניט געלאָזט שלאָפן. דער צעפּאָ־טרעטער וועג, וואָס האָט זיך געצויגן פונעם זאַוואָד צו די קאַריערן, כאַלעמט זיך אים אַדהאיעם.

ווען סטעפּאַן קאַלעניק האָט זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע, איז פראַ:ימען געוואָרן ליכ־טיק אין די אויגן. סטעפּאַן איז אַ מענטש, וואָס ווייסט ווו אײַן און ווו אויס. ער האָט שוין דאָפּ־קע געוווּסט, וואָס מע דאַרף טאָן מיט די פאַרזשאַווערטע פּרעסן. קאַלעניק איז אַ מענטש מיט גאָלדענע הענט. כוץ דעם געדענקט ער די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט באַ די ליים־מישערס און באַ די אויוונס. איצט זייַנען אייניקע פון זיי סאָלדאַטקעס — אַלמאָנעס. ווען ניט סטעפּאַן, וואָלט פראַ:ים מיט דער אַרבעט זיך ניט געקענט סּפּראַווען.

איצט איז דער זאַוואָד, ווי אַפּסנײַ געבוירן געוואָרן. אין די שטאַלן זייַנען אויסגעשטעלט פרישע ציגל, מע האָט אויך אָפּגערייניקט אַ פּלאַץ, וואָס איז גלייַך ווי אַ טיש, און מע וועט קענען פּרעסן נײַע ציגל, זיי אויסשטעלן אַף דער ערד, זיי זאָלן כאַפּן אַ טריקן. סטעפּאַן קאַלעניק טייַנעט, אַז מע דאַרף זיך צוויַלן, ווייַל אַז די פּרעסט ווען אַ נעם טאָן, וועסטו אין דרויסן קיין ציגל ניט שטעלן. אַרום די שטאַלן איז ריין און ציכטיק, יעדער שטעגל איז באַשאָטן מיט זאַמד, עס שמעקט מיט פרישער ליים און מיט פייַכטע ציגל. אַ קוק טאָן פונדערווייַטן אַף די שטאַלן, ווייַזט זיך אויס, אַז דאָס שטייען אַ היפּש ביסל שטיבלעך מיט נײַע דעכער. און אַז מע האָט אײַנגעהייצט אין די אויוונס, האָבן זיי געהודעט. די פרויען האָבן אונטערגעכאַפּט דעם דאָזיקן ניגן און ס׳האָט זיך באַקומען אַ טרויעריק־זיסע ליד. איַי, זינגען זיי, די סאָלדאַטקעס!

ווען עס האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן ביידע פּרעסן און מע האָט גענומען אויסשטעלן די ציגל אין די שטאַלן, האָט פראַ:ים זיך גענומען צו די אויוונס. די מיידלעך האָבן אַף זייער אויפן כויזעק געמאַכט פון אים.

אַניוטע די קלוגע, אַ פּולבּרוסטיק מיידל מיט אַ דינער טאַליע און מיט שמאָלע שפּיצעכיקע אויגן האָט מיט אַ זיפץ אַרויסגעזאָגט אירע מעווינעס:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַטשאַלניק, וואָס קען קיין פּאָרטפעל ניט טראָגן...

און די סאָלדאַטקע פּריסקע, אַ יונגע פרוי, וואָס פאַרגעסט אָפּטלעך אַראָפּלאָזן דאָס קליידל, וואָס איז פאַרשטעקט באַ די לענדן, און קען, ווי זי שטייט און גייט, זיך אַ דריי טאָן אַף איין אָרט מיט אירע נאַקעטע פאַרברוינטע פעסטע פיס, אַזוי, אַז עס זאָלן אָנהייבן שפּילן אַלע אייוור־רימלעך פון איר שלאַנקן קערפּער, האָט אומשולדיק, באַשיידן אונטערגעכאַפּט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַטשאַלניק, אַז ער קען גאָר פאַרקאַטשען די אַרבל און אויסלייגן די קייַלעכדיקע סטעליעס אין די אויוונס.

ניורע האָפּאַק איז אַ פּולבּלעכע מויד, אַ שטייַפע און אַ וווּקסיקע, באַגלייט יעדער ווערטל מיט אַ געלעכטערל, וואָס קייַקלט זיך אַרויס פון איר קליין מייַלעכל. דאָס געלעכטערל קלינגט, ווי אַלערליי גלעקעלעך, דערבייַ פאַרוואַרפט ניורע דעם קאָפּ אַרוף, צעשפּרייט די הענט אין די זייַטן, ווי זי וואָלט וועלן עמעצן אַרומנעמען.

— אָן עמעסער נאַטשאַלניק, — האָט ניורע אָנגעהויבן מיט אַ ניגנדל, — דאַרף צוגיין צו דער קופּע ליים און מיט די שפּיץ פינגערלעך זייַנע נעמען אַ הרודקעלע, אַ קוק טאָן אַף דעם, עס באַשמעקן, באַלעקן און טרעפן, צי די ליים איז פעט, צי מאָגער, צי מע וועט פון דעם דאָזיקן טייג קענען באַקן פּאָמפּעשקעס מיט קנאָבל, צי מע וועט ניט קענען! כאַ־כאַ־כאַ, כיי־כאַ־כי! —

אַז ניורעס געלעכטערל הייבט אָן קלינגען, צעקיצלט עס אַלעמען, ווער עס שטייט דערבייַ. די סאָלדאַטקעס גיבן אָפּ קאָוועד דעם נייַעם נאַטשאַלניק. און פאַרוואָס טאַקע ניט? ער האָט פאַר אַלעמען אויסכלאָפּאָטשעט גוטע פּראָדוקט־קאַרטלעך, זשאַלעוועט ניט שיקן אַ פורל נאָך די פּראָדוקטן, אַז זיי, די מיידלעך, זאָלן ניט לויפן יעדערע באַזונדער קיין דעמבּבענעץ נאָכן פּאַיאָק, און איז ביכלאַל אַ ווווילער מענטש. דערפאַר זייַנען זיי גרייט פאַר אים גיין אין פייַער און אין וואַסער.

פראַ:ים ווייסט, אַז די סאָלדאַטקעס שעמען זיך ניט זאָגן, וואָס זיי געפעלט און וואָס ניט. מע וואַרט ניט אַף קיין פאַרזאַמלונגען. זיי קענען אינמיטן הויף זיך צונויפקלייַבן, אָנהייבן אָפּשפּעטן, אָדער דורכפירן אַ ניט פּלאַנירטע באַראַטונג. אַפילע ווען דער פאָרזיצער פון אַרטעל, פישל, הייסט עס, קומט צו פאָרן, לייגט מען אים אויך אַרייַן אין קאָלנער. מע זאָגט אָן, ער זאָל ניט זיצן און שוויצן אין דעמבּבענעץ, זאָל ער זיך פאָרן אין שטאָט, קלאַפּן אין טיש דאָרטן, וווּ מע דאַרף, פאָדערן אַ פּאָמפּע, און אויב ניט קיין נײַע, זאָל מען כאָטש אויסטיילן אָן אָפּגערעמאָנטירטע. אויך פראַ:ימען לאָזט מען ניט צורו, ער זאָל וואָס גיכער דורכלייגן די טרויבן פון דער אָזערע צום זאַוואָד, ווייַל מיט דער קליאַטשע, וואָס שלעפּט דאָס פעסל, וועט מען ווײַט ניט פאַרפאָרן, און זיי, די מיידלעך, וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט! מע דרייט זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס און מע וואַרט ביז דאָס פורל ברענגט אַ ביסל וואַסער. און זאָל קאַלע־

ניק אופהערן דרייען זײַנע לאַנגע וואָנצעס און זיך מאַטריִען זײַן רעמאָנטירן די אַלטע פּאָמפּע.

עס איז געווען אַ צײַט, ווען פּראָים האָט געטראַכט זיך געזעגענען מיטן זאַוואָד. אָבער איצט, ווען מע וואָלט אים געהייסן אַוועקגיין פֿון דער דאָזיקער אַרבעט, וואָלט אים שטאַרק באַנק געטאָן זיך צעשיידן מיט די מענטשן, מיט די שטאַלן, מיט דער ליימענער ערד און מיטן באַרג־אַפּריס בײַ די קאַריערן.

די לעצטע צײַט האָט פּראָים ניט געהאַט קיין צײַט לויפֿן קיין דעמבעניץ. די טעג זײַנען געוואָרן קלענער, מע באַווײַזט זיך ניט אַרומקוקן, פֿאַלט צו די נאַכט.

אַז פּראָים בלײַבט אַליין אין צימערל, ווען ער פֿאַרנעמט בײַ קאַלעניקן אין שטוב, הייבן זיך אים אָן פּלאָנטערן פֿאַרשיידענע געדאַנקען. אינמיטנדערינען שטעלט זיך אַנידער פּעסעלע פֿאַר די אויגן. אים ווײַזט זיך אויס, אַז פֿון זינט גרישע איז געקומען, איז זי עפּעס אומעטיק געוואָרן. פֿריִער פֿלעגט מען זי זען אַמאָל אַרויסגיין אין גאַס מיט די סאָלדאַטיקלעך אירע, איצט שפּאַצירט מיט די קינדער דער טאַטע, און זיי, די ייִנגעלעך גרויסן זיך מיט אים, מיט גרישען, וואָס ער איז מיליטעריש געקליידט און צוויי זילבערנע מעדאַלן הענגען בײַ אים אויף דער ברוסט. דודי וועטמאַנס זון האַלט פֿון זיך אַ וועלט. ער האָט אָנגעהויבן די מיל־קאָמע אַלס סערזשאַנט און זי פֿאַרענדיקט ווי אַן עלטערער לייטענאַנט פֿון אינטענדאַנט־דינסט.

פּעסעלע מאַכט פֿון דעם אַ קליינעם צימעס. זי קוקט ניט אויף זײַנע פּאַגאָנעס, אויף דער שטעלע זײַנער. זי האָט אירס אין זינען. אַפֿילו מיטן פֿאָרזיצער, מיט פּישלען, לערנט זי באַלעק. אַלעמאָל גיט זי אָנצוהערן, וואָס אַ פֿאָרזיצער מעג זיך דערלויבן טאָן אַליין און וואָס ער דאַרף פֿרעגן בײַם הויפּט־בוכהאַלטער און בײַ דער פֿאַרוואַלטונג. זי האַלט אין איין וואָרענען, אַז מעלוכיש געלט דאַרף מען אָפּהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. זי שעמט זיך ניט באַפֿוילן, אַז איידער מע דאַרף אויסגעבן מעזומאָנים, אָדער עמעצן איבערפֿירן אַ סומע געלט, זאָל מען פֿריִער צונויפֿרופֿן די פֿאַרוואַלטונג. נאָך דעם באַשלוס וועט זי הייסן דעם קאַסיר אויסצאָלן, דערצו דאַרף מען וויסן צי מע מעג אַזאַ באַשטימונג אַרויסטראָגן.

בייס גרישע איז געקומען, איז זי ,פּעסעלע, געווען פֿאַרנומען מיט אײַנאָרדענען די קאָנ־טאָר פֿון אָרטעל אין מירלס שטוב, ווײַל זי איז מיט די קינדערלעך איבערגעגאַנגען וווינען צו לוזערן. פּעסעלע האָט אָנגעפֿירט מיטן רעמאָנט, באַשטאַט אַ קאַבינעט פֿאַרן פֿאָרזיצער, אַ צימער פֿאַר דער בוכהאַלטעריע, ווו עס איז אויך געווען אָפּגעגרײַזעט אַן אָרט פֿאַרן קאַ־סיר. פּעסעלע האָט באַוויזן וויִאַזוי אויסשטעלן די טישן אין קאָנטאָר. דער גרעסטער צימער פֿון דער דירע איז אויסגעטיילט געוואָרן פֿאַרן רויטן ווינקל, ווו די אַרבעטער זאָלן קענען זיך צונויפֿזאַמלען. עס זײַנען אָנגעמערקט געווען טעג און שעהן, ווען דער פֿאָרזיצער און דער הויפּט־בוכהאַלטער וועלן אויפֿנעמען באַזוכער.

פּראָים האָט ניט געוווּסט, אַז פּעסעלע קען זײַן שטרענג און אַזוי ערנסט. אין דער עוואַקואַציע האָט מען זי אויסגעלערנט וויִאַזוי אַ הויפּט־בוכהאַלטער דאַרף זיך פֿירן און וואָס פֿאַר אַ דייע זי האָט בײַ איר טיש. ס'איז צו זען, אַז פּעסעלע איז בײַ זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן. אין שטעטל האָט מען איר צוגעשטעמפּלט דעם צונעמעניש פֿינאַנס־מיניסטער. זי האָט איינמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז זי וואָלט אַליין געקענט זיך דורכלעבן און דערציִען די קינדער אָן קיי־נעמס הילף.

איינמאָל האָט פּעסעלע פֿאַר גרישען אין די אויגן געהייסן פּראָימען, ער זאָל קומען אין אָוונט אין קאָנטאָר, זי דאַרף אים ווײַזן, וויִאַזוי פֿאַרפֿירן די ביכער און וויִאַזוי אויסשרײַבן די נאַריאַדן, ווײַל ביז מע וועט ניט באַשטעטיקן די שטאַטן, וועט זי אָפּן זאַוואָד קיין כעזשבנ־פֿירער ניט שיקן. און אַז גרישע איז יענעם אָוונט אויך געקומען אין קאָנטאָר אײַנעם מיט די קינדער, איז פּעסעלע געווען אומצופֿרידן און פֿאַר קיינעם זיך ניט געשעמט אַרויסמעשאַ־לייעכן גרישען מיט די סאָלדאַטיקלעך, מע זאָל איר ניט שטערן. מע האָט באַמערקט, אַז גרישען איז דאָס ניט געפֿעלן געוואָרן — זײַנע שוואַרצע אויגן האָבן פֿעסעלען אָפּגעמאָסטן פֿון אויבן ביז אַראָפּ. אַרײַנגערוקט די האַנט זײַנע צווישן צוויי גאָלדענע קנעפּ פֿונעם קיטעל, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערקלײַבן צו דער בוזעם־קעשענע, האָט ער מיט רוגזע געהייסן, אַז די קינדער זאָלן פֿאָלגן די מאַמע...

פּראָים האָט באַמערקט, ווי גרישע מיט די קינדער האָבן זיך אַרומגעדרייט הינטער די פֿענצטער, און אַז ער האָט פֿאַרגעלייגט, פּעסעלע זאָל זיי דערלויבן אַרײַנגיין צוריק אין קאָנטאָר, איז דער ענטפֿער אירער געווען אַ קורצער: זי נייטיקט זיך ניט אין קיין אייצעס. ער, פּראָים, איז דעמלט אופגעשטאַנען פֿונעם בענקל און גענומען שפּאַנען פֿון איין וואַנט צו דער צווייטער. פּעסעלע האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דאָס טריקאָטאַזש־קאָפּטעלע, פֿאַריכט

דאָס קעלנערל פֿון דער ווײַסער בלוזקע, אַרופֿגעצויגן אַף די הענט, אַריבער די עלנבויגנס, די האַלבע אַרבל, אויפֿגענייטע פֿון טונקל־בלויען סאַטין און זיך אָנידערגעזעצט בײַ איר טיש, ווי אַ מאַלקע. אירע אויגן מיט די גאָלדענע רינגעלעך האָבן אָפּגעמאָסטן פּראָ֫זמען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און מיט אַ פֿאַרטײַעטער אומצופֿרידנקײַט געזאָגט, ער זאָל פֿאַרנעמען אָן אָרט בײַ איר טיש, ער זאָל זען, וואָס זי טוט, ווײַל אַלע מאָל ווערט זי ניט קומען אין די אָוונטן זיצן מיט אים און קנעלן. און כאָטש זי האָט אַרויסגעבראַכט פֿון איר מויל האַרבע ווערטער, דאָך זײַנען זיי געווען אײַנגעהילט אין אַ וואַרעם לײַבעלע. די אויגן אירע האָבן ניט געפֿײַערט, נאָר זייערע שטראַלן האָבן דערלאַנגט צו זײַן נעשאָמע. ער איז געזעסן, ווי אַ פֿלײַסיק לערן־ייִנגל, און געהערט קימאַט צוויי שאָ. זי האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל אין די ביכער פֿאַרשרײַבן די צאָל אויסגעבערענטע ציגל און וויפֿל ליים איז אַף די ציגל געווען אויסגענוצט, וויפֿל האָלץ איז אַוועקגעגאַנגען. יעדער קלייניקײַט דאַרף ער פֿאַרשרײַבן, און צום סאָף כוידעש וועט ער מיט אַלע ביכער קומען אין קאָנטאָר, דעמלט וועט זי אים ווײַזן ווי אַזוי צו מאַכן די אַקטן. זי האָט מיט אים געקנעלט, ווי מיט אַ כיידער־ייִנגל, געהייסן אַלע מאָל איבערכאַזערן דאָס, וואָס זי זאָגט אים אָן.

אַז מע איז אַרויסגעגאַנגען פֿון קאָנטאָר, האָט ניט פּעסעלע זיך אַרומגעקוקט צי גרישע מיט די קינדער וואַרטן אַף איר, נאָר ער, פּראָ֫זם, האָט זיי געזוכט און ניט געקענט געפֿינען. ווען פּעסעלע האָט אים גענומען אונטערן אָרעם, איז אים געקומען אַפֿן זינען יענע ווינטערדיקע נאַכט, אָבער דאָס מאָל האָט אים ניט געאַרט, צי טוט זי עס קעדיי אַ רייץ טאָן גרישען. ער האָט זיך אַפֿילע אײַנגעשטעלט צו פֿרעגן פֿאַרוואָס זי איז ניט צופֿרידן מיט גרישעס אומקערן זיך, בעשאַסמײַסע האָט ער באַמערקט, ווי אַ ביטער שמייכעלע איז דורכגעלאָפֿן אַף איר געזיכט. אַף זײַן קאַשע האָט זי געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע:

— פֿישלס פֿרעמדע האַנט קען ווערן צוגעוואַקסן צו זײַן לײַב? קיין אָפּגעריסענעם אייווער וועסטו צוריק ניט צוקלעפּן.

דעמבענעצער פֿרויען זײַנען די גוטע צוקער־לעקעכלעך! זיי ווילן ניט לײַדן, אַז מע באַליידיקט זיי, קענען ניט מויכל זײַן די זינד אַפֿילע פֿון אַן אייגענעם מענטשן. און זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע איז אויך אַ גוט קאָנפֿעקטל. אַ מיידל מיט אַ פֿאַרביטערט נעשאָמעלע. וואָס איז אין דער האָדעלען פֿאַרבאָרגן, פֿאַרשטייט פּראָ֫זם אַדהאיעם ניט, מאָנעפֿשעך, איז דאָס קינד ניט קיין פֿרעמדס, אָן אייגנס, איז צוליב וואָס דאַרף זי לייקענען? וואָס עס זאָל ניט זײַן, איז דאָס קינד ניט שולדיק, און ווערליק מע קאָן זיך אָנשטויסן, איז זי מיט קיין גוטן ווילן צו דער כופּע ניט געגאַנגען.

האָדעלע וועט דאָס קינד ניט וואַרפֿן, ביפֿראַט, מע דערציילט, אַז זי קען אָן דעם ניט זײַן קיין איין מינוט.

זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע איז ניט קיין נאַר און ניט קיין פֿאַרשלאָפֿענע, זי איז דורכגעגאַנגען דורך פֿײַער און דורך וואַסער. איז דאָך ניט שײַעך, זי זאָל זיך שעמען, זיך אויסבאַהאַלטן. עמעס, זי טוט זיך אַמאָל אַ באַווײַז מיטן קינד אַף דער גאַס. זי פֿאַרפּוצט דאָס ייִנגעלע אין טונקל־בלויִע קורצע הייזעלעך, אין אַ ווײַס בלוזקעלע. דאָס שוואַרצע באַנטיקל לעבן האַלדז באַשיינט דעם גאַנצן הוילעך זײַנעם. די ווײַסינקע האָר זײַנען פֿאַרקעמט מיט אַ שרונט בײַ דער זײַט קאָפּ. זי טראָגט דאָס קינד אַף די הענט, אָדער זי פֿירט עס פֿאַר אַ הענטעלע.ביידע זעען אויס גליקלעכער פֿון דער גאַנצער וועלט. זי שפּאַנט מאַמעש אַף די שפּיץ־פֿינגער, האַלט שטאָלץ פֿאַרהויבן דעם קאָפּ, ווי איינער זאָגט: — איר רעדט און טראַכט וואָס איר ווילט, — איך ווייס מיר מײַנס.

14

אַז ראַכמיִעל קומט פֿון דער אַרבעט אַהיים, געפֿינט ער אויך וואָס צו טאָן אין שטוב אָדער אין הויף. אים דוכט זיך, אַז ניט אַלץ איז נאָך צוגעקלאַפּט און צוגעשרויפֿט. אָט־דאָ ניט לאַנג האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער שלאָס פֿון דער דרויסנדיקער טיר סקריפּעט עפּעס, — איז ניט געפֿוילט זיך און אַרויסגעדרייט דעם שלאָס, קעדיי אַ קוק געבן פֿאַרוואָס קוויטשען דאָרט די געדערים.

פֿריִער מיט עטלעכע טעג האָט ראַכמיִעל געבראַכט פֿון ערגעץ אַ שטייסל און גענומען שטויסן קרײַד, נאָכדעם האָט ער דעם קרײַד אויסגעשאָטן אַף אַ בלעך, ער זאָל זיך טריקענען. איצט דאַרף ער קריגן אַ ביסל אייל, וועט ער מאַכן קיט, דער ווינטער שלאָפֿט נאָך ערגעץ אין

אויסרײַסעניש, און ער גרייט זיך שוין קיטעווען די פענצטער. הײַנט איז ער געווען פֿאַרנו־
מען מיט מאַכן דעקלעך צו די דייזשקעס, אין וועלכע מע שטעלט זײַערן אוגערקעס און עפּל.
ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די געמאַכטע דעקלעך אין קעלער, איז נאָך געווען גוט
ליכטיק אין דרויסן, אָבער, אַז ער איז אַרויסגעקראָכן צוריק, איז שוין דער ביין־האַשמאָשעס
נעלעם געוואָרן — קען ער ניט פֿאַרשטיין ווּהין איז די צײַט אַהינגעקומען, ער האָט דאָך
בלויז צוגעדעקט די דייזשקעס, אַרופֿגעלייגט די שטיינער אויף די דעקלעך און שוין.

ראַכמיִעל האָט פֿאַרגעסן, אַז דײַקע אין קעלער איז אײַנמיטנדערינען אים געקומען אויפֿן
זינען, ווי גרישע דודיס איז פֿריִער מיט עטלעכע טעג אַרײַנגעגאַנגען אין שנײַדער־צעך, ווו
ער, ראַכמיִעל, איז געווען פֿאַרנומען מיט אויסרעגולירן די ניי־מאַשינעס, וואָס דאַרפֿן אײַנגיכן
אָנהייבן אַרבעטן. דער גאַסט האָט אויסגעפֿרעגט, וואָס מאַכט עפּעס כאַווע, וואָס שרײַבט
איציק. בייסמײַסע האָבן זײַנע הענט פֿאַריכט די גימנאַסטיאָרקע, אַ גלעט געטאָן דעם רימען.
גרישע האָט זיך אויסגעצויגן אין פֿולן וווּקס, מע זאָל זען, ווי דער אָפּיצערישער מונדיר איז
אויף אים אויסגעגאָסן. נאָכדעם איז דודיס זונעלע פֿאַרפֿאָרן פֿון פּאָצן־זײַט — מיט אַ כניפּעדיק
שמייכעלע אָנגעהויבן ריידן, אַז ער ווייסט גוט אויף וואָס ראַכמיִעל איז פֿייִק, אַזאַ מומכע, און
אַזעלכע גאָלדענע הענט דאַרף מען לאַנג זוכן! ער געדענקט, ווען ער, גרישע, איז נאָך געווען
אַ קליין ייִנגל, פֿלעגט ער הערן ווי זײַן טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, האָט ניט איין מאָל געזאָגט:
„אָן ראַכמיִעלן וועט מען דאָ זיך ניט באַגיין״, און לאַנג ניט געטראַכט געשיקט די ברִיטשקע,
אַ געשפּאַנטע אין אַ פּאָר הייסע פֿערד, מע זאָל דעם מײַסטער ברענגען צו דער מיל. איצט
זעט ער, גרישע, אַז דער פֿעטער ראַכמיִעל פּילט זיך, קיין איינהאָרע, אין די קויכעס, אַרבעט
צוביסעלעך. מיט די שפּיצן פֿון צוויי פֿינגער האָט דודיס זונעלע אָנגענומען דעם לאַקירטן
דאַשעק פֿונעם אָפּיצערישן קאַרטוז, אַ רוק געטאָן אים העכער אַ ביסעלע אויפֿן שטערן, מע זאָל
בעסער זען די געדיכט־שוואַרצע ברעמען, וועלכע טוען אַ ציטער, בייס גרישעס אויגן הייבן
אָן זיך זשמורען, און דאָ טאַקע מיט האַנאָע פֿאָרגעזעצט, אַז ער געדענקט גוט, ווי איינמאָל
האָט ראַכמיִעל אַ לאַנגן לאָם אונטערגערוקט אונטער אַ מילשטיין, וואָס איז אַ סאַך יאָרן
געלעגן באַ זיי אין הויף, אים אונטערגעהויבן, אַוועקגעשטעלט דיבאָם און אים אַרויסגעקײַקלט
פֿון יענער זײַט טויער. ווער פֿאַרמאָגט איצט אַזאַ קויעך? אַמאָל זײַנען געווען גאָר אַנדערע
מענטשן, אַי געזונטע, אַי מיט סייכל, הײַנט די לײַטישקײַט פֿון דעמבענעצער באַלעבאַטים.

גרישע האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז זײַן פֿאָטער איז געווען דער איינציקער, וואָס פֿלעגט
קענען אויסגלײַכן אַלע כלוקעדייעס צווישן מענטשן. זײַן מישפּעט איז געווען אָנגעלייגט מער,
ווי דער פּסאַק־דין פֿונעם דעמבענעצער ראָוו.

ראַכמיִעל האָט לעכאַטכילע ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס מיינט גרישע, וואָס איז אים געקומען
אויפֿן זינען זײַן טאַטע? נאָר, אַז וועטמאַנס זון האָט אָנגעהויבן שיטן פֿעך און שוועבל אויף לו־
זערן און אויף פֿראָיִמען, איז אַלץ קלאָר געוואָרן.

לאָזט זיך אויס, אַז פֿראָיִם מיט לוזערן זײַנען געפֿאָרן אין שטאָט, ווו ער, גרישע, האָט
געוווינט. זיי זײַנען, קלוימערשט, געקומען זיך זען מיט אים, פֿאָרט אַ זעמליאַק. פֿאַרשטייט זיך,
אַז ער האָט זיי באַגעגנט ווי עמעסע גוטע ברידער, און זיי, די כאַכאָמים, האָבן גאָר אָנגעהויבן
אים מוסערן, האַלעמײַ ער קערט זיך ניט אום צום ווײַב און קינדער. לוזער האָט געהאַט די
האָזע וואָרענען — אויב גרישע וועט ניט פֿאַרשטיין, וואָס מע רעדט צו אים, וועלן דעמבענעצער
לעבן־געבליבענע כעווורע אים געבן עסן כריין אָן פֿיש, אַזוי אַז ער וועט פֿאַרזאָגן אַ צענטן...
און נאַפּטאָלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט האָט געשראָקן, אַז ער וועט כאַסענע האָבן פֿאַר
פֿעסעלען, און די קינדער אָפּגעבן אין קינדערהויז. ער, גרישע, איז ניט ניספּאָעל געוואָרן, ער
איז אַליין געקומען צום סייכל, אַז ער האָט געטאָן ניט גוט, נאָר ווער האָט די דאָזיקע יושער־
לײַט געבעטן זיך אַרײַנמישן אין אַ פּרעמד לעבן. גרישע האָט געמיינט, אַז דאָס האָט פֿעסעלע
זיי צוגעשיקט. זעט ער אָבער, אַז די פֿרוי זײַנע איז ניט שטאַרק איבעראַשט מיט זײַן קומען.
באַלד עפּעס שיקט זי אים אָפּ צו דער דאָקטערשע, אַלע מאָל גיט זי אים אָנצוהערן, אַז זי וועט
קיינמאָל אים ניט מויכל זײַן די זינד זײַנע.

גרישע איז אַנשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע, אָנגעשטעלט די גרויסע שוואַרצע אויגן אויף
ראַכמיִעלן, און דערנאָך שוין פֿאָרגעזעצט מיט גאָר אַן אַנדער נוסעך: — וואָלט עפּשער קעדײַ
געווען, אַז ער, ראַכמיִעל, זאָל זיך אַרײַנמישן אין דערינען און טאַקע אײַניינעם מיט לוזערן
פּרוּוון לערנען מיט פֿעסעלען מוידע אַני. בייסמײַסע האָט ראַכמיִעל אַ שלעפּ געטאָן די ברילן
פֿון די אויגן, גענומען ווישן די גלעזלעך מיטן זאַמשענעם שטיקל לעדער, און זשמורענדיק זיך,
געקוקט אויף גרישען.

ראַכמיִעל האָט גרישען ניט געמישפּעט, ניט אַרויסגעטראָגן קיין פּסאַק־דין, ער האָט בלויז
אים געייצעט, אַז ער זאָל זיך ניט אַמפּערן און צו קיינעם קיין טײַנעס ניט האָבן, ווײַל ניט לו־

זער און ניט פּרויקע האָבן קיינעם קיין שלעכטס ניט געוואָלט טאָן. וואָס איז שײַעך פּעסעלען, דאַרף מען זי אויך פאַרשטיין, מע קען זי דען באַשולדיקן אין עפּעס? ס׳איז דאָך נאַטירלעך, וואָס זי בלאָזט זיך אָפּ אויף אים, אָפּ גרישען, נאָר ער דאַרף זיך ניט שטאַרק נעמען צום האַרצן. עס וועט איבערגיין. זי וועט בעסער ווערן. מע דאַרף איר איצט נאָר נאָכגעבן, זײַן צו איר גוט, מילד און טאַקע מיטן גאַנצן האַרצן, וועט בײַ איר דער ווייטעק זיך אײַנשטילן.

ווען ראַכמיִעל האָט זיך אַרומגעוואַשן, האָט ער זיך געוווּנדערט, וואָס די פּלוינעסטע זײַנע זוכט אים ניט און רופט אים ניט, ווי אַלע מאָל, ווען ער ווערט פאַרטאָן אין אַן אַרבעט. ווײַזט אויס, אַז זי, כאַווע, איז אויך פאַרנומען מיט עפּעס אַ טועכץ.

ראַכמיִעל איז שטילערהייט אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, שטיין געבליבן ניט ווײַט פון דער שוועל, צוגלעטנדיק די געדיכטע, גרוילעכע האָר, וואָס האָבן געגלאַנצט מיט פײַכטקייט אַנטקעגן דער שײַן פון לאָמפּ. די דיקע ברילן־גלעזלעך האָבן אַ שטראַליקן בליק געוואָרפן אויף דער פּלוינעסטע זײַנער, וואָס איז געזעסן בײַם טיש און געשטריקט אַ שקאַרפּעטקע. ערשט נעכטן האָט זי פאַרענדיקט צעטריפּען דאָס טריקאָטאַזש־קאָפּטל און די פאָדעם צונויפגעוויקלט אין קנוילן. איין קנויל ליגט אויפן פאָל, ער זעט אויס זײַן אַ שווערער. כאַווע מינטערט אים, טוט אַלעמאָל אַ צי דעם פאָדעם, ווערט דער קנויל וואַכנדיק, הייבט אָן שפּרינגען, קײַקלט זיך צו צום טיש־פוס און ניורעט זיך ווידער אײַן אויף צו כאַפּן אַ דרעמל.

ראַכמיִעל פאַרשטייט שוין — אויב די שפּיזלעך טאַנצן אימפּעטדיק און כאַוועס פינגער שפּרינגען, ווי די שיידימלעך, איז אַ סימען, אַז אירע מאַכשאָוועס טראָגן זיך האַסטיק בײַ איר אין קאָפּ.

ראַכמיִעל קוקט, ווי דאָס פּאָנעם רויטלט זיך בײַם ווײַב, ווי זי וואָלט געשטאַנען בײַ אַ ברענענדיקן אויוון. זי פילט ניט, ווי אַ פּאַסמע האָר האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון הינטערן אויער אויף דער רעכטער פלאַמיקער באַק. די ליפּן אירע שעפּטשען עפּעס, איינצײַטיק לאָזט זיך הערן אַ שטילער זיפץ. ווײַזט אויס, כאַווע טײַנעט זיך אויס מיט זיך אַליין.

ראַכמיִעל שטויסט זיך אָן, אַז טוענדיק איר אַרבעט, טראַכט די פּלוינעסטע זײַנע וועגן זון. נעכטן, ווען ס׳איז געקומען צו רייד וועגן דער בריוו, וואָס איז געקומען מיט עטלעכע טעג צוריק, האָט כאַווע בלויז געזאָגט, אַז ס׳איז דאָך בײַ איר אַלץ גרייט געווען אויף באַגעגענען איציקן. לאָזט זיך אויס, אַז מע פאַרהאַלט אים נאָך אויף אַ כוידעש. איר וואָלט אַזוי ניט געאַרט, ווען זי זאָל וויסן, אַז ער וועט ניט פאַרשפּעטיקן אָנקומען אין אינסטיטוט, נאָר ראַכמיִעל האָט זיך געכידעשט, וואָס זי פאַרשווײַגט דעם וויכטיקסטן איניען פון יענער בריוו. איציק שרײַבט, אַז די מאַמע זײַנע זאָל אַכטונג געבן אויף זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע, מע זאָל איר העלפן מיט וואָס נאָר מע קען, ווײַל האָדעלע איז דאָך געבליבן אַליין, און האָט קיינעם ניט. בײַם לייענען דאָס ערשטע מאָל די דאָזיקע שורעס, האָט כאַווע אַ שווערן זיפץ געטאָן און אַרויסגעזאָגט אַ האַשאָרע, — ווערדליק זי פאַרשטייט, איז נאָך פון קליינווײַז אָן זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע איציקן גוט אַרײַן אין נאָז. די מאַמע האָט דאָך אים געשריבן, אַז האָדעלע איז ניט אַליין געקומען פון גערמאַניע, אַז זי האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ שיינע מאַטאָנע פון דאָרטן, און ער, איציק, מאַכט זיך ניט וויסנדיק. כאַווע וואָלט דען עפּעס געהאַט צו האָדעלען, ווען זי ווייסט, אַז דאָס קינד איז ניט היטלערס אַן אייניקל, דאָס הייסט, ניט קיין עסעסאָוועץ איז דעם קינדס פאָטער?

און דאָך, ווען זיידל זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע איז פריִער מיט עטלעכע טעג אַרײַנגעגאַנגען זען, וואָס די שכיינים מאַכן, האָט זי באַמערקט, אַז די מומע כאַווע איז צו איר געוואָרן אָפּגעקילט. האָדעלע איז געווען האָפערדיק און פריילעך, העפלעך זיך באַגריסט מיט די שכיינים אירע, דערבײַ האָבן אירע אייגעלעך דערזען, ווי די מומע כאַווע מוטשעט זיך, קאָן ניט צעפּלאָנטערן אַ קנופּ פונעם קאָפּטל, וואָס זי טריפּעט. ניט לאַנג געטראַכט, האָט האָדעלע צוגענומען די אַרבעט צו זיך אין די הענט, און די קישעף־פינגערלעך האָבן טייקעף געפונען דעם עק, צעפּלאָנטערט דאָס קניפּל און האָבן האַסטיק גענומען וויקלען אַ קנײַלעכל. כאַווע האָט נאָר אָנגעקוקט, ווי דער מאַזיק אַרבעט געשיקט מיט די יאַדאִמלעך אירע. און קעדיי עפּעס זאָגן, האָט זי, כאַווע, אָנגעהויבןריידן. דערציילט וועגן דעם, וויִאַזוי פּראַיִם מיט לוזערן האָבן מיט גרישען געלערנט באָלעק, און פאַרוואָס ער איז געקומען צוריק צו פּעסעלען.

האָדעלע האָט אופמערקזאַם געהערט, און אירע הענט האָבן האַסטיקער גענומען אַרבעטן, פונעם קנײַלעכל איז אויסגעוואַקסן אַ היפּשער קנויל, און דאָס פּענעמל בײַ איר האָט אָנגעהויבן שײַנען, די אויגן אירע האָבן זיך צעשטראַלט מיט אָן אַ שיר שפּיגעלעך, אַפילע די פּיס האָבן שוין ניט געקענט אײַנשטיין אויף איין אָרט. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געדרייט, ביז האָדעלע האָט געזאָגט, אַז זי מוז לויפן אַהיים. זיך אָפּגעזעגנט, און אַוועק.

ווען עס הייבט אָן שאַריִען אַף טאָג, גייט ארויס נאָכעם שפּיץ אין דרויסן. אַלע אינדערפרי קומט ער אַפּן גאַנעקל כאַפּן פרישע לופט, בלויז היַינט האָט ער פאַרשפּעטיקט, פאַרשלאָפן א ביסל, דערפאַר איז זיַין גענעץ געווען הילכיקער, ווי אַלע מאָל, און אונטער די פיס האָבן די ברעטער מיט רוגזע געסקריפּעט. עמעס, זיי קרעכצן אויך, ווען נאָכעם שטעלט זיך אַנידער, צעשפּרייטנדיק די ראַגלעַיִם זיַינע, און קוקט ווי די לעוואָנע, די כוצפּעניצע, אַקשנט זיך און וויל ניט אָפּטרעטן דאָס אָרט דער נאַרוואָס געבוירענער זון.

איַינגעשלונגען דעם צווייטן גענעץ, האָט נאָכעם פאַרשפּיליעט דעם זשילעט אַף אַלע קנעפּלעך, אַראָפּגעשאַרט די פאַרקאַטשעטע אַרבל פונעם העמד, וויַיל אָן דעם פּידזשאַק פילט זיך, ווי די פאַרטאָגיקע קעלט דרינגט אַריַין אין יעדער אייווער. אָבער נאָכעם רירט זיך ניט פון אָרט, ווערט פאַרגליווערט בלויז אַף א וויַילע. ער נעמט ארויס דאָס קעמעלע פונעם זשילעט־קעשענקעלע, טוט א בלאָז אַף דעם מיט זיַינע פליישיקע, רויטע ליפּן און הייבט אָן זיַין אַרבעט, דערביַי באַגלייט ער מיט די גרויסע אויסגעוואַשענע שוואַרצע אויגן די נעפּלען, וועלכע טראָגן זיך אָפּ. די נאַרוואָס געבוירענע זון טוט א קוק מיט איין אויג אַף דער שיינער וועלט, וואַרפט א בליק אַף די שפּיץביימער, וואָס שטייען פאַרזאָרגט, ווי זיי וואָלטן וויסן, אַז גאָר אינגיכן וועט מען זיך מוזן צעשיידן מיט די גרינע בלעטער און בליַיבן הויל און בלויז. אָט וועלן אָנהייבן גיסן רעגנס, און די נאַקעטע צוויַיגן וועלן באַגיסן זיך מיט טרערן.

איצט איז די זון געוואָרן די באַלעבאָסטע אַפן הימל, אַפילע פאַרטריבן אָן איינזאַמען וואָלקן, וואָס האָט זיך געשלעפּט איבער דער טיפער בלויקיַיט, ווי א וואַנדערער מיט א טאָרבע אַף די פּלייצעס. די שטראַלן האָבן אַרויסגעכאַפּט אַף א בוים א פּאָר געלע בלעטער צווישן די גרינע שכיינים, און די דאָזיקע פּאָר בלעטלעך האָבן א פלאַקער געטאָן מיט א פיַיער, ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעצונדן אין די הייסע בליקן פון דער זון. ס'איז קענטיק געווען, אַז היַינט וועט זיַין א וואַרעמער טאָג, ווי עס מאַכט זיך אין אָנהייב האַרבסט.

נאָכעם הערט זיך איַין, ווי דאָס אָנגעלאָפענע ווינטל גלעט זיַין אָפּגעוואַשן פּאָנעם, וואָס זעט אויס אויסגערוט און פריש, ווי בא א בעקן־באָקער. ער פילט זיך קרעפטיק — אין זיַינע אָדערן שטראָמט וואַרעם בלוט, אים ווײַזט זיך אויס, אַז זיַינע קויכעס וועלן אים אַזוי גיך ניט פאַרלאָזן. ווען מע טוט איצט א וואַלגער אַרוף אַף אים א געבונדענעם קאַלב, וואָלט ער אים אָפּגעטאַסקעט אין בוינע אַריַין.

קעמענדיק די באָרד, קרעכצט נאָכעם מיט האַנאָע. פריִער נאָך, פאַר דער מילכאָמע, ווען ער האָט זיך נאָר דערמאָנט אין א נאַרישקיַיט, האָט עס אים אויך קאַיאָר אַרויסגעטראָגן פון שטוב. א נאַרישקיַיט, וואָס ער האָט אַפילע אין דער יוגנט געהאַט אָפּגעטאָן...

איצט עסט זיך נאָכעם לעבעדיקערהייט, וואָס ער איז א באַלן געווען אָפּטאָן אַזאַ נאַרישקיַיט. אויב דעמבענעץ וועט זיך דערוויסן, דערצו גרישע דודיס, וואָס ער, דער שויטע, האָט פאַרגעלייגט פעסעלען, וועט ער מוזן אַנטלויפן פונעם שטעטל.

נאָכעם שפּיץ טראַכט אַפילע ניט נעמען א וויַיבל אין זיַינע יאָרן. ער געדענקט דאָך, ווען דער טאַטע זיַינער, אַלעווהאַשאָלעם, איז געבליבן אַן אַלמען מיט דריַי קינדער, און אים, דעם בכאָר, איז געווען קנאַפּע פערצן יאָר, האָט דער פאָטער, שלוימע דער קאַצעוו, פון ערגעץ געבראַכט א שטיפמוטער, וואָס איז עלטער געווען פון נאָכעמען מיט זעקס יאָר. דערפאַר וויל ניט שלוימע דעם קאַצעווס זון זיך צוגעווינען צום געדאַנק, אַז דער האַרבסט געהערט צו אים אויך. דאָס ווילדגראָז שטייט טאַקע איצט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, עס איז פאַרפּאַראָשעט מיט שטויב און פאַרמאָרעשכוירעט, וויַיל עס הייבט אָן וויאַנען און ווערט באַפאַרבט מיט געלע פלעקן, אָבער צו אים, צו נאָכעמען, האָט עס קיין שיַיכעס ניט. בא אים איז ניט צו געפינען קיין גראָווע האָר אין קאָפּ און אין דער באָרד.

די פאַרזאָרגטע ביימער קוקן אַף די כורוועס און שאָקלען מיט די צוויַיגן, ווי מע וואָלט געשעפּטשעט: „ווײ, ווײ, וואָס פון די היַיזער איז געוואָרן”, אָבער דאָ און דאָרטן, צווישן די רוּיִנעס, הייבן זיך אויפגעשטעלטע היַיזער מיט אויסגעוויַיסטע ווענט, און די פענצטער זיַינען פאַרהאַנגען מיט ריינע ציכטיקע פאָרהענגלעך. הייסט עס, דאָס לעבן וויל פון גאָרנישט ניט וויסן.

אין א וויַילע אַרום האָט נאָכעם אין א פענצטער גאָר דערזען בלימלען א פיַיערל און ניט אין איין פענצטער, אין אַלע שטיבער ברענען ליכט. און דאָס גאַנצע שטעטל איז פון גאַנצפרי אָן פאַרמאָרעשכוירעט. אַלעמאָל אין דער ציַיט טומלט זיך דאָ אין יעדער הויף, מענטשן איַילן צו דער אַרבעט, יעדערער איז פאַרטראָגן מיט דיַיגעס פון אָנהייבן א ניַי לעבן נאָכן כורבן, און היַינט איז עפּעס סוידעסדיק־שטיל.

די ליכט, וואָס ברענען אין די שטיבער, האָבן דערמאָנט, אַז היַינט האָט מען די דעמבעבעצער ייִדן געפירט צו דער אַקיידע. נאָכעם האָט יאָרציַיט ווינטער־ציַיט, די פלוינעסטע זיַינע

איז געשטאָרבן אין דער עוואַקואַציע, און דער זון איז פאַרפאַלן געוואָרן אַף דער מילכאָמע, און מע ווייסט ניט ווען און ווו.

נאָכעם האָט אָפּגעלייגט אַלע זײַנע מאַכשאָווע‎ס אין א זײַט. אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב אָנ־צינדן א לעמפּל. זײַנע קרוויוים ליגן אין דער גרוב, און זי, איטע, פּעסעלעס מומע, פאַר וועל־כער ער האָט געזאָלט כאַסענע האָבן, אויך. קוקנדיק אַפן פײַערל פונעם לעמפּל, איז אים גע־קומען אַפן זינען, אַז ניט אומזיסט האָט ער אײַנגעלאַדן פּעסעלען ווױנען צו זיך אין שטוב. די יונגע אַגונע האָט אים דערמאָנט אין איטען, וואָס האָט אויך געהאַט אַזעלכע גאָלדענע צעפּ און פונקט אַזעלכע אויגן. ער קען זיי ניט פאַרגעסן ביז איצט. ווען איטע לעבט, וואָלט זי איצ־טער אויך שיין געווען, ווײַל אַזאַ בלום וואָלט קיינמאָל ניט פאַרוויאַנעט געוואָרן.

נאָכעם איז אַרויסגעגאַנגען פון הויף, זיך אָפּגעשטעלט לעבן טויער, א קוק געטאָן אַף רעכטס און אַף לינקס. ער האָט דערפילט, ווי דער ענגער קאָלנער וואָרגט א ביסל. אָנטאָפּנ־דיק דעם שטײַפן קנופּ פונעם שניפּס, האָבן די פינגער גענומען מאַכן אים לויזער. ער וואָלט עפּשער ניט באַדאַרפט אָנטאָן דעם נײַעם גאַרניטער, עס פּאַסט ניט, ווען דאָס שטעטל האָט יאָרצײַט, טראָגן א העל־ברוינעם פּידזשאַק מיט אַרופגעלייגטע קעשענעס, ווי בא עפּעס א פראַנט, א כאָסן־באָכער. געוויס זײַנען געקומען צום יאָרצײַט געוועזענע דעמבעבנעצער טויש־ווים, וואָס ווױנען אין אַנדערע שטעט, קאָן מען דאָך ניט אויסזען ווי א שלעפּער. נאָכעם פּוי־עלט בא זיך — עס מאַכט ניט אויס, וואָס ער איז א ביסעלע פאַרפּוצט. ער האָט א ווײַלע זיך אײַנגעהערט אין דער שטילקײַט און געלאָזט זיך גיין צום הייליקן אָרט. אַרום און אַרום איז געווען פּוסט. אַפילע די אָפּגעשטעלטע הײַזער מיט די ווײַסע ווענט האָבן אין דעם שיינעם האַרבסטיקן פרימאָרגן אויסגעזען פאַריאָסעמט. עפּשער פונקט אַזוי טרויעריק זײַנען זיי גע־שטאַנען אין די פּוסטע הויפן, ווען מע האָט די ייִדן אַרויסגעטריבן צו דער אַקיידע. דעמלט האָבן געוויס קיין ליכט ניט געברענט. די פײַערלעך, וואָס בליצן אין די פענצטער, וואַרפן אָן א מאָרעשכוירע אַפן גאַנצן שטעטל. נאָכעמען ווײַזט זיך אויס, אַז זיי, די פײַערלעך, קוקן אים אין פּאָנעם, באַגלייטן אים פוס־טריט, ער פילט אַפילע, ווי עס טוט א ברי אין פּלייצע, נאָר ער גייט ווײַטער מיט א פאַרהויבענעם קאָפּ, די באָרד זײַנע זאָל זיך ניט פאַרטשעפּען, ווי בא אַן אַלטן ייִדן, פאַרן שניפּס און אין דער ווײַסער העמד.

אין דער שטילקײַט דערטראָגט זיך פון טאָל א קינע־ניגן. עס יאָמערט אַן אַלטע ייִדענע, און ווײַבער האַלטן אונטער דעם דאָזיקן ניגן מיט א טרויעריקער יעלאָלע. עס ווײַזט זיך אויס, אַז עס גולקעט די טשאַטשע בושלען, וואָס דרייט זיך אַרום אין דער הייך איבערן הייליקן אָרט. די בושלען לאָזן זיך אַראָפּ נידעריק צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך געזעגענען מיט די קדוישים. און מיטאמאָל טוען זיי זיך א הייב אוף צום הימל, שטעלן זיך אויס, ווי א פײַל, און פליִען אַוועק אין דער ווײַט. די טשאַטשע בושלען ווערט וואָס אַמאָל קלענער און קלענער. אינדערווײַטן בלײַבט א פּאַסיקל, א פּינטעלע און עס סטײַעט ניט. דער געיאָמער אַף דער ערד איז געבליבן, ער בלאָנדזשעט דאָרטן צווישן די כורוועס אין שטעטל, טראָגט זיך איבערן טאָל צו די פעלדער און וועלדער.

ווען נאָכעם שפּיץ איז געקומען צום קייווער, איז די יעלאָלע שטילער געוואָרן, בלויז דאָס הײַפל זקיינעס, וואָס איז געשטאַנען אין א רעדל, צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן עפּעס געזוכט אינעם טרוקענעם גראָז, זיי, די זקיינעס, האָבן פאַרגעזעצט מורמלען דעם זעלבן קינע־ניגן.

אַנדערע פּרויען, מיידלעך האָבן גענומען אויסרײַסן דאָס געלע, פאַרטריקנטע ווילדגראָז, געשלעפּט העט־ווײַט צום שײַטער, וואָס האָט געברענט לעם טײַך. דער רויך פונעם שײַטער האָט זיך געצויגן צום וואַסער, זיך געשפּרייט פון איין ברעג צום צווייטן און ווײַטער צעוויי־עט געוואָרן מיטן ווינט.

די מאַנצבלען האָבן גענומען איבערטראָגן די שטיינער, וואָס מע האָט געבראַכט צו פירן צוליב דעם דענקמאָל־פונדאַמענט. דעם ערשטן לענגערן געטעסעטן שטיין האָבן, ווי א באַליק, געטראָגן אַף די אַקסלען לוזער מיט פראָימען.ביידע האָבן דאָ אין קייווער א היפּשן כיילעק, זיי ביידע זײַנען די אָנהייבער, זיי האָבן עס פאָרגעלייגט, מע זאָל שטעלן דעם דענקמאָל מיט די אייגענע קויכעס. ווען זיי האָבן דעם שטיין אַראָפּגעוואָרפן אַף דער ערד, האָט דער באָדן זיך א טרייסל געטאָן. די ווײַבער זײַנען אַנשוויגן געוואָרן, געשאָקלט מיט די קעפּ, אָפּ־געווישט די ליפּן, ווי זיי וואָלטן וואָרענען, מע זאָל ניט ראַשן, מע זאָל די שלאָפנדיקע ניט וועקן. און באַלד טאַקע האָט מען אָנגעהויבן ווידער כליפּען, און נאָכאַמאָל האָט זיך צום הימל געטראָגן א ביטערער געוויין.

האָדעלע טוט זיך איר אַרבעט, זי גראָבט אַרום דיביימער, וואָס זי האָט געהאַט פאַר־

פלאַנצט, זי טראָגט וואַסער פון טײַך און באַגיסט די צעגראָבענע ערד. לעבן איר דרייט זיך אַרום יוזיק, עפּעס גריבלט ער זיך מיט די הענטלעך אינעם גראָז, געפינט האַרבסט־בלימע־לעך און טראָגט זיי אַוועק אַהין, וווּ קײלעס כאַליאַסטרע רייניקט די ציגל פאַרן פונדאַמענט און לייגן זיי אויס לעבן די געבראַכטע שטיינער ניט ווײַט פון די אויסגעגראָבענע טראַנ־שייען.

האָדעלע האָט מיט איין אויער געהערט, ווי אַן אַלטיטשקע האָט אַ בורטשע געטאָן, אַז מע האָט דאָס דאָזיקע ייִנגעלע אויפן הייליקן אָרט ניט באַדאַרפט ברענגען, נאָר זי, זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע, האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. קיינער האָט זיך לעבן איר ניט אָפּגעשטעלט און קיינער האָט איר ניט געהאָלפן, זי וועט זיך באַגיין אָן קיינעמס הילף, אָבער זי האָט געפילט, ווי עס טריפן טראָפּנדלעך בלוט פון איר האַרצן.

קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס שטעטעלע דעמבענעץ וועט אין דעם זעלבן טאָג, דאָס הייסט אין אָוונט־צײַט, ווערן פול מיט דעם דאָזיקן ייִנגעלע און מיט האָדעלען.

מענאַשע דער באַלעגאָלע, וואָס איז באַטאָג מיט אַ פורל געקומען אין שטעטל נעמען ציגל, וואָס מע האָט אויסגעגראָבן צווישן די רויִנעס צוליב דעם פונדאַמענט, האָט געזען ווי צום ייִשעוו־ראַט איז צוגעפאָרן אַ ווילליס. פון דער מאַשין איז אַרויסגעשפּרונגען אַ פאַרשוויץ אין ציווילע קליידער, נאָכדעם איז אַרויס פון דער מאַשין אַ מיליטערמאַן, אַ יונגער, אַ שטאַלט־נער, אָנגעטאָן אין אַן אָפיצערישן מונדיר, וואָס האָט זייער געפּאַסט צו זײַן וווּקסיקן קער־פּער, נאָר דער דאָזיקער מונדיר איז ניט ענלעך געווען אויף דער אוניפאָרם, וואָס די סאָוועטי־שע אָפיצערן טראָגן. דער דענעק פונעם קאַרטוז איז גאָר געווען מיט שפּיצן — פון פאָרנט איינער, באַ די זײַטן צוויי און פון הינטן אויך אַ שפּיץ. די פּאַגאָנעס שמאָלבלעכע, מיט אַ שטערן. ער זעט אויס זײַן אַ מאַיאָר. די שטיוועלעך, אַנטיקלעך, זײַנען ווערט געווען אַלע געלטן, זיי האָבן געזונגען מאַמעש, די כאָליעוועס האָבן אַזוי געבליאַסקעט, ווי זיי וואָלטן גע־ווען געמאַכט פון לאַקירטן לעדער.

מענאַשע האָט זיך געטאָן זײַן אַרבעט, געוואָרפן די ציגל אין וואָגן אַרײַן. דערבײַ האָט די נעשאָמע זײַנע געוויינט. מענאַשע פילט זיך שולדיק, ווען מע האָט געהאַט מאָביליזירט אים מיטן שפּאַן זײַנעם, אַרויספירן צוקער צו דער סטאַנציע, וואָלט ער באַדאַרפט מיטנעמען כײַקען מיטן זונעלע זײַנעם. און ער האָט עס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, געוואָלט פאַרנעמען אַ ביסל בעבעכעס, איז ער אויף דער סטאַנציע מיטן צוקער געקומען, נאָר צוריק פאָרן איז שוין געווען אוממעגלעך. די דײַטשן האָבן פאַרנומען דעמבענעץ. אים, מענאַשען, האָט מען גע־הייסן פאָרן ווײַטער, ער איז געבליבן לעבן, און כײַקע מיט לייזערקען ליגן אין גרוב.

מענאַשע האָט געזען, ווי דער ווילליס איז אַוועקגעפאָרן. ווען ער האָט אָנגעגריזעוועט דאָס פורל, איז צו אים צוגעגאַנגען די סעקרעטאַרשע פונעם ייִשעוו־ראַט און געפרעגט באַ אים, צי ווייסט ער ניט אַ ייִדיש מיידל פון דובאָווע, וואָס הייסט אַנאַ קאַץ.

מענאַשע האָט אַ הייב געטאָן די שווערע אַקסלען זײַנע ביז די אויערן, און מיט אַ סווישטש, ווײַל די צוויי פאָדערשטע ציין זײַנען אַרויסגעפאַלן, געענטפערט:

— ער זאָל אַזוי ניט וויסן פון קיין מערידן, ווי ער ווייסט ניט, אַז אין דעמבענעץ זאָל זײַן אַן אַנאַ, דערצו נאָך אַ קאַץ. — און די סעקרעטאַרשע האָט ווי צו זיך אַליין געזאָגט, אַז זיי זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין בראָוונע זוכן דעם נעכטיקן טאָג.

פאָרנדיק מיטן פורל צום הייליקן אָרט, האָט מענאַשע אין זינען געהאַט דערציילן, וואָס ער האָט געזען און געהערט, נאָר אַז מע קומט צו דער גרוב, פאַרגעסט מען וווּ מע איז אין דער וועלט.

אין אָוונט, ווען די אַרבעט אויפן הייליקן אָרט איז געווען פאַרענדיקט, האָט קײלע באַ־מערקט, אַז האָדעלע קלײַבט זיך ניט גיין אַהיים איינעם מיטן אוילעם, עפּעס דרייט זי זיך לעם אַ ביימעלע, טוט איבער דאָס קינד. האַקלאַל, זי אײַלט ניט און כאַפּט זיך ניט. קײלע האָט אויפן ווונק דער כאַליאַסטרע באַפוילן גיין אַהיים, און אַליין צוגעגאַנגען צו האָדעלען, צו־גענומען באַ איר די לאָפּעטע, זי זאָל קענען נעמען יוזיקן אויף די הענט.

מע איז שווײַגנדיק געגאַנגען אַרויף באַרג. דאָס ייִנגל איז, ווי עס ווײַזט אויס, געווען שלעפעריק, ווײַל דאָס קעפּעלע זײַנס איז צוגעפאַלן צו דער מאַמעס האַלדז, און דאָס קינד איז דאָס מאָל אויך געווען שטיל. דאָך האָט האָדעלע אָנגעהויבן ריידן די ערשטע, ס'איז געגאַנגען אַ רייד וועגן דענקמאָל. אויב מע וועט אַזוי אַרבעטן, ווי הײַנט, וועט מען טאַקע עפּעס אויפטאָן, דערבײַ האָט זי געפרעגט, צי קיינער האָט ניט באַמערקט, אַז עמעצער זאָל הײַנט געווען קומען. נאָך אַ מינוט שווײַגן, האָט זי געגעבן אָנצוהערן, אַז די לעוויטינס זײַנען צום יאָרצײַט געקומען צו פאָרן פון ווינניצע. קלאַרע, די געוועזענע כאַווערטע אירע, מיט וועלכער זיי האָבן אינאיינעם געלערנט אין שול, האָט זיך פונדערווײַטן מיט איר, מיט האָדעלען, געגריסט, אַ

פאָכע געטאָן מיט דער האַנט און צוגעזאָגט, אַז זי וועט צוגיין אַ קוק געבן אויפן ייִנגעלע, נאָר קלאַרע האָט פאַרגעסן. בייסמײַסע האָבן האָדעלעס ליפּן באַוויזן אַ ביטער שמייכעלע, קיילע האָט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט — געגנומען אײַנריידן, אַז קלאַרע וועט זיך געוויס אַראָפּכאַפּן צו איר, צו האָדעלען, אַהיים, זיך דורכשמועסן, ווײַל אויפן הייליקן אָרט איז דאָך געווען אַ טומל, אַ געוויין, און אַזוי ריידנדיק, האָט מען פאַרקערעוועט צום גרינעם געסל. אינמיטנדערינען איז האָדעלע אומרויִק געוואָרן, זי האָט דערזען, ווי די באָבע נאַסטיע גייט איר אַנטקעגן.

האָדעלע איז אַזוי צעטראָגן געוואָרן, אַז ס׳איז איר ניט אָנגעגאַנגען דער מיליטערמאַן, וואָס איז נאָענט, באַנאַנד מיט דער אַלטיטשקער, געגאַנגען. זי איז נײַגעריק געווען צו וויסן, וואָס איז געשען.

אַז דער מיליטערמאַן האָט פּלוצעם אויסגערופן „אַנאַ, אַנאַ, דזענקוויר" און מיט צעשפּרייטע הענט געלאָזט זיך האַסטיק גיין צו האָדעלען, איז זי, מיטן קינד אויף די הענט, שטיין געבליבן, ווי אַן אײַנגעגראָבענע, בלויז אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי זאָגט „יוזיק, דו לעבסט, יוזיק?", נאָר זי האָט ניט געקענט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט. און יוזיק האָט ניט אויפגעהערט דאַנקען, אַרומגענומען האָדעלען אײַנעם מיטן קינד און זיי ביידן געקושט. זײַנע פּלייצעס האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, נאָר די רעגע פאַרגליווערט געוואָרן.

קיילע איז נישטוימעם געוואָרן. די האָר האָבן איר אָנגעהויבן שטעכן אין קאָפּ, צו איר געהער איז דערגאַנגען אַ געוויין. דאָס האָט די באָבע נאַסטיע דערציילט, אַז דאָס איז איר איידעם, ער איז געקומען אַהער מיט אַן עשעלאָן פאַרנעמען פּוילישע פּליטים אַהיים, וואָס זײַנען פון היטלערן געלאָפן צו אונדז אין לאַנד. איז אין איינוועג, האָט ער געזוכט דאָס קינד מיט דער באָבען. די אַלטיטשקע האָט אַ קוק געגעבן אויף האָדלען און מיט וויטעק אויסגערופן:

— אוי, אַנאַ, אַנאַ! — און מיטן פאַרטעך פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים.

האָדעלע האָט ניט געוווּסט ווען איז זי באַפרײַט געוואָרן פונעם גרויסן יוזיקס אָרעמס. זי האָט אים אָנגעקוקט און אַלץ ניט געגלייבט, אַז דאָס איז יענער באָכער, וואָס האָט זי געפירט אין מאָנאַסטיר, געהייסן פויזען איבער דער ערד, מע זאָל זיי ניט דערזען. געשלעפּט זי פאַר אַ האַנט, קעדיי עס זאָל איר זײַן גרינגער צו קריכן. האָדעלע האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל וועלן אַ שלײַדער טאָן די פּאַסמע האָר, וואָס איז איר געקראָכן אין די אויגן. אין האַלדז איז געשטאַנען אַן אײַז־קנויל, אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט, באַוויזן אַפילע אַ שמייכל אויפן פּנים. דער גרויסער יוזיק שמייכלט אויך, קוקט אויפן קינד און קוקט אויף אַנען און לעבן די ראַנדן פון די אויגן־לעפלעך בלאָנדזשען דורכזיכטיקע קליינינקע טראָפּנדלעך.

דער פאָטער יוזיק האָט דעם זון זײַנעם אַ גלעט געטאָן איבער די ווײַסע זײַדענע האָר, געוואָלט דאָס ייִנגעלע נעמען אויף די הענט, האָט דער קליינינקער אַרומגעכאַפּט האָדעלען אַרום האַלדז, שטאַרק זיך צוגעטוליעט צו איר און באַהאַלטן דאָס פּנעמל אויף איר ברוסט.

האָדעלע האָט געגומען אים מוסערן, וואָס ער שעמט זיך פאַרן טאַטן, וויל ניט גיין צו אים, ער האָט דאָך אַזוי לאַנג געזוכט זײַן זונעלע, אים געבראַכט אַן עמעסן פּיסטאָליעט. אָך, אַ מין שיינעם פּיסטאָליעט.

די מאַמע אַנאַ האָט אײַנגערעדט דאָס קינד גיין צום פאָטער, דער קליינער יוזיק פאָלגט זי שטענדיק. דער גרויסער יוזיק האָט גענומען דאָס ייִנגעלע אויף די הענט, עס צוגעדריקט צום האַרצן און איז שטיין געבליבן, ווי אַ דענקמאָל, אויסגעהאַקט פון גראַניט.

ווען האָדעלעס הענט זײַנען באַפרײַט געוואָרן, איז איר אומגעהויער שווער געוואָרן, עס האָט זי געצויגן צו דער ערד, ס׳איז איר פּלוצעם קאַלט געוואָרן, זי האָט געפילט, ווי עס ווערן פול די אויגן אירע, אָבער ווען זי האָט דערזען, ווי יוזיק האָט אַראָפּגעשלעפּט פונעם פאָטערס קאָפּ דעם קאַרטוז, און אים אָנגעטאָן אויף זיך, איז אַ שמייכל דורכגעלאָפן אויף איר פּנעם. און די באָבע נאַסטיע האָט געגאַפט פאַר נאַכעס, דעם אייניקל אירן איז גוט, ער קײַכט פון געלעכטער. האָדעלע האָט גענומען דעם גאַסט אונטערן אָרעם, און מע איז אַלע אַוועקגעגאַנגען לענגויס דעם געסל. פונדערווײַטן און פון די נאָענטע הויפן האָט מען געקוקט, וואָס איז נאָרוואָס פאָרגעקומען, און אַז אַלע באַגלייטער און דער גאַסט אַליין זײַנען אַרײַנגעגאַנגען צו האָדעלען אין שטוב, זײַנען די הויפן און דאָס גרינע געסל ליידיק געוואָרן. מע איז אַוועק דערציילן, וואָס מע האָט געזען און וואָס מע האָט געהערט.

בא לוזערן אין שטוב האָבן געבלימלט די אויסגייענדיקע ליכט, און דער ביין־האַשמאַשעס האָט אַריינגעקוקט אין די פֿענצטער. אינעם גרויסן צימער, ווו מע האָט אָפּגעגעסן וואַרמעס, איז געוווען געמיטלעך, שטיל, אַפֿילע דער קונדעס ניאָמע איז אַ פֿאַרטײַעטער געזעסן בא לוזערן אַף די קני, אַנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אינעם פּעטערס ברייטער, מעכטיקער ברוסט, און לוזער אַליין האָט געקוקט אַפֿן בארג רויטע עפּל, וועלכע זײַנען געוווען אָנגעלייגט אין אַ ווײַסער שיסל. אים איז געקומען אַפֿן זינען, אַז אַמאָל, ווען ער איז געוווען אַ קליין ייִנגל, איז ער אַרומגעלאָפֿן ווי אַ פֿאַרסאַמטער זוכן אַ רויטע פּיירע, מע זאָל קענען אין איר מאַכן אַ לעכל אַף אַרײַנשטעלן אַ ליכטל און דעם עפּל אַרופֿשטעכן אַפֿן שפּיצעכיקן עק פֿונעם פֿענדל, מע זאָל קענען גיין אין שול צו די האַקאָפֿעס.

מירל איז אַ פֿאַרטראַכטע געזעסן לעם לוזערן, אַרופֿגעלייגט אַ האַנט אַף זײַן אַקסל, אין די ברייט־צעעפֿנטע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די צאַנקענדיקע פֿײַערלעך פֿון די ליכט.

די קליינע סימע איז געשטאַנען לעם פֿראַ‏ִמען, וואָס איז געזעסן אַפֿן דיוואַן. נאָך דער אַרבעט איז ער, פֿראַ‏ִם, געוווען פֿאַרבעטן אַף וואַרמעס אַהער אין שטוב אַרײַן. סימע האָט ליב, ווען דער דיאַדיע פֿראַ‏ִם קומט צו זיי צו גיין, שטענדיק שפּילט ער זיך מיט איר, ער נעמט זי אונטער די פּאַכוועס, הייבט זי אוף, טוט זי אַ וואָרף אַזש ביז דער סטעליע, און בא איר, בא סימען, ווערט פֿאַרקילט אינווייניק, זי קען ניט כאַפּן דעם אָטעם, אָבער זי האָט אַפֿילע ניט קיין מוירע, אַז דער דיאַדיע טוט זי אַ הוידע הין און צוריק און באַפֿוילט דעם פּעטער לוזער, ער זאָל זי כאַפּן, אַניט וועט זי, די כוצפּעניצע, בא אים, בא פֿראַ‏ִמען, פֿלי‏ִען אַפֿן בוידעם. דער דיאַדיע פֿראַ‏ִם טוט זי טאַקע אַ וואָרף, נאָר פֿון די הענט לאָזט ער זי ניט אַרויס, און אַז זי פֿאַלט אַרײַן צום פּעטער לוזערן אין די אָרעמס, איז איר אויך ניט שלעכט. זי ליגט אַזוי בא אים אין שויס, ביז זי הייבט אָן דרעמלען. דרעמלענדיק פֿילט זי, ווי ער צעפֿלעכט אירע צעפּלעך, דורך אַ שפּאַרונע פֿון אַ שלעפֿעריק אייגל זעט זי, ווי ער וויקלט צונויף אַ סטענגע, דערבײַ פֿלאָנטערט זיך איר אין קאָפּ, אַז מאָרגן וועט ער די זעלבע סטענגע אַרײַנפֿלעכטן אינעם זעלבן צעפּל.

סימע שטייט לעבן פֿראַ‏ִמען, וואַרט ער זאָל זיך אָנהייבן מיט איר שפּילן, נאָר ער איז גאָר פֿאַרכאָלעמט, קוקט אַף דער סטעליע. דאָס מיידעלע ווערט אַנגעבלאָזן, זיפּצנדיק, ווי אַן עלטערער מענטש, זעצט זי זיך אויך אַנידער אַפֿן דיוואַן, אין אַ ווײַלע אַרום פֿילט זי, ווי דעם דיאַדיע פֿראַ‏ִמס האַנט טוט אַ גלעט איר פֿלייצעלע, ער נעמט זי אָן פֿאַר די אַקסלען און דריקט זי צו צו זיך. סימע האָט געמיינט, אַז אָט באַלד וועט זיך אָנהייבן די שפּיל, נאָר אינמיטן דערינען, איז אַ צעהיצטע אַרײַן קיילע אין שטוב, געמאַכט אַ פֿאַר האַסטיקע שפּאַן, אָפּגעשטעלט זיך אינמיטן צימער און, שווער אָטעמענדיק, אָנגעהויבן רעדן מיט ברען:

— האַ, איר זיצט דאָ און ווייסט פֿון גאָרנישט ניט? מיר האָבן ניט געוואָלט גלייבן. זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע? — אַ מאַמזערל, אַ פּאַשיסטל, איז מען דערגאַנגען איר די יאָרן, נאַט! אָט האָט איר דעם עמעס. צום ייִנגעלע איז דאָך דער טאַטע געקומען, איר זאָלט זען, אַ מין אָפּיצער, און עפּשער גאָר אַ גענעראַל, איך ווייס? ער איז געוווען דער באָבע נאַסטיעס טאַכטערס מאַן, און זי, האַדעלע, האָט פֿאַרהיט זייער קינד, וואָס־זשע וועט איר זאָגן דערויף, האַ? — קיילע האָט מיט אַ האַנט אַ זעץ געטאָן אין דער אונטערגעשטעלטער דלאָניע, נאָכדעם אונטערגעשטעקט די ווײַסע האָר אונטערן טיכל און מיט ווירדע, ווי זי וואָלט זיך געגרויסט מיט אירער אַ טאָכטער, גענומען שפּרײַזן איבערן צימער.

לוזער מיט מירלען האָבן זי אָנגעקוקט, ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס קומט פֿאָר מיט קיילען, און פֿראַ‏ִם האָט זיך אופֿגעהויבן פֿון דיוואַן, אַ נעם געטאָן סימעלען אַף די הענט, זי אופֿגעהויבן אין דער הייך, נאָכדעם זי אַרומגענומען און פֿלוצעם זי אָנגעהויבן קושן.

מירל האָט גענומען בעטן קיילען, יענע זאָל דערציילן מיט אַ טאַלק, וואָס איז אַזוינס פֿאָרגעקומען.

ענדלעך איז קיילע שטיין געבליבן און מיט גאַדלעס גענומען אויסלייגן די געשיכטע פֿון אַלעף ביז טאָף מיט יעדער קלייניקײַט. זי האָט באַוויזן, ווי זי איז געשטאַנען, ווי דער גענעראַל איז געשטאַנען, ווי‏ִאַזוי מע האָט זיך געקושט, און ווי‏ִאַזוי די באָבע נאַסטיע האָט געגאָסן טרערן. און פֿלוצעם האָט קיילע זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס נייטיקס דערמאָנט. אַהאַ, זי ווייסט שוין, זי דאַרף לויפֿן, זי דאַרף וועגן דעם דערציילן, און זאָל גאַנץ דעמבענעץ שלאָפֿן רו‏ִיק, זאָל מען ווי‏ִסן, אַז זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע איז אַזאַ מענטש, וואָס מע זאָל אויספֿאָרן די וועלט פֿון איין עק ביזן צווייטן, וועט מען אַזאַ קאָשערע נעשאָמע ניט געפֿינען. מיט די ווערטער איז זי אַרויס אין דרויסן.

אזוי איז קיילע געגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב. דעם ערשטן באַזוך האָט זי געמאַכט צו ראַכמיִעל קאַשניק, דאָס הייסט, איצט איז באַוווּסט, אַז כאַווע איז געשטאַנען באַם פֿענצטער און געזען טאַקע, ווי עפּעס אַ מיליטערמאַן האָט געהאַלטן יוזיקן אַף די הענט, און האָדעלע האָט געפֿירט יענעם אָפּיצער אונטערן אָרעם. קיילע מיט דער באָבע נאַסטיע זײַנען צעפּורעמט געווען, מע האָט געטײַנעט געשמאַק איינע צו דער צווייטער. כאַווע וואָלט קענען שווערן, אַז זי האָט געפֿילט, ווי די פֿיס אירע האָבן זיך אונטערגעהאַקט, דערצו איז אַ שווייס אַרויסגעטראָטן אַף איר שטערן. זי האָט באַוויזן אַ געשריי טאָן:

— ראַכמיִעל, גיכער, קום אַהער, טו אַ קוק!

ראַכמיִעל איז ניט קיין כאַפּנדיקער, ביז ער איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער, זײַנען שוין אַלע אַרײַנגעגאַנגען צו האָדעלען אין שטוב, בלויז קיילע האָט זיך אומגעקערט.

— עפּעס געפֿעלט מיר ניט דִי מײַסע, — האָט כאַווע אומרויִקע געזאָגט דעם מאַן, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. נאָר אַז ס'איז באַמערקט געווען, ווי קיילע פּאַרקערעוועט צו נאָכעם קאַשניקס שטוב, איז כאַווע אַרויסגעגאַנגען זי באַגעגענען. דאָרטן, אין פּירהויז, האָט זיך אָפּגעהויבן אַ טומל, אַ ראַש, ווען ס'האָט זיך דערהערט, ווי כאַווע האָט וויינענדיק אַ שלוכץ געטאָן, איז ראַכמיִעל אַוועק צו די ווײַבער אין פּירהויז און, אַז כאַווע האָט אים דערזען, האָט זי אַף אים אַ טײַטל געטאָן מיט אַ פֿינגער:

— ער, ראַכמיִעל מײַנער, האָט אָבער געהאַלטן אין איין טײַנען, אַז זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע וועט קיין ליגן ניט זאָגן. איצט דערציילט אים, קיילע, וואָס שווײַגט איר?

— איך האָב קיין צײַט ניט, איר זײַנט ניט קליין אַליין אַלץ צו וויסן געבן אײַער מאַן, — און קיילע איז ניט געסטײַעט.

ביז לוזער האָט באַלייגט די קינדער שלאָפֿן, איז מירל געווען אין אַלקער. ער ווייסט שוין, אַז זײַן פֿלוינעסטע איז מיטן שפּיגל דער בעסטער גוטער ברודער, דערצו, אויב מע דאַרף אַרויסגיין אין גאַס, דאַרף זי זיך איבערטאָן, באַנײַס אַ קאָפּ פֿאַרקעמען און אויסלייגן די האָר, — איז מיילע, ער וועט אַף איר צוואַרטן. שטילערהייט איז לוזער געגאַנגען פֿון איין פֿענצטער צום צווייטן, אַקוראַט פֿאַרהאַנגען די פֿאָרהענגלעך. און בייסמײַסע זײַנען אַלערליי געדאַנקען געקראָכן אין קאָפּ: אַז מע וויל, האָט ער געקלערט, קען מען אויסטראַכטן אַף אַ מענטשן, אַז ער האָט באַגאַנוועט אַ קלויסטער. וויפֿל האַשאַרעס און גלאַט באָבע־מײַסעס איז געווען דערציילט וועגן האָדעלען, וואָס האָט מען ניט אָנגערעדט אַף זײַן מירלען. מע האָט שוין געהאַט אָנגעמערקט דעם טאָג, ווען זי וועט מיט פּישלען כאַסענע האָבן. אַזעלכע האַשאַרעס און אויסטראַכטענישן קענען אַרופּברענגען אַפּן פֿײַער.

לוזער געדענקט, ווי ער פֿלעגט יעדער טאָג וואַרטן, מע זאָל אים אָנזאָגן די שיינע נײַס. אין יענעם אָוונט, ווען פּראַזים האָט געהאַט דעם שמועס מיט מירלען, איז ער, לוזער, געזעסן אָט דאָ באַם טיש און געטראַכט: — פֿאַר ווען מירל זאָל ניט כאַסענע האָבן, וועט ער נישאָמען מיט סימעלען צונעמען צֻו זיך, אים האָט מען אײַנגערעדט, אַז מירל קען איבערלאָזן די קינדער אַף העפקער, זי קען זיך באַגיין אָן זיי. ווער זשע האָט אים געהייסן גלייבן אין דעם. הערן וואָס עמעצן גלוסט זיך פּלוידערן.

אַז מירל איז אין יענעם אָוונט אַרײַן אַהער אין צימער, און ווערדליק דאָס פּאָנעם אירס איז געווען פֿאַרפּלאָמט און די ליפּן האָבן געציטערט, איז ער זיכער געווען, אַז דאָס איז זי געקומען אים אָנזאָגן די גוטע בסורע. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס האַרץ זײַנס איז אַרויסגעפּאַלן און אַ זעץ געטאָן אין דיל. ער געדענקט ניט אַקוראַט, דאַכט זיך, אַז ער האָט אַ דערשראָקענער געפֿרעגט, וואָס איז געשען, האָט זי פֿאַרוואָרפֿן די הענט אַף די לענדן אירע, מיט יענע גוטע ווערטער אָנגעהויבן:

— מײַן כאָסן וויל מיך ניט נעמען מיט צוויי קינדער, האָב איך זיי דיר געבראַכט, צי עפּשער האָסטו שוין כאַראָטע.

ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז אָן עמעס, געוואָלט אָנהייבן בעטן, זי זאָל צוואַרטן, די קינדער וועט ער נעמען, אַז מיט כאַסענע האָבן זאָל זי זיך ניט אײַלן. און בייסמײַסע, אומגעריכט האָט ער באַמערקט אין אירע אויגן אַזוינס, וואָס זאָגט צו אַ האָפֿענונג. און טאַקע אינמיטנדערינען איז זי צו אים צוגעגאַנגען, געגומען אים באַטראַכטן. און טאַקע ווי אָן אייגענער מענטש געפֿרעגט:

— לוזער, וואָס ביסטו אַזוי בלאַס געוואָרן? וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? — אַ שמייכעלע איז אַדורך איבער איר ליכטיקן פּאָנעם, זי האָט זיך צוגעשטעלט גאָר נאָענט, מאַמעש זיך

צוגעטוליעט צו אים, און קוקנדיק אים אין די אויגן, האָט זי מיט א הייזעריק, געבראָכן קאָל געזאָגט:

— איצט זע איך, אז פראָיִם האָט מיך ניט אָפּגענארט, — דער קאָפּ אירער איז צוגע־פאלן, קוים דערלאנגט צו זײַן ברוסט. מירל איז א קליינינקע, דערפאר איז זי זייער א גוטע, א הארציקע, נאָר אין יענעם אָוונט טאקע האָט זי אים גוט געמוסערט: האלעמײַ ער האָט איר אליין ניט געזאָגט, געמוזט צו איר שיקן א שאדכן, באדארפט זיך שעמען פאר איר? און אין א ווײַלע ארום האָט זי אים גענומען פאר א האנט און קוים אויסגעשטאמלט:

— קום, לוזער, אהיים, די קינדער זײַנען דאָרטן אליין.

האָט ער דען געקענט זיך ריכטן אף אזעלעכס?

מירל איז ארויסגעגאנגען פון אלקער, האלטנדיק לוזערס פידזשאק, זי איז צוגעגאנגען צו אים, און קעדיי ניט אופוועקן די קינדער, שטיל געזאָגט:

— אנו, קליינינק ייִנגעלע, קריך ארײַן מיט דײַנע צארטע הענטעלעך אין די ארבל, די אָוונטן זײַנען שוין קאלטע...

לוזער פאָלגט מירלען, ער טוט אָן דעם פידזשאק, דרייט אײַן דעם לאָמפּ, אוןביידע אף די שפּיץ־פינגער גייען ארויס פון שטוב.

שפּרײַזנדיק איבער דער גאס, האָט מירל גענומען לוזערן פאר א האנט. פון דער ווײַטן קען מען מיינען, אז דער אויג־מעלעך־האבאָשן פירט זײַנס א טעכטערל, אָדער א שוועסטערל. דאָס שטעטל איז געוועזן אוף. קיינער איז איצט אין שטוב ניט געזעסן, מע איז, קלויִ־מערשט, גלאט אזוי זיך דורכגעגאנגען, אָבער ווי ניט אומיסטן האָט מען פארקערעוועט אינעם גרינעם געסל, נעענטער צו זיידל דעם זייגערמאכערס הויף.

פראָיִם האָט אויך ניט געקענט שלאָפן, ער איז ארומגעגאנגען ווײַט פון גרינעם געסל. ווען דער אוילעם איז זיך פאנאנדערגעגאנגען און די פענצטער האָבן אָנגעהויבן זיך אויסלעשן, האָט ער, פראָיִם, פארבלאָנדזשעט נאָענט צו האָדעלעס שטוב. דאָרטן איז שוין געווען פינצ־טער, ער וואָלט א באלן געוועזן וויסן, צי דער גאסט מיט דער באָבע נאסטיען זײַנען געבליבן נעכטיקן, צי זיי זײַנען אוועקגעגאנגען קיין בראָוונע.

פראָיִם האָט נאָך קיינמאָל אזוי ניט געוואָלט א קוק געבן אף האָדעלען, ווי איצט.

16

די לעצטע טעג האָבן געגאָסן רעגנס, נעכטן האָבן זיי אופגעהערט. ס'האָט בלויז געזיפּט, ווי דורך א זיפּל. און הײַנט, פון קאיאָר אָן, איז דעמבענעץ געווען אײַנגעהילט אין א געדיכטן נעפּל. די זון האָט זיך געפּלײַסט דורכשלאָגן, א קוק געבן אף דער ערד, איז דער נעפּל וואָס אמאָל געוואָרן שיטערער, ביז ער האָט זיך איינגאנצן פארשארט אין א זײַט, ווי א פאָרהאנג, און עס האָבן זיך באוויזן די געלע בלעטער אף דיביימער, וואָס האָבן פונדערווײַטן א גלאנץ געטאָן, ווי גאָלדענע פיירעס. דער הימל איז געוואָרן א ריינער, א בלויער, ווי פריִ־לינג־צײַט.

ס'איז געקומען א שיינער פרימאָרגן, געבראכט מיט זיך רייכעס פון היי, וואָס איז א ביסל פײַכט געוואָרן. עס האָט פארשמעקט מיט טרוקענע זונרויזן, פון וועלכע מע האָט אויסגעמעלויִ־צעט די יאָדערן, מיט פארוויאנעטן פאָלין.

אין דעם דאָזיקן פרימאָרגן איז פראָיִם געגאנגען צו דער סטאנציע. אף אים איז געווען א שווארצע לעדערנע קורטקע, פארשפּיליעט אף אלע קנעפּלעך, וואָס האָט אײַנגעצויגן די ברייטע פּלייצע. אפן קאָפּ — א מיליטערישער קארטוז מיט א גלאנציקן דאשעק. די קירזעווע שטיוול זײַנען ווי אויסגעגאָסן אף זײַנע פיס, זיי האָבן אויסגעזען זײַן לײַכטע. די געקאָ־ווען ווי אָפּצאָסן האָבן זיך קוים צוגערירט צו דער ערד.

דער סאָלדאטישער רוקזאק גייט נאָך פראָיִמען פוסטריט, הענגענדיק אפן רעכטן אקסל. פראָיִמס דורכגעטריבענע אויגן קוקן שפּאָטיש אף דער זון. ער וואָלט איר א באלן געוועזן זאָגן: „דו שײַנסט גוט, טײַערינקע, נאָר וואַרעמסט ווייניקלעך".

פראָיִם איז, ווי שטענדיק, האָפערדיק. א קוק טאָן אף אים, קאָן מען מיינען, אז אים איז גוט אפן הארצן און ער הערט די וועלט פאר א פירער.

די ציגעלניע האָט דעם ארבעט־סעזאָן פארענדיקט, און פראָיִמען האָט מען פאָרגעלייגט אין שטאָט אָן ארבעט — אָנפירן מיט א בריגאדע, וואָס וועט דארפן אײַנמויערן דאמפּס־קעסלען

אַף באַהייצן די אופגעשטעלטע הײַזער. שפּרײַזט ער ניט געײַלט, ער וועט צום באַן באַוויַזן. ווען ניט דער שיינער פרימאָרגן, וואָלט עס אים אַזוי פרי ניט אַרויסגעטראָגן פון דער שטוב.

נעכטן אין אָוונט האָט ער מיט אַלעמען זיך געזעגנט. איבערגעלאָזט אין דעמבענעץ גוטע פרײַנט, כאַווײַרים. ערשט ניט לאַנג האָט אָנגעהויבן אים זיך כאַלעמען אַזאַ שיינער כאַלעם, האָט מען אים אײַנמיטנדערינען אופגעוועקט. עס טוט אים באַנק ביז ווייטעק.

די ביימער אין די אַלייעס שטייען, ווי אָפּגעשמיסענע, און באַ פראַ:ימען אין די אויגן זעען זיי אויס צעוואַקסענע, צעגרינטע, עס דוכט זיך אים, אַז האָדעלע גייט באַנאַנד, אָט וועט זי באַלד אים אָנהייבן דערציילן אַ מײַסע, ווי זי איז צו דער סטאַנציע געלאָפן, ווען מע האָט אים, פראַ:ימען, מיט אַלע מאָביליזירטע אַוועקגעפירט אַף דער מילכאָמע. זי האָט געמיינט, אַז דאָרטן, באַ דער באַן, וועט זי קאָנען מיט אים זיך געזעגענען, נאָר זי האָט, ווײַזט אויס, פאַר-שפּעטיקט און עפשער ניט געקענט אים געפינען.

אַ מאָדנע הארציק מיידעלע, און ער האָט זי ניט פאַרשטאַנען.

אַז דער אָפיצער איז געקומען, און ס'איז שוין גוט קלאָר געווען, אַז דאָס קינד איז ניט זײַנס, האָט מען אים, פראַ:ימען, געדרייט אַ קאָפּ מיט פאַרשיידענע מײַסעס, מע האָט פאַרזי-כערט, אַז מע ווייסט, מע האָט געהערט, ווי די באָבע נאַסטיע האָט געוואָרנט דעם איידעם אירן, אַז דאָס קינד וועט אָן דער מאַמע אָנען קיין איין טאָג ניט קענען זיך באַגיין. אַז האָ-דעלע איז דעם אָפיצער געפעלן געוואָרן אין שלייער, דעריבער כאַפּט ער זיך ניט אַוועקפאָרן, ער וויל איר אײַנריידן, זי זאָל פאָרן מיט אים קיין פוילן... נאָר וואָס זײַנען ווערט געווען די דאָזיקע מײַסעס, אַז אין איינעם אַ טיפן אָוונט זײַנען ביידע יוזיקס אַוועקגעפאָרן. אונטערוועגנס האָט מען בלויז די באָבע נאַסטיע אָפּגעפירט אַהיים קיין בראָוונע. קיינער האָט פון גאָרנישט ניט געוווּסט און ניט געהערט, בלויז ער, פראַ:ים, האָט געזען.

אין יענעם שפּעטן אָוונט איז נאַפּטאָלע דעם קוימענקערערס טאַכשיט געקומען פון כוטאָר קיין דעמבענעץ. אָנשטאָט גיין אַהיים, האָט עס אים אַוועקגעטראָגן צום גרינעם געסל. די מאַשין איז דורכגעפאָרן פאַרבײַ, און ער, פראַ:ים, איז זיכער געווען, אַז האָדעלע זיצט אויך דאָרטן. ער האָט שוין געוואָלט זיך אומקערן צוריק, נאָר ווען ער האָט דאָס לעצטע מאָל אַ קוק געגעבן צו זיידל דעם זייגערמאַכערס הויף, האָט ער באַמערקט, ווי אין אַ פענצטער לײַכט זיך אַ פײַערל.

פראַ:ים געדענקט ניט, ווען איז ער צוגעגאַנגען צו דער שטוב. ער האָט זיך געכידעשט בלויז, פאַרוואָס איז די טיר אָפן. אַ קאַשע אַף אַ מײַסע. מע איז, ווײַזט אויס, געווען אַזוי צעטראָגן מיטן פאָרן, אַז מע האָט פאַרגעסן פאַרשפּאַרן די טיר און פאַרלעשן דאָס לעמפּל.

ווען פראַ:ים איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, האָט ער דערזען, ווי האָדעלע זיצט, דער קאָפּ אירער איז אָנגעשפּאַרט אין די הענט, וועלכע זײַנען געלעגן אויסגעצויגן אַפן טיש. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי שלאָפט. וואָס זשע טוט מען? איז ער געשטאַנען אין פאַרלעגנהײַט באַ דער שוועל און אומגעריכט שטילערהייט געפרעגט:

— פאַרוואָס זײַנען די טירן צעפּראַלט?

האָדעלעס פּלייצע האָט אַ ציטער געטאָן, און דער קאָפּ האָט לאַנגזאַם גענומען זיך אופ-הייבן, ווי ער וואָלט שווער געווען מיט רוכעס. דערזען פראַ:ימען, האָבן די אויגן אירע זיך צעשטראַלט, און ווערדליק זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ הייב געטאָן, האָט מען געקענט מיינען, אַז זי וועט האַסטיק זיך לאָזן גיין אים אַנטקעגן. נאָר זי האָט זיך בלויז אַ שאָקל געטאָן, ניט געקענט זיך רירן פון אָרט, פּונקט ווי עמעצער וואָלט זי אײַנגעהאַלטן. עס האָט זיך אויס-געוויזן, אַז די ווײַסע בלוזע אַף איר אָטעמט, ציטערט. האָדעלע האָט זיך אויסגעגלײַכט אין פולן וווּקס. איר שטאָלצקײַט האָט זיך צו איר אומגעקערט. זי איז געווען פאַרפּלאַמט און אופגערעגט, די בעקלעך האָבן זיך געראָיטלט, און דאָס באַטיסטענע בלוזקעלע האָט אײַנ-געהילט איר גופעלע, ווי אַ זויבער ווײַס וואָלקנדל.

שמייכלענדיק ביטערלעך האָט זי אָנגעהויבן ריידן: „זיי זײַנען שוין אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעפאָרן, און שוין”. אין דער צײַט האָט זי צעשפּרייט די הענט אין די זײַטן, ווי זי וואָלט וועלן אויסגלײַכן די ביינער און מיט פאַרגעניגן געזאָגט: „אַ באַרג איז אַראָפּ פון די פּלייצעס”.

און דעמלט האָט פראַ:ים אַ טראַכט געטאָן, אַז, סאָפּקאָלסאָף, איז האָדעלע פאָטער געוואָרן פון אַ נאָכשלעפּעניש, און ס'איז בעסער, וואָס דאָס קינד וועט וואַקסן באַם אייגענעם טאַטן.

אָבער מיט יעדן טאָג איז האָדעלע געוואָרן אומעטיקער. דאָס פּענעמל האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ שאָטן, אירע לעבעדיקע אייוורימלעך האָבן גענומען דרעמלען, און דער שיינער הוי-כער האַלדז איז ווי נידעריקער געוואָרן. זי איז אַרומגעגאַנגען שטיל און פאַרזיכטיק, ווי זי וואָלט מוירע האָבן עמעצן אופוועקן. עס האָט געדוכט, אַז איר געהער וויל כאַפּן אַ שיינע

ליד, וואָס טראָגט זיך פון ווײַטן. און אָ־דאָ ניט לאַנג, ווען פּראַ:ים איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב, האָט זי אַ צעטומלטע זיך אַנידערגעשטעלט אינמיטן צימער און פּלוצעם אָנגעהויבן דערציילן ווי:אַזוי יוזיק איז געווען צעטראָגן מיטן פּאָרן, ניט געקענט זיך אויסוואַרטן, מע זאָל אים אַנידערזעצן אין אווטאָ, פּאָרט אַ קינד, אַזאַ קליין יינגעלע, האָט זי בייסמײַסעאַ שווערס עפּעס אַראָפּגעשלונגען און ווײַטער גענומען דערציילן, אַז די מאַשין איז צוגעפֿאָרן צום הויף, און אַלע האָבן זיך געלאָזט אַרויסגיין אין דרויסן, האָט ער, יוזיק, אַנשטאָט לויפֿן צו דער מאַ־שין, פֿאַרקערעוועט גאָר צום אַלקער, ווו ער פּלעגט שלאָפֿן. האָדעלע האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט אַ געלעכטערל, באַוויזן אַ מין טומל ס׳איז געוואָרן אין שטוב, און אומגעריכט איז פון איר רעכט אויג אַרויסגעפאַלן אַ טרער די גרייס, ווי אַ האָגל.

פון דעמלט אָן האָט פּראַ:ים אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, אַז דאָס קינד וועט נאָך לאַנג ניט צורו לאָזן האָדעלען.

און דער לעצטער אָוונט וועט אַף אייביק פֿאַרבלײַבן אין זײַן זיקאָרן. זיי זײַנען דעמלט געגאַנגען צום הייליקן אָרט. ווען די זון האָט זיך געזעצט, האָט האָדעלע זיך צו אים צוגעטו־ליעט, האַלטנדיק אים אונטערן אָרעם, דערבײַ געשטאַמלט שטילערהייט — צי וועט ער גיין אהער באַגיסן די ביימלעך.

פּראַ:ים האָט ניט פֿאַרשטאַנען די קאַשע. וואָס עפּעס ער? ווו וועט זי זײַן, איז ער אַ באַלן געווען וויסן. האָדעלע האָט אָפּגעקערעוועט דעם קאָפּ אין אַ זײַט און געענטפֿערט: „מאַלע־וואָס, מע האָט דאָך אָפּגערעדט, אַז זי וועט פֿאָרן זיך לערנען״. און דעמלט טאַקע איז זי שטיין געבליבן, אַ קוק געגעבן אַף פּראַ:ימען:

— ס׳איז מיר עפּעס קאַלט, — האָט זי געזאָגט.

ווען ער האָט גענומען אַרופֿוואַרפֿן אַף איר זײַן פּידזשאַק, האָט זי אים אַרומגענומען און זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו אים. אַזוי זײַנען זיי געשטאַנען, און זי האָט אָנגעהויבן שעפּטשען לעם זײַן אויער:

— דו הערסט, פּראַ:ימל, יוזיק וויינט... ער רופֿט מיך.

זי האָט ניט דערלאָזט, ער זאָל זי טרייסטן, באַרו:קן. זי האָט אים געקושט, געהאַלדזט, און ער האָט ניט געוווּסט, אַז זי געזעגנט זיך מיט אים.

אַז מע איז געגאַנגען צוריק פֿונעם הייליקן אָרט, האָט מען אָפּגערעדט, אַז ער, פּראַ:ים, דאַרף וואָס גיכער זיך באַפֿרײַען פון דער ציגעלניע, זיי זאָלן קענען פֿאָרן אין שטאָט אַרײַן. ער האָט זי פֿאַרזיכערט, אַז פּאַר אַ פינף טעג וועט ער זײַן פֿאַרטיק, און ווען ער איז אין דרײַ טעג אַרום געקומען אין שטעטל, האָט ער האָדעלען שוין ניט געטראָפֿן.

דעמבענעץ האָט ניט געראַשט און ניט געטומלט. דעמבענעץ האָט אַזוי־ווי אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער. ניט יעדערער האָט זיך אָנגעשטויסן ווו־הין זיידל דעם זייגערמאַכערס באַסיעכידקעלע איז אַוועקגעפֿאָרן.

בלויז קיילע האָט געוווּסט, און זי האָט קיינעם ניט באַשולדיקט. זי, קיילע, ווייסט גוט, וואָס הייסט, אַז אַ קינד ווערט אײַנגעבאַקן אין האַרצן.

ניט ווײַט פֿונעם הייליקן אָרט האָט פּראַ:ים זיך אַף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, ער וואָלט וועלן האָדעלע זאָל זיך באַווײַזן צווישן די ביימלעך, וואָס זי האָט פֿאַרפּלאַנצט, ער זאָל הערן די שיינע וויגליד, וואָס זי האָט אָנהייב זומער דאָרטן אַפֿן קייווער געזונגען.

פּראַ:ים גייט אַוועק פֿונעם שטעטל, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, ער גייט ניט געאײַלט. דעם צוג וועט ער ניט פֿאַרשפּעטיקן.



# מײַן הארץ—א לעבעדיקע בריק

אין ברייטן פענצטער
(א וואנט א האלבע)
פון מײַן ליכטיקן האָטעל
די אלטע ווילנע
קוקט אַרײַן
מיט אירע טונקלע, גראָבע
ווייניק־פענצטערדיקע ווענט.
זי קוקט אַרײַן
מיט שפּיצעכיקע צלאָמים
אַף די קלויסטערס, קירכעס
און קאַסטיאָלן,
קוקט
מיט שווארצע טשערעפּענע דעכער,
מיט שלאָס אַף בארג.
און אלץ צוזאמען,
דאכט מיר,
דריקט
און רוקט זיך אָן
מיט טײַנע גרויזאמער
אַף מיר:
צי ווייסטו כאָטש,
דו איינער
באַם ברייטן פענצטער
פון דײַן ליכטיקן האָטעל,
וויפל דורירעס
פינצטערניש
און וויי
און פּײַן
צווישן דיר און אונדז
זיך שפּרייטן?
צי ווייסטו,
צי פארגעסטו ניט?
מיר וועלן עס
דערמאָנען דיר
מיט צלאָמים אונדזערע,
מיט טונקלע, גראָבע,
ווייניק־פענצטערדיקע ווענט...

און ווילנע יידישע
עס קוקט אַף מיר
פון יאטקע־גאס,
פון גלעזער־גאס,
פון שניפּישאָק
מיט טונקלע, אויסגעקרימטע
און פארדרייטע הויפן,
מיט האנדל־וואנדלדיקן
דאלעס,
מיט טאלייסים,
מיט טאנייסים,
וואָס האָבן פון קיין שום שלעק
ניט אויסגעהיט,
מיט ביידע געטאָס אירע —
און אלע זיי,
די טויזנטער און טויזנטער,
די אָוועס מײַנע,
וואָס זײַנען שוין ניטאָ,
נאָר וועלן אייביק זײַן,
זיי פרעגן:
ווייסט?
געדענקסט?
האָסט ניט פארגעסן
אונדזער דאלעס,
אונדזער נויט,
אונדזער לעבן,
אונדזער טויט?
כ'געדענק!
דערפאר
באטרעט איך
אזוי פאָרזיכטיק און שטיל
די שטיינער הייליקע
אַף יאטקע־גאס,
אַף גלעזער־גאס,
אין שניפּישאָק.
באטרעט מיט צאר און וויי...
און ניט קיין צאר,
נאָר טיפער שטאָלץ
מיך נעמט ארום
אַף אנטאָקאָלסקי־גאס,
אַף דער מאדייסקער־גאס.
דער קירעך שאפנדער פון פאָלק,
דער העלדנמוט פון פאָלק
דאָ זײַנען
איבער אומקום, איבער טויט
צו קיום אייביקן דערהויבן!

פון גאס צו גאס
איך גיי
און לייען פון שטילע שטיינער אויס
פּאַעמעס הימלשרײַענדיקע
פון א לעבן,

וואָס איז ניטאָ,
נאָר שאָטנס זײַנע
וועלן שטענדיק זײַן
אין שײַן
פֿון אונדזער טאָג.
באַ יעדן ראָג
איך זע דיך,
ווילנע אַלטע,
אין געווימל דולן
פֿון דײַנע
ווייניק־זוניקע
און בלאָטיקע
און בלוטיקע
מעסלעסן.
אָף שטיינער דײַנע הייליקע
איך שווער:
כ׳וועל ניט פֿאַרגעסן!

די קרומע ליקן דײַנע,
ווילנע אַלטע, איך פֿאַרלאָז,
מיט טרויער אַנגסטיקן
באַלעסטיקט.
אָף אַלץ און אַלעס
לויערט דאָ
דער אַלטער שלאָס —
פֿון צײַטן לאַנג פֿאַרגאַנגענע
די פֿעסטונג.
ווי הויך אָבער
שאַלט אויף מײַן גליק,
ווען כ׳שפּאַן די הויכע בריק
אַריבער
און, ווילנע נײַע,
כ׳טרעט אַרײַן

אין הייכלען פֿון צעשטראַלטער שײַן,
אין דײַנע ליכטיקע קוואַרטאַלן —
אין זשערמינײַ,
אין לאַזדינײַ.
די פֿענצטער בלענדנדיק צעפּראַלן
דאָ מויערן אָף טריט און שריט.
דאָס אויג וועט קיינמאָל ווערן מיד
דאָ זען די פּרעכטיקע פּראַפּאָרצן
פֿון נידער און פֿון הייך,
פֿון נאָענט און פֿון ווײַט, —
די ריטמען פֿריידפֿולע
פֿון אונדזער הויכער צײַט.
אַמאָל האָט וואַלד
דאָ ווילד
גערוישט.
זע, שטיקער גאַנצע —
גרין און גרויס —
פֿון אַלטן וואַלד
מ׳האָט צווישן מויערן געלאָזט...

דער אָוואַר דאָרט —
באַם אַלטן שלאָס.
די צוקונפֿט דאָ
קומט יונג און נײַ
מיט זשערמינײַ,
מיט לאַזדינײַ.
די לענג און ברייט
פֿילט אָן מיט פֿרייד
אָף יעדן ראָג
מײַן זשעדנעם בליק.
צווישן דעם נעכטיקן
און מאָרגנדיקן טאָג
פֿאַרבלײַבן, מײַן האַרץ,
אַ לעבעדיקע בריק.

**1975—**

צווישנפעלקערלעכער פרויען־יאָר



# א טיפער שפּור אין לעבן

איידער מיר גיבן דאָס וואָרט דעם אווטאָר פון דער דאָזיקער פאַרצייכענונג, ווילן מיר ברענגען צוויי דאָקומענטן.

דער ערשטער — א בלעטל פון א פרויען־קאַלענדאַר פאַרן 11 אווגוסט 1966, געווידמעט דעם אלפאַרבאַנדישן טאָג פון בויער, מיט א נאָטיץ, וואָס הייסט „די דאַטע פונעם דיפּלאָם — 1916". אָט וואָס עס ווערט דערציילט אין דער נאָטיץ:

„אין 1906 האָט דער פּראָפעסאָרן־ראַט פונעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, ניט געקוקט אפן געזעץ, וועלכער האָט פאַרבאָטן אָנעמען פרויען אין טעכנישע הויכשולן, צוגעלאָזט צו די אויספּרווון מיידלעך, וואָס האָבן פאַרענדיקט די גימנאַזיע. דערפאָלגרײַך האָבן אויסגעהאַלטן די עקזאַמענעס בלויז 20 פון זיי. 19 זײַנען ארײַנגעטראָטן אפן כימישן, אגראָנאָמישן, מעכאַנישן פאַקולטעטן, איינע — סאָפיע גריגאָריעוונע ראַבינאָוויטש — אפן פאַקולטעט פון בוי־אינזשעניערן.

הײַנטיקע סטודענטקעס קאָנען זיך אפילע ניט פאָרשטעלן, וויפל שווערקייטן יענע מיידלעך האָבן געהאַט אויסצושטיין אפן וועג צו זייער טרוים.

אין 1908 האָט מען זיי אויסגעשלאָסן פונעם אינסטיטוט. די פּראָפעסאָרן האָבן זיך קוים דערשלאָגן, מע זאָל די מיידלעך כאָטש איבערלאָזן אלס פרײַע צוהערער. בלויז אין 1915 האָט מען זיי דערלויבט, לויט א ספּעציעלער „העכסטער אַנווײַזונג", אָנטיילצונעמען אין די דיפּלאָם־עקזאַמענעס.

סאָפיע גריגאָריעוונע האָט באַקומען א דיפּלאָם פון א בוי־אינזשעניער. זי האָט געאַרבעט אין א סאַך בוי־אָרגאַניזאַציעס, און אָט איז שוין געוואָרן 30 יאָר, זינט זי איז א מיטאַרבעטער אין א וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט. סאָפיע גריגאָריעוונע איז דער אווטאָר פון 84 וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אין בוי־וועזן".

דער צווייטער דאָקומענט — דאָס איז א בוך, וואָס הייסט „בעטאָן־ און אײַזן־בעטאָן־אַרבעטן" און איז דערשינען פאַראיאָרן אינעם מאָסקווער פאַרלאַג „סטראָיִזדאַט", אין 96 טויזנט עקזעמפּליאַרן — א לערנבוך פאַר בויער פון אינדוסטריִעלע אָביעקטן. דאָס איז שוין די צווייטע אויפלאַגע, און מיר לייענען דאָרט:

„אינעם בוך ווערן באַלויכטן די הײַנטצײַטיקע מעטאָדן פון בעטאָן־ און אײַזן־בעטאָן־אַרבעטן לויט מאָנאָליטע קאָנסטרוקציעס, עס ווערן געגעבן רעקאָמענדאַציעס וועגן אָנווענדן פּאָרגעשריטענע אַרבעטס־מיטלען מיט דער מאַקסימאַלער אויסנוצונג פון מעכאַניזאַציע.

דאָס בוך איז אויסגערעכנט פאַר בריגאַדירן, מײַסטערס און בוי־אַרבעטער, וועלכע האָבן בעדייע צו העכערן זייער קוואַליפיקאַציע".

די אווטאָרן פונעם בוך זײַנען סעמיאָן לעווי, סאָפיע ראַבינאָוויטש און יוינע סאָוואַלאָוו. איינער פון זיי, דער דאָקטער פון טעכנישע וויסנשאַפטן, צוויי מאָל לאַורעאַט פון דער מעלוכע־פּרעמיע, וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פונעם פאָרשערישן אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלער בויונג באַם „גאָססטראָי פון פססר" יוינע גריגאָריעוויטש סאָוואַלאָוו, האָט געבראַכט אין רעדאַקציע די פאַרצייכענונג וועגן דער פרוי מיט א מערקווירדיקן גורל — וועגן סאָפיע גריגאָריעוונע ראַבינאָוויטש.

אין 1886 איז אין דער מישפּחה פונעם קיִע־ווער אַדוואָקאַט, דעם פּריסיאַזשנע פּאָווערענע פון דער געריכט־פּאַלאַטע גריגאָרי צעלטנער געבוירן געוואָרן א צווילינג — צוויי מיידעלעך. מע האָט זיי געגעבן די נעמען סאָפיע און נאַדעזשדע. דאָס פּאָרל איז געוואַקסן צוזאַמען, זיך איינעם געלערנט, פריִער אין דער היים, דערנאָך אין א פרויען־גימנאַזיע. ביידע האָבן זיי גלענצנד באַהערשט אויסלענדישע שפּראַכן — דײַטש און פראַנצויזיש, געשלונגען ביכער, זיך באַקאַנט מיט די יעסוידעס פון געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן.

ס'איז געווען א צײַט, ווען די יוגנט האָט זיך פאַרכאַפּט מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, און דעם אַדוואָקאַט צעלטנערס מיידלעך האָבן בעסאָד פונעם טאַטן אָנטיילגענומען אין אומלעגאַלע גימנאַזיסטישע קרײַזלעך — דאָס האָט זיי באַקאַנט געמאַכט מיטן דעמלטיקן פּאָליטישן לעבן, וואָס איז פול געווען מיט האָפענונגען אָף גרויסע ענדערונגען.

די מיידלעך האָבן פאַרענדיקט די גימנאַזיע אין 1904. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אז די גרעסטע נוץ וועלן זיי קאָנען ברענגען דעם קינפטיקן פרײַען רוסלאַנד, אויב זיי וועלן האָבן א געוויסן פאַך. נאַדעזשדע האָט שוין פון לאַנג באַשלאָסן, אז איר באַרוף איז מעדיצין, נאָר סאָפיען איז ניט געווען צום האַרצן דער פאַך פון א דאָקטער. און דאָך, ווען נאַדעזשדע האָט אָנגעהויבן שטודירן לאַטײַן, וואָס אָן אים האָט מען אפילו ניט געקאָנט טראַכטן וועגן דעם מעדיצינישן פאַקולטעט, האָט סאָפיע אויך צוזאַמען מיט דער שוועסטער אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען לויט דער פּראָגראַם פון אַכט קלאַסן פון דער קלאַסישער גימנאַזיע. פאַרלויפנדיק פאָרויס, דאַרף מען אָפּמערקן, אז לאַטײַן איז פון דעמלט אָן אַזוי פעסט אַרײַן אינעם באַגאַזש פון אירע בעעמעס ענציקלאָפּעדישע קענטענישן, אז אפילו אָף דער עלטער האָט זי געקענט איבערלייענען אויסווייניק א בלעטל יוליוס צעזאַר אָדער אויסצוגן פון די אַלט־רוימישע פּאָעטן. איך אליין בין געווען ניט איין מאָל אן איידעס פון אָט די לאַטײַנישע פאַרלעזונגען.

ביז וואָס־ווען האָבן די מיידלעך ניט געקאָנט זיצן אין דער היים מיט פאַרלייגטע הענט, און זיי האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אלס לערערנס אין איינער פון די קיִעווער קינדער־שולן, וועלכע האָבן עקזיסטירט אָף פילאַנטראָפּישע יעסוידעס. בא סאָפיען האָט זיך דעמלט אַנטפּלעקט אן עמעסער פּעדאַגאָגישער טאַלאַנט, און ס'איז איר געפעלן געוואָרן צו דערציִען קינדער. נאָר וועגן פּעדאַגאָגישער טעטיקײַט האָט מען ניט געקאָנט אפילו טרוימען. אינעם אַטעסטאַט, וואָס די גימנאַזיע האָט אַרויסגעגעבן סאָפיען, איז געווען שטרענג אָנגעוויזן: „דאָס מיידל צעלטנער, פון יידישן גלויבן, באַקומט דעם פאַך פון א פּריוואַטער לערערן מיט דער רעכט צו אונטעריכטן בלויז פערזאָנען פון איר גלויבן".

און די צײַט איז געגאַנגען. טראַגיש האָט זיך פאַרענדיקט די רוסיש־יאַפּאַנישע מילכאָמע.



סאָפיע ראַבינאָוויטש

ס'האָט אָפּגערוישט די רעוואָלוציע. אָן איבערגעשראָקענע פון דעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם, האָט די צאַרישע רעגירונג געמוזט זיך רעכענען מיט דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, — און אין סאָף 1905 האָט מען אָנגעהויבן צו דערלויבן פרויען אַרײַנצוטרעטן אין אייניקע הויכשולן, דערונטער — אינעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. און סאָפיע באַשליסט: זי וועט אָנגעבן די דאָקומענטן אין אָט דער הויכשול.

עס רעדט זיך — אָנגעבן די דאָקומענטן! און ווי־אַזוי וועט זי אויסהאַלטן אַזא שווערן קאָנקורס און נאָך האָבן די זכיִע אַרײַנצוגיין אין די באַגרענעצטע 3 פּראָצענט פון דער „נאָרמע פאַר יידן"? און נאָך איין צוגאָבלעכע שוועריקײַט איז געשטאַנען אָף איר וועג: אין די פרויען־גימנאַזיעס האָט מען אַזעלכע קעגנשטאַנדן, ווי טריגאָנאָמעטריע און אייניקע אָפּטיילן פון פיזיק, אינגאַנצן ניט דערלערנט. די קרויווים האָבן געפּרוּווט אָפּריידן דאָס מיידל פון דעם געדאַנק וועגן אַרײַנטרעטן אין פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. זי איז אָבער געווען אן אײַנגעשפּאַרטע און קיינעם ניט געהערט.

אַלע עקזאַמענעס האָט זי אויסגעהאַלטן אָף אויסגעצייכנט. באַזונדערס אויסגענומען האָט איר קאָנטראָל־אַרבעט, וועלכע זי האָט אָנגערופן „צו וויסן איז ניטאָ קיין וועג אָנעם וועג צו פרײַהײַט".

אלס עפּיגראַף צו דער טעמע האָט זי גענומען גאַליליִיס באַרימטע פראַזע: „און דאָך דרייט זי זיך!".

געלערנט האָט זיך סאָפיע אינעם פאַקולטעט פון בוי־אינזשעניערן אָף אויסגעצייכנט. איינמאָל האָט דער לערער פון געאָמעטריע זי צוגערופן און אין דער אָנוועזנהײַט פונעם גאַנצן קורס איר געזאָגט:



סאָפיע ראַבינאָוויטש (די צווייטע פון לינקס) מיט
א גרופּע סטודענטקעס פונעם קיִעווער פּאָליטעכנישן
אינסטיטוט (1906)

— פיל יאָרן האָב איך אונטעריכט געאָמעט־
ריע אין א פרויען־גימנאַזיע, און איך האָב שוין
געמיינט, אַז פרויען האָבן ניט קיין שום אַנונג
וועגן רוים־פּאַרהעלטענישן. איר אָבער צווינגט
מיך צו בײַטן אָט די מיינונג...

און ווירקלעך, די שווערסטע אַרבעטן פלעגט
סאָפיע, דערצו זייער א שוואַכינקע אין געזונט,
אויספילן ניט ערגער פון די מאַנצבילען. צוזאַ־
מען מיטן גאַנצן קורס פלעגט זי אַרויספאָרן אַף
געאָדעזישע אַרבעטן אַפן דניעפּער אַזייגער פיר־
פינף גאַנצפרי, קעדיי זיך אָפּפאַרטיקן ביז דער
באַטאָגיקער היץ, און נישקאָשע, אַלע האָבן זיך
איבערצײַגט, אַז זי שטייט פון קיינעם ניט אָפּ.

אַף דער אינזשעניער־אָפּטיילונג האָט דעם
קורס פון בריקן־בויונג געפירט דער פּראָפעסאָר
יע. אַ. פּאַטאָן (דער שפּעטערדיקער העלד פון
סאָציאַליסטישער מי און אַקאַדעמיקער). ער
האָט געהאַלטן, אַז העיויס דער בוי־פאַך פאָ־
דערט פונעם אינזשעניער ניט בלויז טיפע קענ־
טענישן, נאָר אויך שווערע פיזישע אָנשטרענ־
גונגען, איז אָט דער פאַך פאַר א פרוי לאַכלוטן
ניט צוגעפּאַסט. ווען סאָפיע צעלטנער האָט גע־
האַלטן באַ אים דעם עקזאַמען איבער בריקן־
בויונג, האָט ער זי גענומען קאָנטראָלירן ניט
בלויז לויט די פראַגן, וואָס זײַנען געווען אָנ־
געמערקט אינעם בילעט, נאָר איבערן גאַנצן
לערן־קורס. ענדלעך, האָט די סטודענטקע ניט
אויסגעהאַלטן און געזאָגט:

— יעווגעני אָסקאַראָוויטש, אײַער טירכע איז
אומזיסט, קיין שום פראַגע איז מיר ניט שרעק־
לעך...

דער אינסטיטוט איז ניט געשטאַנען אין א
זײַט פון די שטורמישע פּאָליטישע געשעענישן.
אָפט פלעגן דאָ פּאַרקומען „סטודענטישע אומ־
רוען", ווי מע האָט זיי גערופן. ס'איז געשען
אַזאַ פאַל. אַף איינער א סכאָדקע האָבן די סטו־
דענטן אָנגענומען א רעזאָליוציע קעגן דער צאַ־
רישער רעגירונג. ווען די פאַרזאַמלונג האָט זיך
פאַרענדיקט, האָט מען זיך דערוווסט, אַז באַם
אַרויסגאַנג קאָנטראָלירן די זשאַנדאַרמען די
סטודענטישע בילעטן. האָט מען זיך באַלד צונויפ־
גערעדט: קיינער גייט פון אינסטיטוט ניט אוועק.
ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיך אַף דער
סכאָדקע געפונען פאַרשטייער פונעם קאָמיטעט
פון דער אָרטיקער באָלשעוויסטישער אָרגאַני־
זאַציע, און, קאָנטראָלירנדיק די סטודענטישע
בילעטן, האָט די זשאַנדאַרמעריע געהאָפט אַזוי־
אַרום פאַקן די באָלשעוויקעס. צוויי מאָל האָט
די אַדמיניסטראַציע פונעם אינסטיטוט פאָרגע־
לייגט די סטודענטן פאַרלאָזן די געבײַדע, דער־
נאָך איז אָנגעקומען א באַפעל פון דער פּאָלי־
ציי. אָבער קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גע־
רירט. ס'האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט פּולווער.
צו דער געבײַדע איז געבראַכט געוואָרן מיליי־
טער. און דעמלט האָט סאָפיע אַרויסגערופן צו
זיך דער דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט.

— איך פאַרלאָז די געבײַדע, — האָט ער איר
געזאָגט, — און איר וועט גיין מיט מיר. מיר
וועלן אַרויסגיין דורך א באַזונדערער טיר, קיי־
נער וועט אײַך ניט פאַרהאַלטן, מע וועט בא
אײַך ניט פרעגן קיין בילעט, און אין צען מינוט
אַרום וועט איר זײַן אויסער געפאַר.

דער דירעקטאָר, ווי־עס זיך אַרויס, איז געווען
אַמאָל א מיטשילער לויט דער גימנאַזיע פון
סאָפיעס פאָטער, און ער האָט געהאַלטן פאַר זײַן
כיווו צו טאָן א טויווע דער טאָכטער פונעם כאַ־
שעוון אַדוואָקאַט. סאָפיע אָבער האָט זיך אָפּגע־
זאָגט:

— וועגן מײַן געפאַרלאָזיקײַט באומרויִק איך
זיך ניט מער, ווי וועגן דער געפאַרלאָזיקײַט פון
מײַנע כאַווירים, און אוועקגיין וועל איך, ווען
אַלע וועלן אוועקגיין.

— נאָר איר דאַרפט פאַרשטיין, — האָט גענו־
מען זי אײַנריידן דער דירעקטאָר, — אַז די לאַ־
גע איז זייער אַן ערנסטע, מע קאָן באַשיסן די
געבײַדע, און מיט וואָס וועל איך זיך פאַרענטו־
פערן פאַר אײַער פאָטער, אויב מיט אײַך וועט
עפּעס געשען?

— איר וועט אים זאָגן, — האָט געענטפערט
דאָס מיידל, — דאָס, וואָס מע וועט זאָגן אַלע
עלטערן, אויב מיט אײַערע סטודענטן וועט עפּעס
פּאַסירן.

אַף דעם האָט זיך דער געשפּרעך געענדיקט,
און אײַנגיכן איז מען געוווירע געוואָרן, אַז מע
קאָן זיך צעגיין: די מיטאַרבעטער פונעם אינ־
סטיטוט האָבן אַרויסגעפירט די באָלשעוויקעס
דורך דער קאַנאַליזאַציע־נעץ...

אַזוי זײַנען געגאַנגען די יאָרן, און סאָפיע
וואָלט בעשאָלעם פאַרענדיקט די לער, ווען ניט
די סטאָליפּין־רעאַקציע. אין 1909 איז געמאָלדן

געוואָרן, אַז אין אינסטיטוט האָט מען די פּרויען אָנגענומען אומגעזעצלעך, און מע דאַרף זיי אויסשליסן. דער פּראָפעסאָרן־ראַט האָט דאָך באַשטימט דערלויבן די אויסגעשלאָסענע מיידלעך צו זײַן פרײַע צוהערער. ווי פריִער, האָבן זיי באַזוכט די לעקציעס, אויסגעפילט פּראַקטישע פאַרגעבונגען, אָבער פאַרטיידיקן דיפּלאָם־פּראָיעקטן האָבן זיי שוין ניט געקאָנט. וויפל מע האָט זיך ניט מישטאַדל געווען, האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. אַ ספּעציִעלע דעלעגאַציע פון די סטודענטקעס, צווישן זיי אויך סאָפיע צעלטנער, איז געפאָרן קיין פּעטערבורג, נאָר אויך דאָס האָט ניט געגעבן קיין רעזולטאַטן.

אומגעריכט האָט „געהאָלפן" די מילכאָמע. די בויונג פון מיליטערישע אָביעקטן האָט געפאָדערט וואָס מער אינזשעניערן, און אין 1915 ווערט סאָפיע גריגאָריעוונע צעלטנער, וועלכע האָט שוין דעמלט געטראָגן די פאַמיליע פון איר מאַן ראַבינאָוויטש, צוגעלאָזט צום מעלוכעעקזאַמען, זי האַלט אים דערפאָלגרײַך אויס און באַקומט דעם דיפּלאָם פון אַ בוי־אינזשעניער פון דער ערשטער מאַדרייגע.

סאָפיע גריגאָריעוונע איז שוין אַלט דרײַסיק יאָר, איר מאַן איז אויך אַ בוי־אינזשעניער, און עס הייבט זיך בײַ זיי אָן אַ געוויינלעך לעבן פון נאָווענאַדניקעס. סאָפיע גריגאָריעוונע אַרבעט אויפן פּולווער־זאַוואָד אין שאָסטקע און אויפן פּאַטראָן־זאַוואָד אין לוגאַנסק. די אַדמיניסטראַציע גייט אויף דעם אײַן, ניט האָבנדיק קיין אַנדער ברייררע. דאָס ערשטע מאָל זעט מען אַ בוי־אינזשעניער אַ פרוי. עס קומען טאַקע פאָר קוריאָזן.

איינמאָל האָט מען געדאַרפט אויפנעמען בײַ אַ פּאָדריאַדטשיק בעטאָן־דעטאַלן, האָט מען פאַרטרויט די זאַך סאָפיע גריגאָריעוונען. דער פּאָדריאַדטשיק הייסט איינעם אַן אַרבעטער דורכקאָנטראָלירן, צי אַלץ איז קעשורע: מע טוט אַ קלאַפּ מיט אַ האַמערל איבער דער דעטאַל, און אויב זי קלינגט ווי עס באַדאַרף צו זײַן, באַטײַט עס, אַז זי איז פון דער נייטיקער קוואַליטעט. דער פּאָדריאַדטשיק האָט שוין פון פאָרויס צוגעגרייט דעם אויפנאַם־אַקט — מישט זיך אָבער אַרײַן דער אינזשעניער און הייסט דעם אַרבעטער קלאַפּן ניט דאָרטן, ווו דער פּאָדריאַדטשיק האָט אָנגעוויזן, נאָר אין אַן אַנדער אָרט. דער אַרבעטער טוט אַ קלאַפּ, און די דעטאַל צעפליט זיך אויף שטיקער. ער נעמט זיך צו דער צווייטער דעטאַל — דאָס זעלבע, צו דער דריטער — אויך דאָס זעלבע... האַקלאַל, דרײַ פערטל פון די געבראַכטע דעטאַלן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס בראַק. דער פּאָדריאַדטשיק האָט זיך אַזש געכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— און איך האָב זיך דערפרייט, וואָס מע האָט צוגעשיקט אַ פרוי... איצט לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז ניט פּאָשעט אַ דאַמאָטשקע, נאָר טאַקע אַן עמעסער אינזשעניער!

אָט אַזוי איז געקומען די אָנערקענונג.

אין 1919 קערט זיך סאָפיע גריגאָריעוונע אום מיטן מאַן אינעם באַפרײַטן קיִעוו און הייבט אָן אַרבעטן אין דער פאַרוואַלטונג פונעם וואַסער־טראַנספּאָרט. אָבער נאָכאַמאָל באַדראָעט די שטאָט דער סוינע — דעניקין איז נאָענט. די רויטע אַרמיי מוז זיך עוואַקויִרן. אין דער פאַרוואַלטונג קומען צוויי מאַטראָסן נאָך אַן אייצע: וויִאַזוי פאַרפעסטיקן די הילצערנע בריק, מע זאָל קענען איבער איר איבערפירן אַ שווערע פּראַכט?

— וועגן וואָס פאַר אַ בריק רעדט איר? — פרעגט סאָפיע גריגאָריעוונע. — און וועלכע שווערע פּראַכט דאַרף מען איבערפירן?

קווענקלען זיך די מאַטראָסן: ס'איז דאָך אַ סאָד, און ווער ווייסט, צי אָט די פרוי איז אַ פרײַנט צי אַ סוינע? סאָפיע גריגאָריעוונע האָט זיך אָנגעשטויסן, וועגן וואָס עס גייט דאָ, האָט זי געזאָגט די מאַטראָסן:

— פאַרשטייט זיך, דאָס איז אײַער זאַך: ווילט איר — גלייבט מיר, און ווילט איר ניט — איז אַדערבע. נאָר איך בין אײַער פרײַנט, און איר מעגט מיר פאַרטרויען, ווײַל אָן דעם קען איך אײַך ניט העלפן.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מע דאַרף איבערפירן איבערן דניעפּער שווערע האַרמאַטן. מע וועט דאָס טאָן דורך דער קייטן־בריק, אָבער ווײַטער, בײַ די אײַנגוסן, איז די בריק אַ הילצערנע — ווייסט מען ניט, צי זי וועט אויסהאַלטן.

סאָפיע גריגאָריעוונע האָט זיך פאַרטראַכט: קעדיי זיך איבערצײַגן, אַז די בריק וועט אויסהאַלטן, דאַרף מען אַהין צופאָרן, אַ קוק טאָן, מאַכן די געהעריקע כעזשבוינעס. אָבער אויף דעם איז שוין ניטאָ קיין צײַט. און זי האָט געגעבן אַן אייצע:

— מע דאַרף ריזיקירן. אויב איבערקײַקלען די האַרמאַטן זייער גיך, ניט פאַרהאַלטנדיק זיך אויף קיין רעגע, קאָן די בריק אויסהאַלטן. אָבער זאָלן די האַרמאַטן פירן ניט קיין פערד, נאָר מענטשן, ווײַל קיין אויסגעשולטע פערד און דערפאַרענע אָנטרײַבערס האָט איר ניט. באַזאָרגט די מענטשן מיט רעטונגס־פּאַסיקעס, זאָלן זיי גוט אָפּרעפּעטירן די זאַך — און ריזיקירט. וועלן זיי באַווײַזן און די בריק וועט אויסהאַלטן, איז גוט, וועלן זיי ניט באַווײַזן, די בריק וועט ניט אויסהאַלטן — וועט מען די מענטשן קאָנען ראַטעווען, און די האַרמאַטן, מיילע, בעסער זיי דערטרינקען, איידער זיי זאָלן אַרײַנפאַלן צום סוינע אין די הענט.

אָט דער געדאַנק האָט, ווײַזט אויס, מער פון אַלץ איבערצײַגט די מאַטראָסן, אַז דער אינזשעניער סאָפיע ראַבינאָוויטש איז לאַכלוטן ניט גלײַכגילטיק צו דער זאַך פון דער רעוואָליוציע. זיי האָבן זי באַדאַנקט. דערנאָך האָבן זיי געפּאָרנען אַ געלעגנהײַט צו מיטיילן איר, אַז אַלץ איז דורכגעגאַנגען קעשורע.

אין 1922 פאָרט דאָס פּאָרפּאָלק ראַבינאָוויטש אַריבער קיין מאָסקווע. סאָפיע גריגאָריעוונע אַרבעט אויף דער בויונג פון דער געבײַדע פונעם טעפּלאָטעכנישן אינסטיטוט אונטער דער אָנפירונג פונעם באַוווסטן בויער (שפּעטער אַ

פראָפעסאָר פונעם באַרג־אינסטיטוט) א. אי.
דיכאָוויטשני, און אין די די יאָרן 1926—1927—
אַף דער בויונג פונעם פעדאַגאָגישן אינסטיטוט
אַף וו. אי. לענינס נאָמען. זעקס יאָר איז זי
פאַרבונדן מיט איינער פון די גרעסטע בוי־
אָרגאַניזאַציעס פון יענער צײַט — מיטן טרעסט
„טעקסטילבוי". דאָ הייבט זי אָן זיך אינטערע־
סירן מיט פּראָיעקט־קאָנסטרוקטאָרישער און
וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער אַרבעט אין גע־
ביט פון ראַציאָנעלע און שפּאָרעוודיקע סיסטע־
מען פון האָלץ־פאָרמען פאַר מאָנאָליטן אײַזנ־
בעטאָן.

צו יענער צײַט האָט דער אינזשעניערישער
געדאַנק נאָך וויינציק זיך פאַרנומען מיט פּראָב־
לעמען פון רישטעוואַניע־פאָרמען, און יעדער
מײַסטער אָדער בוי־בריגאַדיר האָט קאָנסטרויִרט
די רישטעוואַניעס לויט זײַן אייגענעם פאַר־



סאָפיע ראַבינאָוויטש (די צווייטע פון לינקס) בײַם געאָדעזישע אַרבעטן אַפן דניעפּער (1908)

שטאַנד. פריִער פאַר אַלץ האָט מען געטראַכט,
ווי אַזוי צו מאַכן פעסטער די בעטאָן־קאָנסטרוק־
ציעס, און ווען דער בעטאָן פלעגט זיך פאַר־
האַרטעווען, האָט מען געדאַרפט צענעמען די
הילצערנע אָפּאַלובקע אַף טיילן. אַראָפּנעמען זי
אַזוי, אַז זי זאָל קאָנען נאָכאַמאָל אויסגענוצט ווערן,
האָט זיך קימאַט קיינמאָל ניט אײַנגעגעבן — די
האָלץ־פאָרמען פלעגן זיך ברעכן, און מע האָט
געמוזט זוכן נײַע ברעטער.

אין לאַנד איז געגאַנגען אַ ריזיקע בויונג, און
מע האָט געדאַרפט אין גרונט לייזן די פראַגע,
ווי אַזוי אויסנוצן עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד די
דאָזיקע האָלץ־קאָנסטרוקציעס. סאָפיע גריגאָ־
ריעוונעס פאָרשלאָגן אין אַט דעם געביט האָבן
איר געמאַכט אַ גרויסן שעם, און ווען אין 1933

איז מען צוגעטראָטן צו בויען דעם פּאַלאַץ פון
די סאָוועטן באַ די קראָפּאָטקינער טויערן, האָט
מען זי פאַרבעטן אין דער פּראָיעקט־קאָנטאָר צו
פאַנאַנדערארבעטן די האָלץ־קאָנסטרוקציעס פאַר
אַט דער אוניקאַלער געבײַדע.

אין 1936, שוין אין 50־יאָריקן עלטער, הייבט
סאָפיע ראַבינאָוויטש אָן צו אַרבעטן אינעם
וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט, וועל־
כער פאַרנעמט זיך מיט אָרגאַניזירן און מעכאַ־
ניזירן דעם בוי־וועזן. דרײַסיק יאָר מידט זי זיך
דאָ. עס אַנטפּלעקט זיך ניט בלויז איר טאַלאַנט
אַלס קאָנסטרוקטאָר און פאָרשער, נאָר אויך
אַלס אויטאָר פון לערנביכער, לויט וועלכע עס
שטודירן דעם פאַך צענדליקער טויזנטער בוי־
אַרבעטער, מײַסטערס, סטודענטן.

סאָפיע ראַבינאָוויטש איז שטענדיק געווען
יענער מענטש, וואָס אָן אים פלעגן ניט געלייזט
ווערן די סאַמע קאָמפּליצירטע אויפגאַבעס. אין
1941 האָט דער אינסטיטוט זיך עוואַקויִרט אַף
אוראַל, און אין מאָסקווע האָט מען איבערגע־
לאָזט בלויז אַ קליינע גרופּע מיטאַרבעטער,
וועלכע האָט אויסגעפילט פאַרגעבונגען פאַרן
פראָנט. אין אַט דער גרופּע איז, געוויינלעך,
געווען סאָפיע גריגאָריעוונע. אין 1942 איז גע־
שטאָרבן דער מאַן — זי האָט פאָרגעזעצט זיך
מיִען פאַרן זיג.

אָט ליגט פאַר מיר אַן אויסצוג פון דער אַטע־
סטאַציע פונעם וויסנשאַפטלעכן מיטאַרבעטער
ס. ג. ראַבינאָוויטש, דאַטירט מיטן 1948:
„אַ דערפאַרענער אינזשעניער מיט אַ 30־יאָ־
ריקן סטאַזש... צייכנט זיך אויס מיט אַלגעמיי־
נער הויכער קולטור, טיפע קענטענישן, אויס־

שליסלעך הויכער דיסציפלינירטקײַט און ערלעכקײַט אין דער ארבעט... קלײַבט זיך פרײַ פאנאנדער אין אויסלענדישער טעכנישער ליטעראטור לויט דער ספעציאליטעט (אין אָט די פראגן ווײַזט זי ארויס הילף אלעמען, ווער עס ווענדט זיך צו איר, ניט רעכנענדיק זיך מיט דער צײַט און מיט דער מי, באזונדערס דער יוגנט, וועלכע זי האָט זייער ליב)... צו זיך און צו די כאוויירים שטרענג, ווען עס האנדלט זיך וועגן פראָדוציר־נייטיקײַט. אין קאָלעקטיוו באוווּסט ווי א גוטער ספעציאליסט און ווי א גוטער מענטש. ניט געקוקט אף דעם שוואכן געזונט, פילט זי אויס אלע פארגעבונגען פינקטלעך, וויפל צײַט און קויכעס עס זאָל בא איר ניט פארנעמען...״

אָבער די צײַט גייט. אין 1956 מערקט אָפ דער קאָלעקטיוו פונעם אינסטיטוט איר 70־יאָריקן יובילײ, וועגן אוועקגיין אף פענסיע וויל זי אפילע ניט הערן. בלויז אין 1966, נאָך דעם ווי אף א פײַערלעכן אָוונט מערקט מען אָפ איר 80־טן געבורטסטאָג און דעם 50־יאָריקן יובילײ פון איר ארבעטס־טעטיקײַט, גיט זי אָן א מעלדונג וועגן פענסיע.

סאָפיע גריגאָריעוונע האָט געהאט מיט וואָס צו שטאָלצירן. די גרופע, בעראָש פון וועלכער זי איז אמאָל געשטאנען, האָט זיך פארוואנדלט אין א גרויסער לאבאָראטאָריע, וואָס איז באוווּסט אין גאנצן לאנד. די עסטאפעטע האָט זי איבערגעגעבן אין זיכערע הענט — דעם געוועזענעם שילער אירן וולאדימיר דמיטריעוויטש טאָפטשי, וועלכער איז שוין הײַנט דער שטעלפארטרעטער פונעם דירעקטאָר פון אינסטיטוט לויט דער וויסנשאפט.

הייסט עס, מע קאָן זיך שוין בארויקן? ניין, סאָפיע גריגאָריעוונע איז ניט פון די מענטשן, וועלכע שטייען אין א זײַט, ווען אלץ ארום קאָכט און זידט, ביפראט נאָך אין אזא געביט, ווי בוי־וועזן. אוועקגייענדיק אף פענסיע, שוין אינעם נײַנטן יאָרצענדליק פון איר לעבן, רײַסט זי ניט איבער די שעפערישע פארבינדונגען מיטן אינסטיטוט. זי אינטערעסירט זיך מיט דער הײַנטצײַטיקער בוי־פראקטיק, שרײַבט אָן א ריי נײַע וויסנשאפטלעכע ארבעטן. עס גייט ארויס אין דער צווייטער אופלאגע אירער א בוך, דער טיראזש צעגייט זיך אין געציילטע וואָכן. דעם דאָזיקן בוך האָט זי אונטערגעשריבן צום דרוק אין פעווראל 1974, נאָר אין צוויי כאָדאָשים ארום האָבן מיר, אירע דערשיטערטע כאוויירים, זי ארויסבאגלייט אין לעצטן וועג...

סאָפיע גריגאָריעוונע ראבינאָוויטש, די ערשטע פרוי אין רוסלאנד, וועלכע האָט באקומען דעם טיטל בוי־אינזשעניער, האָט איבערגעלאָזט א טיפן שפור אין לעבן.

יוינע סאָוואלאָוו
דאָקטאָר פון טעכנישע וויסנשאפטן,
לאורעאט פון דער מעלוכע־פרעמיע פון ססר

■

# גאָלדע קאָגאן און אירע פראָנט=כאוויירים

געבוירן געוואָרן איז זי אין קרעמענטשוק. איר טאטע, א שנײַדער, איז געווען א קאפצן אין זיבן פאָלעס, דערצו א מעטופל מיט קינדער. קעדיי אין שטוב זאָל ניט אויספעלן דאָס טרוקענע שטיקל ברויט און די ייִנגערע קינדער זאָלן ניט הונגערן, האָט גאָלדע פרי כאסענע געהאט. ווען מיר האָבן זיך מיט איר באקאנט, איז זי, אין עלטער פון איין און צוואנציק יאָר, געווען שוין א מאמע פון צוויי קינדער.

גאָלדעס קינדהײַט איז, ווי מיר שטויסן זיך שוין אָן, געווען א שווערע, אָבער דאָס ערגסטע איז מיט איר געשען אינעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע. דער מאן אירער, א מאָביליזירטער אין דער ארמיי, איז צוזאמען מיט אנדערע מאָביליזירטע געגאנגען צום זאמלפונקט. אין וועג האָט זיי באשאָסן א דײַטשישער אעראָפלאן, און גאָלדע האָט מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי איר מאן איז אומגעקומען אינעם ערשטן מילכאָמע־טאָג.

גאָלדע האָט באשלאָסן גיין אפן פראָנט, שלאָגן די פאשיסטן. זי איז אוועקגעפאָרן קיין פאָלטאווע צו איר שוועסטער דווירע, קעדיי אופריידן זיך מיט איר וועגן עוואקוירן די עלטערן און די איבעריקע קינדער. אומגעקערט זיך פון פאָלטאווע, האָט זי נאָך פונדערווײַטן דערזען, ווי קרעמענטשוק ברענט. אז זי איז צוריקגעקומען נעענטער, האָט זי געטראָפן האמוינים מענטשן, וועלכע לויפן פון דער שטאָט. דערזענדיק זי, האָט אירע א שכיינע זיך צעוויינט אף א קאָל:

— גיי ניט אהיים, אין דײַן שטוב האָט געטראָפן א באָמבע. דײַניקע ליגן דערהארגעטע...

אפן פראָנט איז זי געווען א מעדשוועסטער. אף איר שיינעם פאָנעם האָט זיך זעלטן ווען באוויזן א שמייכל. איר דרייסטקײַט אין די שלאכטן האָט ניט געוווּסט פון קיין גרענעץ. גאנץ אָפט איז דאָס, פארשטייט זיך, געווען אן אומפאָרזיכטיקע דרייסטקײַט, און דער דאָקטער, די קאָמאנדירן פלעגן איר מאכן דערפאר שטרענגע באמערקונגען. באם ארויסטראָגן די פארוווּנדעטע פון אונטערן פײַער פלעגט גאָלדע קאָגאן זיך ניט אָנבייגן. א פרוי א גוואר, פלעגט זי ארויסטראָגן צענדליקער פארוווּנדעטע אף די



גאָלדע קאַגאַן

הענט. וועגן אייניקע פאַלן פון איר העראָיזם ווילן מיר דאָ דערציילן.

...אין יענעם טאָג זײַנען אין מעשעך פון לאַנגע שאָען ניט געשטילט געוואָרן די הייסע שלאַכטן. אָלגע (אַזוי האָבן זי די סאָלדאַטן גערופן) האָט אַרויסגעטראָגן פונעם שלאַכטפעלד שוין דעם זיבעצנטן פאַרוווּנדעטן, א באַיאָרטן סאָלדאַט. מיטאַמאָל האָט זי דערזען, ווי אונדזער קאַוואַלעריע איז אַוועק אין אַטאַקע.

— קאַוואַלעריסטן אין אַטאַקע! — האָט אָלגע אויסגעשריגן.

— א דאַנק דיר, טאָכטערקע, פאַר דער גוטער בסורע, — איז דער סאָלדאַט ווי אופגעלעבט געוואָרן.

אין א ווײַלע אַרום איז דער פאָנענטרעגער אַראָפּגעפאַלן פונעם פערד, און צוזאַמען מיט אים איז געפאַלן די פאָן...

— פּעטערקע! כאַוועך! — האָט גאָלדע געזאָגט צום פאַרוווּנדעטן. — אַן אומגליק האָט געטראָפן, די פאָן איז אַראָפּגעפאַלן, מע דאַרף זי אופהייבן! איך וועל אײַך דאָ אַוועקלייגן, אופהייבן די פאָן און באַלד זיך אומקערן. איר האָט ניט קעגן, טײַערינקער?

— וואָס פאַר א פראַגע? לייג מיך אַוועק אַף דער ערד, איך וועל שוין אַליין צופּויזען. לויף גיכער, הייב אוף די פאָן.

לעבן דעם פאָנענטרעגער האָבן זיך אָפּגעשטעלט צוויי רײַטער און צוזאַמען מיט גאָלדען פאַנאַנדערגענומען די פינגער פונעם דערהאַרגעטן סאָלדאַט. די רײַטער האָבן זיך צוריק געזעצט אַף די פערד און געזאָגט צו גאָלדען:

— נו, מיידל, גיב די פאָן, מע דאַרף אָניאָגן דעם עסקאַדראָן.

אַוועקגעגעבן די פאָן, האָט גאָלדע געוואָלט אומקערן זיך צום פאַרוווּנדעטן, נאָר ניט ווײַט פון איר האָט אופגעריסן א סנאַריאַד, און די אופרײַס־כוואַליע האָט זי א שלײַדער געטאָן אין א זײַט. געקומען צו־זיך, האָט זי אַוועקגעפויזעט צום אָרט, ווו דער סאָלדאַט איז געלעגן, נאָר יענער האָט פאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן. שטעלן זיך אַף די פיס, א נעם טאָן דעם סאָלדאַט אַף די הענט און אַוועקטראָגן אים, ווי פריער, האָט גאָלדע שוין ניט געקאָנט. זי האָט, שטייענדיק אַף די קני, אַרופגעצויגן דעם סאָלדאַט אַף דער פּלייצע און גענומען פויזען אַיבערן שלאַכטפעלד. אינגיכן איז זי אויך געבליבן ליגן אָן באַוווּסטזײַן.

פאַרבײַפאָרנדיקע אַרטילעריסטן האָבן אופגעהויבן גאָלדען און דעם סאָלדאַט און אָפּגעפירט זיי אין דעם נאָענטן מעדסאַנבאַט. ווען דער סאָלדאַט איז געקומען צו־זיך, האָט ער גלײַך געפרעגט:

— און ווו איז דאָס מיידל?

— וואָסער מיידל?

— נו, זי האָט אונטער דעם סוינעס פײַער אופגעהויבן די שלאַכט־פאָן.

— מיר ווייסן ניט...

— אײַ־אײַ־אײַ! זי איז אומגעקומען, די טײַערינקע! אַזאַ ווילע, אַזאַ גוטע, זי האָט דאָך אויך מיך געראַטעוועט פון א זיכערן טויט!

— אויב אַזוי, איז זי טאַקע דאָ. אינעם רעכטן ווינקל ליגט זי. אײַך ביידן, דיך מיט איר, האָבן די אַרטילעריסטן געבראַכט אַהער...

אָט אַזוי האָט די קאָמאַנדשאַפט זיך דערוווּסט וועגן גאָלדעס העלדנטאַט.

גאָלדע האָט געדינט אין דער רײַטער־דיוויזיע, ווו קאָמאַנדיר איז געווען דער גענעראַל קרוטשענקין. פון די פיל וווּנדן, וועלכע ער האָט באַקומען, איז דער גענעראַל געווען ערנסט קראַנק. דערוווּסט זיך, אַז אין א פּאָלק דינט איינער א סאָלדאַט אַרסען, וואָס איז א קוכער, האָט דער קאָמאַנדיר פונעם קאָמענדאַנטן־עסקאַדראָן, מיט דער דערלויבעניש פונעם פּאָלקקאָמאַנדיר, אַרויסגערופן צו זיך אַרסענען, און געבעטן, ער זאָל נעמען אַף זיך די זאָרג פאַר דער קיך, ווו עס שפּײַזט זיך דער גענעראַל קרוטשענקין. גאָלדע איז געוואָרן אַרסענס געהילף.

באַדינט די קיך האָבן נאָך דרײַ סאָלדאַטן: פּאָלאָסין און יעגאָראָוו פונעם ווירטשאַפטלעכן וזוואָד און דער שאָפער אַנדריי.

גאַנץ אָפט פלעגט דער פּינפלינג פון קיך זיך נעמען צו די ביקסן און גראַנאַטעס. איינמאָל איז דער שטאַב אַרײַנגעפאַלן אין א שווערער לאַגע. דרײַ דײַטשישע טאַנקען מיט א דעסאַנט האָבן אומגעריכט זיך דורכגעריסן, עס איז געמאָלדן געוואָרן אַן אַליאַרעם, אָבער קיין קויכעס אַף אָפּשלאָגן די טאַנקען־אַטאַקע האָבן ניט געסטײַעט. צוהילף איז געקומען די אײַנפאַלערישקײַט, דרייסטקײַט און אַנטשיידנקײַט פונעם געוואַגטן פּינפלינג פון דער קיך. אינעם שכייניש הויף זײַנען געשטאַנען פורן מיט שלאַכט־מאַטעריאַלן, דאָרט זײַנען געווען אויך גראַנאַטעס, קאַסטנס מיט פלעשער צינד־גאַז. ס׳איז געווען דאָרט א האַנט־קוילנוואַרפער, אַף וועלכן עס איז

געווען אַ מײַסטער יעגאָראָוו. גאָלדע און פּאַלאַסין האָבן גענומען ביקסן. דער דײַטשישער דעסאַנט איז געווען איבערראַשט, ווען ער האָט דערפילט, אַז פונעם הויף באַשיסט מען אים, דערבײַ טראָגט ער פאַרלוסטן פונעם פראָנטאַלן פײַער פון די שטאַב־אָפיצערן. אויסנוצנדיק די לאַגע, וואָס דאָס דערבײַיִקע וועלדל שטערט דעם דעסאַנט צו זען דעם ארום, זײַנען ארסען און אַנדריי אומבאַמערקט צוגעלאָפן צום ערשטן טאַנק און פאַרוואָרפן אים מיט גראַנאַטעס און מיט פלעשער צינד־גאַז. דער טאַנק האָט זיך אָנגעצונדן. דאָס זעלבע איז געשען אויך מיטן צווייטן טאַנק. דער דריטער האָט זיך גענומען רוקן אַף צוריק. גאָלדע האָט געטראָפן אין אים מיט צוויי פלעשער און אונטערגעצונדן דעם בענזין־באַק.

דער שעף פונעם שטאַב איז געווען צופרידן: „איר זײַט דאָך אונדזערע העלדן. מיר וועלן אײַך אַלעמען צושטעלן צו באַלוינונגען".

אָבער באַקומען די באַלוינונגען האָט דאָס פינפלינג ניט באַוויזן...

הינטער מאָסקווע האָט זיך געגרייט די גרויסע אָפּעראַציע, אין וועלכער דער דריטער גוואַרדייִשער קאַוואַלעריע־קאָרפּוס האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט און באַקומען די גוואַרדיע־פאָן.

דער קאָרפּוס איז אַרײַנגעפירט געוואָרן אינעם דורכרײַס דעם 5 דעקאַבער 1941. דעם 2 דעקאַבער האָבן די אָפיצערן זיך פאַרזאַמלט אַף אַן אָוונט־ברויט, און דערנאָך האָבן אַלע זיך געיײַלט כאַפּן אַ דרעמל, קעדיי קאָיאָר זיך לאָזן אין וועג אַרײַן, צום דאָרף באָלשאָיע־וויסאָקאָיע — איינעם פון די פונקטן, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס מיליטער ערעוו דעם דורכרײַס.

גאָלדע און ארסען האָבן צוגעקליבן פון די טישן. דער פינפלינג האָט באַשלאָסן אופּשטיין פריִער, לאָזן אין גאַנג די מאַשין און דעריאָגן די קאַוואַלעריסטן אין דאָרף, דאָרט פאַרגרייטן פראָדוקטן, און ביז די אָפיצערן וועלן קומען, זאָל פאַרטיק זײַן דער פרישטיק.

איך געדענק, ווי איצט, יענעם טראַגישן פרימאָרגן. מיר האָבן געזען, ווי אונדזערע שפּײַזער מאַטערן זיך און קאָנען ניט ברענגען אין אָרדענונג די מאַשין. דער פראָסט האָט דערגרייכט ביז 40 גראַדוס. עמעצער האָט געזאָגט:

— הערט אוף, כעוורע, צו פאָרקען זיך אין מאָטאָר, זעצט זיך אַרײַן אין פורלעך און יאָגט אונדז אָן.

די מאַשין האָבן זיי פאָרט געבראַכט אין אָרדענונג און אוועקגעפאָרן לינקס פון אונדז, מיטן גריידער־וועג. זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז די דײַטשן האָבן נאָך אַן אומגעריכטער אַטאַקע פאַרכאַפּט דעם מיזרעך־טייל פונעם דאָרף. גאָלדע איז געזעסן צוזאַמען מיטן שאָפער אַנדריי, פאַלאַסין און יעגאָראָוו — אין פאַרמאַכטן קוזאָוו, און זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די סאָלדאַטן האָבן צו זיי עפּעס געשריִען און געמאַכט מיט די הענט. די פאַשיסטן האָבן גערן דורכגעלאָזט די מאַשין אין דאָרף אַרײַן. אַנדריי איז צוגעפאָרן גלײַך צום דאָרפסאָוועט. און דאָ האָבן פון פאַרשיידענע זײַטן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער מאַשין דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן. דערזען דײַטשן, האָט אַנדריי גענומען דרייען די מאַשין אַף רעכטס און לינקס, קעדיי אַרויסרײַסן זיך פון דער אַרומרינגלונג, אָבער די דײַטשן האָבן געשאָסן אין די רעדער, און איינע אַ גראַנאַטע האָט זיך אופגעריסן באַם מאָטאָר. פאַלאַסין און יעגאָראָוו האָבן געשאָסן פונעם קוזאָוו. עטלעכע היטלעראָווצעס זײַנען דערהאַרגעט און פאַרוווּנדעט געוואָרן. אָבער אויך פאַלאַסין און יעגאָראָוו זײַנען שוין געווען שווער פאַרוווּנדעט. מע האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון דער מאַשין און צעשטאָכן מיט די באַגנעטן.

גאָלדען, ארסענען און אַנדרייען האָבן די פאַשיסטן געטריבן אַפן פאַרהער. אין וועג האָט גאָלדע שטילערהייט געזאָגט צו אירע כאַווײרים:

— פאַרגעסט ניט, אַז מיר זײַנען קאָמיוגיסטן. די דײַטשן טאָרן ניט וויסן, אַז דאָ געפינט זיך אונדזער גאַנצער קאָרפּוס...

נאָכן פאַרהער האָט מען זיי אַרויסגעפירט אין הויף, אוועקגעשטעלט באַ דער וואַנט פונעם שײַער, און עטלעכע פאַשיסטן האָבן אויסגעשאָסן. געפאַלן איז בלויז אַנדריי.

— זעט איר, — האָט געשריִען אַ דײַטשישער אָפיצער, — אַף אײַך וואַרט אויך דאָס זעלבע. וועט איר שוין אַמאָל ענטפערן?

גאָלדע און ארסען האָבן געשוויגן. דער אָפיצער האָט אָפּגעגעבן אַ קאָמאַנדע אַף דײַטש. מע האָט זיי אוועקגעפירט, נאָר דאָס מאָל אין פאַרשיידענע הײַזער...

גאָלדען האָט מען געבראַכט אין אַ קליין קעמערל. די באַלעבאַטים פון דער שטוב האָט מען אַרויסגעטריבן אין שטאַל אַרײַן. אַ יִינגל פון אַ יאָר דרײַצן, ווען די פאַשיסטן האָבן ניט באַמערקט, האָט זיך פאַרוקט הינטערן אויוון און איז געוואָרן אַן איידעס פונעם ווילדן פאַרהער.

באַם טיש זײַנען געזעסן דרײַ פאַשיסטישע אָפיצערן. איינער פון זיי, דער עלטערער, האָט געפרעגט באַ גאָלדען:

— דו האָסט געזען, ווי מיר האָבן דערשאָסן דײַן כאַווער? אַזאַ סאָף וואַרט אויך אַף דיר. כאָטש ניט אינגאַנצן אַזאַ.

ער האָט עפּעס געזאָגט צו זײַנע קאָלעגן אַף דײַטש, און אַלע דרײַ האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— אַלזאָ, איך וואַרט אַף אַן ענטפער: וואָס פאַר אַ מיליטער, ווער איז דער קאָמאַנדיר, ווו געפינט זיך דער שטאַב?

— איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך ווייס גאָרנישט ניט. איך האָב געהאָלפן דעם קוכער.

— דײַן נאָמען איז אָלגע?

— אַזוי רופן מיך מײַנע פרײַנט. מײַן עמעסער נאָמען איז גאָלדע. איך הייס גאָלדע אַנאַטאָליעוונע קאָגאַן!

— איר, ייִדן, ברענגט צאָרעס דער גאַנצער מענטשהײַט! און מיר, אַריִער, ראַטעווען די וועלט פֿון אײַך.

— איר ראַטעוועט? איר?! צי דען דערמאָרדעט איר נאָר ייִדן? אָט זײַנען מיר פֿינף מענטשן, דרײַ פֿון אונדז האָט איר שוין דערהאַרגעט, צוויי זײַנען געווען רוסן, און איר האָט זיי, פֿאַרוווּנדעטע, דערשטאָכן מיט די באַגנעטן, דערשאָסן האָט איר אַ ווײַסרוס, און איצט געפֿינט זיך אין אײַערע שמוציקע לאַפּעס מײַן פֿרײַנט, אַ גרוזינער. איך ווייס, אַז איר וועט אונדז דערהאַרגענען, נאָר צי דען איז דאָס אַ סימען פֿון קויעך?

— שווײַג, ייִדישע צויג! אַנו, טו זיך אויס!

— איך וועל זיך ניט אויסטאָן, איר קאָנט מיך דערהאַרגענען אָן אָנגעטאָנענע.

די פֿאַשיסטן האָבן פֿון איר אַראָפּגעריסן די בגאָדים. זי האָט זיך קעגנגעשטעלט און געשריִען:

— איך וועל אײַך גאָרנישט ניט זאָגן, מענוואָלים! איר זײַט דען מענטשן, פֿאַרשאָלטן זאָלט איר זײַן!

וועגן דעם האָט דאָס ייִנגל, וואָס איז געווען אַן איידעס פֿון אָט דעם שוידער, דערנאָך דערציילט אונדזער אויסשפּירונג.

די פֿאַשיסטן האָבן גאָלדען אויסגעשטאָכן די אויגן, אָפּגעשניטן איר די נאָז, די אויערן, אָנגעהויבן שנײַדן די ברוסט, נאָר אין דער דאָזיקער רעגע האָט די אַרטילעריִשע שיסערײַ פֿון אונדזערע באַטאַרייעס זיך פֿאַרשטאַרקט, די סנאַריאַדן האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן אַלץ נעענטער, און איין סנאַריאַד האָט זיך אויפֿגעריסן אויפֿן שטרויענעם דאַך, די שטרוי האָט זיך אָנגעצונדן, די פֿאַשיסטישע פּײַניקער האָבן געלאָזט ליגן זייער קאָרבן און זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פֿון דער שטוב. פֿונעם פֿענצטער איז אַרויסגעשפּרונגען אויך דאָס ייִנגל. די פֿאַרפֿײַניקטע גאָלדע איז געבליבן אין דער ברענענדיקער שטוב.

דאָוויד דאָבּרושין,
גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק אין דעמיסיע

# די טריומפאַל־אַרקע — אַנטקעגן פֿענצטער

די פֿענצטער פֿון איזאַבעלע רומערס דירע אויפֿן קוטוזאָוו־פּראָספּעקט געפֿינען זיך פּונקט אַנטקעגן דער טריִומפאַל־אַרקע. הײַנט־צו־טאָג שטייען דאָ פּילשטאָקיקע הײַזער, זיי זײַנען אויסגעוואַקסן שוין נאָך דער מילכאָמע. אין 1941 איז דאָ געווען אַ פּוסטער פּלאַץ באַם אַרויספֿאָרן פֿון דער הויפּטשטאָט. אָבער גראָד פֿונדאַנען פּלעגט זי, דער יונגער וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿון ניקאָלײַ אָסטראָווסקיס מוזיי, אַרויספֿאָרן אויפֿן פֿראָנט. אינעם מוזיי האָט איזאַבעלע אָנגעהויבן אַרבעטן טאַקע אין 1941, באַלד נאָכן פֿאַרענדיקן דעם ליטעראַטור־אינסטיטוט אויף גאָרקיס נאָמען.

אָנגעפֿירט מיטן אָסטראָווסקי־מוזיי האָט דעם שרײַבערס פֿרוי ראַיִסע פּאָרפֿיריעוונאַ אָסטראָווסקאַיאַ. אַ גאַנצער דאָר סאָוועטישע מענטשן איז דערצויגן געוואָרן אויף די העראָיִשע געשטאַלטן פֿון די ראָמאַנען „ווי ס'האָט זיך פֿאַרהאַרטעוועט שטאָל“ און „געבוירענע אין שטורעם“. פּאַווקע קאָרטשאַגין איז געוואָרן די פֿאַרקערפּערונג פֿון דרייסטקײַט. אויף זײַן בײַשפּיל האָט מען זיך געלערנט בײַצוקומען באַלייביקע שוועריקײַטן. אָט פֿאַרוואָס ס'איז געווען אַזוי וויכטיק, אַז אויפֿן פֿאָדערשטן פּלאַצדאַרם פֿונעם קאַמף מיטן פֿאַשיזם זאָל ריידן מיט אונדזערע שלאַכטלײַט אויך דער בריגאַדע־קאָמיסאַר ניקאָלײַ אָסטראָווסקי. ראַיִסע פּאָרפֿיריעוונאַ פּלעגט, אַרויספֿאָרנדיק אויפֿן פֿראָנט, אָפֿט נעמען מיט זיך די יונגע מיטאַרבעטערן.

פֿונעם ערשטן טאָג פֿון דער מילכאָמע איז געווען אַ פֿראָנטאָוויק איזאַבעלעס מאַן.

ניט לאַנג צוריק האָט די צײַטונג „ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיִאַ“ אָפּגעדרוקט אַ ליד פֿון איר טאָכטער — לאַריסע מילער — געווידמעט דעם פֿאָטער. ווענדנדיק זיך צו אים, שרײַבט די יונגע דיכטערן, אַז זי איז איצט אַלט פּונקט אַזוי פֿיל, וויפֿל ער איז אַלט געווען, בײַס ער איז אומגעקומען. דער טאַלאַנטפֿולער דרײַסיקיאָריקער זשורנאַליסט יעמעליאַן מילער איז אַרײַנגעטראָטן אין דער אָפּאָלטשעניע. אַ באַפֿרײַטער דורך דער מעדיצינישער קאָמיסיע פֿון דער מיליטער־דינסט, האָט ער דאַן געזאָגט: „דאָס איז אַ מילכאָמע מיטן פֿאַשיזם, און איך קאָן ניט שטיין אין אַ זײַט“. אין 1942 האָט אַ פֿײַנטלעכע קויל איבערגעריסן זײַן לעבן. איצט איז זײַן נאָמען פֿאַרשריבן אויף דער מעמאָריִאַלברעט, וועלכע הענגט אין דער רעדאַקציע פֿון דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ“.

איזאַבעלע רומער איז געבליבן מיט אַ זעקסכאָדאָשימדיק קינד אויף די הענט. זי האָט אָפּגעפֿירט דאָס טעכטערל קיין קויבישעוו צו דעם זיידן מיט דער באָבען און אַליין אַוועק אַרבעטן אינעם מיליטערישן זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ“. אין אַזעלכע פֿאַלן זאָגט מען, אַז זי האָט פּונקט ווי אונטערגעכאַפּט די פֿען, וואָס איז אַרויסגעפֿאַלן פֿונעם מאַנס האַנט.

אין מעשעך פֿון דער גאַנצער מילכאָמע האָבן זיך געדרוקט אין אָט דעם זשורנאַל איזאַבעלע



איזאבעלע רומער

רומערס פראַנט־נאָטיצן. ווען מע וואָלט אַצינד צונויפגעזאַמלט די פאַרצייכענונגען פונעם אומדערמידלעכן מיליטערישן קאָרעספּאָנדענט, וואָלט זיך באַקומען אַ בוך וועגן העלדנמוט ניט בלויז פון די סאָוועטישע סאָלדאַטן, נאָר אויך פונעם אווטאָר אַליין, דער סאָוועטישער פרוי, וועלכע איז אויסגעווען אַף פיל שלאַכט־פּאָזיציעס און עס האָבן זי גוט געקענט סײַ פליִער, סײַ טאַנקיסטן, סײַ פּאַרטיזאַנער.

אַף דער ביכער־פּאָליצע אין אי. רומערס דירע קאָן מען זען אַ סאַך טײַערע מאַטאָנעס. אַפן טיטל־בלאַט פון א. סעראַפימאָוויטשעס „אײַזערנער שטראָם“ האָט דער מעכאַבער אָנגעשריבן: „דעם פּרעכטיקן רעדאַקטאָר, וועמענס אײַנגעשפּאַרטקײַט קיינער קאָן ניט בײַקומען“. ס. מאַרשאַק שענקט איר זײַן בוך מיט אַזאַ אויפשריפט: „דעם טײַערן רויטאַרמייער — פונעם גאַנצן האַרצן“. א. אַכמאַטאָוואַ: „איזאַבעלע וועניאַמינאָוונען אין אָנדענק וועגן אונדזער באַגעגעניש“. דעם מיליטערישן קאָרעספּאָנדענט פונעם זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ“ האָט געשענקט די ערשטע אויסגאַבע פון זײַן „וואַסילי טיאָרקין“ אויך א. טוואַרדאָווסקי.

מיט די דאָזיקע און מיט פיל אַנדערע באַרימטע מײַסטערס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט איזאַבעלע רומער זיך באַפרײַנדעט אין די מילכאָמע־יאָרן. זי איז געפאָרן אַפן פראָנט אינאיינעם מיט א. טאָלסטאָי, וו. לעבעדיעוו־קומאַטש, ס. שטשיפּאַטשאָוו. אַלס פאַרשטייער פונעם סאָלדאַטישן זשורנאַל האָט זי אָרגאַניזירט די באַגעגענישן פון די שרײַבער מיט די שלאַכטלײַט.

דער כיינעוודיקער, ענערגישער, פלינקער בעלאָטשקע, ווי מ'האָט זי גערופן אין רעדאַקציע, איז אויסגעקומען פליִען אַף שלאַכט־אַעראָפּלאַנען, זיך אַרופכאַפּן אַף פאַרבײַפאָרנדיקע אווטאָמאָבילן, דורכשפּאַנען פיל קילאָמעטער צו פוס. בײַם איינעם אַ פלוג אַפן באַרימטן האָרעפּאַשניק צווישן די אַעראָפּלאַנען „או־2“ האָט געטראָפן אַן אַוואַריע, און דעם פליִער האָט זיך מיט אַ נעס אײַנגעגעבן צו לאַנדן אין אַ וואַלד. דערנאָך האָבן זיי צוזאַמען, דער פליִער און די פּאַסאַזשירקע, מיט די לעצטע קויכעס געלאָזט דעם מאָטאָר, און די רעדאַקציע האָט באַקומען דעם מאַטעריאַל צו דער צײַט.

איזאַבעלע רומער דערמאָנט זיך וועגן עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך פאַרגעדענקט אַפן גאַנצן לעבן. אָט, אַשטייגער, דעם סאַניטאַר־צוג, מיט וועלכן זי האָט זיך איינמאָל אומגעקערט פונעם פראָנט, און די פאַשיסטישע אַעראָפּלאַנען האָבן גענומען אים באָמבאַרדירן. זיי האָבן אויסגעצייכנט געזען די רויטע קרייצן אַף די דעכער פון די וואַגאָנען, נאָר געוואָרפן באָמבעס און געשאָסן פון קוילנוואַרפערס, ווען מיר האָבן אַרויסגעטראָגן די פאַרוווּנדעטע. אַזוינס פאַרגעסט זיך ניט...

זײַן אַ פראָנט־קאָרעספּאָנדענט איז ניט לײַכט — מע שטעלט אײַן דאָס לעבן באַגלײַך מיט די שלאַכטלײַט. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט יעדער טאָג געבראַכט מיט זיך די פרייד פון דערוויסן זיך נײַס וועגן העלדישקײַט, וועגן דער גרויסקײַט פון דער מענטשלעכער נעשאָמע. אומפאַרגעסלעך איז געוועזן די באַגעגעניש מיט דעם באַרימטן סנײַפּער ליודמילע פּאַוולישטשענקאָ, וועלכע האָט פאַרניכטעט צו יענער צײַט העכער דרײַ הונדערט פאַשיסטן. אין מײַ 1942 האָט אַף די זײַטן פונעם זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ“ זיך באַוויזן אַ פאָטאָגראַפיע פון נאָך דרײַ סנײַפּערס — אי. בעלאָוון, א. גוריאיעוון, נ. ספּירינען. די זשורנאַליסטקע האָט געפונען פּראָסטע, האַרציקע ווערטער אַף צו דערציילן וועגן זיי.

אַ סאַך מיליטערישע קאָרעספּאָנדענצן האָט רומער געווידמעט די העלדנטאַטן פון די מיליטערישע פליִער. נאָך הײַנט לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס איר פאַרצייכענונג וועגן דער לופט־שלאַכט פון פינף סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען קעגן דרײַסיק דײַטשישע. די פליער וו. יעפּרעמאָוו, ב. זשורין, פּ. דאַכאָוו, פּ. פּעסקאָוו און אי. לעווייקין האָבן פאַרניכטעט אין אָט דעם ניט גלײַכן געראַנגל פינף פאַשיסטישע אַעראָפּלאַנען און די איבעריקע געצוווּנגען פאַרקערעווען אַף צוריק.

דעם מיליטערישן קאָרעספּאָנדענט איזאַבעלע רומער איז אויסגעקומען צו פליִען אויך אַף באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען. און ווען זי האָט זיך באַגעגנט מיטן העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד וו. קאַפּיטאַנאָוו, וועלכער איז הונדערט מאָל געפלויגן באַנאַכט אינעם טיפן דײַטשישן הינטערלאַנד, און מיטן צוויי מאָל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד א. מאָלאָדטשי, דעם אָנטיילנעמער פון די ערשטע אָנפליִען פון דער סאָוועטישער אַוויִאַציע אַף בערלין, — האָט זי אײַנדרוקס־

פול דערציילט וועגן דעם אָף די זײַטן פונעם זשורנאַל.

הײַנט איז בײַ אונדז אין לאַנד ניטאָ אַזאַ מענטש, וועלכער זאָל ניט האָבן געהערט וועגן דעם דרײַ מאָל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, דעם אוויִאַציע־מאַרשאַל א. פּאָקרישקין. איזאַבעלע רומער האָט געהאַט דאָס גליק איינע פון די ערשטע צו דערציילן וועגן אים אָף די זײַטן פון דער פּרעסע. א גוואַלדיקן אײַנדרוק האָט געמאַכט אָף איר דער דאָזיקער פּראָסטער העלדנמוטיקער מענטש.

פרילינג 1943 איז רומער אין דער אוניפאָרם פון א ייִנגערן פּאָליטרוק אָנגעקומען אינעם פּרוויִשן אוויִאַציע־פּאָלק, וועמענס קאָמאַנדיר ס'איז געווען די באַרימטע פּליִערן וואַלענטינע גריזאָדובאָווא.

— די פאַשיסטן האָבן אוועקגענומען בײַ אונדז די טאַטעס, די ברידער, די מענער, די געליבטע. זיי האָבן אופגעהויבן א בלוטיקע האַנט אָפן סאַמע טײַערסטן — אָף אונדזערע קינדער...

אַזוי האָט איר געזאָגט גריזאָדובאָווא, און די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אײַנגיכן באַוויזן אָף די זײַטן פונעם זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ".

זשורנאַליסטן שרײַבן פאַרצייכענונגען און רעפּאָרטאַזשן, קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען. מעמואַרן שרײַבן זיי זעלטן. דאָס דורכגעלעבטע און געזעענע בלײַבט איבערהויפּט אָף די זײַטן פון דער פּעריִאָדיק. נאָר ווען דער מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט אי. רומער זאָל אָנשרײַבן אירע זיכרוינעס, — וויפל באַרימטע און אָפּט אומבאַוווּסטע העלדן וואָלטן אופגעלעבט פאַר אונדז! געוויס וואָלט אין אַזאַ ביכל זיך געפונען אָרט פאַרן סטאַרשינאַ ברילִיאָוו, וועלכער האָט איינער קעגן זעקס געפירט א שלאַכט מיט פאַשיסטישע טאַנקען און פאַרברענט דרײַ פון זיי. מיר וואָלטן דאָרט, פאַרשטייט זיך, איבערגעלייענט וועגן דער באַגעגעניש פון איזאַבעלע רומער מיט די לעגענדאַרע יעגאָראָוו און קאַנטאַריִאַ, וועלכע האָבן אופגעהויבן די פאָן פון זיג אָפן געפאַלענעם רײַכסטאַג.

צענדליקער קאָנצערט־בריגאַדעס פון סאָוועטישע אַרטיסטן פלעגן רעגולער אַרויספאָרן אָף די פראָנטן. אויך וועגן דעם האָט איזאַבעלע רומער דערציילט אין איר זשורנאַל. שרײַבן וועגן די קונסט־מײַסטערס איבערצײַגעוודיק און אינטערעסאַנט האָט איר געהאָלפן די באַהאַוונטקײַט אין קונסט.

פאַרגעדענקט האָט זיך אַזאַ עפּיזאָד.

אָף א לאָנקע, וואָס איז פון אַלע זײַטן אַרומגערינגלט מיט סאָסנע־וואַלד, טרעט אַרויס לעאָניד אוטיאָסאָוו. מיט צוואַנציק מינוט צוריק זײַנען זײַנע צושויער געגאַנגען אין א באַגנעטן־אַטאַקע און אָפּגעטריבן די פאַשיסטן. איצט, נאָך ניט קיין אָפּגעקילטע פון דער שלאַכט, הערן זיי לידער אין דער אויספירונג פונעם באַליבטן אַרטיסט. בײַסן קאָנצערט דערהערט זיך אַן אַרטילערישע קאַנאָנאַדע. זעט אויס, ס'גרייט זיך א נײַע אַטאַקע אונדזערע.

— כעוורע, — ווענדט זיך אוטיאָסאָוו צו די שלאַכטלײַט, — ווער דיריזשירט עס דאָרטן מיטן דזשאַז, וועלכער וועט דערלאַנגען די פאַשיסטן אין דער זיבעטער ריפּ?

— וואָס הייסט ווער? — האָט געענטפערט איינער פון די סאָלדאַטן. — דער קאָמאַנדיר פון אונדזערע אַרטילעריסטן אַלעקסיי בערג.

— כעוורע, דאָס איז דאָך אונדזער בערג, אַן אַרטיסט פון אונדזער דזשאַז־אָרקעסטער! — האָט אויסגעשריגן אוטיאָסאָוו. — מע קאָן גלײַך זען, פון וועלכער שול ער קומט...

די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ" האָט זיך געפונען אין דער געבײַדע פונעם צענטראַלן הויז פון דער סאָוועטישער אַרמיי. די מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל האָבן געלעבט לויטן מיליטערישן רעזשים. אוועקגייענדיק, האָט יעדערער געדאַרפט פאַרשרײַבן, וווּ און ווען וועט ער זײַן, מע זאָל אים קענען גיך געפינען. איזאַבעלע רומערס מאַרשרוטן זײַנען געווען קימאַט אַלציינע אַלע טעג: רעדאַקציע — פּאָדערשטע פּאָזיציע, פּאָדערשטע פּאָזיציע — רעדאַקציע.

...אין דער קויבישעווער דירע, וווּ ס'האָבן געוווינט אירע עוואַקויִרטע עלטערן מיטן איינִיקל, איז איזאַבעלע רומער אַראָפּגעקומען, ווי עס קומט א סאָלדאַט פונעם פראָנט — אָף א קורצווײַליקן אורלויב. זי איז טאַקע געווען א סאָלדאַט אין עמעסן זין פון וואָרט. און די טעג, ווען די מאַמע איז געווען אין דער היים, האָט די קליינינקע לאַריסע ניט אַראָפּגענומען פונעם קאָפּ איר שלעם מיטן רויטן שטערן.

אין 1944 האָט דער זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ" אָפּגעמערקט דעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון זײַן עקזיסטענץ. די רעגירונג האָט אים באַלוינט מיט אַן אָרדען פון רויטן שטערן. דעם אָרדען האָט אין קרעמל איבערגעגעבן מ. אי. קאַלינין. צווישן די באַלוינטע מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל איז געווען אויך איזאַבעלע רומער. דריקנדיק איר די האַנט, האָט מיכאַיִל איוואַנאָוויטש א שפּאַס געטאָן:

— דער שטערן פאַרמאָגט פינף עקן, און איינער פון זיי איז אײַערער.

הײַנט־צו־טאָג איז איזאַבעלע רומער, לויטן מאַן — פּאַדייעוואַ, ברייט באַקאַנט דער פּעדאַגאָגישער געזעלשאַפטלעכקײַט פון דער הויפּטשטאָט. זי איז איצט א דערפאַרענער פּעדאַגאָג פון מוזיק. אָפּט קלינגען אינעם קינדערגאָרטן, וווּ זי אַרבעט, אויך מעלאָדיעס פון די מילכאָמעיאָרן, און דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך — זיי זײַנען אַן אייגנאַרטיקע געשיכטע פון אונדזער העראָיִשער פאַרגאַנגענהײַט.

...פון איזאַבעלע רומערס דירע זעט מען די טריִומפאַל־אַרקע. די רו און דער וווילזײַן זײַנען געקומען אין איר לעבן נאָכן קריג. קעדיי דערגרייכן דאָס אַלץ, האָט מען געדאַרפט באַזיגן דעם סוינע. און אין אָט דעם אַלפאָלקישן זיג האָט איזאַבעלע רומער אויך איר באַשיידענעם כיילעק.

אי. אָקוניעוו

■ ■ ■

# ווי אין שפּיגל

## דער מאַמעס הענט

איך וואָלט זיי צווישן טויזנטער דערקענט —
דער מאַמעס צאַרטע, האַרעפּאַשנע הענט,
ווײַל אַלדאָס גוטס, וואָס זי האָט נאָר געקענט,
געטאָן עס האָבן אירע גוטע הענט,
ווער־ווער, נאָר איך, איך ווייס עס זייער גוט:
מײַן מאַמע, זי האָט קיינמאָל ניט גערוט.
אין שנייִק־ווײַסע, ציכטיק־ריינע ווענט
האָב איך דערקענט
די מי פון אירע גוטע הענט.
געפּעכלט האָט פון ציכטיקײַט דאָס וועש,
פון סאַמאָוואַר געבלאַנקט עס האָט דאָס מעש,
ווי גלעלכלעך געווען זײַנען די דילן,
די אָנגעמידטע הענט זי פלעג אין אָוונט שוין ניט פילן.
איך וואָלט זיי צווישן טויזנטער דערקענט,
דער מאַמעס הענט,
מײַן מאַמעס הענט.

## ברויט

ווען מע דערלאַנגט אַצינד צום טיש
אַ לעבל ברויט, וואָס איז נאָך פריש —
כ׳דערמאָן זיך די בלאָקאַדע,
דעם הונגער לענינגראַדער.
כ׳דערפיל דעם טאַם פון פּראָסט און קעלט,
פון אַ פּאַרטריקעניש אין פעלד...
מיט יעדן אָדער
פיל איך דאָן,
ווי ער איז שווער,
פון ברויט אַ גראַם,
ווי ער איז זיס,
פון ברויט דער ביס.

## צוגאַסט אין הײַסין

(רעפּאָרטאַזש)

אין שטעטל הײַסין כ׳בין געקומען —
מײַן קינדהײַט האָב איך דאָ פאַרבראַכט,
ס׳איז ווידער יול, ס׳איז ווידער זומער,
פונקט ווי אַמאָל די נאַכט איז צאַרט.

אַף געסלעך שמאָלע די לעוואָנע —
איר געלן מעש זי שיקט פון רוים.
און פאַרלעך (כ׳קען זיי ניט אין פּאָנעם),
זיי קושן זיך בא יעדן בוים.

אַף דער ראַבאָטשי־גאַס די שטיבער,
איך האָב קיין איינע ניט דערקענט,
שוין מער פון דרײַסיק יאָר פאַריבער —
פאַשיסטן האָבן אַלץ פאַרברענט.

ניטאָ שוין מער איז אונדזער כאַטע,
וואָס איז מיט ליים געווען געשמירט,
פונוואַנען ס׳האָט אַמאָל מײַן טאַטע
אין ערשטן קלאַס מיך אָפּגעפירט.

נאָר נאָכן קריג איז אַלץ געענדערט,
די גאַס איז אויסגעבויט אַפּסניי,
וווהין נאָר מײַנע אויגן כ׳ווענדע —
א נײַע שטוב, א נײַ געבײַ.

שוין אַספּאַלטירט די טראָטואַרן,
און גרין די ביימער אומעטום,
קיין ווילדגראָז וואַקסט שוין ניט אין יאָרן,
מיט בלומען שמעקט איצט דער אַרום.

איך קוק אַף שילדן, ווי אין שפּיגל,
און קען ניט אָפּרײַסן דעם בליק;
אָט דאָ ניט ווײַט מע מאַכט איצט ציגל,
און אָט איז זי, די נײַ־פֿאַבריק.

ניט ווײַט איז די פֿאַבריק פֿון מעבל,
די טרויבן פֿון זאַוואָד פֿון ספּירט,
געפֿעס־זאַוואָד אָט דאָ דערנעבן,
דער ברויט־זאַוואָד און דער קאָלווירט.

מײַן שול־כאַווער אוראַם ארשינאָוו,
דירעקטאָר פֿון א קאָמבינאַט —
באַגעגנט אים כ׳האָב באַ מאַשינעס,
ניט לאַנג מ׳האָט זיי אַהער געבראַכט.

און מענטשן מיִען זיך מיט ליבע.
אַף יעדן שפּאַן, אַף יעדן טראָט
פּילשטאָקיקע מע בויט דאָ שטיבער —
עס וואַקסט א גרינע שיינע שטאָט.

## באָריס מאַגילנער *

# יאַם=לידער

### געראַנגל

געקניפּט און געבונדן ביידע,
זיי קענען זיך ניט צעשיידן —
דער יאַם און די ערד.

פֿרײַנט זײַנען זיי אָדער סאָנים?
זיי ווייסן דאָס ניט, אָפּאָנעם —
דער יאַם און די ערד.

זייערע שטאַרקע נעשאָמעס
פֿירן אָן אופהער מילכאָמעס —
פֿאַר יאַם און פֿאַר ערד.

עס שלײַדערט דער יאַם זײַנע וועלן,
ער ברעכט באַ דער שכיינע די שוועלן —
דער יאַם באַ דער ערד.

מיט שטיינער די ערד אים באַגעגנט,
מיט פֿעלדזן פֿאַרשטעלט אים די וועגן —
זיי שטרײַטן, דער יאַם און די ערד.

דער קאַמף איז א לאַנגער, א שווערער,
ווער קויכעס באַווײַזן וועט מערער —
דער יאַם צי די ערד?

א ביסל געשטילט די באַגערן,
מידע און מילדע זיי ווערן —
דער יאַם און די ערד.

זיי רוען, זיי שמייכלען, זיי שלאָפֿן,
און ווידער זיך ראַנגלען, זיי האָפֿן —
דער יאַם און די ערד.

### פּערל

ס׳קאָן זײַן, אַז די זון אינעם הימל דעם ריינעם
געוואָרן א ביסל איז קאַליע:
צעשפּאָלטן זי האָט זיך, און שפּליטערן קליינע
צעשאָסן אין יאַם אַף די כוואַליעס.

איצט יאָגן זיי אַלע צום ברעג זיך באַרימען,
באַווײַזן די גאָלדענע פֿלעקן.
ווי ווילדע, זיי שרײַען מיט טויזנטער שטימען
און פּרוּוון די שטיינער צעוועקן,

נאָר ווערן צעשמעטערט אַף טויזנטער טראָפּנס,
אַף זויבערע קילבלעכע בליצן.
און פריילעך דעם ברעג פון די פיס ביז צוקאָפּנס
מיט זוניקע פּערל באַשפּריצן.

עס ווערט ניט פאַרפאַלן דער פּורפּור פון שפּליטערס,
ער צאַפּלט אין כוואַליעס אין נײַע.
אַן אופהער דעם זון־שטויב זיי שיטן און שיטן —
אַף לאַנג בײַ דעם יאַם קאָן ער סטײַען.

א כיטרע דער יאַם איז — די אויגן פאַרבלענדט ער,
קעדיי אין דער טיפענישׁ קאַלטער
בײַ זיך אַפן דעק, נאָך ביז איצט ניט דערקענטע,
די עמעסע פּערל באַהאַלטן.

## כ׳געדענק אַבער

כ׳וואָלט גלייבן,
אַז דער יאַם איז ערלעך,
ווען ער איז שטיל
אין דעם פרימאָרגן.

כ׳געדענק אַבער,
ווי ס׳איז געפערלעך
דער קאַס, וואָס ליגט
אין אים פאַרבאָרגן.

## צום אָנדענק פון לייע קאַלינע

עס איז געשטאָרבן איינע פון די אָנגעזעענע שוישפּילערנס פון דער ייִדישער בינע לייע קאַלינע. די ייִדישע טעאַטראַלע קונסט האָט פאַרלוירן אַן אַקטריסע פון אַ גרויסן דיאַפּאַזאָן.

אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן קומט לייע קאַלינע אָן זיך לערנען קיין מאָסקווע אין דער באַוווּסטער מייערכאָלד־סטודיע. ווען אין ביראָבידזשאַן עפנט זיך דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער, איז זי צווישן די ערשטע מיטגלידער פון זײַן קאָלעקטיוו. אינגיכן ווערט זי אַ ליבלינג פונעם ביראָבידזשאַנער צושויער.

מיט יעדער נײַער ראָל וואַקסט קאַלינעס סצעניִשע קונסט — אָנהייבנדיק פון דער פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָליוציאָנער־ראָמאַנטישער ראָל פון זיאַמקע קאָפּאַטש, ביז די ראָלן פון סאָנקע אין „אינטערווענץ״, קאַראָלינע אין „צוויי קונילעמל״, יעהודעס אין „אוריִעל אַקאָסטאַ״, ראָכעלע אין „סטעמפּעניו״, עטיע־מעניע אין „200.000״, באַסיע אין „קאָלדוניע״ אאַ.



אין די לעצטע יאָרן איז לייע קאַלינע אַרויסגעטראָטן אין באַשטאַנד פונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל, ווו עס האָט זיך נאָך בוילעטער אַנטפּלעקט איר שוישפּילערישער טאַלאַנט. דער צושויער האָט זי געזען אין די ראָלן פון דאָנאַ מאַריִע („די שפּאַניער״), פון גאָלדען („טעוויע דער מילכיקער״). לייע קאַלינע איז געווען אַ זעלטענע פאַרלעזערן פון די ווערק פון די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פון אַ ריי סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

גרויס איז דער צושטײַער, וועלכן לייע קאַלינע האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער ייִדישער טעאַטראַלער קונסט. עס טרויערן איבערן פאַרלוסט אַלע די, וואָס האָבן געקענט אָט דעם האַרציקן, באַשיידענעם מענטשן, די טאַלאַנטפולע ייִדישע שוישפּילערן.

ערע איר אָנדענק.

# קורצע דערציילונגען

יויסעף בורג

## באם יאם

אלע, יאָר, אין איין און דער זעלבער צײַט, איך ווייס אפילע פינקטלעך ווען, הייבן זיך אויף איבער די בערג סטײַעס פייגל און לאָזן זיך אוועק אין ווײַטע וואַרעמע קאַנטן. איך פּאַרײַס, ווי אין דער קינדהײַט, דעם גרויען קאָפּ צום הימל און קוק נאָך זייער פלי, הער זיך אײַן אין זייערע זילבערנע קלאַנגען, וואָס מישן זיך אויס מיטן הארבסטיקן רויש פון די וועלדער, גלײַך ביידע וואָלטן זיך געזעגנט, און מיר דאַכט זיך, אז די בערג ווערן מיטאַמאָל פאַריאָסעמט.

שטילע, דרימלענדיקע בערג, ווי א פּלאָנטער פון פאַרבן, אײַנגעהילטע אין לײַכטע נעפּלען, גלײַך דער באַשעפער וואָלט צונויפגענומען דאָס גאָלד פון דער זון, די גרינקײַט פון די סאָסנעס און דעם שמייכל פון א קינד, און אויסגעוועבט דערפון א וווּנדערלעך געוועב.

קייטלען זיי זיך שוין טויזנטער יאָרן לענגויס די רויטלעכע האָריזאָנטן, באַרוישטע פון זייער אייגענער שיינקײַט.

אין טאָג פון מײַן געבוירן האָבן זיי אַרײַנגעקוקט אין מײַן פענצטער. א צאַרט־פאַרטראַכטער ווינט האָט געזונגען מיר א וויגליד, און דער רויש פון פאַרבענקטע ווערבעס, איבערגעבויגענע איבער שפּיגל־ריינע טײַכן, האָט דערציילט מיר אלטע אומעטיקע לעגענדעס...

ס׳נעמט דער הײַנט זײַן אָנהייב אינעם נעכטן.

איך פאַרמאַך די אויגן און הער טריט, פאַרהוילענע טריט פון ייִנגלעך און מיידלעך, זין און טעכטער פון מײַן דאָר, וועלכע האָבן פאַרלאָזט זייערע אײַנגעפונדעוועטע ייִדישע היימען, און אין פינצטערע נעכט געשפּאַנט איבער טויבע סטעזשקעס און וועגן, טראָגנדיק אין פאַרוואָרפענע דערפער און ייִשובֿים דעם ליכטיקן טרוים פון א נײַער וועלט. א טרוים פון פּאָעטן, וואָס האָבן זייער באַגײַסטערונג ניט אויסגעזונגען אף פּאַפּיר, נאָר, ווי א טײַערן מאַשקן, אָפּגעגעבן דעם לעבן. און ווען טויט האָט צעשטערט די בערײשעסדיקע שטילקײַט, און סרייפעס האָבן פאַרשלונגען שטעט און דערפער, האָבן זיי אין פאַרטיזאַנישע טיילן זיך געשלאָגן מיטן סוינע און זײַנען געפאַלן אף די זעלבע וועגן, געפאַלן קעדיי נאָכאַמאָל אופשטיין, אָדער, שטאַרבנדיק, ווערן אומשטערבלעך...

שוועבן איבער די בערג גרויסע שאָטנס פון א מוטיקער פאַרגאַנגענהײַט, די אַרומיקע נאַטור אָטעמט מיט העראָישע שטימונגען, און ס׳דאַכט זיך מיר צומאָל, ווי די אָפּפליִענדיקע פייגל פאַרטראָגן די שטימונגען צו אנדערע ווײַטן.

היימישע קאַרפּאַטן!

זיי האָבן, ווי א מיראַזש, געבלענדט איבער פאַרקניפּטע וועגן פון מײַן לעבן.

ווו בין איך עס ניט אויסגעווען!

אף צאָפן האָב איך געזען דעם קישעף פון ווײַסע נעכט, און אף דאָרעם — שטומע זאַמדיקע מידבאָריעס, מיט כמורע פאַרגליווערטע האָריזאָנטן. כ׳האָב געזען גאָלדענע סטעפּעס און נאַקעטע בערג, ווי ריזיק פאַרשטיינערטע קעמלען, באַדעקטע מיט אייביקן שניי...

און אומעטום האָט זיך מיר אויסגעוויזן גייט, ווי אן אייגענער שאָטן, מיר נאָך דער אומרו פון היימישע וועלדער, און דער רויש פונעם היימישן ווינט.

נאָר ס׳האָט אזוי זיך באַקומען, אז קיין לעבעדיקן יאַם האָב איך אף מײַנע וואַנדער־וועגן קיינמאָל ניט געזען, ביז איינעם א זומערדיקן פאַרטאָג האָט אן עראָפּלאַן מיך אופגעהויבן איבער די באַרג־הייכן, פאַרטראָגן צו די כמאַרעס, דעם שוואַרצן יאַם אנטקעגן, און מיר האָט זיך געדאַכט, אז דער יאַם דאַרף זײַן ענלעך צו די הימלישע ראַכוועסן און צום טונקל־גרינעם שטורעם, וואָס דונערט איבער די בערג.

דער טאָג האָט אַריבערגעשפּאַנט די צווייטע העלפט.

א זאַלציק וואַרעם ווינטל האָט שטיפעריש גערוישט אין די צווײַגן פון שלאַנקע קיפּאַריסן, און דער ברויזנדיקער יאַם האָט געטריבן צום ברעג זײַנע גרויסע, שווערע כוואַליעס.

איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אומענדלעך בלויע ווײַטקייט, א בלויען געוועלבטן הימל און בלויע אויגן פון א בלומען־פּאַרקויפערן באַם פּאַרט. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, ווי איך האָב דערזען דרײַ הימלען מיטאַמאָל.

— גלאַדיאַלוסן ווײַסע, רויטע!

א הייסער שמייכל, ווי די שטראַלן פון דער דאַרעם־זון, האָט מיט א צאַפּלדיקער פרייד געשפּילט אַף אירע פולבלעכע ליפּן. פּײַכטע ציין האָבן באַלויכטן איר קופּער־ברוין פּאָנעם, און א הויפן גאָלדיק־שווערע האָר זײַנען מיט א לעבעדיקער וואָג אראָפּגעפאַלן איבער אירע שמאָלע אַקסלען און שטאָלץ פּאַריסן איר דעם קאָפּ.

איך האָב געקויפט עטלעכע בלומען. פאַר וועמען? גלאַט אזוי, קעדיי פון דער נאָענט זיך אנציקן מיט דער האַרמאָנישער שיינקײַט, מיטן יונגן צויבער פון אירע גראַציעזע באַוועגונגען. און מיר האָט פּלוצעם זיך אויסגעוויזן, אַז דער יאַם האָט זיך צעזונגען, געזונגען ברייט און פּײַערלעך:

> קוק ניט, זאָג ניט, איך בין שוואַרץ,
> לויטער פײַער אין מײַן האַרץ.

און דער ווינט אין די קיפּאַריסן־צווײַגן האָט אויך געזונגען שיר־השירים.

איך בין אַרוף אַפן אייבערשטן דעק פון א שיף, וואָס האָט באַדאַרפט אינגיכן אָפּשווימען, און באַוווּנדערט דעם יאַמס „מענערישע קראַפט", באַוווּנדערט זײַן גוטמוטיקע פאַרטראַכטקײַט, מיט וועלכער ער טרײַבט זײַנע כוואַליעס פון ברעג צו ברעג. טרײַבט זיי א יאָר, צוויי און עפּשער גאַנצע טויזנט נאָכאַנאַנד, טראַגנדיק די זעלבע ברויזנדיקע שטילקײַט.

אַרום מיר א געמיש פון פעלקער און קלימאַטן. מענטשן פון פאַרשיידענע טיילן וועלט האָבן געבראַכט אהער דעם רייַץ און טעמפּעראַמענט פון זייערע היימען. לעשוינעס האָבן זיך געפּלאָנטערט אינעם רויש פונעם יאַם, כוואַליעס האָבן געטאַנצט זייער אייביקן טאַנץ און די דאַרעם־עקזאָטיק האָט געשימערט מיט דערהויבענע שטימונגען.

א מאַן אין די יאָרן, וועלכער האָט אַף א האַלבן מעסלעס באַדאַרפט ווערן מײַן קאַיוטעשאָכן, האָט מיר אויסגעשטרעקט א ברייטע, פעסטע האַנט.

— מאַיסיי איזראַילעוויטש אגאַ!

איך האָב זיך פאַרנייגט.

— איר פאָרט אויך קיין יאַלטע?

ער האָט אָפּגעענטפערט פּונקט אזוי קורץ, ווי איך האָב געפרעגט. אפילו זײַן טיפן, נידעריקן באַס האָט ער געפּרוווט צופּאַסן צו מײַן שטים. זײַן פּאָנעם לענגלעך, טונקל־ברוין, און די אויגן, אָנגעפילט מיט א שווערן ערנסטן בליק, האָבן נאָך עלטער געמאַכט זײַן אויסזען. ער האָט געטראָגן א שוואַרצע אוניפאָרם אָן פּאַגאָנעס, אַף זײַן ברוסט האָט געפינקלט א גאָלדן שטערנדל.

ווער איז ער? אַן אויסגעדינטער מאַטראָס פון יענע ברענענדיקע שיפן בא נאָוואָראָסיִיסק, וואָס וועלן שוין קיינמאָל מער ניט דורכשנײַדן די יאַם־וואַסערן, צי עפּשער גאָר איינער פון יענע מוטיקע קאַפּיטאַנען, וואָס האָבן צוויי הונדערט פופציק טעג נאָכאַנאַנד פאַרטיידיקט סעוואַסטאָפּאָל?

זײַנע טונקעלע, רויִקע אויגן, אויגן פון א שיפמאַן, וואָס האָט אסאַך געזען, האָבן געקוקט אַף מיר מיט א וואַרעמער גוטסקײַט.

— נו, ווי געפעלט אײַך דער שוואַרצער יאַם, א קראַסאַוועץ?

ער איז ניט געשווומען, ווי איך, אַף אָפּרו קיין יאַלטע. טאַורידע איז געווען זײַן היים, און דער יאַם פון קינדווײַז אָן — זײַן גליק און זײַן גורל. ס'האָבן שוין לאַנג זיך געזילבערט זײַנע האָר. דער בליק איז געוואָרן מיט יאָרן טריב און שווער. א שווערער בליק, וואָס זעט ווײַט.

יוני 1941.

די צײַטונגען האָבן געשריבן וועגן דעם, אַז דײַטשישע טאַנקען זײַנען פאַרטעטריש אריבער די סאָוועטישע גרענעץ...

אין איינער א נאַכט, ווען די לעוואָנע האָט געטאַנצט אין די קרוינען פון קיפּאַריסן, און דער יאַם האָט שטיל געברומט, האָבן מיידלשע ליפּן געמורמלט:

— איך וועל דיך שוין מער ניט זען!

ער האָט אָפּגעענטפערט:

— וואָס רעדסטו, נאַרישע?!..

און געקוקט אַף איר מיט גוטע, טרייסטנדיקע בליקן.

דערנאָך זײַנען געווען בלוטיקע שלאַכטן...

— גוט, ווען ס'וואָלטן מער קיין מילכאָמעס ניט געווען אַף דער וועלט. ווען יונגע פרויען וואָלטן געוואָרן מאַמעס און ניט קיין פריצײַטיקע אַלמאָנעס.

פּלוצעם האָב איך נאָענט באַם ברעג דערזען די יונגע בלומען־פאַרקויפערן. זי איז געגאַנגען א באָרוועסע, א פאַרטראַכטע און געשאַרט מיט די פיס איבערן נאַסן זאַמד. עפּעס האָט זיך ניט געגליבט, אַז דאָס זעלבע פּאָנעם, וואָס האָט מיט עטלעכע שאָ צוריק געשפּרודלט מיט אזויפיל פרייד, זאָל מיטאַמאָל אויסזען פאַרטרויערט. כוואַליעס זײַנען אָנגעלאָפן, זיך איבערגעגאָסן אין טויזנטער בלישטשענדיקע בריזגן, ווײַסע מעוועס האָבן געשוועבט איבערן יאַם און געלאַכט. ס'האָט אויסגעזען, ווי אין די יאַם־טיפענישן פליִען פּונקט אזעלכע סטײַעס, נאָר ווי שאָטנס טונקעלע.

עטלעכע שפּאַן ווײַטער איז איר נאָכגעגאַנגען א ייִנגל, קימאַט אין איר עלטער. דער קאָפּ

אראָפּגעלאָזט, גלײַך ער וואָלט עפּעס געזוכט אונטער די אייגענע טריט.

זי האָט זיך צוגעזעצט אף א שטיין, און ער לעבן איר. עטלעכע מינוט זײַנען זיי אזוי געזעסן און געשוויגן. פּלוצעם האָט ער עפּעס אָנגעשריבן מיטן פינגער אפן זאמד. זי האָט געכאַפּט א פלינקן באהאלטענעם קוק, נאָר די כוואליעס האָבן אָפּגעווישט די אָנשריפט. ער האָט נאָכאמאָל אָנגעשריבן, דאָסמאָל האָט זי אפגיך איבערגעלייענט און זיך צעשמייכלט.

פון מײַרעוו־זײַט הימל האָט אראָפּגעקוקט צו זיי אן אונטערגייענדיקע זון, און איבערן יאם איז אָנגעגאנגען א זעלטענע שפּיל פון פארבן און קאָלירן.

מיטאמאָל האָט זי זיך אָפּגעריסן פונעם אָרט און געלאָזט זיך לויפן. דאָס ייִנגל איז איר נאָכגעלאָפן און דעריאָגט. זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים א האנט מיט צארטע פינגער, און זיי האָבן גענומען שפּאנען פּאמעלעך, האלטנדיק זיך פאר די הענט.

איבערן יאם האָבן זיך געטראָגן ווײַסע מעוועס. מײַן שאָכן האָט אויך נאָכגעקוקט די פייגל.

דערווײַל איז די שיף אָפּגעשווומען, און ס'האָט אויסגעזען ווי זי האלט איר קורס גלײַך צו דער אונטערגייענדיקער זון, וואָס טרינקט זיך אין די יאם־אָפּגרונטן.

ביסלעכווײַז האָט אָנגעהויבן דעמערן. דער מענטשן־גערויש האָט גענומען אײַנדרימלען.

דער יאם האָט מיטאמאָל אויסגעלאָשן אלע זײַנע פארבן, דערמאָנט אן איבערגעקערטן הימל, באגאָסן מיט מאטער לעוואָנע־שײַן.

מײַן שאָכן אָבער האָט ניט געקוקט אף די שטערן. ער האָט געקוקט אין זײַן זיקאָרן.

1945, אָנהייב מײַ.

די צײַטונגען האָבן געשריבן:

„דאָס פאשיסטישע דײַטשלאנד האָט קאפּיטולירט...”

בלוטיקע וועגן האָבן זיך געצויגן פונעם שווארצן יאם ביז בערלין. און מיט די זעלבע וועגן האָט ער זיך אומגעקערט אין זײַן היים.

קיפּאריסן האָבן געבליט. א לעוואָנע האָט געטאנצט איבער די צווײַגן. קיין מיידל איז ניט געווען. וויפל זײַנען זיי עס העלדיש אומגעקומען אף די מילכאָמע־וועגן, און, שטארבנדיק, געוואָרן אומשטערבלעך...

ער האָט געקוקט אף מיר מיט זײַנע גוטע, ווארעמע אויגן, און מיר האָט זיך געדאכט, אז ער ווארט נאָך אלץ אף מײַן ענטפער. ווארט אף מײַן אנציקונג מיט זײַן „קראסאוועץ”, דעם שווארצן יאם, בא די ברעגן פון וועלכן עס האָט לאנגע דוירעס געלעבט זײַן קאראַימישער שייוועט, געשריבן זײַן טערקיש לאָשן מיט ייִדישע אויסיִעס...

# הארבסט

דרײַסיק יאָר האָב איך פון איר גאָרנישט ניט געוווּסט, ביסלעכווײַז אָנגעהויבן זי פארגעסן. כאָטש אין מײַנע כאלוימעס האָט אָפּט, ווי א פונק, אופגעפלאמט איר געשטאלט, א שטראל געטאָן און פארלאָשן געוואָרן.

און אָט שטיי איך הינטער איר טיר.

איך ווארט, מיר זאָל עפענען א יונג, שווארצכיינעוודיק מיידל מיט א ליכטיקן שמייכל אפן פּאָנעם.

— אזוי אומגעריכט?

נאָר וויפל האָב איך עס געווארט... א מינוט, צוויי — א גאנצע אייביקײַט?

א שארפער אומרו האָט פארפלייצט מײַן געמיט, און פאר די אויגן האָט א בלענד געטאָן מיט יונגע זוניקע טעג.

יונגע, זוניקע טעג...

כאָטש א צײַט איז דעמלט געווען אן אומרויִקע. דער מילכאָמע־קאָשמאר האָט דערגרייכט צו די ברעגעס פון דער וואָלגע.

מיר האָבן זיך באגעגנט אין א שטאָט אפן אוראל, וווּהין דער גוירל האָט אונדזביידן פארטראָגן — מיך פון דאָרעם, זי פון צאָפן.

איך האָב זי דערזען אף אן אויסשטעלונג פון קינסטלער — רויטארמייער. זי איז לאנג געשטאנען פאר א געמעל און אופמערקזאם עס באטראכט.

ס'איז געווען אן ארבעט פון א ווייניק באקאנטן מאָלער.

א פּייזאזש, געמאָלט אין טונקעלע אומרויִקע פארבן. אפן פאָדערשטן פּלאן — א פארגליווערטער סטעפּ, באדעקט מיט טרוקענעם בוריאַן. איבערן סטעפּ זײַנען געהאנגען שווערע

וואָלקנס, און אין דער סאַמע טיף אַ בערגל, ווי אַ פאַרלאָזטער קייוער. דער סטעפּ האָט געשוויגן שטרענג און טרויעריק, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז נאָר דער ווינט לעבט און יאָגט איבערן סטעפּ אַ פאַרשטיקטן געוויין.

זי איז אָפּגעטראָטן עטלעכע טריט אַף צוריק און געבליבן שטיין אַ ווײַלע מיט פאַרזשמורעטע אויגן.

איך האָב געקוקט אַף איר פּאָנעם, ס'איז געווען ייִדיש און ניט־ייִדיש. שוואַרצע, לײַכטצעפלאָכטענע האָר זײַנען אַראָפּגעפאַלן אַף אירע אַקסל. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב זי שוין ערגעץ־ווו געזען, און פּלוצעם זיך דערמאָנט אינעם ייִדישן מיידל — מיריאַם פון נאַציירעס.

כ'האָב ניט געקענט אָפּרײַסן דעם בליק פון איר. זי האָט געקוקט אַף דעם בילד, און אין ערנסטע פאַרטראַכטקײַט האָט עטוואָס פאַרצויגן אירע פולבלעכע ליפּן.

— אײַך געפעלט אַזאַ מאַלערײַ?

זי האָט גערעדט וועגן סימעטריע און פּראָפּאָרץ, וועגן האַרמאָניע פון פאַרבן, און איך האָב מיט אַ באַהאַלטענער אומזיכערקײַט, סטאַם אין דער וועלט אַרײַן אָפּגעענטפערט:

— ניין!

און געענטפערט פּאַשעט דערפאַר, ווײַל מיר זײַנען געווען יונג און דאָס פאַרוואָגלטע לעבן, ווי אַן איבערגעריסענער כאָלעם, האָט ניט געוואָלט זען קיין וואָלקנס איבער זיך...

דערצו נאָך איז געשטאַנען אַ שטילער, זומערדיקער פאַרנאַכט, אַזאַ רויִקער, ווי אַלץ אַרום וואָלט פאַרזונקען געווען אין אַ פרידלעכן דרעמל. די זון האָט געהאַלטן באַם אונטערגיין, און שטיקלעך צעריסענע בלוט־רויטע כמאַרעלעך האָבן געבראַנט איבערן הימל. דער מײַרעוו האָט לאַנגזאַם זיך געלאָשן.

זי האָט געשטאַמט פון לענינגראַד, לײַדנשאַפטלעך געבענקט נאָך איר היים, וואָס האָט, אַ פאַרשמאַכטע און אויסגעהונגערטע, נאָר העלדיש זיך פאַרטיידיקט, געבענקט נאָך דער קונסט־אַקאַדעמיע, וועלכע זי האָט געמוזט פאַרלאָזן, זײַענדיק אָפּן לעצטן קורס. איר אויסזען, צאַרט און טונקל־הויטיק, ווי אויסגעגאָסן פון קופּער. אירע באַוועגונגען זײַנען געווען לײַכט און עלאַסטיש.

דאָס שווערע מילכאָמע־לעבן האָט מיט גאָרנישט ניט אָנגערירט איר נעשאָמע. פאַרקערט, זי האָט אײַנגעשפּאַרט פאַרגעזעצט שטודירן קונסט און מאַלערײַ. געווען, ווי אַ קינד, פאַרליבט אין וואַן גאָגן און קימאַט מיט אַ הייליקער באַגײַסטערונג גערעדט וועגן שאַגאַלן. דערבײַ האָט אַ ליכטיק פײַערל געבראַנט אין אירע גרויסע שוואַרצע אויגן.

מיר האָבן אָפּט פאַרבראַכט די אָוונטן, שפּאַצירנדיק איבער שטילע, לײדיק געוואָרענע גאַסן. צומאָל אַזוי לאַנג, ביז די פענצטער אין די אייבערשטע עטאַזשן האָבן אָנגעהויבן בלוי ווערן.

זי האָט אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ וועלט, וועלכע איז געווען פאַרשלאָסן אַף זיבן שלעסער. איך האָב אָנגעהויבן באַנעמען די האַרמאָניע פון ליניעס און דעם צויבער פון פאַרבן. בילדער האָבן גענומען רעדן צו מיר אַף אַ שפּראַך, וועלכע איך האָב ביז דעמלט ניט פאַרשטאַנען.

אויך אין פּאָעזיע איז זי געווען לײַדנשאַפטלעך פאַרליבט און מיט אַן אינערלעכער וואָרעמקײַט געלייענט פיל לידער אַף אויסווייניק. דערבײַ איז איר שטים געפלאָסן לײַכט און פרײַ, מיט יענער באַשיידענער צוריקגעהאַלטנקײַט, וועלכע וויל היימיש מאַכן די טיפקײַט פון אייגענע געפילן.

ס'האָט געטראָפן, אַז מיר האָבן זיך געביטן מיט די ראָלן און איך האָב איר געלייענט אַף ייִדיש, אַ שפּראַך, וועלכע זי האָט מער געפילט ווי פאַרשטאַנען. זי האָט געהערט מיט אַ זעלטענער אויפמערקזאַמקײַט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מײַנע ווערטער דרינגען אַרײַן טיף אין איר נעשאָמע.

אונדז האָבן באַגלייט דערינערונגען פון אַ קורצער פאַרגאַנגענהײַט, וואָס איז געבליבן אין ווײַטע, פאַרוויסטע היימען.

דערווײַל זײַנען טעג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין כאָדאָשים. און אין איינעם אַזאַ טאָג האָב איך געמוזט פאַרלאָזן אוראַל.

באַם געזעגענען זיך האָט זי מיר געשענקט אַ קליין בילדל, אַ רעפּראָדוקציע פון יענעם אייל־בילד אַף דער אויסשטעלונג. אַף דער אַנדערער זײַט אָנגעשריבן: „ס'איז אַזוי שווער צו געפינען איצט עפּעס בעסערס... עפּשער וועל איך נאָך האָבן אַ געלעגנהײַט שפּעטער, אויב מיר וועלן זיך טרעפן...“

איך האָב געקוקט אַף דעם טונקלען בילדל — דעם אָנהייב פון אונדזערע ליכטיקע טעג, און נאָך שטאַרקער איבערגעלעבט די ביטערקײַט פון צעשיידונג. מיר האָט זיך געוואָלט איר זאָגן אַ פּאָר האַרציקע ווערטער, וועלכע זײַנען ניט איין מאָל געווען גרייט זיך אָפּרײַסן פון מײַנע ליפּן, און וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט אַרויסגעבראַכט און אויך איצט פאַרשוויגן. מיט אַ געמאַכטער רויִקײַט געדריקט איר האַנט און געפילט די פולסירנדיקע וואַרעמקײַט פון אירע בלוטן.

און וואָס האָבן מיר געקענט זאָגן איינער דעם אַנדערן?

אונדזערע וועגן זײַנען זיך צעגאַנגען און ווער ווייסט אַף ווי לאַנג. אונדזער ליבע האָט

געהאט דעם אויסזען, ווי א שפּיל אין באהעל־
טעניש.

ס׳האָט מיטאמאָל זיך איבערגעריסן מײַן יונ־
גער, ריינער טרוים, וואָס האָט אזוי ווייניק גע־
דויערט. איך בין געבליבן מיט מײַן כאַלעם און
מיט מײַן וואָר און ניט געוווּסט, אז דאָס איז
אויף לאַנג, קימאַט אויף א גאַנץ לעבן.

און אָט האָב איך אריבערגעשפּאַנט די שוועל
פון איר וווינונג.

מיך האָט באַגעגנט א פּרוי, וואָס האָט מיט
גאָרנישט ניט דערמאָנט דאָס געשטאַלט, וועל־
כע האָט געלעבט אין מײַן זיקאָרן. פאַר מיר
איז געשטאַנען א שטילע אַלטיטשקע מיט טרויִ־
עריק־קלוגע אויגן. איר פּאָנעם האָט געהאַט
דעם קאָליר פון מאַטן העלפאַנד־ביין. די האָר,
שיטער און שטרענג פאַרקעמט, האָבן זיך גע־
זילבערט מיט א בלוילעכן אָפּגלאַנץ. עפּשער
נאָר די אויגן האָבן אין זייער טיף אָפּגעהיט די
אַמאָליקע ליכטיקײַט.

איך האָב זיך ווי פאַרלוירן.

איז עס א מוז פון דער נאַטור צו זײַן אזוי
גרויזאַם צו עלטערע מענטשן?

זי האָט אויסגעשטרעקט צו מיר אירע הענט,
בלייכע, מיט דינינקע אָדערלעך איבערגעפּלאָכ־
טענע. א קוק געטאָן מיט א טרויעריקן בליק און
געפרעגט אזוי, גלײַך ווי מיר וואָלטן ערשט
נעכטן זיך צעשיידט.

— פונוואַנען?

און א בלייכער שמייכל האָט, ווי א שאָטן, א
ריר געטאָן איר פּאָנעם.

דאָס קאָל האָט געקלונגען צאַרט — ס׳איז
געווען איר קאָל. און די אויגן, עטוואָס פאַר־
וואָלקנט, האָבן אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג.

מיך האָט ניט געכידעשט, וואָס זי ווינט איי־
נע אליין, גלײַך איך וואָלט זיכער געווען, אז זי
וועט שטענדיק וואַרטן אויף מײַן קומען, מיך האָט
אויך ניט געכידעשט דאָס, וואָס זי איז א פּראָ־
פעסאָר פון קונסט־געשיכטע, ווי דען אַנדערש
האָט געקאָנט זײַן?!

איך האָב געקוקט אויף איר און, ווי אין א
שפּיגל, געזען די לעצטע פּרייד פון מײַן ווײַ־
טער יוגנט. א דינער שטאָך האָט זיך אָפּגערופן
ערגעץ אין דער טיף, ווי עפּעס א דערמאָנונג
אין א ווייטעקלעכער אוולע, פאַר וועלכער
ס׳איז נישטאָ באַ וועמען צו מאָנען...

און אויף יענער זײַט פענצטער האָט א האַרב־
סטיקער אָוונט צעגאָסן אויף די שויבן שוואַרצע
טרערן, א קאַלטער ווינט האָט געוויגט אָפּגע־
לעבטע, נאַקעטע צווײַגן, און דיביימער האָבן
אומעטיק געקרעכצט.

# צווישן קאַסעוו און קיטעוו

וועגן לויפן באַרג־אַראָפּ. וועגן קרייצן זיך,
ווי מענטשלעכע לעבנס.

גרויע אַספּאַלטירטע וועגן פלאָנטערן זיך
צווישן אַלטע ווײַסע הײַזלעך מיט גאַנעקלעך
פון פאָרנט, און עפּעס א בענקשאַפט קוקט
אַרויס פון די צאַרט־פאַרהאַנגענע פענצטער,
טרויעריק און פאַרטראַכט.

אָט שאַרט זיך מיט שטילע טריט א באָכער,
ער טוט פאָרזיכטיק א קלאַפּ אין פענצטער, און
אַפּן גאַנעקל באַווײַזט זיך ראָכעלע צי ברײַ־
נעלע, מיט לאַנגע צעפּ און א פֿײַערדיקן אומרו
אין קויל־שוואַרצע אויגן.

— וואָס אזוי שפּעט, אוּרעמעלע?

מיראַזש... בלענדעניש...

זיי זײַנען שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ,
די אוּרעמעלעך, מיט וואָרעמע הערצער, וואָס
האָבן, פאַרבלענדעטע פון עפּעס א גרויסן שעלי־
כעס, אונטער שטעכיקע בליקן פון זשאַנדאַרן
און געהיים־אַגענטן, זיך געצויגן צו א נײַער
וועלט... און קאַלט־מיידלעך האָבן אין די אָוונטן
שטיל געבענקט און די בענקשאַפט זייערע אויף
זײַדענע טפילן־זעקלעך אויסגעניייט.

בלייכע שאָטנס פון פאַרגאַנגענע יאָרן!

איך גיי מיט דער „פּוילישער זײַט" צווישן
קאַסעוו און קיטעוו.

ס׳איז זונטיק.

מענטשן גייען פונעם יאַריד, פּריילעכע, טומל־
דיקע. אַנדערע מענטשן אויף די זעלבע וועגן.
עמעצער פאַרציט אן אַלטן הוצולישן ניגן, כאַפּן
שטימען אונטער דעם רעפרען, און די באַרג
ענטפערן אויף:

— העי — העי... האָ — יאָ!

באַ א קרייצוועג שטייט א ברונעם מיט א

הילצערנער באנק און א הילצערנעם ציילעם, א
זייכער פון אמאָליקע צײַטן. די וואסער איז
פריש און דערקוויקנדיק. פאַרטאָג גייט פון זײַן
טיפקײַט אויף די זון, און פאַרנאַכט באהאלט זי
אין זײַן אָפּגרונט דאָס גאָלד פון אירע שטראַלן.

באַם ברונעם זיצט א בלינדער באנדוריסט,
אויך ווי א זייכער פון אמאָל. זײַנע צעקרימטע,
קנאָכיקע פינגער לויפן פלינק איבער די פיל־
צאָליקע סטרונעס, און א טרויעריקער דרינע־
טרילער ציטערט אין דער לופט:

— העי — העי... האָ — יאָ...

דעמלט איז אויך געווען זונטיק. די
מאמעס, ווי געריערטע פון זינען, מיט קליי־
נע דערשראָקענע קינדער אף די הענט, זײַנען
געלאָפן איבער די וועגן און סטעזשקעס, וואָס
האָבן זיך געפלאָנטערט. בלוטיקע סרײַפּעס האָבן
זיי באגלייט.

די וועלדער האָבן טויב געראוישט, און באַ די
קרייצוועגן זײַנען פאַרסאמטע ברונעמס, ענלע־
כע אף ניט פאַרשיטע קוואָרים, געשטאָרבן
אינײנעם מיט דער ליד פונעם באנדוריסט,
וועלכער האָט נאָך נעכטן געזונגען:

פייגל פון ווײַטע קאנטן קומען אונדזערע דויר־
נעס הערן,

באַ אונדז זײַנען לידער און בלומען פּאראַן,
און שטיבער פול מיט טרערן...
העי — העי, האָ — יאָ!

די זון פאַרקערעוועט אף מײַרעוו.

רויטע שטראַלן בלאָנדזשען איבער די וועגן.
אין די פענצטער ברענט א בלוטיק פײַער, און
ווײַט אינעם בלוילעכן הימל שנײַדן זיך אַרײַן
גאָלדענע צלאָמים אף בונטע סלאָווישע קלויי־
סטער־טורעמס און טרינקען זיך אין דער טיף
פונעם קלאָרן טײַך, וואָס קײַקלט בארג־אראָפּ
זײַנע ברויזנדיקע וואסערן.

באַם ברעג פונעם טײַך וואקסן ווערבעס, אל־
טע ווערבעס.

צווישן די ווערבעס זײַנען מאסן־קוואָרים.
צוקאָפּנס פון פריצײַטיק־פאַרשניטענע לעבנס
שטייט, ווי א ריזיקע מאצייווע, א שטיינערנער
בארג.

און די וועלדער זינגען... זינגען מעכטיק, ווי
אן אָרגאַן, זייער פריילעך און אייביק געזאנג...
— העי — העי... האָ — יאָ!...

ביסלעכווײַז ווערן די וועגן ליידיק, און א
געמיטלעכע רויקײַט שוועבט איבער זיי.

רויטע שטראַלן צינדן אָן די בארג־שפּיצן,
ברענען זיי, ווי אײַנגעהילטע אין פלאַמען. די
בערג קייטלען זיך אין א טונקל־גרינער סוי־
דעספּולער דעמערונג, און ס'ווייעט פון זיי אזא
אומבארירטע בריישעסדיקע שײַנקײַט, און עס
קומען אפן זיקאָרן שורעס פון א ליד:

צי בין איך דען שולדיק, וואָס ס'גראַמט זיך
אלפי־טאָעס „שיין" מיט „געווייין"?

אמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט איציק מאנגער
געוואנדערט איבער די זעלבע וועגן, געפונען
אונטערוועגס א גאָלדענעם ברונעם מיט גאָלדע־
נער שײַן אין זײַן וואסער. און ער האָט גע־
טראָגן איבער די וועגן

דאָס ליכטיקע וואָרט אף די ליפּן,
די גאָלדענע שײַן אין דער האנט.

האָבן ראָצכים אין שווארצע מונדירן מיט
בלוט פאַרגאָסן יענץ וואָרט, אויסגעלאָשן יענע
שײַן, נאָר די מאנגערישע בענקשאפט איז גע־
בליבן, און זי גייט מיר נאָך איבער די וועגן
צווישן קאָסעוו און קיטעוו.

דער פאַרנאַכט לאָזט לאנגזאם זיך אראָפּ פון
די בערג. ס'ווערט אומהיימלעך־שטיל. און דער
וואלד וויגט זײַן אייביקן רויש:
— העי — העי... האָ — יאָ...

פון מײַן פריסטער קינדהײַט האָב איך ליב
געהאַט דעם רויש פון וועלדער, דעם זײַדענעם
שאָרך פון סאָסנעס. ליב געהאַט דעם ציטער
פון פלאַצנדיקע קנאָספּן און דאָס שטילע פאַר־
זיכטיקע פאַלן פון ווילדע צײַטיקע פּרוכטן.

כ'האָב נאָך דעמלט ניט געוווסט, אז די זעלבע
ביימער, די שטומע פריינט פון מײַן קינדהײַט,
קאָנען דינען פאַר טליִעס, און זייער געראויש
וועט אמאָל קלינגען אין מײַנע אויערן, ווי דאָס
לעצטע געוויין פון אומשולדיק אומגעבראַכטע.
העי — העי — האָ — יאָ!

יאשע רוביאן

# אָן איבערלויף

— אָט אָ־דאָ איז ער! — אַזוי האָט זיך אָנגערופן צו מיר יוינע פויגל און מיר געהאָלפן אַראָפּשפּרינגען פונעם אויטאָבוס. — הערסטו, שאכנע, פאר אלע זיבן און צוואנציק יאָר, וואָס איך אַרבעט דאָ, איז דאָס דער ערשטער איבערלויף.

עמעס, יענער ווייסט א פּײַג, נאָר איך האָב א פּאָנעם פון כויזעק. קיין שטארק קלוגער בין איך ניט, נאָר זיך לייגן אין די קלײַען בין איך ניט מעכויעוו. בעקיצער, וואָס זאָל איך דיר אויסברײַען, טייקעף נאָך דער מילכאָמע האָב איך איבערגענומען אן ארטעלעכל פון א פּאָר צעכן מיט צעפּאָרענע פּרעסן און פאַרזשאווערטע שטאַמפּן, אן אלטע שטומפּיקע שער, א קאָלאדאטש, אף שנײַדן בלעך. די ארבעטער האָט מען געקענט איבערציילן אף די פינגער. עמער און פענדלעך פלעגן מיר ארויסלאָזן. איצטער קען איך אָנרופן דרײַסיק נעמען: טײַ־סערוויזן, ראזיר־פּריבאָרן, מולטערס, אליומיניי־קיילים פאר גאָרקיכן, שפּיטאָלן, קינדערגערטנער... אָט אָ־דאָ איז געווען אָנגעשיט א מאָגעלע ערד, הײַנט איז דאָ דער פארגרייטונגס־צעך, און דאָרטן איז געווען דער מיסטקאסטן — איצט איז אף אָט דעם אָרט דער ניקל־צעך. בעקיצער, כ'האָב אראָפּגעוואָרפן דעם פּידזשאק, פארקאטשעט די ארבל, געקריגן מאשינעס, אופגעשטעלט סקלאדן, צוגעבויט אן עס־זאל, א סאַן־אָפּטייל מיט אלעם נייטיקן. און בעשאסן איבערבויען די קאָנטאָרגעבײַדע האָבן מיר שוין אײַנײַנוועגס באשטאט דעם דאָקטער. בעקיצער, וואָס זאָל איך דיר אויסברײַען, ווען דו כאפּסט זיך ארײַן צו אונדז אינעם נײַעם קלוב מיטן ווייכן מעבל און דו זעסט א קאָנצערט, א טעאטער־שטיק, וואָס ס'פירן אוף טאקע אונדזערע ארבעטער, — קומט דיר צו א שטיק געזונט.

ס'איז אוועק א יאָר, און צוויי, און פינף, מיר האָבן אויסגעבויט פאר די ארבעטער עטלעכע מויערן, אויסגעטיילט מאשינעס אף איבערפירן דאָס מעבל. איך ווייס ניט, וויאַזוי פירן זיך אנדערע, נאָר ווען איך זע, אז אן ארבעטער באַקומט א דירע, קויפט מעבל, פּאָרט אף קוראָרט, טוט מיר טאקע גוט האנאָע. דער זאווקאָם האָט געקויפט מוזיקאלע קיילים און געשאפן אן אייגענע קאפּעלע, געעפנט א קינדערגאָרטן און פאָדערט פון מיר ווי פון א טאטן. הײַנטיקע צײַטן אָנפירן מיט אן אונטערנעמונג איז, ווייסטו דאָך, ניט קיין שפּילעכל. מע דארף באַזאָרגן דעם זאוואָד מיט רויווארג, צעשטעלן די קויכעס אַזוי, אז מ'זאָל קענען אויסשפּילן דעם פּלאן, און ניט נאָר אויסשפּילן, נאָר טאקע איבערשטײַגן, געבן א גוטע קוואליטעט, ניט דערלאָזן קיין בראק, ארײַנגלידערן די נײַע טעכניק, שפּאָרן רויווארג און הויצאָעס. און אין די צעכן מוז שטענדיק זײַן ריין, און אין עסצימער, אַכוץ שיין און ריין, דארף טאקע זײַן געשמאק דאָס עסן. בעקיצער, דער זאוואָד איז געוואָרן מײַן צווייטע היים. זעקס פאַרטאָג בין איך שוין אף דער ארבעט און עלף באנאכט אויך אפן זאוואָד. מײַנע זאָגט: „נעם, יוינע, מיט זיך א קישן און נעכטיק שוין אויך אפן זאוואָד!"

האקלאל, דאָ ניט לאַנג קום איך ארײַן אין צעך, גריס זיך מיט די ארבעטער און שטעל זיך אָפּ בא דער גיליאָטינע־שער, וואָס בראָקט אײַזן, ווי לעקעך. פּלוצעם קומט צו לויפן מײַן סעקרעטארשע און גיט מיר איבער, אז מ'האָט געקלונגען פון דער פראכט־סטאנציע: ס'איז אָנגעקומען א וואגאָן אליומיניי און אָן מיר גיט מען ניט ארויס. איך האָב פײַנט לײַכטע מאשינעס, כאפּ איך זיך ארײַן אין אן אויטאָבוס און קריך ארויס אף דער סטאנציע. אלץ ווערט גיך דערלייזט, און אף צוריקוועגס שטעל איך זיך אָפּ צוליב א וויכטיקן איניען נאָך אין א זאוואָד. אף דער ארבעט קער איך זיך אום שוין נאָך מיטיק־צײַט. ס'וואַרטן שוין מענטשן, דער בוכהאלטער קומט מיט די פּאפּירן פארן באנק. קוים זיך באפרײַט, רוקט זיך ארײַן מײַן סעקרעטארשע מארינע און בלײַבט פאר מיר שטיין מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איך טו זי א פרעג, וואָס וויל זי, ווערט זי רויט, ווי א צוויק, און זאָגט צו מיר: „יאן מאטווייעוויטש, צו אײַך האָט געקלונגען א מענטש, ער וויל אײַך זייער נייטיק זען. כ'האָב פארשריבן זײַן פאמיליע, נאָר עס איז מיר ניט באוווּסט, ווו מאָרגן וועט ער זײַן".

„טײַערינקע, — זאָג איך צו איר, — האָסט דאָך געקענט פארשרײַבן אין ביכל זײַן טעלעפאָן, אויב דו האָסט ניט געוואָלט פרעגן, ווער איז ער און פונוואנען קומט ער?" — „אָט באלד וועל

איך זיך דערמאָנען, — ברעכט זי זיך דעם מוי־
עך, — א גרויסער נאָמען בא אים, א מאַרשאַל
אָדער א גענעראַל”. אָט דאָ האָב איך שוין ניט
אויסגעהאַלטן און איר געגעבן דעם עמעסן כיי־
לעק.

בעקיצער, וואָס זאָל איך דיר אויסבריַיען,
איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען,
וויַיל וואָס פאַר א שמעלקע, טראַכט איך, איז א
מאַרשאַל מיט מיַינע טשיַיניקלעך און פענדלעך,
אַז בעסאַכאַקל באַקומט דער וואָיענטאָרג סכוי־
רע פון דער באַזע. זאָל דאָס זיַין א גרויסע רע־
וויזיע, וואָלט איך פריִער דערשמעקט. כאָטש
איך בין ריין, ווי קרישטאָל. אַלע פּאַפּירן זיַי־
נען אין אָרדענונג. דעם דריטן טאָג א שטיקל
ברויט, אַבי ערלעך. און עפשער, קלער איך,
האָט געקלונגען אַן אַלטער באַקאַנטער, מיט וועג־
מען כ׳האָב געדינט אַף דער מילכאָמע? צי, שאַט,
עפשער גאָר א בילבל, א דאָנאָס, א זאַיאַוולע־
ניע, א זשאַלאָבע, א מעסירע, וויַיל שטענדיק
האַלט איך מילכאָמע מיט די שיקורים, און
צווישן אַזויפיל מענטשן קאָן זיך דאָך געפינען
איין ליגנער. מיט איין וואָרט, וואָס ס׳זאָל ניט
זיַין, האָב איך קיין מוירע ניט. איך בין ניט קיין
גאַנעוו, ניט קיין שווינדלער, און קיין שיקער
אוואַדע ניט. נאָר פונדעסטוועגן האָב איך אַרויס־
גערוקט דעם קאָפּ אינעם אָפענעם פענצטער.
דערזע איך, ווי איבערן הויף טראָגט זיך אום
דער קאָמערטשעסקע. איך גיב אים א צייכן, ער
זאָל גליַיך אַריַין צו מיר. און ווען ער גייט
אַריַין, טו איך אים א פרעג, צי אַלץ האָט מען
אַרויסגעפירט פון דער סטאַנציע און ווען
קליַיבט ער זיך אָפּשיקן די גרייטע סכוירע. און
איניינוועגס בעט איך אים הייסן איבערקוקן די
אויסשטעלונג, א קוק טאָן אין סקלאַד, צי אַלע
פּאַרטיעס האָבן אופשריפטן. שוין באַם אַוועק־
גיין הייס איך אים מיר אַריַינשיקן דעם שעף
פונעם צוגרייטונגס־צעך. און ווען יענער קומט
צו לויפן, פרעג איך אים גאַנץ געמיטלעך, וואָס
מאַכט זיַין וויַיב און די קינדערלעך, וויִאַזוי אַר־
בעט דער טעלעוויזאָר און מאָטאָציקל, און
ערשט דערנאָך בעט איך אים צונויפלייגן דאָס
בלעך, אַרויספירן דאָס מיסט, נאָר שאַ־שטיל, אָן
טומל.

דעם פאַרטאָרג און דעם פאָרזיצער פון זאַוור־
קאָם, וועלכע קומען אַריַין צו מיר, זאָג איך
אַרויס מיַין מיינונג וועגן דעם קלונג — אין
וואָרט, הייסט עס, אַף א מענטשן. בעקיצער,
דאָס איבעריקע האָט שוין געטאָן די פאָרזיצערן
פונעם זאַווקאָם. זי איז אַריַין צום דאָקטער, א
קוק געטאָן, צי אַלץ איז בא אים אין אָרדענונג,
אַוועק איבער די צעכן און פאַרביטן בא וועמען
מע דאַרף די ספּעצאָוועס. ס׳איז טאַקע אַלץ בא
אונדז ווי בא לײַטן, נאָר אַפילע איין־און־איינ־
ציקע שלעכטע באַמערקונג ווילט זיך ניט הערן.
האַקלאַל, א צעשרויפּטער בין איך אַוועק אהיים,
ווי־ס׳איז אָפּגעגעסן, א גאַנצע נאַכט מער גע־
טראַכט, ווי געשלאָפן.

אָפּמאָרגן בין איך נאָך פריִער, ווי אַלעמאָל,
אַוועק אַפן זאַוואָד. דער הויף־קערער באַגיסט
די קווייטן, באַשפּריצט די ביימער. כ׳בין אַריַין
אין קאַבינעט, א פריש ווינטל ציט דורך די
אָפענע פענצטער. איך קוק אַריַין נאָכאַמאָל אין
די פּאַפּירן, און פונעם קאָפּ גייט ניט אַרויס דער
נעפּעש, וואָס דאַרף אָט־אָט קומען. נאָר ווו זשע
איז ער? יאַקאָס דערצויגן ביז סאָף טאָג, און
קיינער איז ניטאָ. איך הייב שוין אָן צו טראַכטן,
אַז מאַרינען האָט זיך עס אויסגעוויזן. די אַר־
בעטער גייען זיך וואַשן, די בוכהאַלטעריע פאַר־
מאַכט די פענצטער. ווער ס׳וועט צו מיר דאַרפן,
קלער איך, וועט קומען מאָרגן. איך טו שוין אָן
דעם מאַנטל, לייג אַריַין די האַנט צו נעמען די
שליסל, ווי פלוצעם עפנט זיך די טיר און ס׳טוט
זיך א שטעל אַריַין א מענטשל אין גרויסע קיַי־
לעכדיקע ברילן מיט א געלן, פול אָנגעשטאָפּטן
ביַיטל, און שטעלט זיך מיר פאָר: וואָראָטילאָוו
צי אוטילאָוו, אַלעקסיי אַלעקסאַנדראָוויטש —
הויפּט־אינספּעקטאָר פון דער פירמע „מאָסגאָר־
וטילפּראָמפּערעראַבאָטקא”. ער איז געקומען
פאַרלענגערן, ריכטיקער שליסן, דעם אָפּמאַך אַף
אונדזער אוטיל. „וועגן דעם איניען, — זאָגט
ער, — האָב איך נעכטן גערעדט מיט איַיער סע־
קרעטאַר. אַנטשולדיקט, וואָס אַזוי שפּעט, ס׳האָט
ניט געקלעקט קיין ציַיט אַריַינקומען פריִער”.

בעקיצער, ווען איך שעם זיך ניט פאַר זיך
אַליין און פאַר די פיר ווענט, וואָלט איך א כאַפּ
געטאָן אָט דעם שמאַטניק, דעם אוטילשטשיק,
און אַרויסגעוואָרפן אים אַף דריַי שפּענדלעך.
נאָר דער נאָמען דירעקטאָר לייגט אַרוף א גע־
וויסע היסכיַיוועס, האָב איך דערשטיקט אין זיך
דעם צאָרן און אַפילע גאַנץ רויִק געענטפערט,
אַז אַזאַ אָפּמאַך האָבן מיר שוין געשלאָסן נאָך
אָנהייב יאָר. און מער פאַרהאַלט איך אים ניט.

איצט פאַרשטייסטו שוין, וואָס פאַר א כוי־
זעק־פּאָנעם האָב איך געהאַט. עמעס, אָרדענונג
דאַרף זיַין שטענדיק און אומעטום, נאָר דאָס
מאָל בין איך אַוועק אהיים א פאַרשעמטער, און
אָפּגעשמיסענער, וויַיל ווער האָט געקאָנט
וואַרטן אַף אַזאַ איבערלויף, האַ?

# צוגאַסט

ווי אַפּצולאַכעס האָב איך זיך אין יענעם טאָג פאַרהאַלטן אַף דער אַרבעט מער ווי אַלעמאָל און שפּעטלעך געקומען אַהיים, מיד און הונגעריק. כ׳האָב געטראַכט וואָס גיכער כאַפּן עפּעס אין מויל, נאָר אַנשטאָט דערלאַנגען צום טיש האָט מײַן יעכעוועד מיך באַגעגנט מיט טײַנעס. שטייענדיק באַם שפּיגל און גלעטנדיק די לאָקן, האָט זי געשריגן:

— שיידים שלעפּן דיך אַרום ביז האַלבער נאַכט! אָן אַנשיקעניש, אַ פֿאַהיבעל, ניט קיין מאַן! מיר דאַרפֿן שוין לאַנג זײַן דאָרטן, מ׳וואַרט שוין אַף אונדז!

— וועלכע לאָקשן? וואָס פֿאַרא פּלוימען? וואָס פֿאַר אַ וואַרטן? — האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ קאַס.

— עפּשער צען מאָל האָט שוין געקלונגען דעבאָרע גריגאָריעוונא. ס׳איז הײַנט איר געבורטסטאָג, קיין פרעמדע וועלן ניט זײַן. זי בעט גאָרניט קויפֿן, אַלץ וועט קלעקן איבערן קאָפּ. נו, ריר זיך, בלײַענער פֿויגל, איך וואַרט דאָך.

„אַ היץ אין באָד! דאָברעש הערשל־כאַים מענאַשעס איז אַלט געוואָרן פֿופֿציק יאָר, דאַרף איך זיך פֿרייען!", — טראַכט איך. נאָר מיט יעכעוועדן זיך קריגן וויל איך ניט און נעם זיך הונגעריקערהייט אָפּגיך זיך אײַנוואַשן. זיך איבערגעטאָן, גענומען מײַן פֿלויגעסטע אונטער דער האַנט און אַרויס פֿון שטוב. מיטן וועג פֿאַרכאַפּט אַ בינטל נאַרציסן, אַרײַן אין טראָלייבוס און אַרויס אַף סטראָמינקע.

אויפֿגענומען האָט מען אונדז מיט אַ וויוואַט, זיך צעקושט, אַראָפּגענומען פֿון אונדז די מאַנטלען און דורכגעפֿירט צו די געסט. אין גרויסן ליכטיקן צימער איז שיין און ריין. אין איין ווינקל שטייט אַ פּלושענער מישקע, אין צווייטן — אַ פּופּסיק פֿון וואַטע. מיר באַקענען זיך מיט די געסט און זעצן זיך צו. אַ געוועזענער מאַטראָס דערציילט, וועלכע מינים פֿיש און כײַעס ער האָט באַגעגנט אַף זײַן לעבן אין יאַם. פרויען ריידן פֿון קליידער, שטוב־זאַכן און ווי?אַזוי בעסער אָנפּילן פֿיש. צו מיר קלעפּן זיך די רייד, ווי אַרבעס צו דער וואַנט. ווען עמעצער האָט סייכל, קלער איך, און דערלאַנגט מיר אַ שישקע מיט אַ קנאָבל, וואָלט איך אים געווונטשן דאָס אייביקע לעבן. ווען אַ מענטש איז הונגעריק, גייט אים גאָרנישט ניט אין קאָפּ.

און ווי אַפּצולאַכעס דערטראָגן זיך פֿון דער קיך אַזעלכע געשמאַקע רייכעס, אַז מע קאָן אויסגיין. מיר גרימט שוין אין בויך, די ליפּן זײַנען פֿאַרטרינקט.

נאָר אָט האָט זיך באַוויזן די באַלעבאָסטע, דעבאָרע אַליין. זי איז גרעבער ווי לענגער, מע קאָן פֿון איר מאַכן צוויי. נאָר זי איז שיין פֿאַרקעמט, טראָגט אַ טשאָלקע, כײַנדלט זיך מיט די געפֿאַרבטע נעגל און רויטע ליפּעלעך. איר קלייד פֿינקלט קעגן דער שײַן מיט קאָלערלייקאָלירן. אַ גאָלדן זייגערל אַף דער האַנט. זי בעט אַנטשולדיקונג און רופֿט דעם מאַן צערוקן דעם קײַלעכדיקן טיש.

אָט איצט, טראַכט איך, וועל איך אויפֿגעריכט ווערן. מיר דוכט, אַז אַנדערע הערן שוין, ווי ס׳קריגן זיך בײַ מיר די קישקעס אין בויך. ווער רעדט פֿון שעמען זיך, ווער טראַכט פֿון דערעכערעץ, ווען דער מאָגן איז שוין אָפּן שפּיץ נאָז. נאָר דאָברעש־דעבאָרע האָט צײַט. פּאַמעלעך פֿאַרשפּרייט זי אַ קלאָר־ווײַסן סערוועט, צעשטעלט די מיני־טעלערלעך, צו יעדן טעלערל אַ בעכערל, אַ קעלישעקל, און טאָן טוט זי עס אַקוראַט, ניט געײַלט. דערנאָך צעלייגט זי די זילבערנע לעפֿל, גאָפּל, מעסערס. ס׳באַווײַזן זיך אַפֿן טיש עטלעכע זעלצערלעך מיט געמאָלטער זאַלץ, גאָרטשיצע, כריין, פֿעפֿער, עטלעכע פֿאַרכאַסמעטע פֿלעשער בראַנפֿן, ווײַן, אַ פּאָר פֿלעשער ביר און סאָדע־וואַסער. אַלץ טאַקע איז שיין און גוט, נאָר איך פֿיל, די קויכעס גייען מיר אויס. נאָר שאַט, אָט גייט זי, דעבאָרע! בעט אַלעמען צום טיש, מיט אַ האָניק־שמייכעלע זאָגט זי:

— פֿאַרזוכט מײַנע מאַרינירטע הערינג.

און שטעלט אַוועק אַ היפּשן פּאָלומעסעק מיט אָנגעשניטענעם הערינג, פֿאַרפּראַוועט מיט גרינע ציבעלקעס, עסיק און בוימל. מאַמעש ס׳רײַסט די נאָז. נאָר ווי?אַזוי נעמט מען זיך פֿאַרן הערינג, ווען קיין ברויט איז ניטאָ?

דער מאַטראָס עפֿנט דערווײַל די פֿלעשער, פֿאַרפֿולט די בעכערלעך. מיר הייבן אויף די קויסעס און ווינטשן צו דעבאָרען געזונט, גליק און מזל.

מיט אַ זיפֿץ נעם איך זיך פֿאַרן גאָפּל און וויל כאַפּן אַ שטיקעלע, אַ ברויזל הערינג אָן ברויט — טראָגט דער רועך אָן דאָברעשן מיט אַ גרויסן שטרויענעם געפֿלאָכטענעם טעלער, פֿול מיט אָנגעשניטן ברויט. קונציק טוט זי אַ כאַפּ אויס דעם הערינג און שטעלט אַוועק אַפֿן זעלבן אָרט דאָס ברויט.

פֿון דער קיך דערטראָגן זיך קוילעס. דאָס שרײַט דעבאָרע. זי זידלט דעם מאַן, האַלעמײַ האָט ער געקויפֿט הערינג, וואָס קיינער וויל אים צום מויל ניט נעמען. הערט אַ מײַסע! און מיר, פֿאַרקערט, דאַכט זיך אויס, אַז איך וואָלט אײַנגעשלונגען דעם הערינג מיט דער באַלעבאָסטע אײַנייִנעם. נאָר מיילע, פֿאַרפֿאַלן! איך דריי זיך

אויס און וויל נעמען כאַטש א טרוקן שטיקל ברויט, — אזוי האָט מיך דער בראנפּן צעוואָרעמט. אָבער מײַן יעכעוועד טוט אזא קוק אַף מיר, אז איך בלײַב א געפּלעפּטער. זיץ איך שוין אין געהאקטע ווונדן.

אָט איז שוין ווידער דעבאָרע. אפגיך כאַפּט זי די ליידיקע טעלער, פאַרענטפערט זיך און פאַרשווינדט. ס׳האָט היפּשלעך געדויערט, און זי קערט זיך אום, בעט פארזוכן אירע סארדינען און שפּראָטן און דערלאנגט ווידער די טעלערלעך.

הארגעט מיך, פאַרשטיי איך ניט, צוליב וואָס דאַרף מען וואשן די טעלער, אז מ׳האָט נאָך גאָרנישט ניט געגעסן? דערווײַל שליסט אײַן דעבאָרעס מאן דעם מאגניטאָפאָן. א פּאָר ווײַבער טופּען שוין, טאנצן, דרייען זיך. אָבער מיר גייט קיין טאנץ ניט פארן עסן. איך פיל, אָט כאַלעש איך, איך עק זיך, גיי אויס. נאָר דאָבערעש לאָזט ניט פאלן. זי האָט באוויזן אָפּראַמען די שפּראָטן אינאיינעם מיט דעם טעלערל, וואָס איז געשטאנען פאר מײַנע פײַכטע אויגן, און אפן טיש איז אויסגעוואקסן אן עסיק־פלייש. איך וויל זיך פאר אײַך ניט קלאָגן, נאָר א קינד, אפילע דער קאץ גיט מען אויך מער, ווי דאָרט איז געווען. נאָר מיילע, וואָלט כאַטש דאָס פלייש געווען פארטיק. אָבער עס גיט זיך ניט אונטער ניט דעם גאָפּל און ניט דעם מעסער. און דערצו איז נאָך בא מיר פרעמדע ציין, ארײַנגעשטעלטע.

ס׳האָט שוין מיט מיר געוואָרפן, געטרייסלט, ווי אין א קאַדאָכעס, ווען דער אוילעם האָט זיך אופגעהויבן פון טיש. ס׳רעדט זיך אזוי: אופגעהויבן. בא די ווײַבער איז נײַן מאָס רייד. די אויגן זײַנען מיר שוין ארויסגעקראָכן, ביז איך האָב זיך דערוואַרט די מינוט, ווען דעבאָרע האָט אונדז באגלייט און פארענטפערט זיך: איר, זעט איר, איז א גרויסער פארדראָס — זי האָט זיך אזויפיל געגרייט, זיך געסטארעט, נאָר די געסט האָבן זי פארשעמט און ניט געוואָלט עסן. לאַכלוטן זיך ניט צוגערירט צו גאָרנישט. ס׳איז איר זייער און זייער ניט אָנגענעם.

איצט, טראַכט איך, מעג זי שוין ריידן צום דאשעק. ארויס ווי פון א סרייפע, האָב איך געפּאקט א טאקסי און זיך געהייסן פירן אהין, וווּ מע קען שטילן דעם הונגער.

מײַן יעכעוועד שווײַגט ווי א פיש. אָפּגעשטעלט זיך לעבן א קאפע, האָב איך זיך צעצאָלט פאר דער מאשין און גלײַך צוגעלאָפן צו דער סטאָיקע. נאָר אזויווי ס׳איז שוין האלבע נאכט, איז אין קיך געבליבן בלויז וואַרעניקעס מיט לעבער און קאווע. קיין פרעסער בין איך ניט, נאָר איצטער האָב איך באשטעלט פאר זיך אליין פיר טעלער וואַרעניקעס און פיר גלעזער קאווע.

מײַן יעכעוועד קען ניט עסן, ווען עמעצער קוקט. זי האָט זיך שיר ניט דערוואָרגן מיט א וואַרעניק. דרײַ מאָל האָב איך איר געקלאפּט אין האלדז־און־נאקן, אין דער פּאָטיליצע, זי זאָל אראָפּשלינגען. און איך אליין האָב אויסגעלעקט די טעלער און געוואָלט נאָך. נאָר יעכעוועד, רויט ווי א צוויק, מיט א וואַרעניק אין דער האנט, האָט געמאכט קוילעס: „ס׳וועט דיר שאטן! זינט איך לעב, האָב איך נאָך ניט געזען אזא געשמאדטן האלדז, א קישקע אָן א דנאָ, א זוילעל־וועסויוועניק...״

פון דעמלט אָן האָב איך זיך באשווירן: הארגעט מיך, איך זאָל אריבערטרעטן די שוועל, ארויס פון שטוב א ניט־געגעסענער!

# פון גלעם שרײַבערס נאָטיץ-ביכל

הירש רעלעס

# רײַזע=בילדער

## בא דער אָזערע

די רויטע גרויסע זון זינקט אַלץ טיפער און טיפער אין דער אָזערע און צינדט אָן אַף די וואַסערן א פײַערדיקן זײַל, וועלכער פלאַטערט, וויגט זיך און צעשיט זיך אין אומצאָליקע גינגאָלדענע שפּליטערלעך.

די שוועלבעלעך טראָגן זיך ארום איבער דער אָזערע אַזוי פלינק, אַז דו באַווײַזט ניט צו נאָכשפּירן זיי. ארום געוועלטיקט א שטילקײַט — דו הערסט דײַטלעך, ווי די בינען זשומען אַף די בלימעלעך פון גריקע, וואָס וואַקסט דאָ ניט ווײַט פון ברעג. די לופט איז פול מיט האָניקדופט.

אין אָט דער גערויִמער ווונדערלעכער וועלט פאַרגעסטו מאַמעש אַלע דײַנע קליינלעכע זאָרגן.

און פּלוצעם, ווי צום רומל, פאַרגייט זיך א פויגל. הונדערטער פאַרשיידנאַרטיקע טרעלן גיסן זיך צונויף אין א דאַנקבאַרער ליד דער ווונדערלעכער נאַטור.

איך זיץ און קלער: „איי, דו נאַר, וואָס דו ביסט, וואָס זיצסטו אין דײַנע דאַלעדאַמעס און שרײַבסט דײַנע קורצע לידעלעך, און נאָכדעם קריכסטו פון דער הויט, קעדיי זיי אָפּדרוקן, און וויפל מע דרוקט ניט, איז דיר אַלץ ווייניק. דײַן געדאַנק איז שטענדיק פאַרנומען דערמיט, וויאַזוי צו פאַרלויפן דעם וועג דײַנע קאָלעגן. ווי אומגעלומפּערט ביסטו אין פאַרגלײַך מיטן סאָלאָוויי! וואַרף אַוועק אַלע דײַנע האַוועניִשן און שמײַעניִשן און קום בעסער געניסן פונעם ארום. פון קיין שום זאַך וועסטו אַזויפיל פאַרגעניגן ניט האָבן".

אַפן צעצווײַגטן ווילדן באַרנבוים טשוויטשערן פייגעלעך. דעם זשום פון די בינען אין דער גריקע הערט מען שוין ניט. נאָר דער סאָלאָוויי פאַרגייט זיך נאָך מער. פונוואַנען נעמען זיך צו אים אַזויפיל מעלאָדיעס?

פּלוצעם טוען א גרילץ אין די אויערן ווילדע קלאַנגען פון עפּעס א דזשאַז, און אַלץ ארום פאַרלירט דעם כיין.

איך גיב א קער דעם קאָפּ אַהין פונוואַנען עס דערטראָגן זיך די קלאַנגען, און כ'דערזע א באָכער אין א בונט העמדל. ביידע עקן פון די פּאָלעס זײַנען איבערגעבונדן אין א קנופּ באַם הוילן פּופּיק, אין דער האַנט האַלט ער א פּאַרטאַטיוון מאַגניטאָפאָן, פון וועלכן עס צעטראָגן זיך די ווילדע קלאַנגען.

איך בין זיך מוידע, אַז איך האָב פײַנט דזשאַז־מוזיק. די ריטמישע גרילצנדיקע קלאַנגען נערווירן מיך.

און אָט דאָ, בא דער אָזערע, נערווירט מיך דער דזשאַז נאָך מערער. אַלץ ארום ווערט ווי ניט אַף דער וואָר, נאָר דעקאָראַטיוו.

ערשט איצט באַמערק איך, אַז ניט ווײַט פון מיר זיצט א מענטש, שוין ניט גאָר קיין יונגער. ער האַלט א ווענטקע פאַרוואָרפן אין וואַסער און קוקט אַפן באָכער מיטן מאַגניטאָפאָן מיט גרויס ביטל. ער גיט א שאַר מיט דער לאַנגער האַנט די געדיכטע שוואַרצע וואָנצן און זאָגט צום יונג:

— אָדער שליס אויס דעם מאַגניטאָפאָן, אָדער טראָג זיך אָפּ פונדאַנען!

דער יונג מאַכט זיך ניט הערנדיק, צי עפּשער הערט ער טאַקע ניט. ער מאַכט מיטן קאָפּ, מיט די הענט באַוועגונגען, וואָס אַנטשפּרעכן דעם ריטם פון דזשאַז.

דאָס פירט מיך שוין אויך ארויס פון געדולד. און מאַכמעס איך געפין זיך נעענטער צום באָכער, ווי דער פישער, פרעג איך:

— האָסט געהערט, וואָס מע האָט דיר פאָרגעלייגט?

— איר זאָגט עפּעס? — פרעגט ער מיט אַזא מינע, ווי ער וואָלט זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון א שווערן שלאָף. עס שאַפט זיך אָן אײַנדרוק, אַז ער קלײַבט זיך טרײַבן מיט אונדז קאַטאָוועס.

— שליס אויס דעם מאַגניטאָפאָן, — באַפוילט אים מײַן שאָכן.

— אַזא נײַס, — ענטפערט דער באָכער, ניט אויפהערנדיק דיריזשירן, — מוזיק שטערט זיי שוין אויך.

— דאָ גייט ניט אָן אזא מוזיק, דו שטערסט אונדז הערן דעם סאָלאָוויי.

— אָך, אזוי גאָר, — הייבט זיך אוף דער יונג און נעמט דעם מאגניטאָפאָן אין דער האנט, — נו, איז פארדאָן, פארדאָן.

ער ווערט פארשווונדן צווישן די קוסטעס, און די ווילדע קלאנגען דערווײַטערן זיך אלץ מער און מער.

— גראדע נישקאָשע פון א באָכער, — זאָג איך צום קאָמפאניאָן.

— א באָכער, ווי א באָכער, — ענטפערט ער פארטראכט, — נאָר מיך ווונדערט: שוין זשע פארמאָגט ער ניט קיין שום געפיל פאר דער נאטור? איר מיינט, מיך אינטערעסירן די פיש. דאָ כאפט זיך גראדע שלעכט. דאָס קום איך אהער ספעציעל הערן דעם סאָלאָוויי. מיר דוכט, ס'איז ניטאָ אזא מענטש, וועמעס הארץ ער זאָל ניט רירן. שוין דאָס דריטע יאָר, אז איך פארברענג דאָ די צײַט פון אורלויב.

אויב אזוי, בין איך זייער צופרידן מיט מײַן נײַער באקאנטשאפט. איך זעץ זיך צו נעענטער און פארפיר מיט אים א שמועס.

איך דערוויס זיך, אז ער איז אן אינזשעניער, א ליבהאָבער פון קונסט און דעריקער פון ליטעראטור.

כאָטש אף דער לאָגע פון דער נאטור, ווען איך בין אפילע איינער אליין, פיל איך זיך ניט איינזאם, אָבער ס'איז פיל אײַנגענעמער, ווען ס'איז דאָ א קאָמפאניאָר, וועמעס געדאנקען עס גארמאָנירן מיט דײַנע.

— איך פארמאָג א שנור, — קלאָגט ער זיך פאר מיר, — איז זי געראָטן אין אָט דעם באָכער. די נאטור אינטערעסירט זי ניט. מע קאָן אָבער ניט זאָגן, אז זי פארמאָגט ניט קיין עסטעטישע געפילן. זי האָט ליב שיין מעבל, שיינע קליידער. אָט דאָ ניט לאנג האָט זי דערלאָבערט א ליוסטרע פון רײנעם קרישטאָל. 800 רובל האָט זי אָפּגעצאָלט. „צו וואָס האָסטו געדארפט אויסגעבן אזויפיל געלט אף דעם? — פרעג איך בא איר. — איר האָט דאָך בעסער געקאָנט קויפן א קאָלירטן טעלעוויזאָר". — „וואָס הייסט? — ענטפערט זי מיר. — איר זײַט דאָך עפּעס א ליבהאָבער פון קונסט, שוין זשע באמערקט איר ניט, סארא שיינע זאך מיר האָבן דעראָבערט". — „פיל שענער זעען אויס די לעוואָנע מיט די שטערן, — זאָג איך איר. — גייט ארויס אין אָוונט אף שפאציר און קוויקט זיך וויפל דאָס הארץ גלוסט. און דאָ, אין צימער, וועט אײַך די ליוסטרע מיט דער צײַט דערעסן, און זי וועט פאר אײַך אויסזען זייער געוויינלעך". — „נו, און צוליב לײַט לוינט ניט פארמאָגן אזא שיינהײַט? — ענטפערט זי. — מיר לעבן דאָך עפּעס ניט אף קיין אינדזל. צו אונדז גייען ארײַן מענטשן און ניט אבי־ווער. מײַנע קאָלעגן — דאָקטוירים. דימקעס כאווײרים — אינזשעניערן און געלערנטע".

דימקע איז מײַן זון. לויטן פאספאָרט הייסט ער מענדל, מיר האָבן אים גערופן מאקס. נאָר איר, זײַן ווײַב, איז מאקס אויך ניט געפעלן. האָט זי אים געקרוינט מיטן נאָמען דימקע — איצטער רופן מיר אים אלע אזוי, און איך אויך. נו, מיילע, דער זון מישט זיך ניט אין אירע אינייאָנים, אלע אירע אײַנפאלן גייען אים ניט אָן. ער איז א פייִקער יונג; נאָר אָן א גאל און מיט א שוואכן כאראקטער. זי טוט מיט אים, וואָס זי וויל. פון איין זײַט איז עס, פארשטייט זיך, גוט. זיי לעבן בעשאָלעם. נאָר איך טרעט איר אמאָל אָן אפן קאָרעק. וואָרעם אויב ניט טאָרמאָזירן, קאָן זי ווער ווייסט ווו ווײַט אוועק מיט אירע אפעטיטן צו כפייצים. זאָג איך צו איר: „נו, איז וואָס, אז לײַט וועלן באמערקן, אז בא אונדז איז א שיינע ליוסטרע? אונדזער אווטאָריטעט וועט זיך פון דעם פארגרעסערן, צי וואָס? ס'וועלן זיך נאָך געפינען נאראָנים, וואָס וועלן קוקן אף דעם מיט קינע". — „טאָ זאָלן זיי טאקע פלאצן" — ענטפערט זי, נו, ווי געפעלט עס אײַך?

— זאָגן, אז זיי ציט ניט אינגאנצן צו דער נאטור, קאָן מען ניט, — זעצט ער פאָר, — אמאָל קלײַבן זיי זיך צונויף אין קאָמפאניע און פאָרן אין וואלד כאפן פרישע לופט. איר ווייסט דאָך, אז מענטשן מיט ענלעכע כאראקטערן ציט איינער צום צווייטן. באשטייט די קאָמפאניע קימאט פון אזוינע, ווי זי. ווען זיי קומען אהין, ווערט דער וואלד אָן זײַן גאנצן כיין. עס רוישן טראנזיסטאָרס, עס הערן זיך געזאנגען, געשרייען. ארום וואלגערן זיך צײַטונגען, צעלאָפאן־פאקעטן. זיי זײַנען פארטראָגן נאָר מיט זיך, יעדערער סטארעט זיך וואָס שענער ארײַנזאָגן. מע קריכט מאמעש פון דער הויט אף צו דערווײַזן, אז מע איז שארפזיניקער און קליגער פון יענעם. וויצן שיטן זיך, ווי ארבעס פון א לעכערדיקן זאק. קיינעם גייט ניט אָן ניט דער סאָלאָוויי, ניט די קוקאווע, גאָרנישט ניט. די כײַעס און די פויגלען ווײַכן פון זיי.

מע הערט שוין ניט דאָס זשומען פון די בינען. עס טשוויטשערן שוין ניט די פייגעלעך. א ווײַסער נעפל באזוימט די קוסטעס. דעם דופט פון דער גריקע פילסטו מאמעש אף די ליפן און אין די נאָזלעכער.

ערשט איצט צעגייט זיך דער סאָלאָוויי נאָך הילכיקער, נאָך שענער. זײַנע טענער ווערן קלינגעוודיקער, און ס'דוכט, אלעביימער, אלע קוסטעס — אלץ ארום הערט זיך אײַן אין די צויבער־קלאנגען.

און א ביסל ווײַטער פון אונדז זיצט א יונג פאָרל. דער באָכער האלט זײַן האנט אף איר אקסל. זיי זיצן שטיל, ווי די טויבן, און הערן פארגאפטע די מעלאָדיע.

און ווײַטער זיצט נאָך א פאָרל.

איך ווענדע די אופמערקזאמקײַט פון מײַן קאָמפאניאָר אף די דאָזיקע פאָרלעך.

— פארשטייט זיך, — זאָגט ער, — אז מע קאָן אלע יונגע ניט מעסטן מיט איין מאָס.

שטענדיק, ווען איך געפין זיך אין וואלד אָדער אין פעלד, קאָן איך מאמעש ניט פארלײַדן, ווען מע דולט מיר א קאָפּ מיט פארשיידענע מײַסעס און איניאָנים. עס נערווירט מיך,

עס נערווירט מיך, עס ווערט געפאטערט די שטימונג.

נאָר דעם פישער הער איך זייער גערן. עס פרייט מיך, וואָס כ׳האָב געפונען א מענטשן, מיט וועמען ס׳וועט זײַן אײַנגענעם צו פארברענגען. איך וועל איצט אויך קומען אהער אין די אָוונטן הערן דעם סאָלאָווײ.

— ס׳טרעפט, אז זיי קומען אהער אָף א פאָר טעג, — גיסט ער פאר מיר אויס זײַן ביטער הארץ, — איז קוידעמקאָל לויפט מען איבער די מאגאזינען און מע טאפט איבער יעדער שמאַטע. און אז מע שטויסט זיך אָן אָף די מאָדנע באָטן, וואָס זעען אויס, ווי בוטעלעך, כאפט מען צו פינף פאָר פאר זיך און פאר די כאווערטעס.

און דאָ, ווי אפצולאָכעס, דערמאָנט זיך מיר, אז מײַן פרוי האָט מיר פארזאָגט, אז איך זאָל זיך פארינטערעסירן, צי קאָן מען דאָ קריגן אזעלכע באָטן, און דערבײַ האָט זי האלב אין שפּאס, האלב ערנסט מיר אופגעוואָרפן, אז אלע אירע באקאָשעס גייען בא מיר אין איין אויער ארײַן און דורכן צווייטן ארויס.

— וואָסי, דאָ פארקויפט מען אזעלכע באָטן? — רײַסט זיך בא מיר ארויס.

איך טו אָף אים א קוק, און ערשט איצט דערגייט צו מיר, וואָס פאר א גרויסן פעלער איך בין באגאנגען.

מײַן נײַער באקאנטער גיט נערוועז א שאר מיט די פינגער איבער די וואָנצן און קוקט שוין ניט אין מײַן זײַט.

דער סאָלאָוויי הערט ניט אוף צו קנאלן. נאָר איצט פילט זיך אין זײַנע טרעלן עפּעס אן אומעטיקער שפּאס.

א מאָדנע סיטואציע האָט זיך באקומען. יענער האָט מיר אויסגעדערציילט דאָס הארץ, זײַענדיק זיכער, אז איך וועל אים מיטפילן. לאָזט זיך גאָר אויס א בוידעם. פּרווו איך זיך שוין פאר אים פארענטפערן.

— איר פארשטייט דאָך, — זאָג איך אים, — מײַן פרוי טרוימט וועגן אזוינע באָטן, דארף מען דאָך ארײַנגיין אין איר לאגע אויך.

— איך קאָן אײַך מיט גאָרנישט ניט העלפן, — ענטפערט ער אנטשיידן, — ווען מײַן שנור וואָלט דאָ געווען, וואָלט איר באקומען א פינקטלעכע אינפאָרמאציע. — און קעדיי ער זאָל זײַן גאראנטירט, אז איך וועל זיך אָפּטשעפען פון אים, הייבט ער זיך אוף און גייט אוועק.

איך בלײַב שטיין ווי אן אָפּגעשמיסענער.

דעם קומענדיקן אָוונט בין איך ווידער געקומען הערן דעם סאָלאָוויי.

מײַן נעכטיקן קאָמפּאניאָן האָב איך באמערקט ערגעץ ווײַט לעבן די קוסטעס. ניט אנדערש, אז ער האָט אויסגעקליבן אן אָרט, קעדיי זיך ניט טרעפן מיט מיר.

אָף דער לאָנע פון דער נאטור, ווען איך בין אפילע אליין, פיל איך זיך אויך ניט איינזאם.

## מיט דער פור

א געדיכטע טונקעלע כמארע רוקט זיך פון דאָרעם, און כאָטש די זון שײַנט, פילט זיך דאָך אין דער הייסער לופט א פײַכטקײַט, וואָס פון צײַט צו צײַט טראָגט אָן דער ווארעמער ווינט. די שוועלבעלעך טראָגן זיך ארום נידעריק. יעדעס גרעזעלע, יעדער געוויקס איז פארשמאכט און ווארט מיט אומגעדולד אָף א רעגן. ווי איך פארשטיי, קוקן אלע היגע אײַנוווינער מיט גרויס האָפענונג אָף דער כמארע, נאָר פאר מיר איז זי איצט גראָדע ניט צום רומל.

איך געפין זיך ווײַט פון א יִישעוו, באם ראנד וואלד, לעבן הריבאָק, ווו עס שטעלן זיך אָפּ די אווטאָבוסן.

איך ווארט אפן אווטאָבוס, וואָס גייט אין ראיצענטער. ווי עס ווײַזט דער טאָוול, דארף ער אָנקומען אכט אין אָוונט, און איצט איז זעקס מיט צוואנציק. דער רעגן וועט מיך געוויס ניט מינערן, און, צום באדויערן, האָב איך דעם רעגנמאנטל מיט זיך ניט פארכאפּט. גוט כאָטש, וואָס דער הריבאָק איז פאראן. נאָר ווי איך פארשטיי, וועט ער ווייניק וואָס העלפן. וואָרעם ס׳וועט, קאָנטיק, גיין א שלאקסרעגן. דערצו וועט שטארק בליצן און דונערן. א קלייניקײַט, אזא כמארע! און ארום איז קיינער ניטאָ.

ס׳ווערט מיר א ביסל קאלאמוטנע. געדארפט פאָלגן דעם פאָרזיצער פון קאָלווירט און בלײַבן איבערנעכטיקן אין דאָרף. נאָר אומקערן זיך איז שוין שפּעט.

ווי אָפּט אין אזוינע פאלן, ווארף איך זיך אוף פאר מײַן ניט אויסגערעכנטקײַט, און וויפל איך עגבער זיך ניט דערפאר, בין איך ניט גאראנטירט, אז אָף ווײַטער וועל איך אין געהעריקן מאָמענט אָרײַענטירן זיך, וויאזוי צו טאָן. אין מערהײַט פאלן קומט צו מיר די ריכטיקע לייזונג נאָך אלעמען.

די כמארע פארשטעלט שוין די זון. און גלײַך האָבן גענומען שורשען די בלעטער אָף די ביימער — דער ווינט טראָגט זיי פריילעכע בסורעס. קיין פויגלען זעט מען שוין ניט, נאָר די שוואלבן טראָגן זיך נאָך אלץ ארום מעשוגענערווײַז.

די כמארע איז שוין איצטער ניט בלוי, נאָר טונקל־שווארץ. טיף אינווייניק אין איר צאפּלען זיך גילדענע שלאנגען. און ס׳הערט זיך א וואָרטשעניש.

הינטער מײַנע פּלייצעס הערט זיך א טראסקעריי. איך קער זיך אום. עס דערנעענטערט זיך א פור, און אָף וויפל פאר מיר, דעם שטאָטישן מענטשן, איז עס הײַנט א זעלטענע דערשײַנונג, ציט עס צו מײַן אופמערקזאמקײַט.

א בלאָנדער ריסאק, א פעסטער, א געזעצטער, אײַנגעשפּאנט אין א קאָלימאגע, יאָגט בארג־אראָפּ, אופהייבנדיק א שטויב. אָף א ברעט, אויסגעשפּרייט אין דער ברייט, וואָס פארבײַ א סידעלניע, זיצט אן אלטער, א פארפאליעטער פון זון. אפילע דאָס ווײַסע בערדל

זעט אויך אויס ווי פארסמאליעט. בא די ראנדן פארמאָגט עס א געלן קאָליר.

— טר־ר־ר־ר!

די פור שטעלט זיך אָפּ.

— אײַך שטייט פאָר א גוטער דוש, — זאָגט צו מיר דער פורמאן אף ווײַסרוסיש.

באמערקנדיק, קאָנטיק, אז עס באומרויִקט מיך, זעצט ער פאָר שוין מיט צוטרוי:

— ווי לאָזט מען זיך אין וועג אָן א רעגנ־מאנטל?

— אז ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן? אזא טריקעניש!

דער פורמאן באטראכט דעם הימל און איז צופרידן:

— דאָסמאָל וועט ער שוין אונדז ניט מינערן, דער לאנג געווארטער גאסט. ער וועט דערלאנגען, ווי מע דארף. און איר, אויב איר ברעזגעוועט ניט, קריכט אין וואָגן. ווי איך פארשטיי, דארפט איר אין ראיצענטער. פונדאנען איז עס א קילאָמעטער אכט. פאר א שאָ זײַנען מיר דאָרטן.

— דער רעגן וועט דאָך סײַווי דורכנעמען.

— אין דעם בין איך מער פון אײַך אויסגערעכנט. מײַן באראָמעטער, — ווײַזט ער אף דער פלייצע, — האָט מיר פאָרויסגעזאָגט. האָב איך טאקע פארכאפּט א פלאשטש־פּאלאטקע, וועט זי סטײַען פאר אונדז ביידן.

באמערקנדיק, אז איך קווענקל זיך, זאָגט ער:

— נו, מיילע, אויב אײַך שטייט ניט אָן פאָרן מיט דער פור, טאָ האָט זיך אײַך א גוטע באָד. אלי־אָפּ! — גיט ער א קאָמאנדע, און דאָס פערד שטעלט פיס.

א גוואלדיקע פײַערדיקע שלאנג האָט זיך א צאפּל געטאָן צווישן די כמארעס, און עס הערט זיך שוין א רודערײַ, ווי שטיינער וואָלטן זיך געשאָטן ערגעץ טיף אין וואלד.

די בלעטער אף די צווײַגן האָבן אָנגעהויבן נאָך מער ציטערן.

און אָט פארדריסט מיך שוין, פארוואָס איך לאָז דורך די מעגלעכקײַט באנוצן זיך מיט דער פור. אומזיסט האָף איך אף א צופעליקער מאשין. דער וועג איז א זײַטיקער. דער אויטאָטראנספּאָרט קורסירט איבער דער טראסע, וואָס געפינט זיך א קילאָמעטער דרײַ פונדאנען.

איך לאָז זיך יאָגן נאָך דער פור.

— שטייט! — שרײַ איך.

דער פורמאן האָט עפּעס א בורקע געטאָן צום פערדל און זיך אָפּגעשטעלט.

איך שפרינג ארײַן אין וואָגן. דער פורמאן רוקט זיך אָפּ, איך זעץ זיך לעבן אים.

— ריסיו! — גיט דער פורמאן א קאָמאנדע. דאָס פערדל הייבט אָן יאָגן און שפרינגט אזש אונטער.

איך בין שוין לאנג אָפּגעוווינט פון אזא טראנספּאָרט. איך פיל, מאמעש עס ווארפט מיך, ווי אין קאדאָכעס, און עס טרייסלט אין מיר א צאָן אָן א צאָן. דער פורמאן קוקט אף מיר און לאכט. דאָס ווײַסע בערדעלע מיט די געלע ראנדן צעשפּרייט זיך אין דער ברייט.

— וואָס? ניטאָ די באקוועמלעכקײַטן, וואָס אין מאשין?

עס מאכט אן אײַנדרוק, אז ער איז זיך אין מיר נויקעם.

מיט ביידע הענט האלט איך זיך שטארק פאר דער ברעט, אף וועלכער איך זיץ. דער פורמאן, קאָנטיק, באמערקט מײַן מאטערניש און גיט א קאָמאנדע:

— אלי־אָפּ!

דאָס פערדל הייבט אָן גיין לאנגזאמער.

— זעט, ווי עס פארשטייט אײַך, — וווּנדער איך זיך.

— כ׳האָב דאָך אמאָל געדינט אין דער קאַוואלעריע.

— בייס דער פּאָטערלענדישער?

— אין בירגערקריג. אין גײַס דיוויזיע. בייס דער פּאָטערלענדישער איז מיר שוין געווען ארום די פופציק, האָב איך געדינט אין דער אינטענדאנטסקער, אויך מיט א פור געהאט צו טאָן.

עס גיבן שוין צו וויסן די ערשטע שעליכים פון הימל. שיטערע שווערע טראָפּנס האָבן מאמעש געפּאטשט אין פּאָנעם.

דער פורמאן האָט געעפנט דעם קאסטן, וואָס איז געשטאנען אפן וואָגן, ארויסגעשלעפּט א פלאשטש־פּאלאטקע און ארופגעוואָרפן אף אונדז ביידן.

די טראָפּנס ווערן אָפטער און געדיכטער, און אָט פליִען זיי שוין מעשוגענערווײַז. א בליץ באצירט די שפּיצן פון די ביימער, און גלײַך דערהערט זיך א טראסק און א בייזער ברום. גרויסע שטיקער אײַז קנאקן איבער די ביימער, איבער אונדז, קלאפּן זיך אָפּ אָן דער ערד און ווערן צעשאָטן.

— אוי, אָט דאָס טויג ניט, — זאָגט דער פורמאן מיט אומרו. — אויב עס וועט אזוי האָגלען, איז א סאָף צו די געוויקסן.

א בליץ און א פּראל, עס הודזשעט אזש אין די אויערן. דאָס פערד שטעלט זיך דיבאָם... שטיקער אײַז קלאפּן איבערן קאָפּ, איבער דער פּלייצע.

— אלי, — קאָמאנדעוועט דער פורמאן, און דאָס פערד פארקערעוועט אף רעכטס און שפּאנט איבער א שטעגל, וואָס פירט טיף אין וואלד.

דער האָגל גייט איבער אין א גוסרעגן. פון די צווײַגן רינען ריטשקעס איבער דער פּלאשטש־פּאלאטקע, און פילסט זיי מאמעש מיטן גאנצן קערפּער, כאָטש דיר איז ניט נאס. די קאָפּיטעס פונעם פערד פּליוסקען זיך אין וואסער, ארום איז פארנעפּלט, די פײַכטקײַט פילסטו אין מויל, אין האלדז און אין די לונגען. עס דונערט און עס בליצט, נאָר שוין ניט אזוי בייז, ווי פריִער. דער פורמאן פארקערעוועט צו א דעמב און שטעלט אָפּ דאָס פערד.

— איר האָט עפּעס א היפּש פּעקל געלט מיט זיך? — פרעגט ער בא מיר.

ווען דאָס טרעפט אמאָל, וואָלט איך זיך טאקע אפּאנעמעסן דערשראָקן.

דאָך אף א שפּאס דארף מען ענטפערן.

— ווּיפל איך זאָל ניט פאַרמאָגן, וועט עס אײַך ניט לוינען.

ער שמייכלט.

דער דעמב, אונטער וועלכן דאָס פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז א שוואַכער שיצער. פון זײַנע ברייטע צווײַגן רינט, ווי פון א פאַס. פּונקט ווי מיט שלאַנגען וואָלט מען פון דאָרטן געשפּריצט.

— שאַט, — פאַלט דער פורמאַן אף אן אייצע און גיט א צי פאַר די לייצעס.

איצט פאַרקערעווען מיר אף לינקס. אַרום איז כּוישעך, פאַרנעפּלט.

אָט ווערן די צווײַגן שיטערער, מיר פאָרן אַרויף אף א בערגל, און ס'אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז עטלעכע זעמליאַנקעס.

— אָט דאָ וועלן מיר איבערוואַרטן, — זאָגט צו מיר דער פורמאַן.

איך שפּרינג אַראָפּ פון וואָגן און לאָז איבער דעם פורמאַן די פלאַשטש-פּאַלאַטקע. ביזוואַנען איך בין דערלאָפן צו דער נאָענטסטער זעמליאַנקע, בין איך געוואָרן פּיטש-נאַס, ווי איך וואָלט אַרויס פון א קוואַל.

דער פורמאַן שפּאַנט אויס דאָס פערד, בינדט עס צו אף א לאַנגער שטריק צום בוים. לאַנג ניט געטראַכט, נעמט דאָס פערד צופּן דאָס גראָז.

דער אַלטער גייט אַרײַן אין זעמליאַנקע, וואַרפט פון זיך אַראָפּ די פלאַשטש-פּאַלאַטקע, צעשפּרייט אף דער באַנק, און אַליין זעצט ער זיך לעבן מיר, נעמט אַרויס א טיכל און ווישט דאָס נאַסע פּנים. דאָס בערדל — כאָטש דריי עס אויס.

— לאָמיר זײַן באַקאַנט, — זאָגט ער צו מיר און דערלאַנגט זײַן נאַסע האַנט, — איך הייס זאַכאַר אָסיפּאָוויטש. איך אַרבעט אַלס וואַזשטשיק אפן קלימאָוויטשער געהילץ-זאַוואָד.

ווי איך פאַרשטיי, וויל ער זיך דערוויסן, ווער איך בין, און צוליב דעם האָט ער פאַרטראַכט די צערעמאָניע פון דער אָפיציעלער באַקאַנטשאַפט.

דערהערנדיק, אַז איך בין א זשורנאַליסט, ווערט ער אופגעלעבט:

— עס באַקומט זיך, ווי אינעם גלײַכווערטל: „די כיַע לויפט אַליין צום יעגער”.

פאַרשטיי איך שוין, אַז ער האָט עפּעס אַן אַנקלאָגע.

דער רעגן הייבט אָן גיין שיטערער, אין וואַלד ווערט א ביסל ליכטיקער.

דאָס פערד צופּט דאָס נאַסע גראָז. עס איז אַזוי פאַרטאָן אין דער אכילע, אַז עס גייט דעם גאָרנישט אָן, וואָס אַרום טוט זיך.

אין זעמליאַנקע איז ריין, ציכטיק. די בענק, די טישן צעשטעלט אין אָרדענונג.

— דאָ איז אַמאָל געווען א פּאַרטיזאַנישע זאָנע, — דערקלערט מיר זאַכאַר אָסיפּאָוויטש, — האָט מען רעסטאַווירט די זעמליאַנקעס, ווי זיי זײַנען דאַן געווען. אַהער קומט מען אף אַן עקסקורסיע.

א נאַסע, אומבאַהאָלפענע האַלקע שטייט אף א צווײַג און איז עפּעס זייער אומרויק, זי קערט מיטן שנאָבל הין און הער און גראַגערט. באַלד דערזע איך אונטן אין גראָז א יונגינק האַלקעלע. עס האַלט צעשפּרייט זײַנע נאַסע פליגעלעך, וועלכע פאָלגן ניט. דאָס האַלקעלע שיפּעט, ווי עס וואָלט געוויינט. אָט פאַרוואָס ס'איז אומרויק די האַלקע אף דער צווײַג. זי האָט מוירע, אַז מיר זאָלן ניט אָנטאָן איר אייפעלע קיין שלעכטס.

דער רעגן איז געוואָרן נאָך שיטערער און איז אַרײַן אין א רעגלמעסיקן שטראָם. אָט אַזוי קאָן ער גיין און גיין שאָענווײַז.

דער אַלטער טוט אָן די פלאַשטש-פּאַלאַטקע און לאָזט זיך שפּאַנען דאָס פערד.

און אָט פאָרן מיר שוין פון וואַלד.

— דער רעגן איז א ראַטונעק, — זאָגט זאַכאַר אָסיפּאָוויטש.

ווי נאָר מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן אפן טראַקט, האָט דער אַלטער א קאָמאַנדעווע געטאָן:

— ריסיו!

דאָס פערד לאָזט זיך אין גאַלאָפּ. איך האַלט זיך פעסט פאַר דער ברעט.

— אַלי-אַפּ!

דאָס פערד הייבט אָן גיין לאַנגזאַמער.

— אַלי-אַפּ!

דאָס פערד הייבט אָן שטעלן מער אָפּטערע טריט.

דער אַלטער קוועלט.

— אָט האָט איר אים אויסגעמושטרירט.

— א וווּנדער! א לעבן געהאַט אייסאָקים מיט פערד. זיי פאַרשטייען מיך אפן ווונק.

עס בלאָזן זיך אוף בורבולקעס אין די קאַליוזשעס. הייסט עס, אַז דער רעגן איז שוין א גלײַכער. איז עס א סימען, אַז ער וועט שוין לאַנג ניט דויערן, אַלנפאַלס, ער שמײַסט שוין ניט אַזוי איבערן רוקן, ווי פריִער.

די רײַזע געפעלט מיר — איך האָב אינדערעמעסן האַנאָע.

— אויב ס'איז שוין באַשערט צו טרעפן זיך מיט אײַך, — זאָגט זאַכאַר אָסיפּאָוויטש, — מוזט איר מיר העלפן דערקונדיקן אָן איניען, וואָס איז פאַרבונדן מיט מײַן אַרבעט אַזוי, אַז דאָס האָט א שײַכעס ניט נאָר צו מיר אַליין, נאָר צו א סאַך אַזעלכע, ווי איך. שטעלט זיך פאָר, אַז בא אונדז אין ראַיאָן איז ניטאָ ווו א ראָד צו קויפן, ניטאָ ווו אָן אַקס אונטערשלאָגן, סברויע ווערסטו פאַר קיין געלט ניט קריגן. אָט איז מיר איצט צוליב א כאַמעט אויסגעקומען פאָרן אַזש קיין קאָסטיוקאָוויטשי, א טאָג אף דעם געפאַטערט. איז עס ניט קיין מאַטעריאַל פאַר א פעליעטאָן?

אף דער פראַגע שטעל איך אים אויך א פראַגע:

— וואָס פאַר אָן אַרבעט פילט איר אויס אפן געהילץ-זאַוואָד?

— אָט איז דאָס! — ענטפערט ער מיט אַנטוישונג, — אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די פראַגע וועט אופשווימען. איז אָט וואָס, איך פיר

אָף די ברעטער פון צירקוליאַרקע צום צעך. אָף אַ מאַשין איז עס אומעגלעך, ווײַל אין הויף איז ענג. אויסער דעם, קומט מיר אויס אָפּפירן די אָפּילקעס. איך קאָן אײַך אויסרעכענען נאָך פיל אַרבעטן, וואָס איך מיט מײַן אָרליקן טוען. ווייסט איר גאָר וואָס, — פאַלט ער פּלוצעם אָף אַן אייצע, — אײַך וועט אויסקומען פאַרפאָרן צו מיר, וועט איר זיך איבערצײַגן, אַז מיר זײַנען ניט קיין פינפטע ראָד צום וואָגן אָפן זאַוואָד.

מיר פאָרן אַרויס פון וואַלד. דער רעגן קאַפּעט נאָך. אָפן מײַרעוו־ראַנד איז דער הימל העל, נאָר די זון געפינט זיך נאָך הינטער די וואָלקנס. די טוווע איז ערטערווײַז צוגעפאַלן צו דער ערד, נאָר אָפּגעפרישט, אַ מעכײַע. די לופט איז פײַכט, עס עטעמט זיך לײַכט, ערגעץ צוויטשערן די לאָרכן, נאָר מע זעט זיי ניט.

אָט ווײַזן זיך שוין די נײַע מויערן פון שטעטל.

— עפשער פאַסט פאַר אײַך ניט אַזוי אַרײַנצופאָרן אין ראַיצענטער? — פרעגט בא מיר זאַכאַר אָסיפּאָוויטש.

— פאָרט בעסער, איידער צופוס, — ענטפער איך אָף זײַן כויזעק־פראַגע.

מיר פאַרקערעווען אין אַ שמאָל אַספאַלטירט געסל. בא די זײַטן שלענגלען זיך ריטשקעס. דאָס פערד פאַרקערעוועט צו אַ הויז מיט געלע לאָדן.

זאַכאַר אָסיפּאָוויטש קריכט אַראָפּ פון וואָגן, עפנט דעם טויער, און אָרליק וואַרט ניט אָף קיין אײַנלאַדעניש.

— גייט אין שטוב, — לייגט מיר פאָר דער באַלעבאָס, — איך שפּאַן אויס דאָס פערד און קום שוין אַרײַן.

אין אַלקער באַמערק איך אַ שוואַרצכיינעוודיקע יונגע פרוי. זי פאָרעט זיך לעבן דער גאַזפּליטקע און איז אַזוי פאַרטאָן אין דער מעלאָכע, אַז זי ענטפערט ניט אָף מײַן באַגריסונג.

אין זאַל גייט אַרום אַ בלאָנדער יונגערמאַן אין אַ ווײַס העמדל. דערזעענדיק מיך, גייט ער אַוועק אין שלאָף־צימער. באַלד קומט ער אַרויס, שוין אָנגעטאָן אין אַ פּידזשאַק. איך גריס זיך מיט אים, ער ענטפערט ניט.

— איך בין געקומען מיט זאַכאַר אָסיפּאָוויטשן, — פאַרענטפער איך זיך.

ער קוקט אויפמערקזאַם אָף מײַנע ליפּן. פאַרשטיי איך שוין, אַז ער איז אַ טויבשטומער.

כאָטש איך איבער נאָכאַמאָל די פראַזע און דריק אויס דײַטלעך יעדער וואָרט. ווערט ער אויפגעלעבט און שאָקלט מיטן קאָפּ.

די פרוי גייט אַרײַן, דערזעט מיך און ווערט פאַרוווּנדערט. דער מאַן שמייכלט צו איר.

איך הייב מיט איר אָן ריידן, זי שפּירט אויך אויפמערקזאַם נאָך מײַנע ליפּן. איז דאָך שוין פאַרשטענדלעך, אַז זי איז באַשטראָפט מיטן זעלבן מום, וואָס דער מאַן.

איך באַטראַכט די בילדער אָף דער וואַנט. אָט זע איך אָף אַן אַלטער פאָטאָ אַ מיליטערמאַן אין אַ בודיאָני־אוניפאָרם, רײַטנדיק אָף אַ פערדל. בא דער זײַט אַ שיידל, אָף דער פּלייצע אַ ביקס. דער בראַווער מיליטערמאַן האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געקליבן לאָזן אין אַטאַקע. ניט אַנדערש, אַז דאָס איז אַליין זאַכאַר אָסיפּאָוויטש. לויט דער קירפּאַטער נאָז קאָן מען דערקענען, אַז דאָס איז ער.

נאָך אַ בילד האָט זיך מיר באַזונדערס געוואָרפן אין די אויגן. דאָ איז זאַכאַר אָסיפּאָוויטש שוין אין די מיטעלע יאָרן, און ס'איז ניט שווער אים צו דערקענען. ער זיצט אין צענטער צווישן פיל לײַט, אויבן איז אָנגעשריבן מיט ייִדישע בוכשטאַבן: „קאָלווירט נײַ־לעבן". ווי קומט ער אַהער? און אויב ער זיצט אין סאַמע צענטער, איז דאָך ניט אַנדערש, אַז ער איז געווען דער פאָרזיצער פון קאָלווירט. זאָל זײַן, אַז ער איז אַ ייִד? עפּעס גאָר ניט ענלעך. די שטומע פרוי זעט יאָ אויס ווי אַ ייִדישקע.

און אָט איז אַרײַן אין שטוב דער באַלעבאָס, אָנגעטאָן אין אַ בלויען קאָסטיום. ער עפנט דעם קאָמאָד און נעמט אַרויס אַ גרויסן אַלבאָם.

— איר זעט, וויפל ערן־גראַמאָטעס איך האָב באַקומען פאַר די לעצטע צען יאָר, זינט איך אַרבעט אַלס וואָזטשיק אָפן קאָמבינאַט? ווי טראַכט איר, ווען מײַן אַרבעט וואָלט געווען ניט קיין וויכטיקע, וואָלט מען מיך באַלוינט? אויסער דעם באַקום איך פּרעמיעס, ניט ווייניקער פון די שאָפערן. איז דאָס ניט דער בעסטער באַווײַז, אַז מײַן אַרבעט ברענגט נוצן? מיינט איר, אַז נאָר אָף אונדזער זאַוואָד נייטיקט מען זיך אין אַ וואָזטשיק? און אין די קאָלווירטן, מיינט איר, באַגייט מען זיך אָן פערד? און אַז מע דאַרף סברוייע, איז ניט צו קריגן. איז בעט איך טאַקע, איר זאָלט זיך אַרײַנמישן.

— ווי קומט איר אַהער? — ווײַז איך אָף דער פאָטאָ מיטן ייִדישן אויפשריפט.

— דאָס האָט קיין שײַכעס ניט צום איניען, — ענטפערט ער און גייט ווידער איבער צו דער פריִערדיקער טעמע, — איר זאָגט מיר צו, אַז איר וועט אָנשרײַבן אַ פעליעטאָן?

— יאָ.

איך פאַרפיר מיט אים ווידער אַ געשפּרעך וועגן דער פאָטאָ.

— נו, אויב איר זײַט שוין אַזוי נײַגעריק צו וויסן, קאָן איך אײַך דערקלערן. איך בין געווען אַ פאָרזיצער פונעם קאָלווירט „נײַ־לעבן" פונעם ערשטן טאָג, ביז די היטלעריסטן זײַנען אָנגעפאַלן. געציילטע מענטשן זײַנען פאַרבליבן פון קאָלווירט. די איבעריקע זײַנען אומגעקומען.

— ווי קומט איר אין אַ ייִדישן קאָלווירט?

— וואָס הייסט? איך האָב דאָך געענדיקט אַ ייִדישן אַגראָנאָמישן טעכניקום.

— זײַט איר אַ ייִד?

ער קוקט אָף מיר אָנגעשטרענגט:

— אַנטקעגן וואָס פרעגט איר?

— גלאַט אַזוי, — זאָג איך אים אָף ייִדיש.

— זײַט איר אויך אַ ייִד? — פרעגט ער מיט פאַרוווּנדערונג. — גראַדע איר זײַט ניט ענלעך. דערצו רעדט איר אַזוי דײַטלעך אָף ווײַסרוסיש.

זאַכאַר אָסיפּאָוויטש דערציילט מיר, אַז ער לייענט רעגולער דעם זשורנאַל „סאָוועטיש

הײמלאַנד". איך דערצייל אים, אַז איך דרוק זיך אין זשורנאַל. װײַזט זיך אַרױס, אַז ער האָט געלייענט מײַנע װערק.

— גלײַך נאָך דער מילכאָמע זײַט איר געװאָרן אַ פורמאַן? — פרעג איך.

— פאַרװאָס אינטערעסירט עס אײַך?

— כ'װײס, עפשער װעט אױסקומען שרײַבן װעגן אײַך.

— װעגן מיר שרײַבן? — פאַרװוּנדערט ער זיך. — װאָס איז דאָ װעגן מיר צו שרײַבן? װאָס בין איך, אַ קאָסמאָנאַװט צי אַ קיבערנע־טיק, אָדער אַן אָנגעזעענער פוטבאָליסט? אָט װען איר קומט מיט אַ יאָר צען צוריק, װען איך בין געװען פאָרזיצער פון קאָלװירט.

— איז צוליב װאָס האָט איר באַדאַרפט אַף דער עלטער װערן אַ פורמאַן?

— אָ, דאָס טאַקע אינטערעסירט ניט נאָר זשורנאַליסטן. פיל מענטשן שטעלן מיר די זעלבע פראַגע. איז אָט װאָס, מײַן טײַערינקער, גלײבט מיר, אַז ניט צוליב געלט. די פענסיע סטײַעט מיר איבערגענוג. אױסער דעם, זײַנען מײַנע קינדער אױך גוט באַװאָרנט. מײַן טאָכ־טער טאַניע איז אַ שנײַדערן. דער אײדעם — אַ סטאָליער. אױסער געהאַלט באַקומען זײ פּרעמיעס. נאָך צװײ טעכטער פאַרמאָג איך, װאָס לעבן מיט זײערע פאַמיליעס אין מאָהיליאָװ. די צאָרע איז, װאָס ס'איז מיר שװער צו זיצן אָן אַרבעט. כ'האָב געפּרװוט. און כ'דאַרף זיך מודה זײַן, אַז ס'איז גאַנץ ביטער, װען געזונט איז פאַראַן, און קײן קלעצער ניטאָ. בין איך געװאָרן גראַדע אַ װאָזטשיק און ניט קײן דיס־פּעטשער און ניט קײן פאַרװאַלטער פון סקלאַד, װי מע האָט מיר אַפן זאַװאָד פאָרגעלײגט. אױסער אַלץ בין איך דאָך עפּעס אַן אַלטער בודיאָנאָװעץ, האָב איך ליב אײַסעקן זיך מיט פערד. איר מײנט, אַז ס'װאָלט מיר איצט גרינג געװען שײדן זיך מיט מײַן אָרליקן?

עס קומט אַרײַן דער אײדעם און רופט אונדז צו זיך. אין צװײטן צימער װאַרט אַף אונדז טאַניע. ס'איז זי ניט צו דערקענען. די האָר פאַרקעמט, די ליפּן אונטערגעפאַרבט. זי צע־שנײַדט דאָס ברױט, צעשטעלט די גלעזלעך, לײגט אָן סאַלאַט אין די טעלערלעך, ס'ברענט בא איר מאַמעש אונטער די הענט.

מיר װילט זיך זײער אַ שמועס טאָן מיטן יונגן פאָרפאָלק, נאָר גײ מאַך עפּעס, אַז איך פאַרשטײ ניט קײן שטומלאָשן. דאָך באַמערק איך, אַז זײ זײַנען זײער פילבאַר צו מענטשן, פאַרשטײען אַפן װוּנק און דערקענען לױטן פּאָנעם דײַן צושטאַנד. לױט דעם, װי איך עס, באַמערקט טאַניע, צי עס געפעלט מיר, צי ניט. דעם טרוקענעם קאָלבעס האָב איך געגעסן מיט אַפּעטיט און מיט מוירע, מאַכמעס איך בין אַ דיִעטניק. האָט זי אים פון מיר אָפּגערוקט און דערלאַנגט הײמישן קעז מיט סמעטענע. דער אײדעם גיסט אָן די גלעזעלעך. איך און זאַכאַר אָסיפּאָװיטש האַלטן זיך אָפּ פון טרינקען. דער אײדעם פילט זיך ניט באַקװעם, נאָר טאַניע פירט אים גלײַך אַרױס פון דער אומבאַקװעמער לאַגע. זי גיסט זיך אָן אַ בעכערל און טשאָקעט זיך מיט אונדז, קומט שוין אױס בעמײלע אונ־טערצוהאַלטן.

— מײַנע קינדער איז ניט אַזױ גרינג אָפּצו־נאַרן, — זאָגט מיר זאַכאַר אָסיפּאָװיטש, — זאָל מיט מיר ערגעץ טרעפן אַן אומאָנגענעמקײַט, איז װי איך זאָל עס ניט מאַסקירן, באַמערקן זײ עס גלײַך.

— זײ קענען לײענען?

— אַ פראַגע! זײ האָבן באַקומען מיטעלע בילדונג. ניט װײַט פון מאָהיליאָװ איז פאַראַן אַ ספּעציִעלע שול פאַר אַזױנע. אַלע זומער, אין דער צײַט פון אורלױב, פאָרן זײ קײן מינסק, דאָרטן איז דאָ אַ טעאַטער פאַר טױבשטומע, רעכנט ער זיך אַלס אײנער פון די בעסטע אין פאַרבאַנד, באַזוכן זײ דאָרטן די ספּעקטאַק־לען.

עס עפנט זיך די טיר, און מיט גרױס טומל רײַסט זיך אַרײַן אַ כאָפּטע קינדער — דרײַ ייִנגעלעך און צװײ מײדעלעך.

— דער זײדע איז געקומען!

— איר כאַנפּעט זיך שױן, — מוסערט זײ זאַכאַר אָסיפּאָװיטש און קװעלט, — איר װײסט, אַז דער זײדע קומט ניט צו פאָרן מיט פּוסטע הענט.

ער גײט אַרױס, און די כעװרע לאָזט זיך נאָך אים.

טאַניע גײט אױך אַרױס.

דער אײדעם נוצט אױס די געלעגנהײַט, גיסט אָן אונדזערע בעכערלעך. ער טשאָקעט זיך מיט מיר. איך טרינק אױס אַ טראָפּן. ער לײדיקט אױס דעם בעכער, פאַרבײַסט מיט אַ שטיקל פּאָמידאָר און גײט אַרױס.

אינגיכן באַװײַזט זיך זאַכאַר אָסיפּאָװיטש.

— אָך, װי זײ זײַנען צופרידן! — זאָגט ער. — זעט איר דאָך, אין די דאָרפישע קראָ־מען קאָן מען אַמאָל קריגן אַזױנע שפּילעכלעך, װאָס אין שטאָט זעט מען ניט.

— אַ היפּשע מישפּאָכע בא זײ, — זאָג איך.

— צװײ זײערע און די איבעריקע דער ייִנגערער טאָכטערס. אין אָפּרו־טעג קומען די עלטערן צוגעסט. זײ האָבן אַ מאַשין. און די עלטערע טאָכטער האָט שױן אײניקלעך. טאַניע איז בא מיר די מיטעלע.

שפּעטער, װען איך האַלט שױן באַם אַװעק־גײן, װענדט זיך זאַכאַר אָסיפּאָװיטש צום על־טערן אײניקל:

— פיר אָפּ דאָס פערד אַף פּאַשע.

אין דרױסן איז פריש, אַ מעכײַע. די שװעל־בעלעך צװיטשערן.

דער מײַרעװ־ראַנד איז פלאַמיק־רױט. אַ סימען, אַז מאָרגן װעט זײַן אַ גוטער װע־טער.

דער זײדע פירט אַרױס דאָס פערד פון הױף. דאָס אײניקל זעצט זיך רײַטנדיק.

— ריסיו! — הערט זיך זײַן דין קעלכל. דאָס פערד פאָלגט אים און שטעלט פיס. דער זײדע װערט צעגאַנגען פון נאַכעס.

# אײַנגעוואָרצלט

דער יִשעוו ענדערט זיך. דאָ און דאָרט וואַקסן הויכשטאָקיקע געבײַען. די געסלעך זײַנען אַספּאַלטירט. עס וואַקסט אַ נײַער מיקראָראַיאָן, אין פֿאַרגלײַך מיט וועלכן דער הויפּטיִשעוו וועט גאָר אײנגיכן אויסזען ווי אַ צוגאָב. קינדער ווערן דערוואַקסענע, יונגע — סאָליד, עלטערע — נאָך עלטער, נאָר באַסיע זעט אויס שטענדיק די זעלבע. דאָס זעלבע רונדע פֿרישע פּאָנעם, וואָס דערמאָנט די לעוואָנע, די זעלבע לאַנגע קליידער, קימאַט ביז די פּיאַטעס.

די היגע זײַנען שוין צוגעוווינט צו איר הוילעך. נאָר אָנגעפֿאָרענע, ווען זיי פֿלעגן באַמערקן באַסיען, פֿלעגן זיי זאָגן:

— ווי שעמט זי זיך ניט אַרויסגיין אַזוי אַלטמאָדיש געקליידט?

איצט, ווען לאַנגע קליידער זײַנען ווידער אַרײַן אין דער מאָדע, זאָגן זיי:

— שוין ניט קיין יונגע פֿרוי מיט אַזאַ שרעקלעכער פֿיגור זאָל זיך אַזוי יאָגן נאָך די נײַסטע מאָדעס.

באַסיע טראָגט שטענדיק מאַלבושים פֿון איין און דער זעלבער מאָדע, וואָס זי האָט זיך אָנגעגרייט, נאָך זײַענדיק אַ מיידל. זי האָט פֿאָרויסגעזען, אַז נאָך דער כאַסענע וועט ניט אַזוי לײַכט זײַן דעראָבערן אַ קלייד צי אַ מאַנטל. ס׳וועלן זיך אין שטוב פּאָיאַווען בילכערע באַלאָנים אָף דעם.

מיידלווײַז איז זי אויך געוועזן אַ גראָבטשינקע און אַ קײַלעכדיקע, אַזוי אַז די פֿיגור האָט זיך בײַ איר ווייניק וואָס געענדערט פֿון יענער צײַט, און וואָס שײַעך דער מאָדע — לייגט זי אָף דעם קיין שום אַכט ניט, נאָר אַליין די מאָדע האָט זיך מיט אַ צײַט צוריק פֿון איר דערווײַטערט און איצט זיך ווידער אומגעקערט.

דאָס, וואָס בײַ באַסיען זײַנען פֿאַרבליבן די זעלבע מידעס, די זעלבע גענג און די זעלבע טנועס, איז שוין גראַדע קיין ווּנדער ניט, זעלטן ווער עס בײַט זיך לויטן כאַראַקטער.

דער מאַן אירער, אַריע, האָט פֿאַר דער לעצטער צײַט זיך יאָ אַ ביסל אונטערגעגעבן. די האָר זײַנען געוואָרן שיטערער און העלער, ס׳האָט גענומען וואַקסן דער בויך, דאָס פּאָנעם זעט אויס מיד. אויסער דעם, איז ער געוואָרן מער היציקער, מער באַריידעוודיק, קאָנטיק, אַז דאָס נעמט זיך פֿון נערוועזקײַט.

וואָס איז שײַעך באַסיעס מאַמע, קאָן איך ניט באַשטימען, צי זי האָט זיך געענדערט, צי ניט, איך זע זי דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. פֿריִער פֿלעגט מיר ניט אויסקומען זײַן בײַ זיי אין דער היים. די באַגעגענישן פֿלעגן בײַ אונדז פֿאָרקומען אָדער אין גאַס, אָדער באַם לאַריאָק, ווּ זי פֿאַרקויפֿט צײַטונגען און זשורנאַלן.

איצט זיצט די אַלטע אָפֿן סאָפּקעלע באַם פֿענצטער, די הענט אָנגעשפּאַרט אָף אַ הילצערנעם אַלטמאָדישן שטעקן. פּונקט אַזוי זײַנען אַמאָל פֿרומע יִדן געזעסן פֿייסעך באַם סיידער.

וואָס שײַעך באַסיעס זון סיאָמע, קאָן איך אים ביכלאַל ניט, נאָר אָנגעהערט זיך וועגן אים פֿון באַסיען האָב איך. די מאַמע האַלט אין איין אויסדערציילן וועגן איר איינציקן יוירעש. הערנדיק זי, שאַפֿט זיך אָן אײַנדרוק, אַז קליגער, גראַטענער און ערלעכער פֿון איר סיאָמען איז גאָר אָף דער וועלט ניטאָ.

איצט, זיצנדיק בײַ באַסיען אין שטוב, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז סיאָמע האָט שוין מיט מאַזל פֿאַרענדיקט דעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט און אַרבעט אין וויטעבסק אַלס טעכנאָרוק אָפֿן צעמענט־זאַוואָד. ער האָט שוין אַ ווײַב און ווערט אײנגיכן אַ טאַטע.

באַסיען רופֿט מען כאַכיימע. מיט יעדערן איז זי אויסגעבונדן, אַלעמען ווייסט זי און יעדערער קאָן זי. אַפֿילע אין מיקראָ־ראַיאָן אויך, ווען זי קומט אַהין מיטן אַווטאָבוס דורכצוגיין זיך איבער די מאַגאַזינען, ווּ מע קאָן אַמאָל קריגן עפּעס אַזוינס, וואָס אין די קראָמען פֿון שטעטל גופֿע איז ניטאָ, שטעלט מען זיך אָפּ ריידן מיט איר אָף יעדן טראָט.

אויסער די נײַסן, קאָן מען זיך פֿון איר דערוויסן פֿיל פּראַקטישע אייצעס: ווי אַזוי בעסער צוגרייטן פֿאַרשיידענע מײַכאָלים, וואָס פֿאַר אַ רעפּועס פֿון געוויקסן דאַרף מען געברויכן בײַ דער אָדער יענער קרענק, ווי אַזוי צוגרייטן די רעפּועס, ווי אַזוי בעסער פֿאַרקאָנסערווירן יאַגעדעס, פּרוכטן, ווי אַזוי אַראָפּנעמען פֿליאַמעס פֿון קליידער, ווי אַזוי פֿאַרטרײַבן מוראַשקעס פֿון שטוב. וועגן וואָס איר זאָלט זיך מיט איר ניט אײַיצען, וועט זי אײַך טייקעף געבן אָן אויסשעפּנדיקן ענטפֿער. ס׳איז נאָר אַ ווונדער, פֿונוואַנען ווייסט זי עס אַלץ. עפּעס זעט מען ניט, אַז זי זאָל אַמאָל אַרײַנקוקן אין אַ בוך אָדער אין אַ זשורנאַל. און וואָס שײַעך קולינאַריִע, איז זי איין בעריע אין דער וועלט, פֿון אַ הון מאַכט זי צוויי, און פֿון קאַרטאָפֿל מאַכט זי פּופּציק געריכטן. ווען מע גרייט זיך צו אַ כאַסענע אָדער גלאַט צו אַ סימכע, באַגייט מען זיך ניט אָן איר הילף. און אַז די געסט לויבן די מײַכאָלים, וואָס זי האָט צוגעגרייט, איז באַסיע אָפֿן זיבעטן הימל.

מיט מענער האָט באַסיע אויך וועגן וואָס צו שמועסן. זי דערציילט וויצן, אַנעקדאָטן אָדער עפּיזאָדן. ווי אַזוי זי טײַנעט זיך אויס מיט לײַט, און לויט דעם, ווי זי גיט איבער איר געשפּרעך מיט יענעם, דרינגט אַרויס, אַז זי קאָן גוט ענטפֿערן, ווען מע פֿאַרטשעפּעט זי מיט אַ וואָרט. ס׳באַקומט זיך, אַז די זיגערן איז שטענדיק זי. דאָך, אַז מע צעווערטלט זיך מיט איר, מערקט זיך ניט, אַז זי זאָל שאַרפֿזיניק דאָ אָפֿן אָרט ענטפֿערן.

אָט דערציילט זי:

— עס באַגעגנט מיך דער געהילפֿס־רעדאַקטאָר פֿון דער ראַיאָנער צײַטונג, זאָגט ער מיר: „אָט וועמען מיר האָבן באַדאַרפֿט האָבן אין רעדאַקציע, אין מאַטעריאַל וואָלט שוין קיין מאַנגל ניט געווען”. ענטפֿער איך אים: „מע קאָן זיך שוין פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ זשור־

נאַליסטן זײַנען בײַ אײַך דאָרטן, אַז איר האָט ניט מיט וואָס צו פאַרפולן אַ צײַטונג, וואָס איז גרויס, ווי אַ גענעץ".

— האָסט טאַקע אַזוי געזאָגט, צי האָסט נאָכדעם באַטראַכט, אַז אַזוי האָסטו באַדאַרפט זאָגן? — מישט זיך אַרײַן דער מאַן.

זײַן רעפּליק איז פאַר מיר אומדערוואַרט. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, ער זאָל מיט איר אַזוי ריידן. פריִער, ווען זי פלעגט דערציילן אַזוינע עפּיזאָדן, פלעגט ער פּאַשעט צושמייכלען, און פון זײַן שמייכל איז שווער געווען צו באַשטימען, וויִאַזוי ער באַציט זיך צו דעם, וואָס זי דערציילט.

באַסיע האָט, קאָנטיק, באַמערקט מײַן פאַרלעגנהײַט, זאָגט זי צו מיר:

— איר ווייסט, וואָס עס קאָכט אין אים? דאָס קאָן ער מיר ניט מוחל זײַן, וואָס אונדז קומט אויס פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

דאָס איז שוין פאַר מיר אַ נײַס.

דאָ האָבן אירע עלטערן און אורעלטערן געלעבט, אַזוי אַז זי איז אײַנגעוואַקסן און אײַנגעוואָרצלט. און בכלל שטעל איך זיך ניט פאָר באַסיען אָן דעם שטעטל און דאָס שטעטל אָן באַסיען.

— איר פאָרט טאַקע אַוועק פונדאַנען?

באַסיע שווײַגט. איך באַמערק, ווי די אַלטע קוקט אַף מיר זייער אויפמערקזאַם.

— וואָס, איר זעט ניט, אַז מיר זיצן שוין אַף די טשעמאָדאַנעס? — פרעגט בײַ מיר אַריע.

ערשט איצט באַמערק איך טאַקע, אַז דער סערוואַנט איז שוין פּוסט און אין ווינקל שטייען פּעק און טשעמאָדאַנעס.

— וואָלט איר טאַקע פונדאַנען באַדאַרפט אָנהייבן דעם שמועס, און איר דרייט מיר אַ קאָפּ מיט פאַרשיידענע געשיכטעס.

— וואָסי? איר הערט עס ערשט פון מיר? — וווּנדערט זיך באַסיע. — אין שטאָט האַלט מען אין איין ריידן וועגן דעם.

— איז וווּהין זשע פאָרט איר?

— צי דען פאַרשטייט איר ניט וווּהין?

אַף אַ רגע בלײַב איך דערשטוינט.

בײַ באַסיען רופט עס אַרויס אַ שמייכל.

— נו, ווי טראַכט איר? וווּהין קאָנען מיר אַריבערפאָרן? פאַרשטייט זיך, אַז אַהין, וווּ דער זון געפינט זיך. און ווי זשע אַנדערש? וווּהין די נאָדל, אַהין דער פאָדעם.

— איר האָט עס גוט באַטראַכט?

— וואָס רעדט איר? אָן סיאָמינקען קאָן איך קיין טאָג ניט אויסקומען. און אים וועט אָן אונדז אויך זײַן שלעכט. ער איז דאָך אַזאַ שוואַכינקער, און דאָס ווײַב איז פאַרטראָגן אין דער אַרבעט. זי איז דאָך אַ לערערן. שטענדיק פאַרנומען. איצגיכן ווערט זי אַ מאַמע. וועלן אונדז צוקומען נײַע זאָרגן, מײַן שנור איז נעבעך אַ יעסוימעלע, פאַרמאָגט קיין טאַטן ניט, און די מאַמע אירע האָט אַ צווייט מאָל כאַסענע געהאַט, האָט זי אירע דײַגעס. אַזוי אַז אָן אונדזער הילף וועט דעם יונגן פּאָרפאָלק זײַן זייער שווער. איך וועל ניט אַרבעטן אַ פּאָר יאָר, ביז דאָס קינד וועט זיך ניט שטעלן אַף די פיס. און אַריע וועט זיך אײַנאָרדענען, וווּ ער וועט וועלן, שלאָסערס פאָדערן זיך אומעטום. פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז ניט אַזוי פּאַשעט פאַרלאָזן דאָס אײַנגעזעסענע אָרט. ס'קאָסט געזונט. נאָר וואָס קאָן מען העלפן? קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ, אָן סיאָמינקען איז דאָס לעבן בײַ אונדז קיין לעבן ניט.

— און וווּ וועט איר לעבן אין וויטעבסק?

— מיר בויען דאָרטן אַ קאָאָפּעראַטיווע דירע. מיר האָבן זיך טאַקע גוט פאַרענגט.

נו, אויב זיי זײַנען שוין אַזוי ווײַט פאַרקראָכן מיטן איבערפאָרן, איז דאָך ניט שײַעך צו ריידן, שווײַג איך.

ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, בין איך אָפּמאָרגן ווידער אַרײַן צו זיי. נאָר געקומען בין איך ניט אין קיין געלונגענער צײַט. באַסיע און דער מאַן זײַנען אינדערהיים ניט געווען. געטראָפן האָב איך נאָר די אַלטע.

זי האָט מיך באַטראַכט און, קאָנטיק, דערקענט.

— זיצט אַ ביסל, — האָט זי געבעטן, — באַלד וועלן זיי אַרײַנקומען.

אָן דעם פלאָקן קאָן זי קיין טראָט ניט שטעלן, בייס זי גייט, שפּאַרט זי זיך אָן אַף אים מיטן גאַנצן קערפּער.

איך זיץ בײַם טיש, און זי אַפן זעלבן אָרט, וווּ זי איז נעכטן געזעסן.

— איך בין שוין אַלט, קראַנק, קוים וואָס איך לעב... — קלאָגט זי זיך פאַר מיר. — איז קאָלזמאַן איך זיץ אַף מײַן אָרט, האַלט איך זיך נאָך, און דאָס אַריבערפאָרן קאָן מיך דאָקאָנײַען.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז זי איז גאָר ניט גלײַכגילטיק צו דער רײַזע, ווי מיר האָט זיך אויסגעדוכט.

— מײַן טאָכטער פאַרשטייט עס ניט. זי איז אַזוי פאַרטראָגן מיט סיאָמינקען, אַז ניט וועגן זיך און ניט וועגן קיינעם טראַכט זי ניט, און מע קאָן קיין טײַנעס ניט האָבן. זי איז טאַקע גערעכט. פאַר מיר איז סיאָמינקע אויך טײַער. זאָג איך קיין וואָרט ניט קעגן דער יאַזדע. איך ווייס, אַז ס'איז פאַר איר אויך ניט אַזוי פּאַשעט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. נאָר איבערריידן זי דאַרף מען ניט. דאָס איז נאָר שיטן זאַלץ אַף די וווּנדן, אָן גייען זיי שוין אַרום זוכן קויגים אַף דער שטוב. ניט נאָר זי, נאָר איך בין דאָ געבאָרן געוואָרן, דאָ בין איך געוואַקסן, און אַלע יאָרן מײַנע זײַנען דאָ אַדורך. אין דער צײַט פון דער מילכאָמע האָבן מיר געלעבט אין סיביר. ווען ס'האָט זיך באַפרײַט אונדזער שטעטל און מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די שטוב איז גאַנץ געבליבן, האָב איך געטראַכט, אַז דאָס איז אַ באַשערטע זאַך, אַ לוין פאַר די גרויסע צאָרעס, וואָס מיר האָבן איבערגעטראָגן, איז ווי קלערט איר, ס'איז מיר אַזוי פּאַשעט צו פאַרלאָזן די שטוב? נאָר איך שווײַג, אַפילע

מיט שכיינים רייד איך ניט וועגן דעם, וואָרעם זיי קאָנען נאָך איבערגעבן דער טאָכטער, איז וואָס דאַרף איך איר שאַפן נײַע אנגסטן? מוז איך דאָך פאַר וועמען־ניט־איז אויסריידן דאָס האַרץ, און טאַקע דערפאַר דערציייל איך עס אײַך.

— עפּשער זאָלט איר דערווײַל די שטוב ניט פאַרקויפן, נאָר פאַרדינגען? — ראָט איך איר.

— מע וואָלט געוויס געטאָן אזוי, נאָר מע איז פאַרקראָכן אין גרויסע כויוועס. איר מיינט, ס׳איז אזוי פּאַשעט צו בויען א קאָאָפּעראַטיווע דירע?

אינגיכן קומט דאָס פּאַרפאַלק. די שטימונג איז בא זיי ניט קיין געהויבענע. נאָר דעם געפיל פון הומאָר פאַרלירט ניט באַסיע בא קיינע אומשטענדן. זי כאָכמעט זיך, ווי שטענ־דיק.

איך פאַרשרײַב זייער וויטעבסקער אדרעס און געזעגן זיך מיט זיי.

אין א יאָר ארום האָב איך זיך דערוווּסט, אז באַסיעס מישפּאָכע איז נאָך אַלץ אין שטעטל. זי איז שוין א באָבע. אין דער קאָ־אָפּעראַטיווער דירע לעבט דער זון מיט דער מישפּאָכע. אין שטעטל האָט זיך געפונען א ייִדענע, וואָס איז אוועקגעפאָרן אין ווי־טעבסק העלפן ניאַנטשען סיאָמעס ייִורעש. יעדער כוידעש כאַפּט זיך באַסיע אראָפּ צום זון אף עטלעכע טעג. פון דאָרטן קומט זי א מונ־טערע, א פריילעכע.

וועגן איבערפאָרן אין שטאָט גייט שוין קיין רייד ניט.

## די פלעמעניצע

די שלאַנקע יונגע פרוי, וואָס האָט זיך אין פּראַסטיקן פרימאַרגן באַוויזן אין דער אַלטער טייל שטאָט, האָט צוגעצויגן די אופמערקזאַמ־קײַט פון פיל דורכגייער ניט מיט איר שיינקײַט און ניט מיט איר עלעגאַנטן אויסזען. דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט אויך געהאַט א ווירקונג. אזא שיינהײַט טרעפט זיך זעלטן. איר קלאָר פּענעמל איז געווען רויט פון פראָסט. די שוואַר־צע אויגן האָבן ארויסגעשײַנט פון די אונטער־געפירטע ווי׳עס. דאָס מאַנטעלע פון קאַראַקול איז מאַמעש אויסגעגאָסן געווען אף איר שלאַנ־קער דינער פיגור. די לאַקירטע באָטן זײַנען געווען ווי אויסגעטאָקט אף איר פוס. בייס די פרוי האָט געשפּאַנט איבערן טראָטואַר, האָט דער שניי אונטערגעסקריפּעט צום טאַקט.

נאָר ניט מיט דעם אַלץ האָט זי צוגעצויגן די אופמערקזאַמקײַט, מע האָט אין איר דער־קענט די אַקטריסע פון אָנגעפאָרענעם טעאַטער מאַריִע יעלאַנסקאַיאַ, די, וואָס האָט אין נעכ־טיקן ספּעקטאַקל אויסגעפילט די ראָל פון דער פויקערן.

אפילע יענע, וואָס זײַנען אף דער פּרעמ־יערע ניט געווען, האָבן זי אויך דערקאָנט לויט די אַפישן, וואָס זײַנען אויסגעהאַנגען געווען אין שטאָט.

מע האָט זיך געכידעשט — וואָס טוט זי אין ווינטערדיקן פרימאָרגן אין די הינטער־געסלעך, און וואָס קוקט זי זיך אזוי אײַן אין אייניקע דורכגייער, ניט אַנדערש, ווי איר שטייט פאַר א באַגעגעניש מיט עמעצן, און זי וויל ניט, אז אירע קאָלעגן זאָלן דערפון וויסן.

ווען זי האָט באַמערקט, אז אַלע וואַרפן אף איר ציקאַווע בליקן, האָט זי מיט גיכע טריט אוועקגעשפּאַנט צו דער באַקאַליי־קראָם. דאָרט איז זי ארומגעגאַנגען פון איין אָפּטייל צום צווייטן. נאָר מע האָט ניט באַמערקט, אז זי זאָל עפּעס קויפן.

באַם ארויסגאַנג איז זי צוגעגאַנגען צו אַן עלטערער פרוי אין א וואַטאָווער קורטקע און אין א מאַכערעווער גרינער שאַל.

— אַנטשולדיקט, — האָט זי זיך געווענדעט צו איר אף רוסיש, — איר וווינט דאָ לאַנג?

— וואָס הייסט? איך בין א געבאָרענע פון דאַנען, — און ווי זי וואָלט זיך אָנגעשטויסן, וואָס קימערט די אומבאַקאַנטע, האָט זי צוגע־געבן, — איך קאָן דאָ קימאַט אַלעמען. אונדזער שטאָט איז ניט אזא גרויסע.

די אַקטריסע האָט ניט דרייסט א פרעג געטאָן:

— עפּשער האָט איר געקאָנט די מישפּאָכע אַרליוק?

— אַרליוק? — האָט איבערגעפרעגט די אַלטע, — וואַרט, לאָזט מיך א ווײַלע א טראַכט טאָן.

— וואָס איז דאָ צו טראַכטן, פיליפּאָווּנע? — מישט זיך אַרײַן העניע די שוסטערקע.

ניט געקוקט דערויף, וואָס העניען איז שוין איבער פופציק, זײַנען די האָר אירע שוואַרץ, ווי פּעך, דאָס רונדע פּאָנעם סײַ זומער, סײַ ווינטער פאַרפאַליעט פון זון. די אויגן שוואַרץ, ווי קוילן, טוט איר אָן קאַרעלן און אוירינגלעך, וואָלט זי אויסגעזען, ווי א ציגײַנערן. זומער אַרבעט זי אין א שוסטער־לאַריאָק. זי לאַקירט שוכוואַרג, שלאָגט צו פּאַדקאַוועס, און אז מע דאַרף, לייגט זי א לאַטקע אויך. ווינטער אַרבעט זי ניט, און זאָגן, אז זי האָט רו, קאָן מען ניט. איר סטײַעט קאָפּדרייעניש סײַ פונעם מאַן, סײַ פון די קינדער און סײַ פון די אייניקלעך.

— אכצן מאַן זײַנען געווען אין דער מיש־פּאָכע אַרליוק, — טיילט מיט די שוסטערקע, — אַלע אומגעקומען, נאָר איינע איז עפּעס גע־בליבן, נעבעך אף צאָרעס. זי פלעגט פאַרקויפן מאַראָזשענע אין פּראָדוקטאָוון מאַגאַזין, וואָס לעבן שנײַדער־סאַלאָן. איצט איז זי שוין אף פּענסיע. מע זעט זי ניט און מע הערט זי ניט.

יעלאַנסקאַיאַ ווערט שטאַרק אופגעלעבט:

— איך וואָלט זי זייער געוואָלט זען.

נאָר כאָנע האָט ליב אַלץ טאָן מיט א טאָלק.

— זאָגט אונדז פרו̇ער, וואָס גייט עס אײַך אָן?

דאָ האָט זיך יעלאַנסקאיא פאַרטראַכט. זאָגן, אַז איר מוטער שטאַמט פונדאַנען און זי געהערט אויך צו דער מישפּאָכע אַרליוק, וועט די סענסאַציע ווערן גרויס און ס׳וועט זיך דאָ צונויפקלײַבן אַ גאַנץ רעדל. בעסער, אַז זי וועט אויג אָף אויג ריידן מיט דער איבערגעבליבענער פון דער מישפּאָכע. ס׳וועט זיך געוויס אַרויסווײַזן, אַז יענע איז עפּעס אַ ווײַטע קרויווע.

די אַקטריסע מאַרי̇ע יעלאַנסקאיא איז געוואַקסן אין אַ קינדערהיים. זי געדענקט ניט די מוטער, ניט דעם פאָטער. וועגן פאָטער האָט זי אַ פאַרשטעלונג לויט דעם, ווי די באָבע, וואָס האָט זיך אויסגעפונען מיט אַ יאָר צען צוריק, האָט איר דערציילט. די באָבע אָקסאַנע פּיאָדאָראָוונע וווינט אין פּערם, דאָרט איז געבוירן געוואָרן מאַרי̇עס פאָטער. ס׳זײַנען פאַרבליבן אייניקע פאָטאָגראַפּי̇עס פונעם טאַטן, די באָבע האָט זיי צוגעשיקט. פון איר האָט זיך מאַרי̇ע דערוווּסט, פונוואַנען עס שטאַמט איר מוטער און ווי̇אַזוי איז געווען איר מיידלשע פאַמיליע.

מאַרי̇ע האָט זיך די גאַנצע צײַט געוואָלט דערוויסן גענויער וועגן איר מוטער. איצט, אַז זי איז געקומען אָף גאַסטראָלן אין דער שטאָט, ווו איר מוטער איז געבוירן געוואָרן און האָט פאַרבראַכט איר קינדהײַט, האָט דער נײַגער אירער זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט.

— וואָס גייט עס מיר אָן? — האָט מאַרי̇ע איבערגעפרעגט דער שוסטערקעס פראַגע. — אַ באַקאַנטער האָט מיך געבעטן דערוויסן זיך.

פון דער יי̇דענע איז ניט אַזוי פאָשעט געווען אָפּטשעפּען זיך.

— איז ווער איז דער באַקאַנטער, אויב ס׳איז ניט קיין סעקרעט?

— אַ ביסל איז עס אַ סעקרעט, — האָט געענטפערט יעלאַנסקאיא און האָט זיך שוין געווענדעט צו פיליפּאָוונען, — איך בעט אײַך זייער, פירט מיך אָפּ צו דער פרוי אַרליוק.

— איך וואָלט גערן געגאַנגען, — האָט געענטפערט פיליפּאָוונע, — נאָר איך קאָן דאָס אייניקל אליין אין שטוב ניט לאָזן, אַ פּיריאָריק קינד. כ׳האָב אים איבערגעלאָזט בא אַ שכיינע, נאָר קימערט זיך ניט, די פרוי וועט אײַך באַווײַזן, — ווײַזט אָן פיליפּאָוונע אָף כאַנען, — זי ווייסט דאָ אַלעמען נאָך בעסער פון מיר.

כאַנען איז ניט אָנגעשטאַנען, וואָס די פרוי האָט זיך פון אָנפאַנג ניט געווענדעט צו איר. נאָר אַז יעלאַנסקאיא האָט זי גענומען אונטער דער האַנט, איז זי מיט איר אַוועק.

איצטער האָט מען פון דער זײַט געקוקט מיט נאָך מער נײַגער: וואָס פאַר אַ געשעפטן האָט יעלאַנסקאיא מיט דער שוסטערקע? נאָר כאַנע איז געגאַנגען, דעם קאָפּ פאַריסן, דאָס פּאָנעם האָט געפלאַמט ניט פון פראָסט, נאָר פון טײַנעג.

כאַנע האָט גוט געוווּסט, צו וועמען און ווּהין זי פירט די אַקטריסע, האָט זי באַשטימט אָפּרי̇ער זי צוגרייטן צום פאָרשטייענדיקן וויזיט.

— זאָל אײַך ניט קימערן, אויב אין שטוב וועט ניט זײַן צוגעקליבן און אויב די אַלטע אַרליוק וועט מאַכן אָף אײַך אַ שווערן אײַנדרוק. מע דאַרף פאַרשטיין איר לאַגע, דער מאַן איז אָפּן פראָנט געפאַלן. די קינדער, די עלטערן און אַלע קרויווים אומגעקומען. דאָס האָט זי מאָראַליש דערהאַרגעט. בייס זי האָט געאַרבעט, האָט זי זיך נאָך געהאַלטן, איצט, אַז זי איז אָף פּענסיע, האָט זי זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער וועלט. ניט מע זעט זי, ניט מע הערט זי. די שטוב איז בא איר אַ גרויסע, זי לעבט אַליין. ווען אין דער אַכסאַניע זײַנען ניטאָ קיין פרײַע ערטער, לאָזט זי אַרײַן קוואַרטיראַנטן. ניט אַזוי צוליב דירע־געלט, ווי צוליב היימלעכקײַט. מיט איין וואָרט, ס׳איז אָך און וויי. און דאָס, וואָס איך האָב בא אײַך געפרעגט, ווער איז דער מענטש, וואָס האָט אײַך פאַרטרויט דערוויסן זיך וועגן דער מישפּאָכע אַרליוק, איז האָב איך ניט פון טשיקאַוועסוועגן געשטעלט די פראַגע. אויב ער האָט קיין שײַכעס ניט צו דער מישפּאָכע, איז עפּשער בעסער, אַז איר וואָלט גאָרניט דערמאָנט וועגן דעם, צוליב וואָס אָן איבעריקן מאָל אָנרירן די ווו̇נדן?

— יאָ, — האָט באַשטעטיקט יעלאַנסקאיא, — ס׳וועט טאַקע זײַן זייער שווער פאַר איר, נאָר איך מוז מיט איר ריידן.

יעלאַנסקאיא האָט מיט נײַגער באַטראַכט דאָס געסל, ווו̇ זיי זײַנען געגאַנגען: ס׳קאָן זײַן, אַז דאָ פלעגט אַרומשפּאַצירן איר מאַמע מיט אירע כאַווערטעס.

און אָט איז אַ געוועזענער קלויסטער, ס׳קאָן זײַן, אַז איר זיידע מיט דער באָבע פלעגן קומען אַהער. און עפּשער זײַנען זיי געווען ניט קיין גלויביקע. אַלנפאַלס, זי וועט זיך שוין איצט וועגן אַלץ דערוויסן.

זיי האָבן פאַרקערעוועט אין אַ הויף. יעלאַנסקאיא קוקט מיט אַ פאַרטײַעטן אָטעם אָף דער שטוב.

געעפנט האָט עפּעס אַ מיידל. זי איז גלײַך נעלעם געוואָרן אין אַ זײַטיקן צימער.

פון קיך האָט זיך דערטראָגן אַ רייעך פון זויערער קרויט.

אין עסצימער — אַ גרויסער אַלטער טיש אָן אַ טישטעך. עטלעכע שטולן. אָפן טיש — אַן עמאַלירטער טשײַניק, אַ גלאָז און אַ בלעכן קענדל. אין ווינקל — אַן אַלטמאָדישער קאָמאָד.

אין שטוב איז געווען ניט וואַרעם. קאָנטיק, נאָך ניט געהייצט.

— העניע, ווו̇ ביסטו דאָרטן? — האָט אויסגעשרי̇ען די שוסטערקע.

פונעם זײַטיקן צימער איז אַרײַנגעקומען אַן עלטערע פרוי מיט שוואַרצע טריבע אויגן, זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ וואַטאָווע רעקל אָן אַרבל, אָפן קאָפּ אַ ציצענע פאַטשיילקע, פון

אונטער וועלכער ס'האָבן אַרויסגעקוקט פּאַסמעס גרויע האָר. אַף די פּיס — וואַליקעס.

די געסט האָבן זי ניט ווייניק פאַרווּנדערט, נאָר זי האָט געדולדיק געוואַרט, וואָס וועט מען איר זאָגן.

— די פרײַלן וויל מיט אײַך ריידן, — האָט אַ זאָג געטאָן די שוסטערקע.

העניע האָט אַ קוק געגעבן אַף יעלאַנסקען און האָט זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן. זי איז קוים אײַנגעשטאַנען אַף די פּיס.

— קאָנטיק, אַז ס'איז אַ טאָעס, — האָט געזאָגט די אַקטריסע, באַטראַכטנדיק די באַלעבאָסטע. — ניט לויטן אַדרעס געטראָפן. — פּרוּווט זיך דערמאָנען, — האָט זי זיך געווענדעט צו דער שוסטערקע, — עפּשער האָט דאָ געלעבט נאָך אַ מישפּאָכע אַרליוק, אָן אַנדערע, איך מיין צווישן די ווײַסרוסן.

— ניין, קיין אַנדערע האָט דאָ ניט געלעבט. איך געדענק זייער גוט.

העניע האָט זיך פון אָרט ניט גערירט.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרלאָרן? — האָט געטײַנעט צו איר די שוסטערקע, — אַ מענטש וויל זיך בא דיר פאַנאַנדערפרעגן וועגן דײַן מישפּאָכע. איז וואָס איז די שרעק? שוין אַזויפיל יאָרן דורך. אַלע האָבן מיר ווונדן. אָבער מע דאַרף דאָך זײַן מענטש.

— גיב גוט אַ קוק, אַף וועמען זי איז ענלעך, — האָט מיט אַ ציטערדיקן קאָל אַרויסגערעדט די אַלטע.

— נו, יאָ, — זאָגט די שוסטערקע, — דו האָסט טאַקע געטראָפן, דאָס איז די באַוווּסטע אַקטריסע פון אָנגעפּאָרענעם טעאַטער. האָסט זי דערקאָנט לויט די אַפישן.

— נו, איז מיילע.

— וואָס פאַר אַן אַפישן? ווער קוקט אַף די אַפישן?

זי איז צוגעגאַנגען צום קאָמאָד און מיט ציטערדיקע הענט אַרויסגענומען אַן אַלבאָם, האָט אים פאַנאַנדערגעוויקלט.

— נאַ, קוק, — האָט זי געוויזן דער אַקטריסע.

פון דער אַלטער פאָטאָ האָט אַרויסגעקוקט די אַקטריסע יעלאַנסקאַיאַ, נאָר אַנדערש געשלייערט — אין אַ קאָפּטע און אין אַ לאַנג קלייד — ביז איבער די קני.

מאַריִע האָט מיט די דלאָניעס פאַרקוועטשט די שלייפן. זי האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אַפן שטול און זיך אײַנגעגעסן מיט די אויגן אין דער פאָטאָ.

— זע, פונוואַנען קומט צו דיר אַזאַ קאַרטאָטשקע? — האָט זיך פאַרווּנדערט כאַנע די שוסטערקע, — קאָלעקציאָנירסט קאַרטלעך פון אַקטיאָרן אַף דער עלטער?

פאַר זיך האָט זי נאָך אַ קלער געטאָן, צי האָט זיך העניע, כאָלילע, גאָר ניט גערירט אַף דער עלטער.

— וואָס פאַר אַ אַקטיאָרן? דאָס איז דאָך מײַן שוועסטער זינע, וואָס, געדענקסט ניט?

די שוסטערקע האָט אויסגעשטעלט אַף דער אַקטריסע אַ פּאָר אויגן.

— און זע, ווי האָב איך גלײַך ניט דערקענט! — און האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ. — אוי וויי, וואָס דאָ קומט פאָר!

די אַקטריסע האָט זיך שווער אופגעהויבן פון אָרט:

— די פאָטאָ וועל איך אײַך ניט אָפּגעבן. הײַנט בין איך מער ניט אימשטאַנד מיט אײַך צו פאַרברענגען, איך דאַרף קומען צו־זיך. הײַנט איז בא מיר אַ רעפּעטיציע און אַ ספּעקטאַקל. מיר וועט זײַן שווער...

די אַלטע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף דער סאָפּקע און האָט זיך גענומען בעטן בא דער שוסטערקע:

— כאַנעלע, איר קאָנט דאָך זיך אויסטײַנען מיט מענטשן, לאָזט זי ניט אָפּ פונדאַנען! דאָס איז דאָך זינעס טעכטערל! מײַן פּלימעניצע! דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז זי דאַרף ערגעץ זײַן! אַז די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, איז זי צוויי יאָר אַלט געווען. אין מינסק האָבן זיי געלעבט. מירעלע האָט מען דאָס אויפּעלע גערופן. לויט דער מעטריקע איז זי אַ רוסישע. טײַערע שוועסטערקע מײַנע! דו ביסט לאַנג אַף דער וועלט ניטאָ, אָבער דײַן קינד האָט זיך אויסגעפונען!

די שוסטערקע האָט געפינטלט מיט די אויגן.

— העניע! — האָט זי געזאָגט מיט אַ ווייבענדיק קאָל, — אַ גליק האָט דאָך דיך געטראָפן, טאָ זײַ אַ מענטש, טו זיך איבער און נעם אוף דײַן פּלימעניצע, ווי מע דאַרף, שטעל טיי מיט וואַרעניע, גיב עפּעס צובײַסן. אויב דו ווילסט, קאָן איך צוגיין אין קראָם און ברענגען אַלץ, וואָס מע באַדאַרף.

— ניין, ניין, ניט הײַנט, — האָט זיך געבעטן יעלאַנסקאַיאַ. זי האָט אַ קוק געטאָן אַפן זייגערל, — איך פאַרשפּעטיק. מאָרגן קום איך אינדערפרי. און אײַך וועל איך בעטן, — האָט זי זיך געווענדעט צו דער שוסטערקע, — בלײַבט דאָ איבער. מע דאַרף זי ניט לאָזן אַליין אין אַזאַ צושטאַנד.

מאַריִע איז צוגעגאַנגען צו דער מומען און האָט איר געוואָלט אַ קוש טאָן אין שטערן. נאָר די אַלטע האָט זי, ווי מיט צוואַנגען, אַרײַנגעכאַפּט אין די אָרעמס און ניט געוואָלט אָפּלאָזן.

— העניע, מע דאַרף זײַן אַ מענטש, — האָט די שוסטערקע זי געמוסערט, — דו דאַרפסט זי אויך פאַרשטיין. זאָל זי זיך צוגעוווינען מיטן געדאַנק, אַז דו ביסט אירע אַ מומע. זי האָט זיך ערשט איצט דערוווּסט, פון וואָס פאַר אַ צווײַג זי שטאַמט.

און ווען יעלאַנסקאַיאַ איז אַרויס פון שטוב, האָט העניע ערשט באַקומען אַ כיילעק פון דער שוסטערקע:

— מע דאַרף זיך קאָנען האַלטן אין די הענט. מיט דײַנע פּאָקוסן וועסטו זי נאָר אָפּשרעקן. פאָלג מיך, מאַך אַן אָרדענונג אין שטוב. טו זיך אָן, ווי אַ מענטש, וועט זי גאָר אַנדערש באַציִען זיך צו דיר.

— איך וועל דיך אלץ פֿאָלגן, — האָט זיך געבעטן העניע, — נאָר העלף מיר עס אײַנאָר־דענען. געלט האָב איך.

— ס'וועט זײַן רעכט.

ווען יעלאַנסקאַיאַ איז געקומען אין טעאַטער, האָט דער רעזשיסער באַגעגנט זי מיט רוגזה:

— ווו ווערט מען עס פֿאַרפֿאַלן אין א פֿרעמ־דער שטאָט אף אזויפֿיל צײַט?

מאַריַע האָט ניט געענטפֿערט.

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די רעפּעטיציע, האָט ער שטיל געפֿרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט, אויב ס'איז ניט קיין סעקרעט?

אף דעם האָט יעלאַנסקאַיאַ געענטפֿערט:

— איך בין ניט מכויעוו אײַך אָפּצוגעבן א כעזשבן.

נאָך מער ווונדער האָט אַרויסגערופֿן דאָס, וואָס נאָך דער רעפּעטיציע האָט יעלאַנסקאַיאַ זיך לאַנג געסוידעט מיט דער עלטערער אַק־טריסע סאָפֿיע ראָזענבערג. פֿריַער זײַנען זיי געווען באַרויגעז איינע אף דער צווייטער און האָבן צווישן זיך ניט גערעדט.

אַפּמאָרגן, ווען מאַריַע איז מיט א טאַקסי געקומען צו דער מומען, האָט זי מאַמעש ניט דערקאָנט די ווױנונג.

דער דיל איז באַדעקט מיט א טעפּיך, אף די פֿענצטער ווײַסע פֿאָרהאַנגען, אף דער סאָפֿקע — א שײנער צודעק, אף די שטולן טשעכאָלן. און דעריקער וואָס די מומע אליין האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער אויסזען — אין א פֿײַן בלוי קלייד. די האָר פֿאַרקעמט, אפֿן פּאָנעם — א שמייכל.

— נו, מומע, — זאָגט מאַריַע מיט א טרויַ־עריקן שמייכל, — ווי איך זע, זײַט איר אויך אַן אַקטריסע.

— וואָס זשע מיינסטו, פֿאַר דער מילכאָמע האָב איך טאַקע אָנטייל גענומען אין דער זעלבסטטעטיקײַט, און דײַן מאַמע האָט גע־טרוימט אָנקומען אין א טעאַטראַלער סטודיע. אזוי אַז דײַן טאַלאַנט שטאַמט פֿון אונדזער צאַד.

באַמערקנדיק, אַז די פּלימעניצע האָט אוועק־געלייגט א פּעקל אפֿן טיש, האָט העניע צו איר געטײַנעט:

— צוליב וואָס האָסטו באַדאַרפֿט אויסגעבן געלט? איך נייטיק זיך ניט אין גאָרנישט. און דו ווייסט פֿונדאַנען ניט אוועקפֿאָרן, ביז איך וועל אף דײַן נאָמען ניט איבערשרײַבן די שטוב.

— מומע, ווענען גייט עס אָן?

דערנאָך, ווען מע איז געזעסן באַם טיש און מע האָט געפֿרישטיקט, האָט די מומע געטײַנעט:

— פֿאַר אזויפֿיל יאָרן ווי האָסטו עס ביז איצט ניט געגעבן ווענגן זיך צו וויסן?

— פֿונוואַנען האָב איך געקענט וויסן? כ'בין אין א קינדערהיים געוואַקסן. דעם טאַטנס מוטער, מײַן באָבע אָקסאַנע פּיאַדאַראָווונא, האָב איך געפֿונען, דערנאָך, ווען איך בין געווען בא איר צוגאַסט, האָב איך פֿון איר זיך דערוווּסט דער מאַמעס מיידלשע פֿאַמיליע און פֿונוואַנען זי שטאַמט.

באַם עסן האָט די מומע געסטאַרעט זיך נוצן מיטן גאָפּל און מיטן מעסער, פּונקט ווי די פּלימעניצע. מאַריַע האָט עס באַמערקט.

דערוויסנדיק זיך וועגן דער פּלימעניצעס שטייגער־לעבן, האָט די מומע געטײַנעט:

— מיר געפֿעלט ניט, וואָס דו פֿאָרסט אַרום און דעם זון לאָזסטו איבער אין שול־אינטער־נאַט. דאָס טויג ניט. און דער מאַן האַלט אויך אין איין אַרומוואַנדערן. וואָס איז דאָס פֿאַר א מישפּאָכע־לעבן! דײַן מאַמען וואָלט עס ניט געווען צום האַרצן.

— איז וואָס זאָל איך טאָן? אוועקגיין פֿון טעאַטער?

העניע האָט געשוויגן.

יענעם אָוונט איז זי צום ערשטן מאָל נאָך דער מילכאָמע געווען אין טעאַטער. מע האָט ווידער געשטעלט „די פֿויקערן”, ווו יעלאַנסקאַיאַ האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל.

די מומע איז געזעסן אין לאָזשע. אין דער צײַט פֿון דער פֿאָרשטעלונג זײַנען אירע אויגן פֿול געווען מיט טרערן. און אין לעצטן אַקט, ווען נילאַ איז געפֿאַלן פֿונעם סוינעס א קויל, האָט די אַלטע שיר ניט געכאַלעשט, נאָר זי האָט זיך געהאַלטן מיט די לעצטע קויכעס, קעדיי ניט פֿאַרשעמען די פּלימעניצע.

זינט ס'האָט זיך אויסגעפֿונען די פּלימעניצע, איז העניען גאָר ניט צו דערקענען. גאָר אַן אַנ־דער מענטש! זי איז געוואָרן גיריק צום לעבן, מונטער, און באַריידעוודיק. הײַנט א בעריע — אַלץ ברענט אונטער די הענט.

— ווי א מענטש קאָן זיך עס ענדערן! — האָבן זיך געוווּנדערט די יונגע.

— ווען איר זעט זי פֿאַר דער מילכאָמע! — האָבן אף דעם געענטפֿערט די עלטערע. — איין בעריע אין דער וועלט געווען! הײַנט סאָ־ראַ לעבנסלוסטיקע! דער גרויסער בראָך האָט אף איר געווירקט! ניט געקאָנט זיך נעמען אין די הענט. צו א פֿילבאַרע נאַטור געווען! איצט איז זי א ביסל צו־זיך געקומען.

ווען די אַרטיסטן האָבן פֿאַרענדיקט די גאַסטראָלן, איז העניע אוועקגעפֿאָרן צוזאַמען מיט דער פּלימעניצע.

אין שטוב האָט זי דערווײַל אַרײַנגעלאָזט קוואַרטיראַנטן, און וואָס ווײַטער וועט זײַן, וועט ווײַזן די צײַט.

מירע לילינא

# פאול און גערטרודא

פאר מײַן אוועקפאָרן פון בערלין האָב איך געוואָלט באזוכן דעם פערגאמער אלטאר.

די דײַטשישע קאָמוניסטקע לאָטא, מײַנע א נאָענטע פרײַנדן, האָט גערן אונטערגענומען זיך צו זײַן מײַן גיד.

איך האָב ביז איצט ניט געקאָנט פארגעסן דאָס, וואָס אָסקאר האָט מיר נעכטן דערציילט. אָסקאר האָט דרײַ יאָר, פונקט ווי לאָטא, געארבעט אין דער אנטיהיטלערישער אונטערערד. לאָטא איז מיט ניסים געבליבן גאנץ און אומבארירט, אָסקאר אָבער איז ארײַנגעפאלן אין די לאפּעס פון דער געסטאפּאָ און איז בעערעך צען יאָר געווען א קאצעטניק אין די טויטלאגערן. נאָר אויך דאָרט האָט ער דרייסט און מיט ענערגיע געפירט דעם קאמף. מע האָט אים צוגענאָגלט צו דער וואנט ווי א קרייץ, אכזאָריש געמיימעסט, נאָר קיין זאך האָט אים ניט אײַנגעבראָכן.

לאָטא האָט מיט אינטערעס געהערט מײַן דערציילונג וועגן אָסקארן.

— א סאך פון אונדז האָבן דורכגעמאכט די שיווע־מעדורע־געהענעם פון די קאָנצלאגערן, — האָט לאָטא געזאָגט. — איך האָב צוויי פרײַנט פאול און גערטרודא. אָסקאר האָט כאָטש היפּש אָנגעזאלצן די היטלעריסטן, האָט ער געוווּסט, פארוואָס ער זיצט, פאול אָבער האָט נאָך ניט באוויזן צו טאָן עפּעס, ער איז א ייִד, האָט מען אים מיט זײַן גאנצן געזינד געכאפּט און ארײַנגעוואָרפן אין א לאגער. און דעמלט איז ער, דער פּאָשעטער פאלגע, דער געוויינלעכער שנײַדער, געוואָרן א העלד. איבעריקנס, פאול ווייסט נאָך ביז איצט ניט, אז ער איז טאקע א העלד. אויב דו ווילסט, וועל איך דיך באקאנען מיט זיי, מיט פאולן און מיט גערטרודע.

— א שײַלע, צי איך וויל! ווען?

— נו, כאָטש מאָרגן, — האָט געענטפערט לאָטא.

...איך האָב א קוק געטאָן אפן אלטאר, אף די געניִאלע פרעסקעס, וועלכע רינגלען אים ארום. איך האָב געטראכט וועגן דער אומשטערבלעכקײַט פונעם מענטשנס נעשאָמע, וועגן איר גרויסער קראפט. צי וועלן די קינפטיקע דוירעס זיך דערוויסן וועגן יענע, וועלכע האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן, וועלכע האָבן געקעמפט, ווי ריזן? ווער וועט זיי, אָט די ריזן, פארייביקן אין אזא מירמל, פון וואָס עס איז געשאפן געוואָרן אָט דער אלטאר? זיי האָבן פארדינט צו זײַן אומשטערבלעך.

איך זיץ בא לאָטען און הער איר דערציילונג וועגן דעם ייִדישן שנײַדער פאול. און איך טראכט, אז אלע קאפּצאָנים, יאָ, יאָ, די קאפּצאָנים — אָט דאָס וואָרט איז שוין פארשווונדן פון אונדזער לעקסיקאָן, און סארא טיפן זין עס האָט פארמאָגט! — איך כאזער איבער: אלע קאפּצאָנים, ווו זיי זאָלן ניט געבוירן ווערן, צי אינעם צארישן רוסלאנד, צי אינעם קײַזער־דײַטשלאנד אָדער ערגעץ אנדערש — האָבן געלעבט און זיך געמאטערט אף איין אופן.

א שווערע קינדהײַט האָט געהאט פאול. א קײַלעכדיקער יאָסעם — אָן א טאטן, אָן א מאמען, אָן קרוויווים — איין אליין, עלנט, ווי א שטיין. געהאָדעוועט האָט ער זיך אין א פּריִוט. פונעם פּריִוט האָבן אים גענומען צו זיך עפּעס גוטהארציקע מענטשן. זיי האָבן ראכמאָנעס געהאט אפן ייִנגל און גענומען אים אף האָדעווען און דערציִען. דערפאר וואָס זיי גיבן אים עסן, טרינקען, דערפאר, וואָס זיי לערנען אים, האָבן זיי באקומען געלט. די אפּעטראָפּסים האָבן גענומען געלט, און דאָס ייִנגל האָט געהונגערט, גאָרנישט ניט געלערנט, אומדערבארעמדיק עקספּלואטירט געוואָרן און געכאפּט נאָך קלעפּ. אָט אזוי איז דורכגעגאנגען זײַן קינדהײַט — אין דאלעס, דערנידעריקונג, הונגער, קלעפּ.

אז עס האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט־מילכאָמע, איז דאָס לעבן אין לאנד געוואָרן שווער. פאול איז פון א קינד א יאָסעם אריבער צו א שווער לעבן: ווידער ניט דערעסן, ניט דערשלאָפן. ער האָט זיך אָבער אויסגעלערנט א מעלאָכע, ער איז געוואָרן א שנײַדער, דערצו איינער פון די בעסטע שנײַדערס — ער האָט צום שנײַדער־פאך געהאט אן עמעסן טאלאנט און געטאָן זײַן ארבעט מיט ליבע.

— שוין נאָך דער באפרײַונג, — דערציילט לאָטא, — ווען פאול האָט שוין געהאט אין דער פולער מאָס די מעגלעכקײַט צו ארבעטן, איז ער געוואָרן איינער פון די בעסטע בערלינער שנײַדערס.

דעמלט איז ער געווען יונג, געזונט, האָט א סאך און גוט געארבעט און אָנגעהויבן לעבן ווי א מענטש. ער האָט כאסענע געהאט מיט זייער א שיין מיידל, געבוירן א זון. פאול האָט זײַן בכאָר ליב געהאט הייס, מיטן גאנצן הארצן.

נאָר... דאָ איז אָנגעקומען דער פאשיזם.

פאול איז א מענטש מיט א קאָפּ אף די פּלייצעס. ער האָט זיך גיך אָריִענטירט אין דער סיטואציע און האָט פארשטאנען, אז די היט־

לעריסטן ברענגען די ייִדן טויט. זיי ווע‍לן זיך ניט באַנוגענען מיט זידלערײַ און דערנידעריי־קונגען, זיי וועלן פיזיש אויסראָטן אלע ייִדן ביז איינעם — די מענער, פרויען, קינדער. דעריבער דאַרף מען וואָס גיכער אַנטלויפן פון נעם היטלערישן רײַך. נאָר וויאַזוי לויפט מען? מע מוז דאָך האָבן אַן אַרויסרוף פון אויסלאַנד און א סאַך געלט. היטלער האָט נאָך דעמלט יאָ געלאָזט די ייִדן אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, נאָר פאַר א גרויסער סומע אויסקויף־געלט.

פּאול האָט לאַנג געטראַכט, וועמען ער האָט אין אויסלאַנד. און ער האָט זיך דערמאָנט: ערגעץ אין ווײַטן כאַרבין האָט ער, דוכט זיך, קרויווים. האָט ער טעלעגראַפירט קיין כאַרבין.

צי וועלן זיך אָפּרופן די האַלב־פאַרגעסענע קרויווים, אָדער זיי וועלן זיך באַציִען גלײַכגילטיק צום אומגליק? צי וועלן זיי ראַטעווען?

זיי האָבן זיך יאָ אָפּגערופן! און פּאול האָט שוין אויף די הענט א דאָקומענט, וואָס איז אויסגעפורעמט לויט אַלע קלאָלים. אים, זײַן פרוי, זײַן זון האָט מען אַרויסגערופן קיין כאַרבין. דערצו געשיקט א גרויסע סומע געלט...

גייט פּאול אין דער פּאָליציי, טראָגט אַרײַן געלט פאַר זיך, פאַר זײַן פרוי, פאַרן זון — דאָס ייִנגל איז דעמלט אַלט געווען פערצן יאָר. צוגעשטעלט אַלע דאָקומענטן, פאָטאָגראַפיעס. קורץ, ער האָט אויסגעפילט אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט פון אים, און ער האָט גענומען גרייטן זיך אין וועג אַרײַן.

אינעם באַשטימטן טאָג איז פּאול אַוועק אין דער פּאָליציי נאָך א דערלויבעניש אויף אַרויספאָרן פונעם רײַך. דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט אויף אים אָנגעשטעלט א פּאָר פאַרכידעשטע אויגן: פּאול וויל דען צוויי מאָל באַקומען זײַנע דאָקומענטן?! איינמאָל האָט ער זיי דאָך שוין באַקומען! — און דער באַאַמטער האָט אים באַוויזן א דיק רעגיסטראַציע־בוך, וווּ עמעצער האָט זיך פאַר אים, פּאולן, אונטערגעשריבן.

די מײַסע איז געווען א גאַנץ פּאָשעטע: דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט עמעצן פאַרקויפט פּאולס דאָקומענטן.

דערלאַנגען אַן אָנקלאָגע? וווּהין?!

נאָך פּאולן איז מען געקומען. דאָס הויז צעראַבעוועט, אַלץ צעבראָכן, פּאולן מיטן געזינד אַוועקגעפירט קיין אָשווענטשים.

מע האָט זיי גלײַך צעשיידט: די מאַנצבילען — רעכטס, די פרויען און קינדער — לינקס. פּאול האָט געוואָלט נעמען דעם זון מיט זיך — שוין א דערוואַקסן ייִנגל, זעט ניט אויס ווי א קינד. נאָר די מאַמע האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן דעם זון. ביז איצט קאָן זיך פּאול ניט מוחל זײַן: פאַרוואָס איז ער ניט באַשטאַנען, אַז דער זון זאָל גיין מיט אים. אים דוכט זיך, אַז אין אַזאַ פאַל וואָלט דער זון געבליבן לעבן.

פּאולס פרוי מיטן ייִנגל זײַנען פאַרסאַמט געוואָרן אין דער גאַז־קאַמער, פאַרברענט געוואָרן אין קרעמאַטאָריע. פּאול איז מיט ניסים געבליבן לעבן.

ווען דאָס סאָוועטישע מיליטער האָט צעפּראַלט די טויערן פון די טויט־לאַגערן און פּאול איז אַרויס אויף דער פרײַ, איז ער געווען אַזוי דאַר און קוואַר, אַז אים האָט זיך געדוכט, אַז זײַן לעבן איז שוין געענדיקט. אין אַזאַ צושטאַנד האָט אים דערזען די פּאָשעטע דײַטשישע פרוי, די גוטע, האַרציקע גערטרודאַ. זי האָט אים אומגעקערט צום לעבן און מיטן גאַנצן האַרצן זיך צוגעבונדן צו אים. אינגיכן האָבן זיי חתונה געהאַט און בײַ זיי איז געבוירן געוואָרן א זון — זייער האָפענונג, טרייסט און פרייד. ער איז שוין אויסגעוואַקסן, דאָס ייִנגל, ער האָט שוין אָפּגעדינט זײַן צײַט אין דער פאָלקס־אַרמיי, און איצט אַרבעט ער, לעבט צוזאַמען מיט די עלטערן.

אָט דאָס האָט מיר דערציילט לאָטאַ. איר דערציילונג האָט געמאַכט אויף מיר א שטאַרקן אײַנדרוק. איך האָב נאָך ניט באַוויזן קומען צו־זיך, ווי מיר האָבן שוין געשפּאַנט אויף הויכע הילצערנע טרעפּ. פון אויבן, אַנגעשפּאַרט אויף די פּאָרענטשעס, האָט אויף אונדז געוואַרט פּאול. א הויכער, א דאַרלעכער, מיט א קרענקלעך אויסזען, אָבער די אויגן שײַנען און שמייכלען.

גערטרודאַ — א מילדע, באַשיידענע פרוי, איז געשטאַנען א פאַרשעמטע. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן נעמט זי אויף אַלס גאַסט אַן אויסלענדערן, דערצו נאָך פון סאָוועטנפאַרבאַנד. גרייטנדיק זיך צו מײַן וויזיט, האָט גערטרודאַ טעלעפאָנירט לאָטען: זי האָט ניט געוווּסט, ווי צו פאַרקאָכן טיי אַזוי גוט, ווי די רוסן. אין רוסלאַנד, האָט זי געהערט, טרינקט מען טיי, ניט קיין קאַווע. לאָטאַ האָט איר געגעבן די נייטיקע אָנווײַזונגען.

דער טיי איז פאַרקאָכט געוואָרן גרויסאַרטיק. איך האָב אים אופריכטיק געלויבט. גערטרודאַ האָט זיך דערפרייט, באַלד איז פאַרשוווּנדן איר פאַרשעמטקײַט, זי איז געוואָרן לעבעדיק. איצט איז געווען לײַכט פאַרצושטעלן זיך, סאַראַ כיינעוודיקע זי איז געווען אין יענע ווײַטע יאָרן, ווען זי האָט זיך באַגעגנט מיט פּאולן.

אָט אַזוי האָט באַם טיי זיך לײַכט פאַרפירט א געשפּרעך.

דער טיש האָט זיך געבראָכן פונעם רײַכן קיבעד, וואָס גערטרודאַ האָט צוגעגרייט. אַז פּאול האָט דערזען, ווי איך בלאָנדזשע אַרום צווישן די מײַכאָלים און לייג אַרײַן אין מײַן טעלער ווײַט ניט דאָס בעסטע, האָט ער, אַן אַנטוישטער, געפרעגט: — פאַרוואָס? פאַרוואָס נעמט איר ניט דאָס, יענץ, אָט די לעבער, וואָס איז אַזוי געשמאַק?..

איך האָב אים דערקלערט: זײַט רויִק, איך עס אַלץ, אַלץ. אָבער נאָר מיט די אויגן. אַנדערש קאָן איך ניט, דער דאָקטער געוועלטיקט איבער מיר.

— איצט פאַרשטיי איך! איך ווייס, ווי מע עסט מיט די אויגן... — האָט זיך צעלאַכט פּאול. — אַז איך בין געווען אין לאַגער, האָב איך זיך אויסגעלערנט צו עסן מיט די אויגן. אָט אַזוי האָט פון א ביטערער כאָכמע זיך

אָנגעהויבן א שמועס וועגן דער פאַרגאַנגענהייט.

פאול האָט פאַרקאַשערט די אַרבל. אַף דער האַנט איז בײַ אים געווען אויסגעברענט א נומער, מיט וועלכן ער איז געווען פאַרעגיסטרירט אינעם היטלערישן געהענעם: 105310.

ער האָט געוואָרפן א בליק אַף דער האַנט, וואָס איז געווען געשטעמפּלט מיטן עקלהאַפטן שטעמפּל, און א פאַרדריסלעכער שמייכל האָט פאַרקרימט זײַנע ליפּן. זיי, זײַנע טאַליאָנים, האָסט ער אויך איצט! ער לאַכט אָבער פון זיי — ער האָט זיי איבערגעלעבט, ער האָט אויך דעמלט געוווסט, אַז ער וועט זיי איבערלעבן. לעבן בלײַבן אום יעדן פּרײַז, לעבן בלײַבן און זען, מיט די אייגענע אויגן זען זייער אומקום! אָט דאָס האָט באַהערשט אַלע זײַנע געדאַנקען, אַלע זײַנע געפילן. א מענטש מיט אַזאַ פרידלעכן פּאַך, א שנײַדער, א גוטער פאַמיליען־מענטש, האָט פּלוצעם דערפילט אין זיך א שלאַל קויכעס. דאָס האָט דער האַס זיי גענערט, די קויכעס, צעצונדן זיי, דערפירט מאַמעש ביז פאַנטאַזיע. ווען אין אים וואָלטן ניט אופגעברויזט אַזעלכע אינערלעכע קויכעס, וואָלט ער דען געבליבן לעבן?! ער וואָלט אומגעקומען נאָך פריִער, איידער עס וואָלט צו אים דערגאַנגען די ריי אָפּגעשיקט צו ווערן אין דער גאַז־קאַמער. מיט די אופגעברויזטע קויכעס איז פאול פּייִק געוואָרן צו אַלץ — ער האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן!

דאָס איז געווען אַן אומזין — ווּהין האָט א ייִד אין אַרעסטאַנטישע בעגאָדים מיט אַן אויסגעברענטן נומער אַף דער האַנט 105310 געקאָנט לויפן אינעם היטלערישן רײַך? פאול האָט וועגן דעם ניט געטראַכט. ער האָט געברענט פון האַס. און פונעם דראַנג צום לעבן. ער איז געלאָפן.

א גרופּע קאַצעטניקעס האָט מען איבערגעפירט פון איין לאַגער אין א צווייטן. פאול איז אַרויסגעשפּרונגען פון צוג.

ווײַט לויפן האָט ער ניט געקאָנט. מע האָט אים באַלד געכאַפּט, געשלאָגן מאַקעס רעצעך, לאַנג און אָן ראַכמאָנעס. נאָר ער איז געווען יונג און געזונט, אין אים האָט געפלאַקערט דער האַס — האָט ער די קלעפּ אויסגעהאַלטן, איז געזונט געוואָרן.

פון לאַגער אַנטלויפן קאָן מען ניט. עס האָט זיך געדוכט — שוין געקומען דער סאָף. אין לאַגער האָט מען געפּײַניקט מיט הונגער, געקאָרמעט מיט פוילן אָפּפאַל, נאָר אויך דאָס האָט מען געגעבן אַזוי ווייניק, אַז מענטשן זײַנען געשטאָרבן פון א הונגער־טויט. דעמלט האָט דאָס פאול אָנגעהויבן פאַרפאַסן אין געדאַנק פאַרשיידענע מײַכאָלים, די סאַמע געשמאַקע, און געגעסן זיי...

— איר ווייסט, אַז אַזוי קאָן מען זיך לאַנג האַלטן, — זאָגט פאול, — די יאָגן אין אינדזע קומען דאָך אויס אָן עסן...

— האַ, די יאָגן, — האָט מיט א קרעכץ איבערגעשלאָגן גערטרודאַ. — איר וואָלט זען, וואָס פאַר א פּאָנעם ער האָט דעמלט געהאַט, אָט דער יאָג...

— אויב ריידן ערלעך, — האָט א שמייכל געטאָן פאול, — איז מיר, ניט געקוקט אַף די אַלע דעליקאַטעסן, וועלכע איך האָב פאַרפאַסט אין געדאַנק און מיט וועלכע איך האָב זיך דערנערט, — געבליבן ביזן סאָף גאַנץ ווייניק... גאָר ווייניק, — האָט ער איבערגעכאַזערט. — און ווען ניט די סאָוועטישע סאָלדאַטן, וואָלט איך שוין לאַנג אַף דער וועלט ניט געווען.

גערטרודאַ האָט זיך אופגעהויבן, אַרויסגענומען פון אַלמער די שרעקלעכע פּאַספּאָרטן פון די היטלערישע צײַטן. אַף די דאָזיקע שענדלעכע דאָקומענטן, וועלכע זאָגן איידעס, אַז זייערע באַלעבאַטים געהערן צו דער נידעריקסטער ראַסע, זײַנען געווען אָנגעקלעפּט פאָטאָגראַפיעס. די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס פון מענטשן, וועלכע זײַנען נאָך מיט דרײַסיק יאָר צוריק אומגעקומען, האָבן אויסגעזען אַזוי לעבעדיק, ווי זיי וואָלטן ערשט נעכטן געקוקט אינעם אָביעקטיוו פונעם פאָטאָ־אַפּאַראַט.

אָט איז דאָס ייִנגל, וואָס איז אומגעקומען פון די הענט פון די היטלעריסטן, — פאולס זון. ער איז ניט ענלעך אַפן טאַטן. בײַ פאולן איז דאָס פּאָנעם א לענגלעכער אָוואַל, קלאָרע, שאַרפע שטריכן, בײַם זון — א קײַלעכיק פּענעמל, קינדעריש אָנגעבלאָזענע ליפּן, א הויכער שטערן, געדיכטע שוואַרצע האָר.

— און דאָס איז די פאָטאָגראַפיע פון אונדזער זון, ווען ער האָט געדינט אין דער אַרמיי אַלס סערזשאַנט, — האָט לעבהאַפטיק זיך צערעדט גערטרודאַ. — דער זון האָט באַדויערט, וואָס ער האָט ניט געקאָנט בלײַבן הײַנט אין דער היים. אים האָט זיך זייער געוואָלט באַקענען זיך מיטן סאָוועטישן גאַסט. אָבער גראָד הײַנט אַרבעט ער אין אָוונט — גערטרודאַ האָט מיר דערלאַנגט זײַן פאָטאָגראַפיע, פון וועלכער עס האָט אַרויסגעקוקט זייער א סימפּאַטישער יונגער סערזשאַנט אין דער פולער פּאַראַד־אוניפאָרם, מיט רעגאַליעס און אַן אַקסעלבאַנד. ווי נאָר איך האָב אַף אים א קוק געטאָן, האָב איך דערפילט, אַז עס שטיקט מיך אין האַלדז. נאָך א רעגע, איך וועל זיך ניט אײַנהאַלטן און זיך צעוויינען. איך האָב אויסגעמיטן צו קוקן אַף פאולן.

דער סערזשאַנט איז געווען זייער ענלעך אַף זײַן עלטערן ברודער. דאָס זעלבע קײַלעכיקע פּאָנעם, דער זעלבער שטערן, די זעלבע האָר און פּונקט אַזעלכע קינדערשע אָנגעבלאָזענע ליפּן. ווי יענער וואָלט גאָר ניט אומגעקומען. ווי ער וואָלט אויסגעוואַקסן און געוואָרן עלטער.

צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען אין פאולס אויגן א טיפן טרויער.

— איין פּאָנעם, — האָט געזאָגט פאול ניט אַף דײַטש, נאָר אַף ייִדיש.

— איין פּאָנעם, — האָב איך איבערגעכאַזערט, פאַרגעסנדיק, אַז לאָטאַ און גערטרודאַ האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס מיר

ריידן... — דאָס איז ער, פּאול, ער איז אויסגע־וואקסן.

פּאול האָט מיט ביטערניש געשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער שנעל און לעבהאפטיק גענומען ריידן וועגן עפּעס אנדערס. מיט גרויס אינטערעס האָט ער בא מיר פאנאנדערגעפרעגט וועגן דעם סאָוועטנפארבאנד, וועגן מאָסקווע. געהערט האָט ער מײַנע רייד מיט גיריקער אופמערקזאמקײַט, מיט אופריכטיקער, הייסער סימפּאטיע צו מײַן לאנד...

— איך בין אלט שוין 65 יאָר, — האָט גע־זאָגט פּאול און אין זײַנע אויגן האָבן זיך צע־שײַנט קלוגע פײַערלעך, וועלכע גייען זייער צו אים, מאכן אים ייִנגער. — אָבער מײַן לעבן, קאָן מען זאָגן, האָט זיך אָנגעהויבן אין 1945, ווען די סאָוועטישע סאָלדאטן האָבן מיך באַ־פרײַט. אזוי, אז איך בין נאָך יונג, — ער האָט זיך צעלאכט.

אפן געדאנק איז אופגעקומען א פראגע: צי איז ער דאָס דער אײַזערנער מענטש, וועמען קיין זאך האָט ניט געקאָנט אײַנברעכן און וואָס איז אזוי פול מיט הייסן אינטערעס צום לעבן, צו מענטשן, צי איז ער דאָס דורכגעגאנגען אלע זיבן פּײַניקונגס־קאמערן פונעם היטלע־רישן געהענעם? ער, מיטן נומער 105310?

עס איז מאמעש א גליק, וואָס אף דער וועלט לעבן מענטשן, וועלכע, ניט געקוקט דערוף, וואָס זיי זײַנען אויסגעשטאנען אומגעהערטע ליידן, דערנידעריקונגען, פּײַניקונגען, האָבן זיי פארהיט אין זיך אין דער אומבארירטער ריינ־סטער פאָרם די לעבעדיקע, קלוגע און גוטע נעשאָמע. ווי דאנקבאר בין איך לאָטען, וואָס זי האָט מיך באקאנט מיט פּאולן און גערטרודא, די אופריכטיקע פרײַנט פון מײַן לאנד.

---

# בראָניק

יידישע פאָלקסלידער אין דער אויספילונג פון זינאָווי שולמאן

די אלפארבאנדישע מוזיק־פירמע „מעלאָדיע" האָט ארויסגעגעבן א לאנגשפּילנדיקן גראמאָפאָן־פּלאט „עס זינגט זינאָווי שולמאן".

די ליבהאָבער פון ייִדישער מוזיק וועלן באקומען 12 לידער פון ז. שולמאנס רעפּערטואר, צווישן זיי: „בין איך מיר א שנײַדערל", „מאשקע", „ווארנעטשקעס", „דאָס פאסטעכל", „די גאָלדענע כאסענע", „אוי, מאמע, שלאָג מיך ניט" און אנד.

דער קינסטלערישער קאָנווערט צום גראמאָפאָן־פּלאט איז איליו־סטרירט מיט א פּאָרטרעט פונעם זינגער און מיט קורצע ידיעס וועגן זײַן שעפערישער ביאָגראַ־פיע.

זינאָווי שולמאן איז געבוירן גע־וואָרן אין 1904 אין אָדעס. אלס זינגער איז ער באקאנט פון 1922. אין 1933 פארענדיקט ער דעם מאָסקווער מעלוכישן אינסטיטוט פון טעאטראלער קונסט און קומט אָן אין אָפּערע־טעאטער אפן נאָ־מען פון ק. ס. סטאניסלאָווסקי.

פון 1935 הייבט ז. שולמאן אָן ארויסטרעטן מיט סאָלאָ־קאָנצערטן. זײַן רעפּערטואר באשטייט פון לידער פון די פעלקער פון סאָ־וועטנפארבאנד און פון אָפּערע־אריעס. באזונדערס פאָפּולער ווערט ער נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעהויבן אין 1937 ארויסטרעטן מיט ייִדישע לידער.




■ ■ ■

# שיין איז דער בלויער הימל

## דאָס הירשעלע

עס האָט די הירשעלע זיך אײַנגעמידט פֿון טאָג און הייסער זון
און איז אוועק זיך אָפּרוען צום קילן זומפּ.
עס האָט איר הירשעלע זיך ערשט צעשפּילט אין וואַלד,
און ס'האָט זײַן יונגע לוסטיקייט געשאַלט.
אָט אָפּגעשטעלט עס האָט זיך אַף אַ ווײַל
און איז געבליבן מיט דער אומבאַקאַנטער ווײַט,
און ווידער ווי פֿון שלאָף זיך אופגעוועקט,
דאָס פּעלעכל געציטערט האָט פֿון שרעק.
דאָס הירשעלע געמיינט האָט, אַז באַם שטיין
און באַ דעם בוים אַ וואָלף עס שאַרפֿט די ציין.
די אויגן באַ דעם וואָלף אַ גרינער פֿלאַם איז,
עס שרײַט דאָס הירשעלע דאָס צאַרטע: „מאַ־מע!״

## די מאַמע דערציילט

די מאַמע דערציילט:
אַף אַ צעבליטער בייט
האָב איך אײַנמאָל געפֿונען
אַ קווייטעלע פֿרייד.
עס האָט, ווי אַ פּײַערל,
ליכטיק געברענט,
און ס'האָט ווי געבעטן:
מיך נעם אין די הענט.

און כ'האָב עס גענומען,
ווי אַ ריינעם בריליאַנט,
און אין כיין־גריבל דײַנעם
איך האָב עס פֿאַרפּלאַנצט.
און שטענדיק איך פֿריי זיך,
ווען ס'קווייטעלע בליט —
דער ליכטיקער שמייכל
מײַן קינד, אַף דײַן ליפּ...

## פּ אַ ר נ אַ כ ט

עס לעשט זיך דאָס האַרבסטיקע גאָלד אַף די צווײַגן.
ס'הענגט אוף זיך אין רוים אַ פֿאַרלאָשענע שאָ.
איך גיי און איך גיי, און עס גלוסט זיך מיר שווײַגן,
כוטש נאָקעטע ביימער איז גאָרנישט ניטאָ.

נאָר כ'זע, ווי דורך ווײַטע פֿאַרנאַכטיקע וועלטן
פֿון מיר טראָגט אוועק דיך, מײַן מיידל, דער באַן.
כ'בלײַב שטיין מיט מײַן ליבע אין עק פֿון אַ וועלדל
און זע, ווי פֿון ווײַטן צו מיר טוסט אַ שפּאַן.

## מײַן שטאָט

כ'בין מיט האַרץ און מיט מײַן זינען
צוגעבונדן צו מײַן שטאָט —
צו וולאַדימירס בערגל גרינעם
און צו יעדן בוים אין סאָד,
צו די אויסגעפּוצטע הײַזער,
אויסגעליכטיקטע פֿון טאָג,
וווּ מיט זון־פֿראָנטאָנען ווײַסע
שמייכלען מיר פֿון יעדן שטאָק.
און ווען ס'צינדן אָן באשטאנען
צווײַגן זייערע מיט צוויט,

דאַכט זיך, אַז מיט ווײַסע פֿלאַמען
האָבן גאַסן זיך צעבליט.
עפּשער פֿונעם דניעפּער גרעסער
ערגעץ איז פֿאַראַן אַ טײַך,
נאָר באַ מיר איז ער דער בעסטער,
און צו אים איז קיינער גלײַך.
שיין איז מיר דער בלויער הימל,
יעדעס ביימל אינעם סאָד,
יעדעס גרעזל, יעדעס בלימל, —
קיִעוו הייסט מײַן שיינע שטאָט.

■ ■ ■

ליטעראַטור־קריטיק
ביבליאָגראַפיע
פראַגן פון קונסט

יִסראָעל סערעבריאַני

# דער יונגער גורשטיין וועגן דעם יונגן מענדעלע

דער פאַרהיטער מאַנוסקריפּט פון דעם העלדיש אומגעקומענעם סאָוועטישן ייִדישן ליטעראַטור־פאָרשער א. גורשטיין „אייניקע באַמערקונגען וועגן דער שפּראַך און סטיל פון פריִיִקן מענדעלע, אויסצוגן פון א גרעסערער אַרבעט", — דאָס איז א פאָרשונג פון דעם פריִיִקן גורשטיין וועגן פריִיִקן מענדעלע.

אַרן גורשטיינס אינטערעס צו דער ייִדישער קלאַסיק, באַזונדערס צו מענדעלען, ווי צום גרונטלייגער פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דאַן, ווען דער פאָרשער האָט געשטעלט זײַנע ערשטע טריט און געשריבן קימאַט אויסשליסלעך אין רוסיש.

די „באַמערקונגען" זײַנען אָנגעשריבן, אַן ערעך, אין יאָר 1926. אין 1927 איז שוין געווען פאַרטיק די גאַנצע אַרבעט: „דער יונגער מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די 60־ער יאָרן", וואָס איז פּובליקירט אין די קיִעווער „שריפטן" אין 1928. דאָרט איז אויסגענוצט די דאָזיקע ערשטע אַרבעט, וועלכע דער ·אַווטאָר פאַרצייכנט אין זײַן קורצן אַרײַנפיר ווי א „זשורנאַל־אַרטיקל".

די אַרבעט איז אָנגעשריבן מיטן געוויינלעכן פּערל־קסאַוו פון א. גורשטיין, אין א שילערהעפט, און זי האַלט דאָרטן 20 זײַטלעך, איז צעטיילט אַף 5 קאַפּיטלעך מיט א קליינער האַקדאָמע. מיר געפינען דאָ באַאָבאַכטונגען איבער מענדעלעס לעקסיק, פראַזעאָלאָגיע, מעטאַפאָרן, עפּיטעטן, איבער אייניקע גראַמאַטישע דערשײַנונגען פון דעם טעקסט פון דער ערשטער אויסגאַבע פון „פישקע דעם קרומען".

אין זײַן שפּעטערדיקער, גאַנצער אַרבעט — „דער יונגער מענדעלע..." נוצט שוין גורשטיין אויס אַלע מענדעלעס ווערק, ווי אויך זייערע וואַריִאַנטן פון די 60־ער יאָרן (אויסער דער „טאַקסע"): „דאָס קליינע מענטשעלע", „דאָס ווינטשפינגערל", „פישקע דער קרומער". דאָ גיט שוין דער פאָרשער א ברייטערע אָפּהאַנדלונג פון מענדעלעס אידייִש־קינסטלערישער אַנטוויקלונג אין קאָנטעקסט פון די 60־ער יאָרן, פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישער און שפּראַכלעכער טראַדיציע, אַפּן פאָן פון דער „וועסנע־צײַט" (מענדעלעס אַן אויסדרוק), אַדאַנק די „גרויסע רעפאָרמעס" פונעם 1861, און טיילווײַז אין פאַרבינדונג אויך מיט דער רוסישער פּראָגרעסיווער דעמאָקראַטישער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג.

אין איינער פון זײַנע באַמערקונגען צום „יונגן מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די זעכציקער יאָרן" שרײַבט גורשטיין:

„מיר לאָזן דאָ אינגאַנצן אָן א זײַט די פּראָבלעם פון ליטעראַרישע „אײַנפלוסן" אינעם שאַפן פונעם יונגן מענדעלע. מיר ווילן דאָ בלויז פאַרצייכענען, אַז דער יונגער מענדעלע האָט אין זיך טיף אײַנגעזאַפּט די שטימונגען פון דער רוסישער ליטעראַטור (און פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכקײַט) פון זײַן צײַט. אַף מענדעלען האָבן געווירקט שטשעדרין, גאָגאָל. מענדעלע איז געווען ווי אײַנגעוואָרצלט אין דער אַרומיקער רוסישער ליטעראַטור־אַטמאָספער, און עס איז אינטערעסאַנט, וואָס די דאָזיקע רוסישע ליטעראַטור־סוויווע איז געווען פאַר מענדעלען א מין „טראַנזיט"־סוויווע אויך פאַר אייראָפּעיִשע „אײַנפלוסן". מע קאָן בעפייִרעש באַצייכענען אינעם שאַפן פונעם יונגן מענדעלע (אין „פישקע דעם קרומען") געוויסע ליטעראַרישע „רעמיניסצענצן", לעמאָשל, פון וויקטאָר הוגאָ (אַף דעם האָט דער ערשטער אָנגעוויזן שאָלעם־אַלייכעם), און א דערקלערונג („אַן אויסערלעכע") פאַר דער דאָזיקער דערשײַנונג קאָן מען געפינען דערין, וואָס הוגאָ איז געווען ביז גאָר פּאָפּולער אין דער רוסישער זשורנאַליסטיק אין די 60־ער יאָרן" (ציטירט פון גורשטיינס א מאַשינקע־מאַנוסקריפּט).

די אַרבעט פון א. גורשטיין „אייניקע באַמערקונגען" פּרעטענדירט ניט אַף וועלכע־ניט־איז גרויסע פאַראַלגעמיינערונגען בענעגייע מענדע־

לעס שאַפן. דער אווטאָר וואָרנט אונדז אין זײַן קורצן אַרײַנפיר, אַז ער וועט „זיך באַגרענעצן בלויז מיט איינצלנע באַזונדערע באַאַבאַכטונגען איבערן טעקסט פון דער ערשטער אויסגאַבע פון „פישקע דעם קרומען" (זשיטאָמיר, 1869), דערבײַ וועט דאָס שאַפן פונעם פרײַזיקן מענדעלע באַטראַכט ווערן... אַן אונד פיר זיך, אין דעם, אַזוי צו זאָגן, האָריזאָנטאַלן פלאַך, אָן דער פערספּעקטיוו פונעם קומענדיקן רײַפן מענדעלע".

אָט די געבראַכטע אָנווײַזונגען פונעם אווטאָר און נאָך א ריי ענלעכע דאַרפן גענומען ווערן אין אַכט באַם אָפּשאַצן די דאָזיקע אַרבעט. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אייניקע אינטערעסאַנטע סיסטעמאַטיזירטע פאַקטן, באַאַבאַכטונגען און קאָנסטאַטאַציעס, וועלכע האָבן אין די שפּעטערדיקע אַרבעטן פון א. גורשטיין באַקומען א געהעריקן סינטעטישן טיקן, א ווײַטערדיקע פּרינציפּיעלע באַהאַנדלונג און פאַרטיפונג. נאָר אויך אין דעם צושטאַנד, גלייבן מיר, האָט די דאָזיקע אַרבעט א באַשטימטן אינטערעס פאַר אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג און לינגוויסטיק און פאַרן אַקטיוון לייענער. זי שפּיגלט אָפּ די ערשטע טריט פון גורשטיינס וויסנשאַפטלעכער ליטעראַרישער אַרבעט, זײַן אייגנאַרטיקע מעטאָדיק באַם זאַמלען און פאַרנאָטירן דעם מאַטעריאַל, זײַן געוויסנהאַפטע באַציִונג צו די ליטעראַרישע פאַקטן און ביכלאַל זײַן שעפערישע לאַבאָראַטאָריע.

אָט שוין דער עצם פאַקט, וואָס גורשטיין האָט זיך גענומען פאַר דער אַרבעט איבערן יונגן מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די 60־ער יאָרן, זײַן פאַרטיידיקן די קינסטלערישע אויפטועו פון מענדעלען אין דעם דאָזיקן פעריאָד, זײַן אַרגומענטירן די פּאָזיטיווע ראָל פון די „סלאַוויזמען" באַ מענדעלען אין יענער צײַט, — אין דעם אַליין איז שוין געווען א היפּשער פּרינציפּיעלער בײַטראָג צו דער יונגער סאָוועטישער יידישער מענדעלע־פאָרשונג.
גורשטיין שרײַבט אין דעם קאַפּיטעלע וועגן מענדעלעס לעקסיק:

„אַזאַ איז ער געווען דעמאָלט, דער צושטאַנד פון אונדזער ליטעראַרישער (און גערעדטער) שפּראַך. צי איז דאָס געווען גוט, צי שלעכט, איז עס אונדז אַצינד ניט נויגייע, מיר ווילן דאָ נאָר זאָגן, אַז דער שפּעטערדיקער „יידישיזם" איז געווען צו ריגאָריסטיש אין זײַן באַציִונג צו די „סלאַוויזמען", אַלע יעוואַנים האָבן געהאַט פאַר אים איין פּאָנעם. און ער האָט אָפּטמאָל ניט געקענט אונטערשיידן א גער פון א טוישעוו צווישן די דאָזיקע „סלאַוויזמען", צופעליקס פון אָרגאַנישן און אַלטגעזעסענעם. אַזוי אָדער אַנדערש, — די סלאַוויזמען באַם פרײַזיקן מענדעלע דאַרפן אופגענומען ווערן אָפּן אַלגעמיינעם פאָן פון אונדזער דעמלטיקן וואָרט־אויצער".

די ווײַטערדיקע געשעענישן, די ליטעראַטור־אַנטוויקלונג האָבן פאַר גורשטיינען, ווי פאַר דער גאַנצער סאָוועטישער ליטעראַטור־וויסנשאַפט, נאָך מער אַנטפּלעקט דעם עמעסן זין פון דער דאָזיקער „ריגאָריסטישער" באַציִונג מיצאַד די „יידישיסטן" צו מענדעלעס „סלאַוויזמען" און ביכלאַל צו זײַן וויכטיקן שעפערישן פעריאָד אין די 60־ער יאָרן.

אַרום דער פּראָבלעם פון די מענדעלע־וואַריאַנטן האָט זיך באַ אונדז א געוויסע צײַט שפּעטער פאַנאַנדערגעוויקלט א גאַר הייסע פּאָלעמיק צווישן אונדז און דער אויסלענדישער בורזשואַזער ליטעראַטור־קריטיק. די דאָזיקע פּראָבלעם האָט ווײַט איבערגעשפּאַנט די ראַמען פון א ריין־ליטעראַרישער. אייניקע פאָרשער האָבן זיך באַמיט אײַנגאַנצן אָפּצולייקענען דעם קינסטלערישן ווערט פון מענדעלעס ערשטע וואַריאַנטן פון זײַנע גרונט־ווערק אין די 60־ער יאָרן. דער הויפּט־אַרגומענט, וועלכן זיי האָבן אַרויסגערוקט, איז געווען א פּאָליטיש און אידייִש צילגעווענדעטער און רעאַקציאָנערער. מענדעלעס ווערק פון דעם פעריאָד, — האָבן זיי דערקלערט, — זײַנען שוואַך דערפאַר, ווײַל אין זיי פאַרנעמט א גרויס אָרט דער, אַזוי צו זאָגן, פּובליציסטישער מיין און די אויפקלערערישע טענדענץ, און ווײַל אין אַזעלכע „שטורעם־און דראַנג־פעריאָדן", ווי די 60־ער יאָרן, איז ביכלאַל ניט מעגלעך געווען די רויִקע, אָלימפּישע, ריין־קינסטלערישע שאַפונג. אין אַזעלכע, הייסט עס, צײַטן קאָן מען נאָר שרײַבן סאָציאַלע סאַטירעס, אַגיטקעס און ביכלאַל אַנטיליטעראַריסטישע, ניט אַזעלכע קינסטלערישע ווערק, וועלכע האָבן צו טאָן מיט דער אייביקײַט, בקיצער, — די אַלטע מײַסע: „ווען עס ריידן די וואָפן, שווײַגן די מוזעס".

דער אינטערעס פון אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג צו מענדעלעס עוואָלוציע אין די 60־ער און 70־ער יאָרן האָט דאַן געהאַט פאַר אונדז א ביז גאָר אַקטועלע באַדײַטונג. די רעאַקציאָנערע באַהויפּטונגען פון די אויסלענדישע „טעאָרעטיקער" האָבן אויך געשפּײַזט די פאַרשיידענע „היימישע" ליקווידאַטאָרישע „אַוטילטעאָריעס. פאַרשטענדלעך, אַז די ווײַטערדיקע מעכטיקע אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט בעמיילע אָפּגענומען די אַלע פאַרעלטערטע, וווּלגאַריזאַטאָרישע, רעאַקציאָנערע באַהויפּטונגען.

אינטערעסאַנט זײַנען גורשטיינס באַאַבאַכטונגען איבער מענדעלעס פּאָעטיק פון די 60־ער יאָרן, דאָס פאַנאַנדערקוקן מענדעלען, ווי א רינג אין דער „ליטעראַרישער טראַדיציע" פון יענער צײַט, און באַגלײַך מיט דעם — מענדעלעס גרויסע נאָוואַטאָרישע אופטועו.

דאָס טראַדיציאָנעלע און קאַנאָנישע זעט גורשטיין אין מענדעלעס שפּראַך, אין זײַן לעקסיקאָן, — די פּילצאָליקע סלאַוויזמען, ווי א כאַראַקטעריסטישער קען־צייכן פון אונדזער דעמלטיקער „טראַדיציע", סײַ אין דער ליטעראַרישער שפּראַך, סײַ אין דער גערעדטער שפּראַך... „כוץ די ליטעראַרישע ווערק פון מענדעלעס צײַט־כאַווירים, האָבן מיר אין דעם דאָזיקן פּראַט אַזאַ אויסגעצייכנטן און באַגלייבטן

אײדעס, װי דער מערקװירדיקער לעקסיקאָגראַף י.־מ. ליפשיץ, װעלכער האָט צוזאמענגעקליבן אין זײַנע װערטערביכער א באַדײַטנדיקן װאָרט־אויצער פון דעם דעמלטיקן פאָלקס־ייִדיש"...

דאָס טראַדיציאָנעלע איז קענטיק אויך אין מענדעלעס פראזעאָלאָגיע, פריִער פאר אלץ אין דעם געברויכן דאָס שפריכװאָרט. װײַטער שפילט דאָ א געװיסע ראָליע דער העברעיִשער פראזעאָלאָגישער מאטעריאל (דער פאָסעק). „ביידע קאנאָנען"... האָבן א פארשיידענע סאָציִאלע נאטור.

„דעם העברעיִשן קאנאָן האָט מענדעלע מיטגעבראכט פון דער לאמדאָניש־אינטעליגענטישער סװיװע, פון װעלכער ער איז געקומען..."

„נאָך עפשער בוילעטער װי אומעטום טרעט ארויס די „טראדיציאָנעלקײַט" פונעם פריִיקן מענדעלע אין די סטיליסטישע מיטלען זײַנע, אין דעם עפיטעט, אין דער מעטאפאָרע, אין דער פארגלײַכונג". מענדעלע איז דאן אין סטיליסטישן זין „עפיטעטלאָז". זײַנע עפיטעטן זענען אויס װי פאָשעטע אטריבוטן: אן אלטע שקאפע, א הויכע, א דארע... („פישקע דער קרומער"). די זעלבע אייגנשאפטן האָבן אויך זײַנע פארגלײַכונגען, „מערסטנטייל שפראכלעכע (רויט, װי א צװיק)". אויך די „ברייטערע מעטאפאָרע", דער גראם, די אליטעראציע זײַנען טראדיציאָנעלע.

„און נאָר אין פייזאזש פארשװינדט באם פריִיקן מענדעלע — די שפראכלעכע „פארגלײװערטקײַט" פון טראדיציאָנעלע „פאָרמולעס", און סע לעבט אוף די ברייישעסדיקע מעטאפאָרישקײַט, ס'קומט א פרישער עפיטעט, א פרישע פארגלײַכונג.

דערמיט אָבער ענדיקט זיך די נאָענטקײַט צװישן די ביידע טראדיציעס — צװישן דער ליטערארישער און שפראכלעכער. ס'הייבט זיך אָן דאָס דערציילן, ד. ה. דאָס באזונדער־ספעציפישע אין דער ליטעראטור, און מיר בלײַבן שוין בלויז אין רוים פון „ליטערארישער טראדיציע".

•

אפן גרונט פון מענדעלעס שאפן פון די 60־ער און 70־ער יאָרן שטעלט פעסט גורשטיין אייניקע עלעמענטארע מאָטיװן, װעלכע „כאזערן זיך איבער קימאט בא אלע זײַנע ליטערארישע צײַט־כאװײרים":

דער מאָטיװ פונעם כסידישן רעבע און זײַן קנופיע, פון אָבערגלויבן און קישעף אין א סאטירישן אספעקט, פון קינדער־דערציִונג, פון דער שמוציקער, ברודנער מיקװע, דער מאָטיװ פון „אָדעס", אלס אנטיטעזע צום „ייִדישלעכן", אין דער „פאָליטיקע" פון שטאָטישע באלעטויװעס, פון א פאָדריאדטשיק א שװינדלער, פון א שאדכן, װאָס פירט צונויף „קאָטשערע מיט לאָפעטע", פון א דאָקטער און א רויפע, װעלכע באשװינדלען דעם אוילעם, פונעם פארגרעבטן רענדאר און אנד.

„בא מענדעלען טרעטן ארויס אפן פאָדערגרונט די מאָטיװן פון דעם ייִדישן דאלעס (לויט שאָלעם־אלייכעמס פאָרמולירונג)", און אזוי גייט עס בא מענדעלען פון מאָטיװ צו דער טעמע און צו דער קאָמפאָזיציאָנעלער לייזונג פון דער טעמאטישער פראָבלעם.

און נאָך א װיכטיקער שטריך:

„דער קינסטלערישער װעג פונעם יונגן מענדעלע לאָזט זיך דערקענען שוין דערין, װאָס אלע זײַנע פריִיקע װערק װיקלען זיך פאנאנדער איינס פונעם צװייטן: שטעלט זיי אויס אין איין ריי, און מיר װעלן זען, אז יעדעס נײַ װערק איז דאָ א געװיסע פאָרזעצונג, און אלע אינאיינעם בילדן זיי א געװיסע איינהײַטלעכקייט".

מענדעלע טיילט זיך אויס פון אייניקע זײַנע צײַט־כאװײרים אויך אין פראט פון די אופגאבעס פון דער קונסט. אין קעגנזאץ צו דעם מאגידישן מוסער (א. מ. דיק) און אָפענער מוסער־האסקלדיקער קאװאָנע (לינעצקי), פארלירט בא מענדעלען די קאװאָנע „איר זעלבשטעדיקע עקזיסטענץ, און זי װערט אזוי װי ארײַנגעטריבן אינװייניק אין דעם ליטערארישן זשאנער..."

א גרויס אָרט פארנעמט שוין דאן בא מענדעלען די „מײַסע", די „זײַטיקע זאך": „שוין אין „דאָס קליינע מענטשעלע" פיגורירט זײַן בארימטע פאָרמולע „ניט דאָס בין איך אויסן", װעלכע װערט פארװאנדלט אין אן אויסגעצייכנט קאָמפאָזיציאָנעל מיטל".

אינטערעסאנט און טרעפלעך מערקט אָפ גורשטיין די ראָל און די עװאָליוציע פונעם פייזאזש באם יונגן מענדעלע:

„לעכאטכילע איז דאָ דער פייזאזש ניט אזוי נאטור־שילדערונג, װי א געװיסע אידעאָלאָגישע קאָנסטרוקציע, ניט אזוי פייזאזש, װי א ליטערארישע „אגיטאציע" פאר פייזאזש. דאָס איז באזונדערס בוילעט צו זען פונעם ערשטן פייזאזש בא מענדעלען אין „דאָס קליין מענטשעלע", װוּ די קורצע נאטור־באשרײַבונג ענדיקט זיך מיט די װערטער: „אפאָנעם, אז אין דעם געסיל זײַנען ניט געזעסן קיין ייִדן, זיסט װאָלט דאָך דאָרטן ניט געװעזן קיין ביימער און אף דער ערד װאָלט דאָך ניט געװעזן צו זאט קיין בלעטער". דאָ האָבן מיר א קאפולער אָנצוהערעניש דערוף, אז א פייזאזש איז ניט קיין „ייִדישע זאך"... דעריבער איז ניט קיין װוּנדער, װאָס די מערהײַט פייזאזשן שליסט דער יונגער מענדעלע מיט דער זעלבער זײַנער שלוס־ און שוץ־פאָרמולע — „ניט דאָס בין איך אויסן".

א גרויס אָרט פארנעמט אין מענדעלעס קאָמפאָזיציע דער „אסאָציִאטיװער" מאָמענט: „א װאָרט, א סיטואציע „דערמאָנט", שטויסט אָן מענדעלען אף א שכײנעסדיקער סיטואציע, און אזוי אנטװיקלט זיך די דערציילערישע ליניע..."

גורשטיין שטעלט זיך דאָ ניט אָפ גענוי אף דעם „סאָציִאלן קנויל", װאָס איז געװעזן פארקניפט אין דער דעמלטיקער ייִדישער ליטעראטור. ס'איז אָבער קלאָר, אז אין דער יונגער ייִדישער ליטעראטור זײַנען דאן געקומען צום װאָרט נײַע, יונגע שיכטן. און אָט אין די דאָ־

זיקע יונגע שיכטן איז געווען אײַנגעפּלאַנצט
אויך דער יונגער מענדעלע. „א ווונדערבאַר
מאַזל פון א קינסטלער, וועלכער האָט געטראָגן
אָף זיך די בענטשונג (און דעם אָל) פון א
דרײַפאַכיקער יוגנט”.

אָט די אַלע באַאָבאַכטונגען, וואָס מיר האָבן
אָפּגעמערקט אין גורשטיינס פרײַזיקער גרעסע־
רער אַרבעט — „דער יונגער מענדעלע אין
קאָנטעקסט פון די 60־ער יאָרן (שטריכן)”
זײַנען אין גרונט שוין פאַרצייכנט אין זײַנע
„אויסצוגן”, וועלכע זײַנען געווידמעט בלויז
איין ווערק פון די 60־ער יאָרן — „פישקע דעם
קרומען”.

די ערשטע אַרבעטן פון א. גורשטיין וועגן
יונגן מענדעלע האָבן, ווי מיר זעען, געבראַכט
גרויסע נוצן אונדזער יונגער יידישער סאָוועטי־
שער ליטעראַטור־וויסנשאַפט. ס'איז אינטערע־
סאַנט און באַלערעוודיק צו וויסן די ערשטע,
נאָך ניט אײַנגאַנצן זיכערע טריט פונעם יונגן
גורשטיין אָפן דאָזיקן געביט, ווײַל איצט איז
שוין בא אונדז גורשטיין פאַררעכנט צו די
בעסטע, אַנערקענטע סאָוועטישע ליטעראַטור־
פאָרשער, ער איז איינער פון די ערשטע מאַר־
קסיסטיש־לענינישע ליטעראַטור־קריטיקער אין
יידיש. אויך ער האָט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט
אין „א וועסנע־צײַט”, אָבער שוין אין גאָר אַן
אַנדער וועסנע־צײַט — באַם אָנהייב פון דער
סאָוועטישער סאָציאַליסטישער עפּאָכע, ווען די
בעסטע טרוימען און האָפענונגען פון אונדזערע
פּראָגרעסיווע פאָרגייער, דערין אויך פון מענ־
דעלען, זײַנען פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווען
די פּראָבלעם פונעם יידישן דאַלעס (מענדעלעס
הויפּט־טעמע), פון דער „יידישער טאָרבע” איז
גרינטלעך געלייזט געוואָרן אָף א סאָוועטישן,
סאָציאַליסטישן אופן. און אויך דער קאַפּיטאַ־
ליסטישער „אשמעדײַ”, די מאָדערנע באַלטאַק־
סעס, די הײַנטצײַטיקע מאָנאָפּאָליסטן און פלוג־
טאָקראַטן, די פּיאַווקינס און בלוטזויגער זײַנען
דעמאַסקירט אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט.
פאַר דער דאָזיקער נײַער „וועסנע־צײַט” האָט
א. גורשטיין געקעמפט שוין אין דער צײַט
פונעם בירגערקריג מיטן וואָרט און מיט טאַט,
געקעמפט אין משך פון זײַן גאַנצער פרוכט־
באַרער טעטיקייט, ווי א סאָוועטישער ליטעראַ־
טור־פאָרשער און קריטיקער. פאַר דער דאָזי־
קער וועסנע־צײַט האָט א. גורשטיין אויך אָפּ־
געגעבן זײַן לעבן אין דער גרויסער פאָטער־
לענדישער מילכאָמע.

---

מוניע גלייזער

# יִסראָעל סערעבריאַני — א פינף־און־זיבעציקער

יִסראָעל סערעבריאַני, וועלכער האָט הינטער
זיך בא פופציק יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט,
קאָן צו זײַנע פינף און זיבעציק באַטראַכט ווערן
ווי אַן אַקטיווער טוער פון דער הײַנטצײַטיקער
ליטעראַטור.

געבוירן איז סערעבריאַני דעם 24 דעקאַבער
1900 אין ווײַסרוסישן שטעטל קאַלינקאַוויטש,
אין א מישפּאָכע פון א שנײַדער. צו 12
יאָר, נאָכן טויט פון זײַן פאָטער, איז ער
אוועק אָף אַרבעט אין דער קאַלינקאַוויטשער
דרוקערײַ. אין 1916 יאָר פאָרט ער אַריבער
קיין קיִעוו און אַרבעט דאָרט ווײַטער אַלס זע־
צער. ווען אין קיִעוו זײַנען אַרײַן די רויטאַר־
מייִשע טיילן, האָט סערעבריאַני זיך אָנגעע־
שלאָסן אין זייערע רייען. נאָכן בירגערקריג
האָט ער זיך באַזעצט אין האָמעל, געאַרבעט
אין דער דרוקערײַ פון דער דאָרטיקער צײַטונג
„דער קאָמוניסטישער וועג”, גלײַכצײַטיק גע־
לערנט אין יידישן פּעדטעכניקום און געמאַכט
זײַנע ערשטע פּען־פּרוּוון. מע ווײַלט אים אויס
אַלס סעקרעטאַר פון דער האָמליער ליטגרופּע,
וועלכע טראָגט דעם נאָמען „אָקטיאַבער־דאָר”
(דאָס איז געווען אין 1924 יאָר). אין א יאָר
אַרום פאָרט ער אַריבער קיין מינסק, אַרבעט
אַלס זעצער אין דער טיפּאָגראַפיע פון דער
טעגלעכער צײַטונג „אָקטיאַבער” און איז טע־
טיק אין דער ליטגרופּע „יונגער אַרבעטער”. ער
הייבט אָן לערנען אָפן ליטעראַריש־לינגוויס־
טישן אָפּטייל פונעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט
באַם מינסקער מעלוכע־אוניווערסיטעט, וועלכן



ער האָט געענדיקט אין יאָר 1930. דער ליטער-קרײַז, מיט װעלכן ער פֿירט אָן, לאָזט אַרויס אַ זאַמלונג פֿון אַרבעטער-אָנפֿאַנגער אונ-טערן נאָמען „שלאָגלערישע טריט". דער דאָרשט צו װיסן איז נאָך אַלץ ניט געשטילט. י. סערעבריאַני פֿאַרענדיקט אויך אין מינסק די אַספּיראַנטור, און דערנאָך װערט ער באַ-שטימט אַלס װיסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור באַ דער װײַסרוסישער װיסנשאַפֿט-אַקאַדעמיע. פֿאַר זײַן דיסערטאַציע „שאָלעם-אַלייכעם און פֿאָלק-לאָר" באַקומט ער דעם טיטל „קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָגישע װיסנשאַפֿטן". אין 1939 דערשײַנט אין מינסק זײַן בוך „שאָלעם-אַלייכעם און פֿאָל-קלאָר". אינעם פֿאָרװאָרט שטרײַכט דער מעכאַ-בער אונטער, אַז „אין דער ייִדישער און סאָ-װעטישער ליטעראַטור-פֿאָרשונג און פֿאָלקלאָ-ריסטיק זײַנען אַרומגעגאַנגען טעאָריעס און קאָנצעפּציעס, װעלכע האָבן אָף פֿאַרשיידענע אופֿאַנים קאָמפּראָמעטירט די פֿאָלקלאָר-סטי-כיע באַ די ייִדישע אופֿקלערער און קלאַסי-קער". דער געדאַנק איז געװיס אַ ריכטיקער. די צװייטע, פֿאַרברייטערטע און איבערגעאַרבעטע אופֿלאַגע פֿון דעם אויבנדערמאָנטן בוך איז דערשינען אין 1959 אין מאָסקװע אָף רוסיש אונטערן טיטל „שאָלעם-אַלייכעם און די פֿאָלקס-שאַפֿונג".

דער אינטערעס צו שאָלעם-אַלייכעמס שאַ-פֿונג איז באַ אונדזער יוביליאַר אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן ניט אָפּגעשװאַכט געװאָרן. „מיטצײַט-לער און קלאַסיקער" — אַזוי הייסט סערעבריאַ-ניס אַ זאַמלונג, װאָס איז אין 1971 דערשינען אָף רוסיש אין מאָסקװע. דאָרט זײַנען אײַנגע-שלאָסן דרײַ אַרבעטן װעגן שאָלעם-אַלייכעמען: „שאָלעם-אַלייכעם דער דעביוטאַנט", „שאָלעם-אַלייכעם און פּראָבלעמען פֿון קינסטלערישער איבערזעצונג" און „די אַרבעט פֿון שאָלעם-אַלייכעמען איבערן װערק „מאַנאַכעם-מענדל" (דאָס לעצטע אַרטיקל איז פֿריִער געװען גע-דרוקט אין „סאָװעטיש היימלאַנד" נומ. 6, 1966, אונטערן קעפּל „צו דער געשיכטע פֿון אַ קונסט-װערק").

די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿונעם פֿאָרשער איז אויך געװענדעט צום „זיידן" פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. אין 1948 דערשײַנט אין מאָסקװער „עמעס"-פֿאַרלאַג סערעבריאַניס בוך „מענדעלע מויכער-ספֿאָרים". אויך אין דער אויבנדערמאָנ-טער רוסישער זאַמלונג „מיטצײַטלער און קלאַ-סיקער" איז פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אָפּהאַנדלונג „דאָס װיכטיקסטע אין מענדעלעס שאַפֿונג". ייִסראָעל סערעבריאַניס בוך „מיטצײַטלער און קלאַסיקער" איז פּאָזיטיװ אָפּגעשאַצט גע-װאָרן אין דער סאָװעטישער ייִדישער און רו-סישער קריטישער ליטעראַטור. „אַ נייטיק בוך" — אַזוי האָט א. ראַסקין אָנגערופֿן זײַן רעצ-ענזיע אין „סאָװעטיש היימלאַנד" (נומ. 2, 1973). אויך דער „ביראָבידזשאַנער שטערן" האָט אין נ. פֿרידמאַנס רעצענזיע אָנגעװיזן אָפּן ערנסטן ניװאָ פֿונעם בוך. אינעם מאָסקװער רוסישן ליטעראַרישן זשורנאַל „װאָפּראָסי ליטעראַטורי" (נומ. 4, 1972) איז געװען אָפּגעדרוקט ז. ליבינזאָנס אַ פּאָזיטיװער אָפּרוף אָף „מיט-צײַטלער און קלאַסיקער". װעגן די דאָזיקע ביכער האָט דער אויטאָר באַקומען װאַרעמע אָפּ-רופֿן פֿון שרײַבער און לייענער. מיר װעלן זיך דערלויבן צו ברענגען אַ ציטאַט פֿון באָריס פּאָ-לעװאָיס בריװ פֿונעם 17 יאַנואַר 1960: „מיט גרויס אינטערעס האָב איך איבערגעלייענט אײַ-ער אַרבעט. ביז איצט בין איך אויך געװען באַקאַנט מיט שאָלעם-אַלייכעמען, װעמען איך האָב שטאַרק ליב אַלס איינעם פֿון די גרעסטע הומאָריסטן אין דער װעלט. ער איז מיר באַ-װוּסט אַלס מענטש, װאָס איז געװען ענג פֿאַר-בונדן מיט זײַן פֿאָלק. ער איז אין פֿאָלק און דאָס פֿאָלק איז אין אים. איך בין זיך מודה, אַז איבערלייענענדיק אײַער בוך — קוק איך איצט אַפּסנײַ אָף שאָלעם-אַלייכעמס שאַפֿונג; און װייסט איר, װאָס פֿאַר אַן אויספּיר איך מאַך פֿון אײַער בוך? איך לייען נאָכאַמאָל און װי-דעראַמאָל שאָלעם-אַלייכעמען".

אונדזער יוביליאַר נעמט אַן אָנטייל אויך אין אַקאַדעמישע ראַטנפֿאַרבאַנדישע אויסגאַבעס. װעגן דעם האָט געשריבן דער דאָקטאָר פֿון פֿי-לאָלאָגישע װיסנשאַפֿטן אוראַן גוראַלניק אין זײַן אַרטיקל „טרײַהײַט דעם באַרוף" („סאָװע-טיש היימלאַנד" נומ. 7, 1975, ז. 170).

י. סערעבריאַני האָט איבערגעזעצט אָף ייִדיש טורגעניעװס װערק „ערעװ" און „פֿאָטער און קינדער", לערמאָנטאָװס „דער העלד פֿון אונד-זער צײַט" (מינסק, 1940). ער האָט אויך איי-בערזעצט פֿון ייִדיש אָף רוסיש מ. דעכטיאַרס אויסגעװײלטע דערציילונגען (1969). ער שרײַבט װעגן די בינע-מײַסטערס פֿונעם ייִדישן טעאַטער: „מיכאָעלס דער קינסטלער און דענ-קער" („פֿאָלקס-שטימע", װאַרשע, 1956), „אַ.

גאָלדפאַדען" („אייניקייט", 1946), „עסטער־ראָכל קאַמינסקע אין ראַטנפאַרבאַנד" („ייִדישע שריפטן", וואַרשע, 1956).

א באַזונדער קאַפּיטל אין סערעבריאַניס ליטעראַרישער טעטיקייט איז ביבליאָגראַפיע. אין צוזאַמענהאַנג מיטן 50־טן יאָרטאָג פונעם גרויסן אַקטיאַבער איז אין אַ ריי נומערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" (פאַרן 1966 און 1967) געוועזן פאַרעפנטלעכט י. סערעבריאַניס „כראָניק פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור", וווּ עס ווערט געגעבן אַ ביבליאָגראַפישער איבערבליק איבער אונדזער נאָכאָקטיאַבעריישער ליטעראַטור־טעטיקייט. סערעבריאַני האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ ביבליאָגראַפיש אַרטיקל לעקאָוועד לענינס 100־טן געבוירנטאָג („סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 4, 1970).

דעם קריטיקער איז אויך ניט פרעמד דער פאַרצייכענונגס־זשאַנער. דאָס איז צו זען פון זײַנע „וויזיט־קאַרטלעך" און „אײַנדרוקן פון אַ רײַזע קיין ביראָבידזשאַן" (פאַרעפנטלעכט אין די נומ. 6 און 7 פון „סאָוועטיש היימלאַנד", 1975).

סערעבריאַני דער ביבליאָגראַף איז אַ גוטער מיטהעלפער סערעבריאַני דעם ליטעראַטור־פאָרשער. אין זײַנע „באַמערקונגען צו דער נײַער אויסגאַבע פון „מישפּאָכע מאַשבער" („סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1975) קאָנסטאַטירט דער אַוטאָר, אַז די נײַע אויפלאַגע פון דעם ניסטערס „מישפּאָכע מאַשבער", וועלכע איז דערשינען אין מאָסקווע אין 1974, איז שוין די פינפטע אויפלאַגע. עס ווערט געגעבן אַן אויספירלעכע ביבליאָגראַפישע ספּראַווקע וועגן דעם אָרט, וועגן דער צײַט און פאַרנעם פון אַלע פינף אויסגאַבעס, וואָס זײַנען געווען געדרוקט אין מאָסקווע און אין ניו־יאָרק. איבערצײַגעוודיק טרעט אַרויס דער אַוטאָר פון די „באַמערקונגען" קעגן די אויסלענדישע בורזשואַזע קריטיקער, וואָס „אורטיילן וועגן אים (וועגן דעם ניסטערס ראָמאַן. — מ. ג.) ווי וועגן אַ ניט־ווילנדיק לויבגעזאַנג דער דאָזיקער פאַרגאַנגענער עפּאָכע פונעם פאַרצויגענעם ייִדישן מיטלאַלטער".

אונדזער באַל־יוּיוול זעצט פאָר מיט זײַנע פּאָפּולערע אַרבעטן די טראַדיציעס פון דעם ערשטן סאָוועטישן דאָר ייִדישע ליטעראַטור־קענער, פאָרשער און קריטיקער.

מיר ווינטשן אים אַריכאס־יאָמים, געזונט און נײַע שעפערישע אויפטוען.

הערש רעמעניק

# קולטור=היסטאָרישע און ליטעראַרישע באַטראַכטונגען

## 3. די אַנטוויקלונג פון דער בעלעטריסטיק. באַגראָוו. לעוואַנדע. ניקיטין

אין די 60־ער און 70־ער יאָרן פונעם 19־טן יאָר־הונדערט האָט די ייִדישע ליטעראַטור אויף רוסיש זיך אַנטוויקלט מיט גאַנץ גיכע טעמפּן און האָט אַרויסגערוקט שרײַבער, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אַ באַמערקבאַרן שפּור אין דער געשיכטע פון דער קולטור.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דער ליטעראַטור איז דאָס, וואָס זי איז געווען דורכויס שאַפונג פון פּראָזע (ראָמאַנען, דערציילונגען, פאַרצייכענונגען). מיר ווייסן ניט אין אָט די צוויי צענדליקער יאָרן קיין איין דיכטער, קיין איין דראַמאַטורג. אין דעם זין איז דער ליטעראַרישער פּראָצעס געווען ענלעך גיכער צו דער ליטעראַטור אויף ייִדיש, אָבער ניט צו דער העברעיִשער און ניט צו דער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע האָבן אַרויסגערוקט אין יענער עפּאָכע ניט בלויז באַדײַטנדיקע פּראָזע־מײַסטערס, נאָר אויך אָנגעזעענע דיכטער און דראַמאַטורגן.

די סיבה פון אָט דער פּאַראַדאָקסאַלער דערשײַנונג קאָן אויסגעקלאָרט ווערן, ווען מע באַטראַכט דעם אידייִשן אינהאַלט, די סאָציִאַלע און פּאָליטישע טענדענצן פון אָט דער ליטעראַטור. דאָס איז נאָך אַלץ געווען אויסגעשפּראָכן בורזשואַזע אויפקלערערישע שאַפונג, וואָס איר הויפּט־ציל איז געווען גלײַכבאַרעכטיקונג פאַר ייִדן, דאָס הייסט גלײַכבאַרעכטיקונג פאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע, כּדי זי זאָל קאָנען קאָנקורירן מיט דער רוסישער בורזשואַזיע, פרײַ אָנטיילנעמען אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד. דער שוין פריִער דערמאָנטער בורזשואַזער אויפקלערער יאָאַכים טאַרנאָפּאָל, וועלכער האָט איבער זײַנע קאָנסערוואַטיווע אָנשויונגען צעריסן מיט אָסיפּ ראַבינאָוויטשן און איז אַרויס פון דער רעדאַקציע פון „ראַסוויעט", האָט אין זײַן ווערק „אַ פּרווו פון אַ הײַנטצײַטיקער און באַטראַכטער רעפאָרם אָפּן געביט פון ייִדנטום" אונטערשיידט „וויכטיקע" און „אומוויכטיקע" ייִדן. וויכטיקע ייִדן זײַנען, נאַטירלעך, די רײַכע ייִדן בורזשואַ, אומוויכטיקע — די אָרעמעלײַט. טאַרנאָפּאָל פאָדערט גלײַכבאַרעכטיקונג אויך פאַר „אומוויכטיקע" ייִדן, אָבער ער באַטראַכט דאָס בלויז ווי אַ „נויטווענדיק בייז", ווײַל אָן דער גלײַכבאַרעכטיקונג פון ייִדן אינגאַנצן

זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 2, 4 פאַרן 1975 יאָר.

גענומען וועט דאָך די ייִדישע בורזשואַזיע אויך ניט באַקומען קיין גלײַכע רעכט מיט דער רוסישער בורזשואַזיע.

די מער באַוווּסטע ייִדישע שרײַבער אויף רוסיש זײַנען אין די 60־ער און 70־ער יאָרן געווען גריגאָרי איסאַקאָוויטש באַגראָוו (1825—1885), לעוו אָסיפּאָוויטש לעוואַנדע (1835—1888) און וויקטאָר ניקיטיטש ניקיטין (1839—1908). אין זייער שאַפן איז פאַראַן אַ סך אַלגעמיינס. ערשטנס, די טעמאַטיק, דער אידייִשער אינהאַלט און די אידייִשע פּראָבלעמאַטיק, וועלכע כאַזערן זיך איבער אין זייערע ווערק. איך האָב דאָ אין זינען די טעמע פון רעקרוטשינע, די קריטיק פון ייִדישן שטייגער, פון מיטלאַלטערלעכע רעליגיִעזע מינהגים, פון שטעטלדיקן קאָנסערוואַטיזם, באַגרענעצטקײַט און דאָס לײַדנשאַפטלעכע שטרעבן צו בילדונג, צו אייראָפּעיִשע, וועלטלעכע, ציוויליזירטע לעבנס־פאָרמען. דאָס אַלץ איז פאַראַן בײַ באַגראָוון, בײַ לעוואַנדען און בײַ ניקיטינען. צווייטנס, זײַנען די ווערק פון אָט די שרײַבער נאָענט איינס צום אַנדערן לויט דער זשאַנערישער פאָרם. זיי געהערן אַלס קלאַל צו דעם אויטאָביִאָגראַפישן זשאַנער אָדער צו דעם, וואָס מע רופט אָפּט אָן דאָקומענטאַלער זשאַנער. דריטנס, צייכענען זיך אויס זייערע ווערק מיטן שילדערן די הײַנטצײַטיקײַט און מיט פּובליציסטישקײַט. אַפילו זייערע היסטאָרישע ראָמאַנען און דערציילונגען אָטעמען מיטן גלי פון אַקטועלע געשעענישן אינעם לעבן פון דעם פאָלק און פונעם לאַנד.

גריגאָרי באַגראָוו איז באַוווּסט דעריקער מיט זײַן דרײַבענדיקן אויטאָביִאָגראַפישן ראָמאַן „שריפטן פון אַ ייִדן" («Записки еврея»). ער איז אָבער דער אויטאָר פון זיבן בענדער ראָמאַנען, דערציילונגען, נאָוועלן, פאַרצייכענונגען, סקיצן און בילדער, מעמוארן, אַרטיקלען, וועלכע ער האָט געדרוקט אין פאַרשיידענע רוסישע און רוסיש־ייִדישע זשורנאַלן און צײַטונגען[1]. געבוירן אין פּאָלטאַווע אין אַ ראַבאָנישער פאַמיליע, האָט ער זיך דערצויגן אין שטרענג רעליגיִעזן גײַסט. אָבער נאָך קינדווײַז האָט ער שוין געלייענט רוסישע ביכער, די עלטערן זאָלן ניט זען און דערפון ניט וויסן. צו 17 יאָר האָט מען אים געצוווּנגען כאַסענע האָבן. זײַן ווײַב איז געווען ביז גאָר אָפּגעשטאַנען, און ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיך געפילט איינזאַם אין זײַן אייגענער פאַמיליע. אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט רוסיש, האָט ער געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין אָפּקויף (откуп),

[1] См. Собрание сочинений Г. Багрова. Книгоиздательство Шермана. Одесса, 1912.

און דאָס האָט אים געגעבן א רײַכן רעזערוו פון
לעבנס־דערפארונג און באָאבאכטונגען פון דער רעא־
לערווירקלעכקײַט. אין אָנהייב 60־ער יאָרן האָט
באָגראָוו אָנגעשריבן אַף רוסיש דעם ערשטן באנד
פון זײַנע „שריפטן פון א ייִדן". עס זײַנען אוועק מאַ־
טערנישן איבער פארשיידענע רעדאקציעס פון רוסי־
שע זשורנאלן, ביז דער קסאוויאד איז ארײַנגעפאלן
אין זשורנאל „אָטעטשעסטווענ:יע זאפיסקי", און דאָ
האָט אָפגעגליקט דעם אווטאָר. נעקראַסאָוון איז דער
ראָמאן געפעלן געוואָרן אי לויט זײַן קינסטלערישער
מײַסטערשאפט, אי לויטן אָריגינעלן אינהאלט. נעק־
ראסאָוו האָט ביכלאל געשטרעבט אין זײַן זשורנאל
צו ווײַזן ניט בלויז דאָס רוסישע לעבן, וואָס איז
געווען באקענט דעם רוסישן לייענער, נאָר אויך דאָס
לעבן פון אלע פעלקער אין לאנד. דאָס האָט אים
געגעבן א מעגלעכקײַט צו שילדערן קריטיש די גאנ־
צע צארישע אָרדענונג. באָגראָוווס ווערק האָט געגעבן
גענוג מאטעריאל דערצו. עס איז אָבער געווען אין
באָגראָוווס ווערק אזוינס, וואָס האָט פארינטריגירט
ניט בלויז נעקראסאָוון, נאָר אויך סאלטיקאָוו־שטשע־
דרינען, וועלכער איז געווען דער רעדאקטאָר פונעם
ליטעראריש־קינסטלערישן מאטעריאל אין „אָטעטשע־
סטווענ:יע זאפיסקי" נאָך דעם, ווי דער זשורנאל איז
אריבער אין נעקראסאָווס הענט.

שטשעדרינען זײַנען באָגראָוווס „שריפטן פון א
ייִדן" געווען נאָענט לויטן מאטעריאל, לויט די
לעבנס־בילדער און באזונדערס לויטן שילדערן די
פארשווינען, די פיגורן פון פראָווינצ:יעלע טשינאָווני־
קעס. שטשעדרין האָט געהאט א סמאך צו מיינען, אז
באָגראָוווס „שריפטן" זײַנען נאָענט לויט זייער זשאַ־
נער און טענדענץ, לויט דער שארפער קריטיק פון
דער ווירקלעכקײַט צו זײַנע, שטשעדרינס, „גובער־
נ:יאלע פארצייכענונגען" («Губернские очерки»).
באָגראָוווס ווערק איז נעקראסאָוון און שטשעדרינען
ניט בלויז געפעלן. עס איז קימאט פעסטגעשטעלט,
אז שטשעדרין האָט צוגעלייגט זײַן האנט צו דעם
און עס געבראכט אין דער בעסטער אָרדענונג.

„שריפטן פון א ייִדן" איז אַן אווטאָבי:אָגראפיש
ווערק, וואָס גייט אָבער אריבער די גרענעצן פון
ריינעם אווטאָבי:אָגראפיזם און וואקסט אויס אין א
ברייטער קינסטלערישער שילדערונג פון א גאנצער
עפּאָכע אינעם לעבן פון די ייִדן אין רוסלאנד אין
דער מיט פונעם 19־טן יאָרהונדערט. דער אווטאָר
האָט באוווסטזיניק געשטעלט פאר זיך אזא ציל: אופ־
שטעלן לויט דער געשיכטע פון זײַן לעבן די געשיכ־
טע פונעם פאָלקס לעבן אינגאנצן גענומען. אין דער
פאָרעדע צו דעם ווערק שרײַבט באָגראָוו:

„איך בין שוין אלט פערציק יאָר. מײַן לעבן איז
ניט פארפולט מיט אזעלכע ראָמאנטישע אומדער־
וואַרטקײַטן, וואָס וואַרפן דעם לייענער אין היץ און
אין קעלט. פארקערט, מײַן לעבן איז פּראָסט און
קליין. בא דעם אלעמען אָבער, אויב איך זאָל האָבן
באגאבונג פון א דערציילער, וואָלט די געשיכטע
פון מײַן לעבן געקאָנט פארינטערעסירן, אויב ניט
יעדן לייענער, איז לעכאָלהאפּאָכעס דאָס ייִדישע
לייענער־פּובליקום. פונקט ווי א טראָפּן וואסער גיט
אמאָל דעם באוואָפנטן אויג פונעם נאטוראליסט א
מעגלעכקײַט צו באָאבאכטן א גאנצן מיקראָקאָסם,
אזוי איז אויך דאָס שמאָלע שטעגל, איבער וועלכן
איך האָב אויסגעטראָטן א היפּשן טייל פון מײַן לעבן,
אָנגעזעטיקט מיט מערקווירדיקסטע זײַטן פונעם
ייִדישן לעבן פאר די לעצטע פיר צענדליק יאָר, מיט
זײַנע דירעקטע און אומדירעקטע ווירקונגען אַף יעדן
ייִדן באזונדער. ווען מיר זאָל זיך אײַנגעבן פארקערפּערן
אלץ, וואָס איך האָב געזען און איבערגעלעבט פאר
מײַן לעבן, אין א געהעריקער פאָרם פון וואָרט,
וואָלטן מײַנע ברידער לויטן גלויבן באנומען יענעם
קאָשמאר, וואָס האָט געשטיקט דעם שלאָפנדיקן גײַסט
פונעם ייִדן — יענעם קאָשמאר, וואָס האָט ניט גע־
געבן אפילע קיין מעגלעכקײַט גרינגער צו מאכן דאָס
הארץ מיט א געשריי אָדער מיט א באוועגונג. אָבער
איך זאָג נאָכאמאָל: מײַן ווערק האלט איך פארן
ערשטן און, קאָן זײַן, גאָר שוואכן שריט אפן וועג
צום באוווסטזײַן, וועלכער דארף ברענגען די ייִדן
צו א נײַ לעבן, וואָס אנטשפּרעכט דער קלוגער נאַ־
טור פונעם מענטשן".

באָגראָוווס „שריפטן פון א ייִדן" לייענען זיך נאָך
איצט מיט אינטערעס. עס דערשיטערן מאמעש די
שוידערלעכע בילדער פונעם לעבן, וועלכע זײַנען אָנ־
געשריבן וואָרהאפטיק, אזוי רירנדיק, אז ניט גע־
קוקט אַף דער ווײַטער פארגאנגענהײַט, אַף דער
אָפּגעלעבטקײַט און פארעלטערטקײַט פון דעם געשיל־
דערטן, ווערט מען ארײַנגעצויגן אין יענער וועלט און
מע לעבט איבער אלץ, וואָס דער שרײַבער שטעלט
אוף פאר די אויגן. די מענטשן, די געשעענישן, דער
שטייגער, די פסיכאָלאָגיע — אלץ אינעם ווערק איז
לעבעדיק און אפילע הײַנטצײַטיק. דער אווטאָר שוינט
ניט קיינעם — ניט קיין אייגענע, ניט קיין פרעמדע.
עס גייט אדורך א גאנצע גאלעריי פארשווינען — ראַ־
באָנים, מעלאמדים, הענדלער, שאדכאָנים, כאפּערס,
געכאפּטע, זשוליקעס, טשינאָווניקעס, ארענדארן,
קרעטשמערס, מעקלערס. ס׳וויקלען זיך פאנאנדער
אלערליי געשעענישן, אומגליקן פון רעקרוטשינע, גע־
צוווּנגענע כאסענעס, קאָנפליקטן, דאָס לעבן פון
מענטשן אין דער גאנצער פארשיידנארטיקײַט און
פילזײַטיקײַט. דאָס איז ניט דער גויראל פון איין העלד,
נאָר פונעם גאנצן פאָלק.

דער רוסישער לייענער פון די 70־ער יאָרן, די
פּראָגרעסיווע רוסישע געזעלשאפטלעכקײַט פון יע־
נער צײַט האָט דערזען פאר זיך אין באָגראָוווס
„שריפטן פון א ייִדן" אַן אומבאקאנטע וועלט פון שוי־
דער און קאָשמאר. דער אווטאָר פון דעם ווערק איז
אומראכמאָנעסדיק אין דער קריטיק. זײַן סוינע איז
געווען דער ייִדישער אָבסקוראנט און דער אונטער־
דריקער פון יעדער שטראלעכל פון אופקלערונג. ס׳איז
גענוג זיך צו באקענען מיט די קעפּלעך פון באזונ־
דערע קאפּיטלען, קעדיי צו באקומען א פאָרשטעלונג
וועגן דעם ייִדישן לעבן און שטייגער אין יענער
צײַט: „די ליידן אין דער קינדהײַט", „א ליבע אין
פייעס", „דער אומגליקלעכער יערוכעם", „ווער איז
שטארקער — די כאָלערע צי דער צאדיק" א. אנד.

באָגראָוווס „שריפטן פון א ייִדן" דערמאָנען לויטן
אינהאלט און לויט דער פאָרם די ווערק פון דער
פאָרגעשריטענער ליטעראטור אַף ייִדיש אין די 60־
ער און 70־ער יאָרן — מענדעלעס „דאָס קליינע
מענטשעלע", לינעצקיס „דאָס פּוילישע ייִנגל", וועלכע
זײַנען אויך געווענדט קעגן דעם פארצויגענעם מיטלאל־
טער אין ייִדישן לעבן. ס׳איז ניט באוווסט, צי באָגראָוו

האָט געלייענט מענדעלעס און לינעצקיס ווערק, דערייבער איז אויך שווער פעסטצושטעלן מענדעלעס אָדער לינעצקיס ווירקונג אַף באַגראָוון. ס׳איז אָבער גאָרניט שווער אָפּצומערקן דאָס אַלגעמיינע אינעם שאַפן פון אָט די שרײַבער. מער וואַרשײַנלעך איז די ווירקונג פון דער העברעיִשער ליטעראַטור, וועלכע באַגראָוו האָט געקענט זייער גוט. קאָנקרעט קאָן גיין אַ רייד וועגן אַזעלכע שרײַבער, ווי אווראָם מאַפּו, באַזונדערס וועגן זײַן קריטיש־רעאַליסטישן ראָמאַן „עיט צבוע״ („אײַט צאָוווּאַ״ — „דער פּילקאָליריקער רויבפויגל״, אַף רוסיש — «Ханжа»), פּערעץ סמאָלענסקין מיט זײַן סעריע ראָמאַנען „התועה בדרכי החיים״ („האַטויע בעדאַרקיי האַכאַיִם״ — דער בלאָנדזשענדיקער אַף די וועגן פונעם לעבן״) און „קבורת חמור״ („קווּראַס כאַמויר״ — „דאָס באַגראָבן פון אַן אייזל״); אָט די שרײַבער האָבן ניט ווייניקער שאַרף איידער מענדעלע און לינעצקי, אָנגעגריפן דעם ייִדישן מיטלאַלטער.

„שריפטן פון אַ ייִדן״ איז באַגראָווס הויפּט־ווערק, מיט וועלכן ער איז באַוווּסט געוואָרן אין דער ליטעראַטור. אין די אַנדערע דערציילונגען זײַנע דערגרייכט ער ניט אַזאַ קינסטלערישע איבערצײַגעוודיקייט. די דערציילונג „פּאַימאַניק״ („דער געכאַפּטער״), וואָס האָט אַן אונטערקעפּל «Быль» (אַ זאַך, וואָס איז ווירקלעך געשען), איז גיכער ענלעך אַף אַ דעטעקטיוו. אויב „שריפטן פון אַ ייִדן״ קויפט אונטער מיט דער וואָרהאַפטיקײַט פון דער שילדערונג, איז „פּאָימאַניק״ געבויט דורכויס אַף אויסערגעוויינלעכע, אומנאַטירלעכע געשעענישן און פאַקטן. די גוזמעדיקײַט ווערט דער הויפּט־מעטאָד פון מאָלן סײַ פּאָזיטיווע, סײַ נעגאַטיווע געשטאַלטן. דער פּאָזיטיווער העלד אַראָן איז ניט בלויז לײַטיש, נאָר אויך קלוג, און דורכגעטריבן, און כיטרע, און שרעקלאָז, און ערלעך, און העלדיש. פונעם ערשטן אויגנבליק פאַרליבט ער זיך גלײַך אין דער איידעלער, שיינער סאָרע און אין אומגעוויינלעך שווערע באַדינגונגען דערשלאָגט ער זיך פאַרט זײַן ציל, ער האָט מיט איר כאַסענע. פאַרקערט, די נעגאַטיווע פאַרשוינען, די קרעטשמאַרעס און ספּעקוליאַנטן און קאָנטראַבאַנדיסטן הענעך און זײַן זון שמועל, זײַנען אויסוווּרפן, צוויאַקעס, ראָצכים און באַנדיטן. נאַטירלעך, די רעשאָיִם ווערן באַשטראָפט, און די צאַדיקים, די פּאָזיטיווע פאַרשוינען דערשלאָגן זיך אַ גוט לעבן, וואָס זיי האָבן ערלעך פאַרדינט.

דער זעלבער סכעמאַטיזם איז פאַראַן אויך אין די ווערק „דאָס ברודערל״ („בראַטעץ״), „אָרטאָדאָקס״ און אַנד. אָבער אויך אין אָט די ווייניקער געלונגענע ווערק פילט זיך דער פּאַטאָס פון קאַמף קעגן אָפּגעזונדערטקײַט פונעם ייִדישן לעבן, קעגן רעליגיעזער דערציִונג, קעגן פאַרשיידענערליי פינצטערע קויכעס אין ייִדישן לעבנשטייגער. דאָס זײַנען אויך קריטיש־רעאַליסטישע ווערק.

פונקט ווי ג. באַגראָוו איז מער באַוווּסט מיטן ראָמאַן „שריפטן פון אַ ייִדן״, אַזוי איז ל. לעוואַנדע באַוווּסט אין דער ליטעראַטור דעריקער מיטן ראָמאַן „אַ הייסע צײַט״ («Горячее время»), האַגאַם אויך ער האָט אויסער דעם ראָמאַן „אַ הייסע צײַט״ געשאַפן אַ היפּשע צאָל ראָמאַנען, דערציילונגען, נאָוועלן, פאַרצייכענונגען, פּובליציסטישע אַרטיקלען.

איך האָב שוין פריִער געזאָגט, אַז די ייִדישע ליטעראַטור אַף רוסיש אין דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר פּובליציסטישקײַט, מיט דער אַקטועלקײַט פון די געשטעלטע און פאַרקערפּערטע פּראָבלעמען. דאָס איז געווען אין טאָך פּובליציסטישע בעלעטריסטיק אָדער בעלעטריסטישע פּובליציסטיק. באַזונדערס טיילט זיך אויס אין דעם זינען ל. לעוואַנדע, וועלכער איז געווען אַ טעמפּעראַמענטפולער פּובליציסט סײַ אין זײַנע בעלעטריסטישע ווערק, סײַ אין זײַנע אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען.

לעוואַנדע איז געווען אַ טיפּישער אידעאָלאָג פון דער ייִדישער בורזשואַזיע. זײַן הויפּט־פּראָגראַם איז געווען רוסיפיקאַציע פונעם ייִדישן לעבן און אַסימיליאַציע. ער איז געווען אַ באַדאַכטער באַאָבאַכטער, אַ גרינטלעכער קענער פונעם ייִדישן לעבן און אַ הייסער קעמפער קעגן אַלטן סיידער, קעגן אַלטן ייִדישן שטייגער. ער איז געווען איבערצײַגט, אַז דער איינציקער וועג פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג איז אַסימילירן זיך מיט דער רוסישער באַפעלקערונג, באַהערשן די רוסישע שפּראַך און די רוסישע קולטור און ווערן גלײַך מיט אַלע בירגער פון רוסלאַנד.

באַנאַנד דערמיט איז לעוואַנדע אין פּאָליטישן זין געווען דורכגעדרונגען מיט רעאַקציאָנערע סערווילישע אידייען בענעגייע דער צאַרישער אָרדענונג. ער האָט געהאַלטן, אַז די צאַרישע אָרדענונג איז אַ גערעכטיקע סאָציִאַלע אָרדענונג פאַר אַלע פעלקער און פאַר אַלע אירע אײַנוווינער. לעוואַנדעס בורזשואַזע און רעאַקציאָנערע פּסיכאָלאָגיע און אידעאָלאָגיע האָט זיך אַנטפּלעקט אין אַ ריי אַקטן, וואָס קאָנען אויסזען ווידערשפּרעכיק איינער דעם צווייטן, נאָר אין טאָך כאַראַקטעריזירן זיי גאַנץ בולעט דאָס געשטאַלט פון אַ בורזשואַזן שרײַבער און טוער אין דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט. ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אויפשטאַנד אין פוילן אין יאָר 1863 און האָט פולשטענדיק געשטיצט מוראַוויאָוו דעם הענקער, וועלכער האָט אין בלוט דערשטיקט דעם רעוואָליוציאָנערן פוילישן אויפשטאַנד קעגן דעם רוסישן צאַריזם. ער איז געווען דער „אורטשאָני יעווריי״, דער קאַזיאָנע ראָוו בא דעם זעלבן מוראַוויאָוו דער הענקער, ווען יענער איז געווען גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ווילנע; ער האָט רעדאַקטירט מוראַוויאָווס דעם הענקערס צײַטונג „ווילענסקיִע גובערנסקיִע וועדאָמאָסטי״. און דער זעלבער לעוואַנדע איז צום סאָף פון זײַן לעבן אין די 80־ער יאָרן, אין דער עפּאָכע פון די פּאָגראָמען אַף ייִדן און אין דער עפּאָכע פון אַלעקסאַנדער III און פּאָבעדאָנאָסצעווס פּאָליטישער רעאַקציע, געוואָרן אַן אָנהענגער פון דער באַוועגונג כיבאַס־ציִען! אַזאַ איז געווען די אַמפּליטודע פון וואַקלונגען און די עוואָליוציע פון דעם שרײַבער און געזעלשאַפטלעכן טוער לעוואַנדע.

אין אַ ריי פּובליציסטישע ווערק האָט לעוואַנדע אָפן און שאַרף געפּריידיקט זײַנע אידייען. דאָס איז באַזונדערס צו זען אינעם ראָמאַן „אַ הייסע צײַט״ («Горячее время»). די העלדן פונעם ווערק זײַנען ניט קיין לעבעדיקע טיפּן מיט אינדיווידואַליזירטער פּסיכאָלאָגיע; זיי זײַנען בלויז רופּאָרס פונעם אויטאָר, דורך זיי רעדט ער און שרײַט און פּראָפּאַגאַנ־

דירט; דורך זיי גיט ער איבער זײַן פארשטיין און באנעמען די עפּאָכע, זײַנע לײַדנשאפטן און זײַן פאטאָס. דעריבער איז דאָס ווערק געשאפן אין א פרימיטיווער פאָרם פון בריוו און טאָגביכער, וועלכע דארפן איידעס זאָגן וועגן דעם דענקען און שטרעבן פון די פארשוינען, אָבער זיי גיבן איבער בלויז דאָס שטרעבן און דענקען פונעם שרײַבער. דער הויפּט־העלד ארקאדי סארין שרײַבט צו זײַן פרײַנט מאָזיר־סקי:

„אלץ ארום אונדז האָט זיך א ריר געטאָן, איז גע־קומען אין באוועגונג, האָט זיך צערוישט... איבער אלע ברייטן פון רוסלאנד גייט איצט א גענעראלער אופבראָך פון אויבן ביז אראָפּ. עס ווערן געבראָכן אלטע אידייען, אָפּגעלעבטע פרינציפּן, פארשטיינטע אנשטאלטן און נימעס געוואָרענע מינהאָגים. א טומל, א טראסק און א ראַש; אלץ אײַלט זיך צו באנײַען, צו ריין מאכן זיך; אלץ שטרעבט אקעגן דעם נײַעם, ניט געזעענעם, קימאט אומדערוואַרטן. אפילע אונד־זערע איינגלוביקע — אויך זיי האָבן זיך אופגע־שטעלט אף די פיס און זײַנען גרייט צו גיין. זיי ווייסן אָבער נאָך ניט — וווּהין".

„זײַט וויסן, אז עס דערנעענטערט זיך א הייסע צײַט, אין וועלכער אײַערע ווײַנגערטנער וועלן ניט זײַן קיין זיכערע שטיצע פאר די, וואָס באהאלטן זיך אין זייער שאָטן. עס דערנעענטערט זיך א צײַט, וואָס וועט מיט א מעסער צושטיין צו אײַער האלדז, פאָדערנדיק א קאטעגאָרישן ענטפער אף דער פראגע: ווער זײַט איר, וואָס זײַט איר? פאר וועמען זײַט איר? מיט וועמען זײַט איר?"

די הייסע צײַט — דאָס איז די צוגרייטונג פונעם פוילישן אופשטאנד אין 1863 יאָר. לעוואנדע האָט גענומען א טעמע, וואָס גיט מאטעריאל פאר א רעוואָ־ליוציאָנער ווערק. ער פארקערפערט אָבער דעם מאַ־טעריאל אזוי, אז וועגן קיין רעוואָליוציע שטייט בא אים אפילע קיין פראגע ניט. דעם רעוואָליוציאָנערן אופשטאנד באגרענעצט ער מיט ענגע נאציאָנאל־יידישע ראמען: וואָס איז בעסער פאר די יידן — פוילן צי רוסלאנד? וועלכע דארף זײַן די פּאָזיציע פון די יידן אין דער פראגע, צי דארפן זיי שטיצן דעם אופשטאנד אָדער, פארקערט, שטעלן זיך אינגאנצן אף דער זײַט פון רוסלאנד? דער ענטפער פונעם הויפּט־העלד ארקאדי סארין און אויך פון דעם אוו־טאָר לעוואנדע איז א גאנץ קלאָרער און דײַטלע־כער: די יידן דארפן זײַן אף דער זײַט פון רוסלאנד, קעגן פוילן. ארקאדי סארין שרײַבט:

„צי האָט איר געטראכט, וווּהין מיר דארפן גיין... איר דארפט ניט פארגעסן, אז פון דעם איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון אונדזער גאנצן שייוועט, ס'איז דע־ריבער קעדײַ צו ברעכן איבער דעם דעם מויעך. מיר האָבן דאָ געטראכט און האָבן באשלאָסן — צושטיין צו מאָסקווע. אהין ציט אונדז דער אינסטינקט, דער פארשטאנד, דער ייִשעווער־האדאאס און, לעסאָף, דאָס געפיל פון דאנקבארקײַט. מיר דארפן קיינמאָל ניט פארגעסן, אז רוסלאנד האָט די ערשטע אָנגעהויבן זאָרגן וועגן אונדזער בילדונג און דערציִונג. מיטן דערוואכן פון אונדזער זעלבסטבאוווסטזײַן האָבן מיר צו פארדאנקען רוסלאנד און ניט פוילן... מיט רוס־לאנד וועט אונדז עפּשער מער אָפּגליקן. באקומענדיק דאָ דעם שליסל צו בילדונג, וועלן מיר, מיט גאָטס הילף, מיט אָט דעם שליסל עפענען פאר זיך די רו־סישע פאָלקסטימלעכקײַט, די רוסישע בירגערלעכ־קײַט, דאָס רוסישע היימלאנד. דאָס הארץ זאָגט מיר, אז מיט דער צײַט וועלן די רוסן אונדז ליב באקו־מען. מיר וועלן זיי צווינגען אונדז ליב צו באקומען. מיט וואָס? טאקע מיט אונדזער ליבע צו זיי".

וועגן דעם פוילישן אופשטאנד קעגן צאריזם אין יאָר 1863 האָט וו. אי. לענין געשריבן: „ק. מארקס און פר. ענגעלס האָבן געהאלטן פאר אן אומבא־דינגטן כויוו פון דער גאנצער מײַרעוו־אייראָפּעי־שער דעמאָקראטיע, און אוואדע פאר דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, אן אקטיווע אונטערשטיצונג דער פאָ־דערונג פון פוילישער אומאָפּהענגיקײַט. פאר דער עפּאָכע פון די 40־ער און 60־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט, פאר דער עפּאָכע פון בורזשואזע רע־וואָליוציעס אין עסטרײַך און דײַטשלאנד, דער עפּאָכע פון „פויערישער רעפאָרמע" אין רוסלאנד, איז אָט דער שטאנדפונקט געווען א פולשטענדיק ריכטיקער און דער איינציקער קאָנסעקווענט־דעמאָקראטישער און פראָלעטארישער שטאנדפונקט"[1]. וו. אי. לענין האָט אויך געהאלטן, אז „דער אלרוסלענדישער רע־וואָליוציאָנער־דעמאָקראט טשערנישעווסקי האָט אויך (פונקט ווי מארקס) געקאָנט שעצן די באדײַטונג פון דער פוילישער באוועגונג"[2].

זעלבסטפארשטענדלעך, מיר קאָנען זיך ניט פאָר־שטעלן, אז א בורזשואזער אופקלערער זאָל אין דער פראגע וועגן פוילישן אופשטאנד פון 1863 שטיין אפן שטאנדפונקט פון מארקסן און ענגעלסן, צי ער זאָל פארנעמען אין דער פראגע די פּאָזיציע פונעם רעוואָליוציאָנערן דעמאָקראט טשערנישעווסקי. וועגן דעם קאָן קיין רייד ניט זײַן. עס רופט אָבער ארויס סימפאטיע זײַן ליבע צו רוסלאנד, דאָס גלויבן אין רוסלאנד און די זיכערקײַט אין דעם, אז רוסלאנד וועט זײַן דאָס היימלאנד אויך פון דער יידישער באַ־פעלקערונג. דער אווטאָר און זײַנע העלדן זײַנען פארגאפט פון דער רוסישער קולטור און באזונדערס פון דער רוסישער ליטעראטור. איינע פון די העלדנס אין לעוואנדעס ראָמאן, מערי טידמאן, שטודירט די רוסישע ליטעראטור און שרײַבט צו איר געליבטן שוין ניט אף דײַטש, ווי ביז איצט, נאָר אף רוסיש. דאָס איז געווען א נײַער עטאפּ אין דער געשיכטע פון דער יידישער אופקלערערישער אינטעליגענץ. אין דער ערשטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָט די האסקאָלע אין רוסלאנד זיך אנטוויקלט הויפּטזאכלעך אונטער דער שטארקער ווירקונג פון דער דײַטשישער קולטור. די יידישע מאסקילים האָבן אנערקענט און פראָפּאגאנדירט דײַטש און העברעיִש. דאָס זײַנען געווען, אזוי צו זאָגן, די „בערלינער", די „עלטערן". אָנהייבנדיק פון די 60־ער יאָרן קומט אָן א נײַער עטאפּ פון דער האסקאָלע און אין דער גאנ־צער עוואָליוציע פון דער יידישער אופקלערערישער אינטעליגענץ. די „בערלינער" און די „פאָטערס" ווערן אָן זייער פריִערדיקן גלאנץ, טרעטן אָפּ דאָס אָרט דעם נײַעם דאָר אופקלערער, די „קינדער", וועלכע רוקן ארויס א נײַע אופקלערערישע פראָג־ראם. אין דער נײַער פראָגראם פארנעמט דעם אויבנ־

---

[1] В. И. Ленин. ПСС, т. 25, М., 1961, стр. 297.
[2] Там же.

אָן רוסיש און ייִדיש. לעוואַנדע איז געווען דער סאַמע קאָנסעקווענטער, טעמפּעראַמענטפולער, ענערגישער פּראָפּאַגאַנדיסט און אַגיטאַטאָר פון רוסיש אין דער ייִדישער סוויווע. ער איז געווען אַנטשיידן אין זײַן קאַמף פאַר רוסיש און ער איז געווען איבערצײַגט, אַז בלויז דורך רוסיפיצירן דאָס ייִדישע לעבן, דורך באַהערשן די רוסישע שפּראַך, די רוסישע ליטעראַטור און די רוסישע קולטור איז מעגלעך אַ פולשטענדיקע און גערעכטיקע לייזונג פון דער „ייִדן־פּראָבלעם" אין רוסלאַנד.

לעוו אָסיפּאָוויטש לעוואַנדע איז ניט געווען קיין ערשטראַנגיקער מײַסטער פון פּראָזע. דער פּובליציסט האָט שטענדיק געהאַט די אויבערהאַנט איבער דעם מאָלער אין זײַנע ווערק. ער איז אָבער געווען אַ קלוגער, הויך ערודירטער שרײַבער, אַ באַדאַכטער און גוטער קענער פונעם ייִדישן לעבן, פונעם ייִדישן שטייגער אין זײַן צײַט. און דאָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקײַט צו שאַפן וואָרהאַפטיקע בילדער פון דערווירקלעכקײַט און פאַרקערפּערן וויכטיקע פּראָבלעמען פון דער עפּאָכע. אויסער דעם ראָמאַן „הייסע צײַט" האָט ער געשאַפן אַ היפּשע צאָל היסטאָרישע ראָמאַנען, דערציילונגען, פאַרצייכענונגען, פון וועלכע מיר וועלן דאָ אָנרופן בלויז די וויכטיקסטע: „אַווראַם יעזאָפּאָוויטש", היסטאָרישע דערציילונג פון דער ערשטער העלפט פונעם 16־טן יאָרהונדערט, אָדעס, 1910; „דער צאַרן און דער כעסעד פון אַ מאַגנאַט (אַ וואַרע געשיכטע פונעם 18־טן יאָרהונדערט)", אָדעס, 1912; „ווילנער לעבן", פעליעטאָנישע עטיודן, ווילנע, 1878; „דעפּאָ פון באַקאַליי־סכוירעס (בילדער פון ייִדישן שטייגער")", ווילנע, 1869; „דער ווידע פון אַ געשעפטמאַן", ראָמאַן אין צוויי טיילן, ספּב, 1880; „דער גרויסער רעמיז", ראָמאַן וועגן קאָמערציעלן לעבן פון די ייִדן, ספּב, 1881 יאָר[1].

סײַ אין די ווערק וועגן זײַן צײַט, סײַ אין די היסטאָרישע ראָמאַנען און דערציילונגען איז לעוואַנדע געווען דער אויפגעקלערטער אידעאָלאָג פון דעם בורזשואַזן סיידער. זײַן העלד איז געווען אַ מענטש מיט איניציאַטיוו, מיט ענערגיע, וועלכער דערשלאָגט זיך אָן אָרט אין לעבן. אין דעם זין איז ער געגאַנגען מיטן וועג פון די גרויסע מײַסטערס פונעם קריטישן רעאַליזם אין דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור (סטענדאַל, באַלזאַק). ווי שאַרף ער זאָל ניט קריטיקירן די ווירקלעכקײַט, די אָפּגעשטאַנענקײַט, דעם קאָנסערוואַטיזם, איז ער אָבער דער ענערגישער אונטערנעמער, דער שטענדיקער באַזיגער און דערפאָלגרײַכער טריִומפאַטאָר, וואָס דערגרייכט זײַנע צילן אין לעבן. דאָס איז באַזונדערס צו זען אינעם ראָמאַן „דער ווידע פון אַ געשעפטמאַן" («Исповедь дельца») און אויך אין דעם מער קינסטלערישן ווערק „דער גרויסער רעמיז".

„דער גרויסער רעמיז" איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס דאָ אַנטפּלעקט זיך בוילעטער דער אידייִשער טאָך פון לעוואַנדעס שאַפן. דער שרײַבער מאָלט דאַפקע דעם „דעק" פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, די אָרעמע און פאַרשטויסענע לײַט, דעם שאַרמאַנשטשיק אילקע פּרוסאַק און זײַן שיינע באַגאַבטע טאָכטער מאַניע פּרוסאַק. זיי וואַלגערן זיך אין אָרעמקײַט און אין נויט פון איין אָרט אין צווייטן, ביז אַ פּוילישער מאַגנאַט, אַ ראָטמיסטער, וואַרפט אָן אויג אָף דער שיינער מאַניעטשקע. ער רעדט זיך צונויף מיטן טאַטן, און מע פאַרפירט זי צו אים אין גוט. דערפאַר באַקומט דער פאָטער אַ סומע געלט, ער ווערט דער אייגנטימער פון אַ קאַפע „פּאַריזשער בופעט", וווּ די שיינע מאַניע באַדינט די קליִענטן. איינצײַטיק דערמיט לערנט זי זיך שוין איצט זינגען בײַ אַ באַרימטן פּראָפעסאָר פון מוזיק, אַ פּוילישן עמיגראַנט. דער ראָטמיסטער קערט זיך אום אין עטלעכע יאָר אַרום אין דער זעלבער שטאָט און איז נאָך מער אַנציקט פון מאַניעטשקעס שיינקײַט. איצט בעט ער זי ווערן זײַן פרוי. אָבער זי האָט אָן אַנדער געליבטן בעני גרויניִמס, אויך אַ באַגאַבטן פידלער, וואָס לערנט זיך מוזיק בײַ דעם זעלבן פּראָפעסאָר. מיט דער הילף פון אָט דעם פּראָפעסאָר ווערן אָפּגעשלאָגן דעם ראָטמיסטערס בייזע קאַוואָנעס בענעגייע מאַניעטשקען. זי האָט כאַסענע פאַר איר געליבטן בעני גרויניִמס. ביידע ווערן זיי באַוווּסטע אַקטיאָרן, וועלכע טרעטן אַרויס מיט דערפאָלג, און דער עולעם באַגריסט זייער קונסט מיט ענטוזיאַזם. אַ גוטער סאָף.

אַז מע פאַרגלײַכט לעוואַנדעס ראָמאַן „דער גרויסער רעמיז" מיט שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַנען „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", זעט מען דעם אידייִשן אונטערשייד אינעם קינסטלערישן אינטערפּרעטירן און פאַרקערפּערן איינע און די זעלבע פּראָבלעם. בײַ דעם פאָלקס־שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם איז געוויזן, אַז די קונסט און דער קינסטלער אין דער ייִדישער בורזשואַזער סוויווע איז אַ סכוירע, מיט וועלכער מע האַנדלט. דער הויך־טאַלאַנטירטער פידלער סטעמפּעניו פאַלט אַרײַן אין די הענט פון דער געלטגיריקער הענדלערן און אָנזאַמלערן פריידל, וועלכע נוצט אויס זײַן קונסט און זײַן שאַפונג ווי אַ מיטל פון באַרײַכערונג; דער גלענצנדיקער זינגער יאָסעלע סאָלאָוויי פאַלט אַרײַן צו דער אונטערנעמערן פּערעלע די דאַמע. אין גערעכטיקע סאָציִאַלע באַדינגונגען וואָלטן אַזעלכע טאַלאַנטן געוואָרן ערשטראַנגיקע אַרטיסטן. אָבער אין דער ייִדישער בורזשואַזער האַנדלס־סוויווע ווערן זיי פאַרשקלאַפט. זייערע הויכע שעפערישע אימפּולסן און שטרעבונגען ווערן אויסגעלאָשן...

בײַ לעוואַנדען, ווי מיר ווייסן שוין פון זײַן ראָמאַן „דער גרויסער רעמיז", ווערן ניט פאַרפאַלן קיין פאָלקס־טאַלאַנטן, זיי דערגרייכן זייער ציל און ווערן אָנגעזעענע קינסטלער. אין ראָמאַן „די ווידע פון אַ געשעפטמאַן" דערגרייכט אויך דער הויפּט־העלד זײַנע צילן. פון דעם קליינעם שטעטל קומט ער אין דער הויפּטשטאָט פּעטערבורג און ווערט אַ גוויר אַדאַנק זײַנע אונטערנעמערישע פייִקײַטן. אויך דאָ זעען מיר אינגאַנצן אָן אַנדער אידייִשע אינטערפּרעטאַציע בײַם בורזשואַזן אויפקלערער לעוואַנדע און בײַם פאָלקס־שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם אין זײַן ראָמאַן „סענדער בלאַנק".

אַ גאַנץ מערקווירדיקע פיגור אין דער ליטעראַטור, וואָס מיר באַטראַכטן דאָ, איז געווען אויך ניקיטין וויקטאָר ניקיטיטש. ער האָט אַליין איבערגעטראָגן

[1] אַלע ווערק פון לעוואַנדען זײַנען איבערגערעכנט אין דער אויסגאַבע: «Систематический указатель литературы о евреях на русском языке». (СПб., 1892).

די צאָרעס און פלאָגן פון א קאַנטאָניסט. נאָך קינדווײַז איז ער ארויסגעריסן געוואָרן פון דער היים און מע האָט אים צוגענומען אין דער ארמיי. דאָרטן איז ער געווען געצווונגען זיך צו שמאדן. אדאנק זײַן באגאבונג, ארבעטספייִקײַט און אומופהערלעכן שטרעבן צו וויסן און קולטור, אדאנק זײַן שיינעם האנטשריפט, איז ער געוואָרן א קאנצעליאריסט, וועלכן מע האָט אין די 50־ער יאָרן אריבערגעפירט קיין פעטערבורג, ווו ער איז שפעטער געוואָרן א היימישער סעקרעטאר בא דעם דירעקטאָר פון דער קאנצעליאריע אין קריגס־מיניסטעריום ק. פ. קאופמאן (שפעטער — גענעראל־גובערנאטאָר אין טורקעסטאן). אין אָנהייב פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט איז ניקיטין שוין געווען אן אָנגעזעענער אמט־טוער, איינער פון די דירעקטאָרן אין פעטערבורגער קאָמיטעט פון די טורמעס און א טשינאָווניק פון באזונדערע פליכטן באם מיניסטעריום פון לאנדווירטשאפט און פון מעלוכע־פארמעגן.

ו. ב. ניקיטין איז געווען אי א היסטאָריקער, אי א בעלעטריסט. זײַענדיק גוט באקאנט מיטן לעבן און מיטן שטייגער פון די ארעסטאנטן, האָט ער, ווי דאָסטאָיעווסקי, אָפגעגעבן אופמערקזאמקײַט אָט דער טעמע, וועלכע איז אין צארישן רוסלאנד געווען א וויכטיקע אין דער ליטעראטור. אין 1871 איז דערשינען זײַן בוך „דאָס לעבן פון די ארעסטירטע“. דערזעלבער טעמע איז געווידמעט אויך די פאָרשונג „טפיסע און פארשיקונג“ («Тюрьма и ссылка»), וועלכע איז דערשינען אין יאָר 1880. ער האָט צונויפגעזאמלט א רײַכן היסטאָרישן, געזעצגעבערישן און אדמיניסטראטיוון מאטעריאל וועגן דער רוסישער טורמע פאר דרײַ הונדערט יאָר.

צו אָט דעם מין ליטעראטור געהערן אויך ניקיטינס ווערק „דער געריכט אין סאנקט־פעטערבורג“ (1867), „גיריקײַט נאָך רײַכטום“ (1875), „געזעלשאפטלעכע און געזעצגעבערישע פעלערן“ (1872), „דערציילונגען און פארצייכענונגען“ (1886), „דער שטייגער פון די מיליטערישע ארעסטאנטן אין די פעסטונגען“ (1873), „אומגליקלעכע“ (1840), „שפליטערס פון א צעבראָכענער שיף“ (1891) און אנד.

פאר אונדז שטעלט ביז איצט פאָר אן אינטערעס ניקיטינס ארבעט „ייִדן — ערדארבעטער“[1]. דאָס איז א קאפיטאל ווערק וועגן די ליידן פון דער ייִדישער באפעלקערונג, וועלכע האָט געזוכט אן ארויסוועג פון דער פארצווייפלטער לאגע אין ערדארבעט. אין די באדינגונגען פון דער צארישער אָרדענונג און פונעם קאפיטאליזם זײַנען די אומגליקלעכע געווען פארורטיילט אף אָרעמקײַט, נויט, דערנידריקונג. איך מיין, אז אונדזערע הײַנטצײַטיקע שרײַבער, וואָס פארנעמען זיך מיט שילדערן דאָס לעבן אין דאָרף, וואָלטן געקאָנט א סאך זיך דערוויסן פון ניקיטינס ווערק. די מאטעריאלן פונעם בוך וואָלטן אויך געקאָנט דינען פאר א יעסאָד פון א גרעסערער קינסטלערישער היסטאָרישער ארבעט וועגן א פארגעסענעם געביט פון דער ייִדישער געשיכטע אין רוסלאנד.

די בעלעטריסטישע שאפונג ניקיטינס איז אין טאָך געווידמעט דער שילדערונג פון דער רעקרוטשינע אין דער ייִדישער סוויווע. ער איז דאָ געגאנגען מיטן וועג פון אנדערע ייִדישע שרײַבער אף רוסיש, העברעיִש און ייִדיש. זײַנע צוויי דערציילונגען „א לעבן אָפלעבן איז ניט קיין שפאציר איבערן פעלד“ און „פילגעליטענע“ זײַנען אווטאָביִאָגראפישע ווערק, אין וועלכע דער אווטאָר מאָלט אופריכטיק און וואָרהאפטיק, פונקט ווי ג. באָגראָוו אין „שריפטן פון א ייִדן“, זײַן אייגן לעבן, דעם שוידערלעכן קאָשמאר פון א קינד, וואָס איז ארײַנגעפאלן אין די אויסערגעווינלעך שווערע באדינגונגען פון די קאַנטאָניסטן. ניט געקוקט דערויף, וואָס דער אווטאָר, אלס קינסטלער, קאָן זיך ניט פארגלײַכן מיט באָגראָוון אָדער מיט לעוואנדען, זײַנען די ביידע דערציילונגען געבליבן, ווי וויכטיקע קינסטלערישע מענטשלעכע דאָקומענטן, וועלכע שטעלן אוף א בוילעט בילד פון דער איצט שוין אזוי ווײַטער פארגאנגענהײַט.

ס׳איז אינטערעסאנט און כאראקטעריסטיש, וואָס ניקיטינס ווערק וועגן די ייִדן אין רוסלאנד זײַנען אויך פובליקירט געווען אין „אָטעטשעסטווענִיע זאפיסקי“, אין נעקראסאָווס און סאלטיקאָוו־שטשעדרינס זשורנאל, ווו עס איז פובליקירט געווען באָגראָווס „שריפטן פון א ייִדן“. אין די 70־ער און 80־ער יאָרן איז אָט דער זשורנאל געווען דער סאמע פראָגרעסיווער אָרגאן פון דער רוסישער ליטעראטור. אין דעם זשורנאל האָבן זיך געדרוקט די אָנגעזעענסטע שרײַבער פון יענער עפאָכע.

פאר דער רוסישער פאָרגעשריטענער ליטעראטור זײַנען די ווערק וועגן לעבן פון די ייִדן אין רוסלאנד געווען א נײַע אומבאקאנטע וועלט, וואָס האָט גערעגט און געצווונגען זיך צו פארטראכטן איבער פראגן וועגן דעם לעבן פון די פעלקער אינעם גרויסן לאנד.

---

[1] В. Н. Никитин. Евреи — земледельцы. Историческое, законодательное, административное и бытовое положение колоний со времени их возникновения до наших дней. 1808—1887. СПб, 1887.

# קורצע רעצענזיעס

## א פאָדעם אין געוועב




די ערשטע פּרוּוון אין פּראָזע, ווי באַוווּסט, האָט ריווקע רובין געמאַכט נאָך בײַס און באַלד נאָך דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. צו די ביכער, וועלכע אַנטהאַלטן אירע ליטעראַטור־פֿאַרשערישע און קריטישע אַרבעטן, איז צוגעקומען אַצינד דער בוך דערציילונגען „עס שפּינט זיך א פאָדעם".

וואָס זשע שטעלט מיט זיך פֿאָר דער דאָזיקער בוך?

לייענענדיק איינע פֿון די „דערציילונגען וועגן דער מומע מאַלקע" (1964) — „א פלעק", — האָבן מיר אַגמעסנעפּעש צוזאַמען מיט דער אָרעמער לייעלע דערפֿון, וואָס מע נעמט זי מיט אַף א כאַסענע, נאָר קיין פּאַסיק קלייד דערצו פֿאַרמאָגט זי ניט. די מומע מאַלקע, אויך אַן אָרעמע, האַרציקע ייִדענע, לײַט איר אויס דאָס נײַע קלייד פֿון איר טאָכטער, און עס געשעט אַן אומגליק — אַף דער כאַסענע האָט לייעלע געמאַכט אַפֿן אַנטלײַענעם קלייד א פּלעק. זי קומט צו דער מומע אין איינע טרערן, נאָר יענע טרייסט זי: „נאַרעלע, אַבי די נעשאָמע זאָל זײַן אָן א פּגימע. א פלעק אַף דער נעשאָמע איז ניט אַזוי גרינג אָפּצוּוואַשן, און פֿאַרבײַטן זי קאָן מען ניט".

די דערציילונג איז אָנגעשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן, און גיכער פֿאַר אַלץ איז זי, ווי אויך אַנדערע דערציילונגען אינעם בוך, אַוטאָביִאָגראַפֿיש. אויב אַזוי, האָט די קינפּטיקע שרײַבערן נאָך אין איר גאָר פֿריִער קינדהײַט באַקומען פֿון א קלוגן און ערלעכן פֿאָלקסמענטש, איר מומע, א וויכטיקע לעקציע און האָט זי פֿאַרגעדענקט אַפֿן גאַנצן לעבן. און טאַקע דאָס, אייגנטלעך, גייט אָן דער שרײַבערן אין אַלע אירע גרעסערע און קלענערע דערציילונגען מער פֿאַר אַלץ — באַווײַזן די נעשאָמע־שיינקײַט און נעשאָמע־ריינקײַט פֿון איינע און אויסגעפֿינען, אַרויסציִען אַף דער ליכטיקער שײַן, דעמאַסקירן די פּגימעס אין די נעשאָמעס פֿון אַנדערע, ווי יענע זאָלן ניט פּרוּוון און ניט וועלן אָט די פּגימעס אויסבאַהאַלטן.

---

ר י ווקע  ר ו ב י ן. „עס שפּינט זיך א פאָדעם". פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע, 1975.

אין דער דערציילונג „עס שפּינט זיך א פאָדעם" לייענען מיר: „דאָס פֿאַרגאַנגענע פֿאַרגייט ניט, עס לעבט אין אונדז... דער הײַנט און דער נעכטן בײַטן זיך מיט די ערטער". און אַזוי טאַקע קומט עס פֿאָר אין אָט דער גרעסערער דערציילונג, מיט וועלכער די זאַמלונג הייבט זיך אָן. די עלטערע פֿרוי, די זשורנאַליסטקע לייע פֿײַנבערג פֿאָרט צו איר יוגנטכאַווערטע עסטער קיין קאַזאַכסטאַן. אין וועג באַגעגנט זי זיך מיט פֿאַרשיידענע מענטשן און דערמאָנט זיך אין יענער צײַט, ווען זי און איר כאַווערטע זײַנען געווען יונג. פֿאַרן לייענער גייט דורך א היפּשער צײַט־אָפּשניט — פֿון די צוואַנציקער יאָרן ביז הײַנטיקן טאָג. אַרײַנגערעכנט די שווערע מילכאָמע־יאָרן, — א פּעריִאָד, אין וועלכן די העלדן פֿון דער דערציילונג — אַרטיסטן, סאָלדאַטן, לערער, דאָקטוירים — האָבן פֿיל דערגרייכט, פֿיל אָנגעווירן, אָן א שיר איבערגעלעבט און דורכגעמאַכט — יעדערער אַף זײַן אויפֿן.

אין צענטער האָבן מיר דאָ צוויי־ען — לייען און דעם שרײַבער יויסעף פֿײַנבערג. די ליבע האָט זיי פֿאַרייניקט אַף ניט אָפּצוטיילן איינעם פֿונעם אַנדערן אַפֿילע נאָך דעם, ווי לייע דערוויסט זיך וועגן יויסעפֿס אומקום...

עס וואַרפֿט זיך אין די אויגן דאָס געמיינזאַמע און דאָס פֿאַרשיידענע אין די צוויי גרעסערע דערציילונגען, וועלכע שטייען אינעם בוך באַנאַנד, — „עס שפּינט זיך א פאָדעם" און „אין א האַרבסטיקן טאָג". אין דער ערשטער דערציילונג הייסט די העלדן לייע פֿײַנבערג, לויט דער פּראָפֿעסיע איז זי א זשורנאַליסטקע, אין דער צווייטער — מירע בליום, א וויסנשאַפֿטלעכע טוערן. נאָר אין ביידע לאָזן זיך דײַטלעך מערקן אַלצייגע כאַראַקטער־שטריכן, ענלעכע ביִאָגראַפֿיעס. ניט מער, אויב אין דער ערשטער דערציילונג איז גענויער געשילדערט דער אָנהייב פֿון אָט דער ביִאָגראַפֿיע, ווערט אין דער צווייטער הויפּטזאַכלעך באַוויזן די רײַפֿע עלטער. סײַ דאָ, סיי דאָרט אָבער גייט רעטראָספּעקטיוו דורך פֿאַרן לייענער דאָס גאַנצע לעבן פֿון אָט די מוטיקע, קעסיידער ענערגישע טעטיקע, איבערגעגעבענע פֿרויען. ביידע זײַנען זיי פֿאַרליבט אין קינסטלער. אין ערשטן פֿאַל איז עס דער שרײַבער און דראַמאַטורג יויסעף פֿײַנבערג, אין צווייטן — דער טאַלאַנטפֿולער מאָלער יעכיִעל בליום. סײַ פֿײַנבערג, סײַ בליום קומען אום אַף אַן ענלעכן אויפֿן — אין פֿאַשיסטישן לאַגער. סײַ לייע, סײַ מירע

בלײַבן אפן גאנצן לעבן טרײַ דעם אָנדענק פון זייערע אומגעקומענע לעבנס־פרײַנט, טוען אלץ, וואָס מעגלעך, אף צו פארייביקן זייער אָנדענק.

מיר האָבן גענוי נאָכגעשפירט דאָס געמיינזאמע אין די צוויי דערציילונגען, קעדיי אונטערשטרײַכן דאָס פארשיידענע אין זיי, און אָט דאָס פארשיידענע איז וועזנטלעך און באווײַזלעך. ביידע דערציילונגען זײַנען אָנגעשריבן ווי אף פארשיידענע פלאכן. סײַ די מענטשן, סײַ די געשעענישן ווערן אין דער דערציילונג „אין א הארבסטיקן טאָג" געשילדערט מיט א באדײַטנדיק גרעסערן גראד פארטיפטקײַט אין דער פסיכאָלאָגיע פון די פערסאָנאזשן, אינעם אונטערגרונט פון אלץ, וואָס קומט פאָר. דאָס, וועגן וואָס אין דער ערשטער דערציילונג ווערט געזאָגט צווישן אנדערס, ביכלאל, ווערט אין דער צווייטער דײַטלעך דעטאליזירט. דאָס, וואָס מיר זעען אין דער ערשטער ווי דורך די דערווײַטערנדיקע גלעזלעך פונעם שפאקטיוו, ווערט באוויזן אין דער אנדערער דורך די שפאקטיוו־גלעזלעך, וואָס דערנעענטערן און פארגרעסערן יעדן קעגנשטאנד אף אזויפיל, אז מע קאָן אים אָנטאפן מיט דער האנט... אין „עס שפינט זיך א פאָדעם" ווערט וועגן פײַנבערגס אוועקגיין אפן פראָנט, וועגן זײַן אומקום דערציילט ניט זייער בעריכעסדיק. בוילעט און דעטאל ווערן אָבער געשילדערט יעכיעל בליומס איבערלעבונגען, ווען ער פארבלײַבט אליין נאָכן אָפשיקן די פרוי מיטן קינד, זײַן טראגישער צוריקער פונעם וואָקזאל אהיים, זײַן ארבעט איבערן לעצטן בילד, זײַן געפינען זיך אין געטאָ...

באנאנד מיטן העלדישן געשטאלט פון יעכיעל בליום, וואָס האלט פאר בעסער אומקומען, איידער פארנייגן זיך פארן סוינע, ווערט באוויזן דאָס העסלעכע געשטאלט פונעם פארעטער אווערקיעוו. לאָמיר באמערקן אגעוו־אורכע, אז אויך פאר אָט דעם געשטאלט געפינען מיר א קורצע עסקיז־צייכענונג אין „עס שפינט זיך א פאָדעם" — דעם פארשוין מיט די לאנגע האָר, וועלכער מאָלט דעם פאָרטרעט פון דער פארדינסטפולער לערערן.

די דערציילונג „עס שפינט זיך א פאָדעם" איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין 1968 יאָר, די דערציילונג „אין א הארבסטיקן טאָג" אין 1973־טן. דאָס אלץ, וואָס דער שרײַבערן איז פאר אָט די פינף יאָר צוגעקומען אין איר מענטשלעכער און קינסטלערישער דערפארונג, האָט, זעט אויס, וועזנטלעך געלאָזט זיך מערקן אף דער פארשיידנקײַט פון אָט די דערציילונגען, וועלכע פארמאָגן אין זיך אזויפיל געמיינזאמס.

* * *

אין 1947 יאָר האָט ר. רובין אָנגעשריבן די דערציילונגען „זאָלן מענטשן וויסן" און „ווען דער שלאָס האָט געהיט" (זיי גייען אויך ארײַן אין דער זאמלונג), אין וועלכע זי האָט געפרווּווט פארצייכענען דעם גרויל און שוידער, וואָס די מילכאָמע האָט מיטגעבראכט. דאָס אָבער, וואָס זי האָט דאן עסקיזארטיק פארצייכנט, האָט זי פאנאנדערגעוויקלט אין 1971 יאָר אין א גרעסערער דערציילונג „ווען די ייִנגלעך זײַנען אויסגעוואקסן".

אין איינער א שטאָט האָבן געלעבט פיר ייִנגלעך — די ברידער דאָוויד און באָרעך הורוויטש, לעאָניד טשיסטיאקאָוו און ניקאָלײַ דאָברינין. מע האָט זיך צוזאמען געלערנט, פארבראכט, געארבעט, געווען אלע אייגענע מענטשן אין שטוב בא לעאָנידן און זײַן מוטער יעלענא מאקסימאָוונא — דער באליבטער לערערן פון דײַטש. די מילכאָמע האָט אלעמען צעשיידט, צעוואָרפן. דאָוויד און באָרעך — אפן פראָנט, דאָברינין, א דאָקטער, אויך דאָרט, לעאָניד האָט זיך ניט באוויזן עוואקויִרן, פארבליבן אין דער אָקופירטער שטאָט. דאָ זײַנען אויך פארבליבן דאָווידס און באָרעכס מוטער און באָרעכס פרוי דינע מיטן קינד. זיי האָט, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, א געוויסע צײַט אויסבאהאלטן בא זיך יעלענא מאקסימאָוונא. נאָכן פלוצלינגדיקן טויט פונעם קינד האָט דינע באשלאָסן אוועקגיין אין דאָרף, ווו עס האָט זיך אויסבאהאלטן באָרעכס מוטער, און בא אומקלאָרע אומשטענדן פאלן זיי ביידע ארײַן אין די הענט פון געסטאפאָ און קומען אום...

וועגן דעם אלעם דערוויסן מיר זיך פונעם בריוו־אויסטויש צווישן יעלענא מאקסימאָוונא, לעאָנידן און אנדערע מיט באָרעך הורוויטשן, וועלכער געפינט זיך סאָף מילכאָמע אף היילונג אין א שפיטאָל. די דאָזיקע בריוו, ווי אויך די טיילן, געשריבענע פונעם אווטאָר, שאפן צוזאמען א שטײַפן סוזשעטישן קנויל, וואָס האלט דעם לייענער די גאנצע צײַט אין שפאנונג, און דער פאָדעם, וואָס איז נייטיק אף פאנאנדערפלאָנטערן דעם קנויל, גיט זיך לאנג נישט אין די הענט ניט די העלדן פון דער דערציילונג, ניט דעם לייענער... דער ערשטער אָנדײַט אף אזא פאָדעם איז דער בריוו פון באָרעכס שוועגערן זאָיע. עס ווערט ארויסגעזאָגט א שווערער כשאד:

לעאָניד איז א פארעטער. אין דעם איז אומעגלעך צו גלייבן, נאָר באָרעך הורוויטש קערט זיך אום נאָך דער מילכאָמע אהיים און דער כשאד ווערט באשטעטיקט... ווען די מילכאָמע האָט פארהארטעוועט אין איר פײַער, ווען אומגעבראכט און ווען פארדאָרבן...

צום סאָף פון דער דערציילונג קומט אוף נאָך איין געשטאלט — יודעס. א ייִדיש מיידל פון פוילן. זי האָט זיך לאנג אויסבאהאלטן און שוין באם סאמע סאָף פון דער מילכאָמע ארײַנגעפאלן צו א פאשיסטישן סאָלדאפאָן אין די הענט. דער מערדער איז דיעקעוועט זיך איבער איר. „מיִעס בין איך, צעטראָטן", — שרײַבט זי אין איר בריוו צו באָרעכן, פאר וועלכן זי וויל זיך פארמיִעסן, ער זאָל ניט שטרעבן צו איר. נאָר צוזאמען מיט אים ווילט זיך דעם לייענער ענטפערן יודעסן: „ריין זײַט איר, ריין און צארט, ווי א טויב"...

אין אָט דער געלונגענער דערציילונג רופט ארויס דערווידערונג איר ניט קלאָרער סאָף. אונדז דאכט, אז אין אזא ווערק, ווו מיר האָבן צו טאָן די גאנצע צײַט מיט אבסאָליוט באשטימטע קאטעגאָריעס פון גוטס און שלעכטס, מעג אויך דער סאָף זײַן א קלאָר באשטימטער: באָרעך בלײַבט טרײַ דינעס אָנדענק, אָדער, ניט מינערנדיק אָט די טרײַשאפט, גייט ער זיך דאָך צונויף מיט יודעסן. איז דאכט זיך — קלאָר: „באָרעך האָט געוווּסט, אז ווערן זיך קעגן דער נײַער ליבע איז ער ניט בעקויעך. ער וועט נאָכגיין יודעסן כאָטש אפן אנדערן עק וועלט. ער וועט זי זוכן און געפינען". נאָר אָנשטאָט צו שטעלן דאָ דעם

לעצטן פונקט האָט די שרײַבערן צוגעגעבן נאָך עט־
לעכע, ווי אונדז דוכט, איבעריקע שורעס: באַרעך
בעט זיך אָפּ פון דער ארבעט, זעצט זיך אַרײַן אין
א פולגעפּאקטן צוג, פאָרט. וווהין, צוליב וואָס? „באַ־
רעך איז געזעסן, — לייענען מיר, — אױף דעם זײַטיקן
בענקעלע באם פענצטער, פארזונקען אין בענקשאפט,
נאָך וועמען?“ מיט אָט דעם פרעגצייכן פארענדיקט
זיך די דערציילונג. דער לייענער דארף זיך, הייסט
עס, פארטראכטן — צי איז די בענקשאפט נאָך דער
אומגעקומענער דינע, אָדער נאָך דער לעבעדיקער
יודעס? די שרײַבערן אליין שטעלט זיך דערבײַ אין
א זײַט.

דעם בוך שליסט איינע פון ר. רובינס בעסטע
דערציילונגען — „דרייזשע“. דרייזשע איז א נאָמען
פון א פרוי. אן אָריגינעלער נאָמען. אָריגינעל איז
אויך די גאנצע דערציילונג, כאָטש איר טיפּאזש,
סוויווע, האנדלונג זײַנען גאנץ טראדיציאָנעלע. אָרי־
גינעל איז דער קינסטלערישער פארטראכט: א גרוי־
סע שטוב, א סאך מענטשן, איבער אלץ און אלעם
קיניגט דאָ די שטרענגע באלעבאָסטע כאנע־עסטער.
אין א קליין קעמערל פון אָט דעם הויז לעבט אן
אלטע, שטילע, ניט באמערקבארע פרוי, א מין אָרע־
מע קרויווע, דרייזשע. ווײַזט זיך ארויס, זי, דרייזשע,
איז דאָ דער סאמע אינטערעסאנטער, סאמע אָנשטענ־
דיקער מענטש. לויט איר איצטיקן אויסזען איז אפי־
לע ניט צו טרעפן, וואָס פאר א שיינהײַט זי איז
אמאָל געווען, וואָס פאר א שטורמישע יוגנט (א
שטורמישע, ביפראט אפן פאָן פונעם אלטן ייִדישן
שטעטל) זי האָט איבערגעלעבט. דערציילן דערציילט
וועגן דעם זי אליין — און וועמען? א צעניאָריקן מיי־
דעלע, אן אָרעמער קרויווע, וואָס איז געקומען צו־
גאסט... דער הויפּט־שטריך אין דרייזשעס כאראק־
טער איז זעלבסטאָפּפערונג. זי איז זיך מאקריוו פאר
איר ברודער אווראָם, וואָס איצטער איז ער דער באַ־
לעבאָס פונעם גאנצן, פאקטיש — אירן, דרייזשעס,
פארמעגן; פאר איר געליבטן, וויגדערן — פאר וועמ־
מען ניט? און כאָטש פאר איר גוטס האָבן מענטשן
איר שטענדיק געצאָלט און צאָלן ביז איצט מיט
שלעכטס, האָט דרייזשעס הארץ זיך ניט געענדערט.
זי געפינט פאר אלעמען א זכוס, אפילע פאר איר
בייזער פארפאָלגערן כאנע־עסטער. עמעס, דער זכוס
באשטייט אין דעם, וואָס, ווי דרייזשע זאָגט, גאָט
האָט פארגעסן צו געבן יענער א נעשאָמע...

די הויפּט־דערגרייכונג פון דער שרײַבערן זײַנען
אירע פרויען־געשטאלטן. מיר פארמאכן דעם בוך,
און אָט שטייען זיי, ווי לעבעדיקע, פאר אונדזערע
אויגן — לייע פײַנבערג, מירע בליום, דינע, יודעס,
די מומע מאלקע, דרייזשע. אין אָט דער ריי דארף
מען אויך ארײַנשטעלן דאָס געשטאלט פון דער רוַ־
סישער פרוי יעלענא מאקסימאָוונא. אלע אזעלכע
פארשיידענע, האָבן זיי דאָך אין זיך אלגעמיינס: וואָס
עס זאָל זיי ניט אויסקומען איבערצוטראָגן, פארלירן
זיי קיינמאָל ניט זייער ליבע צו מענטשן...

די שפּראך פון ריווקע רובינס דערציילונגען איז
א פּאָשעטע, א קלאָרע. די פּראזע — ניט געקינצלט,
אויסדריקלעך, קורץ. דאָס וואָרט — עמאָציאָנעל און
געדאנקלעך אָנגעלאָדן.

דער בוך איז קנאפּ, אָבער פײַן איליוסטרירט מיט
די צייכענונגען פון מייער אקסעלראָד.

„א גרויסע פרייד און א קליינע פרייד, — לייענען
מיר אין איינער פון די דערציילונגען, — איז אלץ א
פרייד. ווילט זיך זי נעמען אָף די הענט און ניט אָפּ־
לאָזן פון זיך“. א גוטער בוך איז אלע מאָל א גרויסע
פרייד.

ב. מילער

# א בוך נאָוועלעטן פון מאַרק ראַזומני




דעם מענטשן רינגלט
ארום א גרויסע וועלט: א
טומלדיקע, א פארביקע,
א פילשטימיקע, א זאכ־
לעכע. דער מענטש באַ־
געגנט פארשיידענע מענ־
טשן: גוטע און שלעכטע,
צוגעלאָזטע און גלײַכגיל־
טיקע, פריילעכע און אוּ־
מעטיקע, מאָרעשכוירעני־
קעס און אָפּטימיסטן. די
מענטשלעכע צווישנבאצי־
ונגען זײַנען בונט און
פארשיידנארטיק.

אין אונדזער יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך
פארקלענערט דער מעהאלעך צווישן קאָנטינענטן,
צווישן לענדער, צווישן ווײַטע געאָגראפישע ראנד־
געביטן, איז דער סאמע לאנגער און קאָמפּליצירטער
פארבליבן דער וועג פון מענטש צו מענטש.

דער מענטש, זײַן אינערלעכע וועלט, זײַנע פריידן
און לײַדן, זײַן ארבעט, זײַנע אלטעגלעכע זאָרגן,
זײַנע קאָנטאקטן מיט אנדערע מענטשן — דאָס איז
דער קינסטלערישער יעסאָד פון דער זאמלונג נאָ־
וועלעטן „די גאָלדענע טויב“, וועלכע ס׳האָט ארויס־
געגעבן אין דער איבערזעצונג אָף רוסיש מארק ראַ־
זומני.

עס וואָלט זיך קאָנען דאכטן, אז קעדיי פאָרצונע־
מען אן „עקספּעדיציע“ אין דער אינערלעכער וועלט
פונעם מענטשן, איז נייטיק א ראָמאן, אָדער א גרע־
סערע דערציילונג, אָדער א פּיעסע. דאָרט איז ראכ־
וועסדיקער דער רוים און ס׳איז דאָ גענוג מיטלען
אָף צו שילדערן א גענוי בילד. די זאמלונג „די גאָל־
דענע טויב“ איז ניט קיין ראָמאן, ניט קיין גרעסע־
רע דערציילונג, און דאָך געפינען מיר אין איר גע־
דאנקען וועגן אייביקע פּראָבלעמען, וועגן ליבע און
העלדנמוט, וועגן מילכאָמע און פרידן.

Марк Разумный. «Золотой голубь». Изд-во «Лиесма», Рига, 1975.

באַ א קליינינקער דערציילונג — באַ דער נאָוועלעטע — איז אַן אויסערסט געפּרעסטער שטעטך, אין איר טרעפן מיר זיך אָן מיט געדאַנקען, וואָס זײַנען אַרײַנגעפּאַסט אין קורצע שורעס, קימאַט ווי אין א ליד.

א. קופּרין האָט געשריבן, אַז לעבעדיקע אינטערעסאַנטע דערציילונגען לויפן אַליין נאָך דעם געניטן באַאָבאַכטער אומעטום: אויף דער גאַס, אויפן מאַרק, אין רעסטאָראַן, אויף דער שיף — אויף שריט און טריט. „אייניקע פון זיי האַלטן אינגאַנצן א צענדליק שורעס, — שרײַבט א. קופּרין, — זיי זײַנען אָבער פול מיט אַזאַ געדיכטער עסענץ, אַז עס וואָלט געסטײַעט אויף א גאַנצן ראָמאַן.

דער אוטאָר פון דער זאַמלונג „די גאָלדענע טויב" — איז א געניטער באַאָבאַכטער. אין זײַן קליינינקער נאָוועלעטע שטרעבט ער באַווײַזן פאַרשיידענע זײַטן פונעם מענטשלעכן כאַראַקטער, ער פירט א געשפּרעך וועגן לעבן, ער אַנטבלויזט די טיפענישן פון מענטשלעכע צווישנבאַציִונגען.

די העלדן פון די נאָוועלעטן פאַלן אַרײַן אין פאַרשיידענע לעבנס־פעריפעטיעס, אין וועלכע עס ווערט אויסגעפּרוווט די שטאַנדהאַפטיקייט פון זייער זיטלעכקייט. אַמאָל קאָן זיך אויסדוכטן, אַז די נאָוועלעטן זײַנען צו וואָכעדיק, דער שרײַבער זוכט אָבער ניט נאָר סענסאַציאָנעלע סוזשעטן, אויסטערלישע גויראָלעס, אָפּטער פון אַלץ זוכט ער און געפינט זײַנע העלדן אין דער וואָכעדיקער אַלטעגלעכקייט. אין די געשעענישן און טאַטן יאָגט ער זיך ניט נאָך עפּעס אויסטערלישעס. דאָס געפיל פון רעאַלן — אָט וואָס עס באַשטימט דעם קינסטלערישן געוועב פון דער זאַמלונג נאָוועלעטן.

„די גאָלדענע טויב" איז ניט דער ערשטער בוך, וואָס מאַרק ראַזומני גיט אַרויס אין רוסיש. „אַז דאָס האַרץ זאָל ניט ווי טאָן" — אַזוי הייסט די זאַמלונג, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין לעטלענדישן מעלוכע־פאַרלאַג אין 1963 יאָר. א סאַך נאָוועלעטן פון דער זאַמלונג זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אויף לעטיש, פראַנצויזיש, דײַטש, פּויליש, בולגאַריש און אַנדערע שפּראַכן. דער פאָלקס־פּאָעט פון קאַבאַרדינאָ־באַלקאַריע קײַסין קוליִעוו האָט געשריבן וועגן דעם בוך:

„...מיך האָט דערפרייט נאָך איין באַשטעטיקונג וועגן דעם, אַז אויף דער וועלט זײַנען פאַראַן ניט ווייניק מענטשן, פאַר וועלכע ווערטער וועגן מענטשלעכקייט און ווערטער, וועלכע באַשולדיקן אַכזאָריעס, זײַנען ניט קיין פּוסטער קלאַנג. אַזאַ אָפּקלאַנג האָט אַרויסגערופן אין מײַן האַרץ די זאַמלונג „אַז דאָס האַרץ זאָל ניט ווי טאָן". איך האָב די זאַמלונג געלייענט מיט גרויס אינטערעס, און זי האָט מיר געבראַכט גרויסע נוצן".

אין דער נײַער זאַמלונג — „די גאָלדענע טויב" — איז דער שרײַבער געבליבן טרײַ זײַן אויסדערוויילטער ליטעראַרישער פאָרם. ער איז געבליבן טרײַ זײַן קינסטלערישן פּרינציפּ — זוכן דאָס אויסערגעוויינלעכע אינעם געוויינלעכן און דאָס געוויינלעכע אינעם אויסערגעוויינלעכן, און דערציילן וועגן דעם אין דער סאַמע געפּרעסטער, לאַקאָנישער פאָרם, וואָס באַשטימט דעם זשאַנער פון דער נאָוועלעט.

אין דער זאַמלונג „די גאָלדענע טויב" געפינען מיר סײַ דעם ראָמאַנטישן טרוים, סײַ די האַרבעווירקלעכקייט; די לירישע מיניִאַטיור און דעם פּסיכאָלאָגישן עטיוד; טרויער נאָך די נאָענטע, וועלכע זײַנען אַוועק פונעם לעבן; א מוסערהאַסקל, וואָס איז געווענדט צו דער יוגנט. דער בוך אינגאַנצן גענומען איז דורכגעדרונגען מיט אָפּטימיזם.

דער שרײַבער מאַרק ראַזומני לעבט זײַן גאַנץ לעבן אין ריגע. דאָ האָט ער זיך געלערנט, געאַרבעט, דאָ איז ער געוואָרן א שרײַבער. זײַנע ערשטע ביכער־זאַמלונגען („הינטערגעסלעך", „מענטשן אין שטויב") האָט ער געווידמעט די זאָרגן און דעם קאַמף פון דער ריגער אַזויגערופענער „פאָרשטאָט", ווו ס׳האָבן געלעבט לעטן און רוסן, ייִדן און ליטווינער, ווײַסרוסן און פּאָליאַקן. דער גוירל פונעם „קליינעם מענטשעלע" האָט שטענדיק אָנגערעגט דעם שרײַבער, ווײַל אינדערעמעסן איז דאָך דער דאָזיקער מענטש גאָר ניט קיין קליין מענטשעלע: ער איז דער שעפער פונעם לעבן — ער בויט הײַזער, טרײַבט פליטן איבער דאַרגאַווע, נייט בגאָדים און שטיוול, באַקט ברויט און דערציט קינדער, קעמפט פאַר גערעכטיקייט און פרײַהײַט, גיט אָפּ דאָס לעבן פאַר דער גערעכטיקייט.

דאָס האָט באַשטימט די הומאַניסטישע צילגעווענדטקייט פון דעם שרײַבערס שאַפונג, זײַן אידייִש־עסטעטישע פּאָזיציע.

מאַרק ראַזומני אַרבעט אין פאַרשיידענע זשאַנרען פון דער ליטעראַטור.

מיט א קורצער צײַט צוריק האָט ער פאַרענדיקט א גרויסע פאָרשערישע אַרבעט וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט, קעגנוואַרט און צוקונפט פון דער שטאָט ריגע. די אַרבעט שטעלט מיט זיך פאָר א צוזאַמענשמעלץ פון געשיכטע און בעלעטריסטיק, פון פּינקטלעכער דאָקומענטאַלישקײַט, שטרענגער פאַקטאָגראַפיע. דאָס איז סײַ א ליטעראַרישער עסיי וועגן מענטשן פון דער ליטעראַטור און קונסט, סײַ א פאָרשונג פון דער אוראַלטער און הײַנטצײַטיקער אַרכיטעקטור פון ריגע.

ניט ווייניק צײַט און קויעך גיט דער שרײַבער אָפּ דער אַרבעט איבער איבערזעצונגען. דאָס איז נאָך איין שטריך פון זײַן שאַפונג. ער האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש יאַן רײַניסעס לידער, א סאַך ווערק פון די הײַנטצײַטיקע לעטישע אוטאָרן — מירדזע קעמפּע, אייזשען וועוועריס, אָיאַר וואַציעטיס, עוואַלד ווילקס, אימאַנט זיידאָניס, צעציליע דינערע, אַנדריס וועיאַן, רעגינע עזערע, ערוויד סקאַלבע, מירדזע בענדרופּע און אַנדערע. דער שרײַבער האָט איבערגעזעצט א ריי ראָמאַנען פון פויכטוואַנגער און רעמאַרק, נ. גאַרינס „טיאָמעס קינדהײַט". אָבער דאָס וויכטיקסטע אין מאַרק ראַזומניס שאַפונג איז די אַרבעט אינעם זשאַנער פון דער נאָוועלעטע. ווײַזט אויס, אַז דעם שרײַבער איז נייטיק געווען דאָס גאַנצע לעבן באַאָבאַכטן, טראַכטן, קעדיי צו דערגרייכן די גרויסע מײַסטערשאַפט, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט צו באַהערשן דעם זשאַנער פון דער נאָוועלעטע.

די זאַמלונג „די גאָלדענע טויב" איז דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון דער צײַט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער אוטאָר ווענדט זיך אָפט צו דער

פאַרגאַנגענהייט, ווי צו אַ קוואַל פאַר מאַכשאָוועס, אַסאָציאַציעס. זײַן הויפּט־העלד בלײַבט דער מיט־צײַטלער.

אין בוך איז ניטאָ קיין אײנהײַטלעכער סוזשעט. מיר האָט זיך צוערשט געדאַכט, אַז דעם בוך „די גאָלדענע טויב" קען מען לייענען סײַ פון מיטן, סײַ פון סאָף — ניט ווי אַ ראָמאַן אָדער ווי אַ גרעסערע דערציילונג, ווו דער סיפּער־האַמײַסע פירט דיך ווי אַ געניטער וועגווײַזער. און פונדעסטוועגן זײַנען אָט די קלײנינקע נאָוועלעטן, וועלכע זײַנען פאַרזאַמלט אונטערן אַלגעמיינעם דאַך פונעם אײַנבונד, פאַר־בונדן מיט אַן אַלגעמיינעם אומזעבאַרן פאָדעם און מיט אַן אַלגעמיינער קינסטלערישער צילגעווענדט־קײַט.

מער ווי פופציק יאָר אַרבעט מאַרק ראַזומני אין דער ליטעראַטור. דאָס וויכטיקסטע פאַר אים זײַנען די אָנגעשטרענגטע וואָכעדיקע אַרבעטס־טעג. דער שרײַבער פאַרנייגט זיך אַלע טאָג איבער אַ ריינעם בויגן פּאַפּיר — דאָס איז יענע בריק, וועלכע פאַריי־ניקט אים מיט דער אַרומיקער וועלט.

אידע שולקינע

# אין דער איבערזעצונג אויף אוקראַיִניש

מ. מאָגילעוויטש איז מיט זײַנע ערשטע לידער אַרויסגעטראָטן, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען — איצט איז ער שוין אַריבער פופציק. באַזונדערס האָט זיך אַנטוויקלט זײַן טאַלאַנט אין מעשעך פון די לעצטע אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר, ווען עס האָט אָנ־געהויבן דערשײַנען דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימ־לאַנד". זײַנע לידער האָבן צוגעצויגן די אויפמערק־זאַמקײַט מיט זייער לירישקײַט און מיטן פּרווו צו שילדערן דאָס לעבן פון די מענטשן, פאַר וועלכע די מי איז דער איקער אין לעבן.

מאָגילעוויטש איז אַליין אַן אַרבעטער. אויך איצט פאַרייניקט ער די טאָגטעגלעכע מי אויפן זאַוואָד מיט דער פּאָעטישער שאַפונג. באַזונדערס נעמען אויס יענע זײַנע לידער (סײַ אין אָריגינאַל, אויף ייִדיש, סײַ אין דער איבערזעצונג), וועלכע געהערן צו דער אַרבעטער־טעמאַטיק. אַ סאַך יאָרן אַרבעט מאָגילע־וויטש אויף אַ זאַוואָד פון קעראַמיק, ער האָט צו טאָן מיט ליים, אים זײַנען באַקאַנט די סודעס פון באַ־העפטן ליים מיט פײַער. ער איז איצט פאַרטרעטער פונעם שעף פון אַ צעך, און ווען ער שרײַבט אין זײַן ליד, מיט וועלכער עס עפנט זיך די זאַמלונג

די זון באַגעגנט זיך אויף מיזרעך מיט דער ערד —<br>
צוויי קײַלעכן, צוויי פלאַמענדיקע לעבנס.<br>
דורך ליכטיק־שטראַליקע, דורך גאָלדענע געוועבן<br>
אַ נײַער טאָג פון לאַנג געבוירן ווערט.<br>
און ער, דער גרויסער ווונדער פון דער וועלט,<br>
דער מענטש אַלמעכטיקער — דאָס דריטע לעבן, —<br>
ער ווערט מיט אָט דער שײַן פון זון באַהעלט<br>
און קומט דעם טאָג זײַן פלאַם פון האַרצן געבן, —

דאַן דערפילט דער לייענער, אַז דאָס איז אַ לויב־געזאַנג אונדזער מי, אונדזער אַרבעטער־מענטש.

סטאַניסלאַוו טעלניוק שרײַבט אין זײַן פאָרעדע, אַז מאָגילעוויטשעס היים איז אוקראַיִנע — מיט אירע בערג און טאָלן, מיט איר פאַרגאַנגענהײַט און הײַנט־צײַטיקײַט. דאָס אַלץ, — שרײַבט טעלניוק, — אין איבערגעפלאָכטן מיט דער סטיכיע פון דער ייִדישער שפּראַך.

טאַקע די פאַרליבטקײַט אין טאָגטעגלעכער מי ווערט די גרונט־טעמע פון מאָגילעוויטשעס ערשט ביכל אין דער אוקראַיִנישער איבערזעצונג. העכער זעכציק לידער האָט דער מעכאַבער אײַנגעשלאָסן אין דער זאַמלונג. דער פּערז איז דאָ געצוימט אין דער מאָס, און דאָס איז, מיין איך, איינע פון די מײַלעס פון דעם דיכטערס שאַפונג.

אין די בעסערע לידער מאָגילעוויטשעס פילט זיך דער פרישער אָטעם פון דער צײַט („שאַפונג", „ליים", „אומשטערבלעכקײַט" אאַ.). דער דיכטער האָט אַ פעסטע פּאָזיציע אינעם לעבן, און ער האָט קיין מוירע ניט זיך ווענדן צום לייענער מיט אַ פּובּ־ליציסטיש וואָרט. אַ היפּש אָרט אינעם ביכל פאַר־נעמען די מאָטיוון פון דער פּאָטערלענדישע מילכאָ־מע.

אין אַ קורצער רעצענזיע איז אוממעגלעך צו מאַכן אַ געגויעם אַנאַליז פון דער איבערזעצערישער מײַ־סטערשאַפט פון די אוקראַיִנישע כאַווײרים, און דאָך גלוסט זיך מיר אויסטיילן אייניקע פון זיי. דער פרי פאַרשטאָרבענער דיכטער וואָלאָדימיר פּידפּאַלי האָט איבערגעזעצט די ליד „אַ קאָל". די שטימונג פונעם פּאָעטישן ווערק איז דאָ איבערגעגעבן קלינגעוודיק און מוזיקאַליש.

מאָגילעוויטשעס זאַמלונג שליסט אײַן אַ היפּשע צאָל לירישע מיניאַטורן. דאָס איז בעפּיירעש אַ מײַ־לע. עס ווילט זיך אָבער זען לידער, און עפּשער אויך אַ פּאָעמע, מיט אַן אַנטוויקלטן סוזשעט. דאָס וועט געבן מאָגילעוויטשן די מעגלעכקײַט צו באַנע־מען ברייטער אונדזער הײַנטצײַטיקײַט.

מ. טאַלאַלאַיעווסקי

---

Михайло Могилевич. «Життя», «Радянський письменник», Києв, 1974.

פישל טאַביאַש

# די עמעסע פרײַנט פון ייִסראָעל

אין זײַן וועכנטלעכן פרעסע־איבערזיכט אין דער „מאָרגן־פרײַהײַט" פאַרן 7 אווגוסט ד. י. האָט דער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג פ. נאָוויק געמאַכט אן אומדערלאָזבארן לויטן טאָן אָנפאַל אָף דער פּראָגרעסיווער ייִדישער באַוועגונג אין אַרגענטינע און אורוגווײַ.

ווי באַוווסט, זײַנען די „איקוף"־קרײַזן אין ביידע לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער, די פּרעסע־אָרגאַנען זייערע געבליבן טרײַ די אידייִשע פּרינציפּן פון פרײַנטשאַפט צום סאָוועטנ־פאַרבאַנד, פונעם קאַמף פאַר די סאָציאַלע און קולטור־אינטערעסן פון די ייִדישע מאַסן, קעגן ציִעניזם און רעאַקציע. אַרויסגייענדיק פון די דאָזיקע פּרינציפּן, זײַנען די פּראָגרעסיווע ייִדישע טוער פון אורוגווײַ און אַרגענטינע אַרויסגעטראָטן ניט איין מאָל מיט טיף־אַרגומענטירטער קריטיק פון דער איצטיקער אידייִש־פאַלשער פּלאַטפאָרם פון די אָנפירער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט".

די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אינעם יול־נומער פונעם זשורנאַל פאַר הײַנטיקס יאָר איבערגעדרוקט פון דער מאָנטעווידעער צײַטונג „אונדזער פרײַנט" דאָס אַרטיקל פון פישל טאָביאַש „דער סאָף פון אַן אוואַנטיוריסטישער פּאָליטיק", וואָס עס האָט אַרויסגעבראַכט פון די קיילים דעם רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט". אַנשטאָט אָבער צו אָפּעפירן אין דער פּאָלעמיק מיט אַרגומענטן און לאָגישע באַווײַזן, לאָזט זיך פ. נאָוויק אַראָפּ ביז אַזאַ סאָרט לאָשן: „די סעקטאַנטן־דאָגמאַטיקער פון בוענאָס־אײַרעס און מאָנטעווידעאָ ווערן מיט רעכט באַצײכנט ווי נאַטורי קאַרטאַ, אָדער סאַטמאַרער, פון עקסטרעם לינקס... איינער פון די נאַטורי קאַרטאַ, א פישל טאָביאַש, האָט אָפּגעדרוקט אַן אומווירדי־קע זאַך. איז געגאַנגען „סאָוועטיש היימלאַנד" אין נום. 7 און איבערגעדרוקט דאָס דאָזיקע מיסט..."

ס'איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, ווען די איצטיקע רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" קומען אָן צו זידלרייד, אַרופּבריינגענדיק אָף דער פאָלקס־טריבונע פון די אַמעריקאַנער ייִדישע מאַסן אַזעלכע אַקצענטן, וועלכע זײַנען קיינמאָל ניט געווען אייגנטימלעך אָל־גינס צײַטונג, פונקט ווי זיי וואָלטן געוואָרן פון דער געלער פּרעסע.

וואָס איז שײַך דער פּערזענלעכקײַט פון פישל טאָביאַשן, מוז באַ אָט דער געלעגנהײַט אָפּגעגעבן ווערן קאָוועד אָט דעם טיף־ערודירטן, טאַלאַנטפולן פּובליציסט און ליטעראַטור־פאָרשער, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזט אַראָפּפירן פון דער יוישערדיקער מאַרקסיסטישער פּלאַטפאָרם אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

מיר דרוקן דאָ איבער דעם געקירצטן טעקסט פון פ. טאָביאַשעס אַן אַרויסטרעטונג פאַר א ייִדישער פאָלקס־אַודיטאָריע אין דער הויפּטשטאָט פון אורוגווײַ מאָנטעווידעאָ.

א דאַטע פון נאַציִאָנאַלער אומאָפּהענגיקײַט, פון נאַציִאָנאַלער זעלבשטענדיקײַט ווערט דער־מאָנט און געפײַערט מיצאַד אַלע פעלקער אין דער וועלט, און באַזונדערס מערקבאַר און פײַערלעך־דערהויבן ווערט זי געפײַערט באַ יענע פעלקער, וועלכע האָבן אין לויף פון דורות געלעבט אין נאַציִאָנאַלער אונטערדריקונג, אונטער פרעמדע קאָלאָניִאַליסטישע רעזשימען און האָבן פאַר דער פרײַ פון די גרעסטע קאָר־באָנעס דערוואָרבן זייער נאַציִאָנאַלע באַפרײַונג.

מיט דער גאַנצער בוילעטקײַט זעען מיר עס באַ די צענדליקער פעלקער פון אַפריקע און אַזיע, וועלכע זײַנען אויסגעשטאַנען פײַן פון שקלאַפערישער עקספּלואַטאַציע און אין אומ־דערמידלעכן אַקשאָנעסדיקן און קאָרבאָנעספולן קאַמף דערגרייכט זייער אייגן מעלוכע־לעבן נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, ווען צוזאַ־מען מיט דער צעשמעטערונג פונעם נאַצי־פאַשיזם איז גוואַלדיק דערוואַקט געוואָרן דער אומגעצוימטער ווילן צו נאַציִאָנאַלער באַפרײַונג.

דעם זעלבן אַקשאָנעסדיקן ווילן צו אן אייגן פרײַ, נאַציִאָנאַל־אומאָפּהענגיק מעלוכע־לעבן האָט דאַן אויך באַוויזן דער ייִשעוו אין פּאַלעס־טינע. דערמוטיקט פון די אָפּגעהאַלטענע ניצכוינעס פון דער רויטער אַרמיי באַ סטאַלינגראַד, ווי אויך פון די העראָיִשע אופּ־שטענדלער פון דער וואַרשעווער געטאָ, איז דער פּאַלעסטינער ייִשעוו אופגעשטאַנען א באַוואָפנטער אין אײַנהײַטלעכן קאַמף קעגן דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט און איר קאָלאָניִאַ־ליסטישער הערשאַפט. אין יענער צײַט איז דער קאַמף פונעם פּאַלעסטינער ייִשעוו באַטראַכט געוואָרן ווי א טייל פון דער גרויסער נאַצי־אָנאַל־באַפרײַערישער באַוועגונג, וואָס האָט



פישל טאַביאַש

ארומגעכאפּט צענדליקער פעלקער פון אזיע און אפריקע.

אין אָט דעם אנטיקאָלאָניאַליסטישן קאמף פאר נאַציאָנאלער אומאָפּהענגיקײַט האָט דער פּאלעסטינער ייִשעוו ארויסגעוויזן גוווּרע און מעסירעסנעפעש, און, פּונקט ווי אלע אנדערע אונטערדריקטע פעלקער פון אפריקע און אזיע, פאר דער פּרײַז פון גרויסע קאָרבאָנעס, האָט ער ארויסגעטריבן די פּרעמדע הערשער.

און דאָ דארפן מיר ניט פארגעסן די גרויסע אינטערנאציאָנאלע סאָלידאריטעט און די פּיל־פּאכיקע מאמאָשעסדיקע הילף, וואָס די נאַציאָנאל־באפרײַערישע באוועגונג, דערונטער אויך אין פּאלעסטינער ייִשעוו, האָט באקומען מיצאד אלע פעלקער פון דער וועלט און באזונדערס מיצאד דעם ראטנפארבאנד, דער גרעסטער סאָציאַליסטישער מעלוכע, וועלכע אלע אונטערדריקטע פעלקער האָבן צו פארדאנקען פארן ניצאָכן איבערן קאָלאָניאַליזם. באזונדערס וויכטיק איז געווען די סאָוועטישע הילף בײַס דער אנטשטייוּנג פון מעדינאס ייִסראָעל און אין דער זיכערונג פון איר עקזיסטענץ.

די ציִעניסטישע פּאָליטיק האָט דערפירט די מעדינע צום מאצעוו פון א מיליטערישן לאגער, וועלכע האָט צעשטערט דאָס נאַציאָנאלע פּאָלקסלעבן פונעם פּאלעסטינער פּאָלק. נאָך מער, די דאָזיקע פּאָליטיק לייקנט לאכלוטן אָפּ די עקזיסטענץ פון אזא פּאָלק. די ציִעניסטישע פּאָליטיק האָט דערפירט די מעדינע צו א בונד מיט אלע קאָלאָניאַליסטישע הערשער. דערבײַ פירט די ייִסראָעל־רעגירונג אן אומדערהערטן און אומגעצוימטן אניסאָוועטישן קאמף אונטער דעם אויסרייד און מיט דער פאלשער ארגומענטאציע, אז דער ראטנפארבאנד איז קלוימערשט דער שטענדיקער „סוינע” פון דער מעדינע און וויל זי „אומברענגען”.

הײַנט איז צוועקמעסיק און נייטיק מאכן אן איבערבליק פון די געשעענישן. מיר וועלן נעמען פאר אן איידעס פון די גוירלדיקע טעג אין דער אנטשטייוּנג פון דער מעדינע ניט קיין אנדערן, ווי דעם ערשטן פּרעמיער פון ייִסראָעל — דאָוויד בען־גוריאָן.

געווען איז דאָס בעשאס דעם דריטן יאָרטאָג נאָך דער „זעקסטאָגיקער מילכאָמע”, ווען אין ייִסראָעל און אין אנדערע ייִשוּווים האָט די ציִעניסטישע באוועגונג צעבלאָזן א ניצאָכן־פרייד, דורכפירנדיק דערבײַ א פארשטארקטע העצערישע קאמפּאניע קעגן דעם ראטנפארבאנד. און דעמלט, גראָד דעמלט, האָט בען־גוריאָן געפונען פאר נייטיק צו דערמאָנען וועגן יענע ערשטע טעג פון דער אנטשטייוּנג פון דער מעדינע, ווען זי, א נאָרוואָס פּראָקלאמירטע, האָט געציטערט אָף דער היסטאָרישער וואָגשאָל פון זײַן אָדער ניט זײַן, — אז דעמלט האָט די מעדינע געהאט נאָר איין פרײַנט, דעם ראטנפארבאנד. בען־גוריאָן שרײַבט: „אלע מיליטערישע עקספּערטן האָבן אונדז געזאָגט, אז אין משך פון א צען־דרײַצן טעג וועט קיין איין ייִד ניט בלײַבן לעבן אין לאנד, די אראבישע זעלנער וועלן אויסהארגענען אלע ייִדן. דאָס האָט אונדז געזאָגט ניט בלויז דער צאָפן־אמעריקאנער גענעראל מארשאל, נאָר אויך א נאָרוועגישער אָפיצער, וועלכער האָט זיך דעמלט געפונען אין לאנד, א צוגעשיקטער פון דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס. דער דאָזיקער אָפיצער איז געווען אן איבערגעגעבענער פרײַנט פון דער „האגאנא”, מיטגעארבעט מיט איר און גוט געוווּסט, וואָס די „האגאנא” פארמאָגט און וואָס איר פעלט. ווען מיר האָבן באשלאָסן צו פּראָקלאמירן די מעדינע, איז ער געקומען צו מיר און געזאָגט: „איר ווייסט, וואָס מיר אין נאָרוועגיע האָבן בײַס דעם לעצטן וועלט־קריג געליטן פון היטלערן? זײַנען אָבער אונדזערע ליידן א קינדער־שפּיל אנטקעגן דעם, וואָס עס דערווארט אײַך. איר האָט ניט קיין הארמאטן, קיין טאנקען און קיין באָמבעס, און דער גרעסטער טייל פון אײַער יוגנט איז מיליטעריש ניט אויסגעשולט”. מיר האָבן אין יענער צײַט געהאט נאָר איין פרײַנט — רוסלאנד”.

דערנאָך שילדערט בען־גוריאָן דעליקאט, אָבער אָן דיפּלאָמאטיע, די „פרײַנטשאפט” פון צאָפן־אמעריקע. די צאָפן־אמעריקאנער „פרײַנטשאפט” האָט געלאָזט אָף העפקער די ייִדן אין פּאלעסטינע. בען־גוריאָן האָט דעמלט אָנגעוויזן, אז זײַנע כאוויירים לויטן מעלוכע־רודער אין דער מעדינע זײַנען צו ווײַט אוועק, צופיל זיך צעיאָגט אין דעם אנטיסאָוועטיזם, און דאָס קאָן האָבן א שלעכטן סאָף פאר דער מעדינע. דאָס איז געווען זײַן וואָרענונג קעגן דער שיגאָענדיקער אנטיסאָוועטישער פּאָליטיק, א וואָרענונג וועגן דעם, אז די מעדינע וועט זיך נאָך נייטיקן אין דער הילף פונעם סאָוועטנפארבאנד.

באטראכטנדיק די ציִעניסטישע פּאָליטיק אין דער מעדינע אין איר היסטאָרישער אנטוויקלונג, זעען מיר, אז מיט דער אנטשטייוּנג פון

דער מעדינע האָט זי אָנגענומען אַן אַנדער
כאַראַקטער: מער ראַעקציִאָנער, מער שאָוויניס־
טיש, מער אַגרעסיוו אינעם ייִדישן לעבן. ס׳האָבן
זיך געמערט די פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען
קעגן די נאַציִאָנאַל־באַפרײַערישע באַוועגונגען,
קעגן די סאָציִאַליסטישע מעלוכעס, שוין אָפּ־
גערעדט פון די מילכאָמעס קעגן די שכייניש
אַראַבישע לענדער.

אין דעם פאַרמעדינע־פּעריִאָד האָט דער ציִע־
ניזם אַרופגעצויגן אויף זיך אַ מאַסקע פון
פאָלקסטימלעכקייט, פון דעמאָקראַטישקייט, פון
מיטפילן די אונטערדריקטע פעלקער, פון באַ־
טראַכטן זיך אַליין, ווי אַ טייל פון דער נאַציִאָ־
נאַל־באַפרײַערישער באַוועגונג. אָבער גלײַך
מיט דער אַנטשטייונג פון מעדינאַס ייִסראָעל
האָט ער די מאַסקע אַראָפּגעוואָרפן. ער האָט
זיך ענגער פאַרבונדן מיט זײַנע קאַפּיטאַליס־
טישע קלאַסן־ברידער, מיט די קאָלאָניִאַליס־
טישע גרויסמאַכטן. באַנאַנד מיט זיי, אין דער
שוטפעס מיט זיי און זיי צו דינסט האָבן די
ציִעניסטישע פירער באַם מעלוכע־רודער פּלאַ־
נירט זייער פּאָליטיק, אויסרעכענענדיק אויף אַ
פולן אָנשפּאַר אויף דער מײַרעוו־וועלט, אויף
אַוועקצושטעלן זיך פּאָליטיש אינגאַנצן צו
דינסט דער גלאָבאַלער פּאָליטיק פונעם צאָפן־
אַמעריקאַנער אימפּעריִאַליזם און פון די מײַ־
רעווודיקע גרויסמאַכטן, איבערײַסנדיק אַמשאַרפּ־
סטן מיטן ראַטנפאַרבאַנד, מיט די מיזרעך־
לענדער, מיט דער גאַנצער סאָציִאַליסטישער
וועלט.

שוין אין 1948, אינעם ערשטן יאָר פון דער
עקזיסטענץ פון דער מעדינע, ווען זי האָט זיך
נאָך געראַנגלט צווישן זײַן און אומקום און
ווען דער איינציקער פרײַנט אירער איז, לויט
בען־גוריִאָנס ווערטער, געווען דער ראַטנפאַר־
באַנד, זײַנען צווישן די ציִעניסטישע אָנפירער
געווען מענטשן, וועלכע זײַנען גרייט געווען
אָנצוהייבן זייער „ספּעציִאַליזירטע קונסט" פון
פאַרלוימדונגען קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד און
אַלע יונגע סאָציִאַליסטישע מעלוכעס. ...

אין דער ציִעניסטישער הויכער אָנפירונג איז
דעמאָלט געווען שטאַרקער די עקסטרעם־רעכטע
פּאָליטישע טענדענץ אײַנצוגלידערן זיך אין דער
גלאָבאַלער צאָפן־אַמעריקאַנער פּאָליטיק פון
אַנטיסאָוועטיזם און קאַלטן קריג און מיט דער
„פרײַנטשאַפט" און הילף פונעם צאָפן־אַמערי־
קאַנער אימפּעריִאַליזם זיך נעמען צו רעאַליזירן
די אַלטע ציִעניסטישע כאַלוימעס וועגן אַ מעדי־
נע אויף ביידע זײַטן יאַרדן, אַ „גרויס ייִסראָעל".

פונדאַנען איז אַוועק דער ווײַטערדיקער פּאָ־
ליטישער וועג פונעם ציִעניזם. פונדאַנען נעמט
זיך די שוטפעסדיקע מילכאָמע צוזאַמען מיט
ענגלאַנד און פראַנקרײַך קעגן עגיפּטן אין
1956 — ווי אַן אָנזאָג, אַז דער מיליטערישער
קויעך פון דער מעדינע וועט ניט דערלויבן, עס
זאָל זיך אַנטוויקלען די נאַציִאָנאַל־באַפרײַע־
רישע באַוועגונג אין די אַראַבישע לענדער און
עס זאָלן נאַציִאָנאַליזירט ווערן די נאַטור־
אויצרעס אין אָט די לענדער, וועלכע ווערן
עקספּלואַטירט דורך די אויסלענדישע מאָנאָפּאָ־
ליעס.

אין צען יאָר אַרום אָקופּירט די מעדינע, אַ
געשטאַרקטע אין איר מיליטערישן קויעך, אין
רעזולטאַט פון דער „זעקסטאָגיקער מילכאָמע",
גוואַלדיק גרויסע טעריטאָריעס פון די שכייני־
שע אַראַבישע לענדער.

אויף דער טאָג־אָרדענונג פונעם ציִעניזם שטייט
די שאַפונג פון אַ „גרויס ייִסראָעל". מוישע
דאַיאַן, דער דעמאָלטיקער פאַרטיידיקונגס־מיניס־
טער, רעדט וועגן אויסנוצן „די היסטאָרישע
געלעגנהייט פון אונדזער מיליטערישן קויעך".
שימען פּערעס, דער איצטיקער פאַרטיידיקונגס־
מיניסטער, מאַכט ווײַטגייענדיקע פּלענער אויף
איבער אַ גאַנצן יאָרהונדערט און גיט אַפילע
אָן ציפערן, אַז צום סאָף פונעם קומענדיקן יאָר־
הונדערט וועט די ייִסראָעלדיקע באַפעלקערונג
דערגרייכן פון זיבעציק ביז אַכציק מיליאָן ייִדן.
פונדאַנען דרינגט אַרויס, אַז דער ציִעניזם נייי־
טיקט זיך אין אָקופּאַציע־מילכאָמעס, קעדיי
צוגרייטן דעם טעריטאָריעלן שטעטך פאַר אָט
די זיבעציק אָדער אַכציק מיליאָן ייִדן אין דער
מעדינע.

די ציִעניסטישע רעדלפירער זײַנען פייִיק צו
מאַכן פאַנטאַסטישע פּלענער פון אַ „גרויס ייִס־
ראָעל" און פון אַ זיבעציק־אַכציקמיליאָניקער
באַפעלקערונג פאַר דער מעדינע. אָבער לאַכ־
לוטן פרעמד זײַנען פאַר זיי די פּלענער צו
דערגרייכן אַ שאָלעם פאַר דער מעדינע, אַ רויִק
לעבן און פרידלעכע אַרבעט, אין וועלכע דאָס
פאָלק נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק. אַלע זייערע
פּלענער און די גאַנצע פּאָליטיק זייערע איז
אויסער אָרט און צײַט, ניט קיין רעאַלע און
ניט קיין צוגעפּאַסטע צו די פאַרלאַנגען פון די
פעלקער.

אַ טיילווײַזע ענדערונג אין דער סיטואַציע
האָט אַרײַנגעבראַכט די אָקטיאַבער־מילכאָמע
פון 1973 — איבערהויפּט דערמיט, וואָס זי האָט,
פון איין זײַט, צעשטערט די לעגענדע וועגן
דער אומבאַזיגבאַרקייט פון ייִסראָעל, און, פון
דער צווייטער זײַט, האָט זי געווירקט, אַז אַ
באַדײַטנדיקער טייל פונעם פאָלק זאָל אופוואַכן
פונעם שאָוויניסטישן דרעמל. נאָך דער דאָזי־
קער מילכאָמע האָבן זיך פאַרשטאַרקט די קוי־
כעס פון שאָלעם אין ייִסראָעל, און דאָס האָט
זייער אַ גרויסע באַדײַטונג אין דער איצטיקער
לאַגע פונעם לאַנד.

הײַנט זײַנען פאַראַן רעאַלע מעגלעכקײַטן אויף
צו דערגרייכן אַ שאָלעם מיט די אַראַבישע
לענדער. הײַנט זײַנען שוין ניט גילטיק אַלע
פריִערדיקע טערוצים, אַז מע וויל, קלוימערשט,
מיט ייִסראָעל ניט זיצן בײַ איין טיש.

הײַנט איז די לאַגע קלאָר פאַר אַלעמען. עס
רעדט זיך אין גרונט וועגן צוויי זאַכן: וועגן
אומקערן אַלע פאַרנומענע בײַס דער „זעקסטאָ־
גיקער מילכאָמע" אַראַבישע טעריטאָריעס און
וועגן אָנערקענען דאָס פּאַלעסטינער פאָלק,
זײַן רעכט אויף אייגענער מעלוכעשאַפט.

ס׳איז דאָך ווירקלעך הימלשרײַענדיק: מיר,
ייִדן, זײַנען אַ פאָלק, וואָס האָט אין לויף פון

הונדערטער יאָרן געפּאָדערט און געבעטן בא דער וועלט רעכט אַף אונדזער פֿאָלקס־לעבן, — און איצט קומען די רעגירער פֿון דער ייִדישער מעדינע, וועלכע זײַנען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם נאַווענאַד־לעבן פֿונעם פּאַלעסטינער פֿאָלק, און לייקענען אינגאַנצן אָפּ סײַ זײַן עקזיסטענץ, סײַ זײַן רעכט אַף אַן אייגענעם מעלוכע־לעבן

עס זײַנען הײַנט פֿאַראַן אַלע באַדינגונגען און מעגלעכקײַטן צו דערגרייכן דעם אַראַביש־ייִסראָעלדיקן שאָלעם.

דער וועג צו שאָלעם איז ניט דער קריכערישער וועג פֿון קיסינדזשערס „טריט בא טריט", וועלכער איז אויסגערעכנט אַף אָפּצוציִען די הײַנטיקע סיטואַציע אַף יאָרן, שאַפֿנדיק אַ געפֿאַר פֿון נײַע מילכאָמעס. דער רעאַלער וועג צו לייזן דעם קאָנפֿליקט גייט דורך דער זשענעווער קאָנפֿערענץ. די באַטייליקונג פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד אין אָט דער קאָנפֿערענץ איז די זיכערסטע גאַראַנטיע פֿאַר דער מעדינע און פֿאַרן ייִסראָעלדיקן פֿאָלק.

אַפֿילע דער געוועזענער אויסערן־מיניסטער פֿון ייִסראָעל — אַבאַ עבאַן, וועלכן מע קאָן אין אַ גרויסער מאָס באַטראַכטן אַלס דעם שעפֿער פֿון דער ייִסראָעלדיקער אויסערן־פּאָליטיק, וועלכע האָט זיך באַזירט און באַזירט זיך אויך נאָך הײַנט אַף דעם איינציקן פּאָליטישן און מיליטערישן אָנשפּאַר — אַף די פֿאַראייניקטע שטאַטן, — באַטראַכט הײַנט די דאָזיקע פּאָליטיק פֿאַר אַ פֿאַלשער און פֿאַרפֿירערישער. אין אַן אינטערוויו פֿאַר אַ פֿראַנצויזישער צײַטונג האָט ער דערקלערט: „... פֿאַרוואָס דאַרפֿן אַלע אונדזערע פֿאַרבינדונגען זײַן שטענדיק אויסשליסלעך נאָר מיט די פֿאַראייניקטע שטאַטן? מיר דאַרפֿן פֿאַרשטיין, אַז קיין שום פֿאַרשטענדיקונג אין מיטעלן מיזרעך קאָן ניט דורכגעפֿירט ווערן אָן דער אײַנשטימונג און אָן דעם אָנטייל פֿון דעם ראַטנפֿאַרבאַנד".

אַבאַ עבאַנס דערקלערונג איז ניט קיין צופֿעליקײַט, נאָר אַ רעזולטאַט פֿון די טיפֿע ראַדיקאַלע ענדערונגען אין די פּאָליטישע קויכעס־פֿאַרהעלטענישן, וועלכע האָבן זיך געשאַפֿן הײַנט אין דער וועלט.

די צײַט האָט באַוויזן, ווי פּאָליטיש נויטווענדיק עס איז פֿאַר ייִסראָעל די פֿרײַנטשאַפֿט מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד, מיט אַלע סאָציִאַליסטישע מעלוכעס.

(„אונדזער פֿרײַנט")

---

# כראָניק

## נײַס פֿון אויסלאַנד

### בוכאַו — אַן אַלטער ייִשעוו

אין בוכאַו, אַ שטעטל אין דער אומגעגנט פֿון באַדען־וויורטעמבערג (דײַטשישע פֿעדעראַלע רעפּובליק), האָט מיט יאָרהונדערטער צוריק עקזיסטירט אַ ייִדישע קעהילע. היסטאָריקער האָבן לעצטנס פֿעסטגעשטעלט, אַז דער גרויסער געלערנטער אַלבערט איינשטיין שטאַמט פֿון דעם דאָזיקן ייִשעוו, וווּ זײַנע אורעלטערן האָבן זיך באַזעצט אין יאָר 1665.

בוכאַו איז אַמאָל באַרימט געווען מיט דער אָריגינעלער אַרכיטעקטור פֿון אַ סינאַגאָגע (אויסגעבויט אין 1839), צו וועלכער עס איז אין 1854 צוגעבויט געוואָרן אַ גלאָקן־טורעם. דאָס איז, ווי מע מיינט, געווען די איינציקע סינאַגאָגע אין דער וועלט מיט אַזאַ ניט געוויינלעכן טורעם.

### פֿונעם ייִדישן קולטור־לעבן אין יוגאָסלאַוויע

אין בעלגראַד איז פֿאָרגעקומען די יערלעכע קאָנפֿערענץ פֿון דער פֿעדעראַציע פֿון די ייִדישע געמיינדעס אין יוגאָסלאַוויע.

איינע פֿון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס בא דער פֿעדעראַציע איז דער ייִדישער מוזיי אין בעלגראַד, וועלכער איז געשאַפֿן געוואָרן מיט 16 יאָר צוריק. לעצטנס איז ער באַרײַכערט געוואָרן מיט נײַע עקספּאָנאַטן. איין מאָל אין צוויי כאַדאָשים דערשײַנט די צײַטשריפֿט „יעווריעיסקי פּרעגלער", אין וועלכער עס ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט מאַטעריאַלן וועגן ייִדישן לעבן אין יוגאָסלאַוויע.

די בעלגראַדער צײַטונג „באָרבאַ" האָט אינפֿאָרמירט, אַז דער ייִדישער פֿאָלקס־כאָר פֿון זאַגרעב איז לעצטנס אופֿגעטראָטן אין מילאַן מיט עטלעכע קאָנצערטן אין די ראַמען פֿונעם אינטערנאַציִאָנאַלן פֿעסטיוואַל פֿון רעוואָליוציִאָנערער פּאָעזיע און פֿאָלקס־מוזיק, געווידמעט דעם קאַמף קעגן פֿאַשיזם אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

### געשטאָרבן אַן אָנגעזעענער געלערנטער

עס איז געשטאָרבן דער וועלט־באַרימטער אָריִענטאַליסט און עפּיגראַפֿיסט דאָוויד דרינגער. געבוירן אין אַ ספֿאַרדישער מישפּאָכע אין איטאַליע, איז פּראָפֿעסאָר דרינגער געווען אַ קענער פֿון דער געשיכטע פֿון שריפֿט. זײַן וויכטיקסטע שאַפֿונג איז דאָס פֿונדאַמענטאַלע בוך „דער אַלעפֿבייס אין דער געשיכטע פֿון דער ציוויליזאַציע".

אין משך פֿון 30 יאָר האָט פּראָפֿעסאָר דרינגער געלייענט לעקציעס אין קעמברידזשער אוניווערסיטעט, וווּ ער האָט אָנגעפֿירט מיט דער קאַטעדרע פֿון סעמיטישער עפּיגראַפֿיע (אינטערפּרעטאַציע און קלאַסיפֿיקאַציע פֿון די סעמיטישע אופֿשריפֿטן). אין 1954 האָט ער געגרינדעט אַ מוזיי פֿון דער געשיכטע פֿון שריפֿט.

אַכוץ זײַנע צאָלרײַכע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פֿונעם אַלעפֿבייס האָט דאָוויד דרינגער אויך געשריבן עסייען וועגן ייִדישער קולטור.

### געשיכטע פֿונעם ייִדישן ייִשעוו אין עסטרײַך

אין ווינער פֿאַרלאַג „יוגנט און פֿאָלק" איז דערשינען אַן אַרבעט „דאָס עסטרײַכישע ייִדנטום". די זאַמלונג האָט צונויפֿגעשטעלט אַ גרופּע געשיכטע־פֿאָרשער פֿון דער עסטרײַכישער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע. צוויי פֿון די אַרבעטן, וואָס זײַנען אַרײַן אינעם בוך, אַנאַליזירן דעם יורידישן און סאָציִאַלן סטאַטוט פֿון דער ייִדישער קעהילע פֿון עסטרײַך אין פֿאַרשיידענע פּעריִאָדן. דער באַנד שליסט אויך אײַן דאָקומענטן אין פֿאַקסימיליעס.

כראָניק

# אונדזערע מיטלעבן

ארן ווינקאוועצקי

## דאָס לעבן און די ארבעט פון אן עטנאָגראַף

ער איז געשטאָרבן אין א גרויען פראָסטיקן פרימאָרגן דעם 12 יאַנוואר 1942. קיינער איז לעבן אים ניט געווען, קיינער האָט ניט געהערט און ניט געזען, וויאַזוי ער האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעם. זײַן אויסגעהונגערטער, אויס־געצערטער קערפּער איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ שוואכער, די געשוואָלענע פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן דעם קערפּער, עס האָט אים געצויגן צו דער ערד...

„ערשט נעכטן אין אָוונט, — דערציילט די מיטארבעטערן פון עטנאָגראַפישן מוזיי טאַטיאַ־נע אַלעקסאנדראָוונא קריוקאָווא, — האָט ער זיך אָנגעפרעגט בא מיר, ווען עס איז מײַן געבורטסטאָג, מע דארף דאָך אים אָפּמערקן, און אָף מאָרגן איז ער שוין געווען טויט"...

באַלד נאָך די ערשטע אָנפאַלן פון דער פאַ־שיסטישער אוויאַציע אָף דער באַלאגערטער שטאָט לעבינגראַד זײַנען די פארבליבענע אין שטאָט מיטארבעטער פונעם עטנאָגראַפישן מוזיי אריבערגעפירט געוואָרן אָף „קאַזארמע־רעזשים", זיי האָבן זיך באַזעצט אין קעלער פונעם מוזיי, וואָס איז פארוואַנדלט געוואָרן אין א שוץ־פּונקט. זייער פליכט איז געווען ראַטעווען דעם מוזיי פון די צינד־באָמבעס. שײַע פּולנער איז געוואָרן א מיטגליד פון דער פײַערלעשער־קאָמאַנדע, און ער פלעגט שטענ־דיק פּינקטלעך און פלײַסיק אויספילן זײַן פליכט, ביז ער איז, אַן אויסגעמאַטערטער פון שטענדיקן הונגער, געבליבן אָן קויכעס און שטיל אויסגעגאַנגען אין פינצטערן קעלער...

א גרויסע און ווערטפולע ירושע האָט אונדז איבערגעלאָזט שײַע פּולנער, אָדער, ווי מע פלעגט אים רופן, איסײַ מענדעלעוויטש פּול־נער.

אין די 95 פּאַפּקעס פון פּולנערס קולטור־ירושע, וועלכע געפינען זיך אין ארכיוו פונעם לענינגראַדער מעלוכישן עטנאָגראַפישן מוזיי, איז פארהיט דער אומרויִקער, שטענדיק זוכנדי־קער גײַסט פונעם אומדערמידלעכן פאָרשער, וואָס איז אַזוי יונג, אפן 42־טן יאָר פון זײַן לעבן, אומגעקומען אין די גרויזאַמע טעג פון דער לענינגראַדער בלאָקאַדע.

דער דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן און פארוואַלטער פון דער קאַווקאַזער אָפּטײ־לונג פונעם עטנאָגראַפישן אינסטיטוט פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, פּראָפעסאָר יע. וו. קאַ־האַנאָוו שרײַבט אין זײַנעם אָן אָפּרוף: „בא הײַנטיקן טאָג איז איסײַ מענדעלעוויטש פּול־נער דער בעסטער קענער פון ייִדישער עטנאָ־גראַפיע אין ראַטנפארבאַנד און איז אויך איינער פון די סאַמע באַוווסטע פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער עטנאָגראַפישער וויסנ־שאַפט ביכלאַל".

שײַע פּולנער איז געבוירן געוואָרן דעם 31 אויגוסט 1900 אין שטעטעלע סנאָווסק, גע־וועזענע טשערניגאָווער גובערניע, אין א פאַמי־ליע מיט זיבן קינדער — פיר ייִנגלעך און דרײַ מיידלעך. דער פאָטער — א לאַמדן, לויטן פאַך א בוכהאַלטער בא וואַלד־הענדלער — האָט אײַנגעפלאַנצט בא די קינדער א שטאַרקן ווילן צו קענטעניש.

שײַעס שוועסטער — אַנאַ מענדעלעוונאַ פּולנער, וואָס וווינט איצט אין לענינגראַד, די איינציקע, וואָס איז געבליבן פון דער גאַנצער פאַמיליע, דערציילט מיר: „אָט דאָ אין דעם צימער, בא דעם קליינעם טישל פלעגט ער שטענדיק זיצן, פארטיפט אין זײַנע קסאָווים. איך געדענק ניט, ער זאָל ווען־עס־איז אָפּרוען"...

ווען די פאַמיליע איז איבערגעפאָרן קיין האָמעל, איז שײַע ארײַנגעטראָטן אין א פּרײַ־וואַטער גימנאַזיע. אין יענע צײַטן, ווען אין די קאַזיאָנע גימנאַזיעס האָט געוועלטיקט די באַ־רימטע פּראָצענט־נאָרמע פאַר ייִדן, זײַנען די פּריוואַטע געווען דער איינציקער אויסוועג. פארענדיקט די גימנאַזיע אין 1919, האָט שײַע דרײַ יאָר געארבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין פארשיידענע אַנשטאַלטן און פלײַסיק זיך פאַר־נומען מיט זעלבסטבילדונג. אין 1923 קומט ער קיין לענינגראַד און טרעט ארײַן אין אינ־

סטיטוט. אין 1924 ווערט ער קאָמאַנדירט דורך דעם עטנאָגראַפֿישן אָפּטייל פֿונעם לענינגראַדער מעלוכישן אוניווערסיטעט אין די שטעטלעך פֿון ווײַסרוסלאַנד לעפּעל און ראָהאַטשאָוו. דאָס איז געווען די ערשטע עטנאָגראַפֿישע עקספּעדיציע זײַנע, וועלכע האָט געדויערט פֿאַרנעם 5 יול ביזן 25 אווגוסט 1924.

אינעם ארכיוו פֿונעם לענינגראַדער עטנאָגראַפֿישן מוזיי ווערן אָפּגעהיט פּולנערס קסאַוויאַדן, די טאָגביכער פֿון זײַנע עקספּעדיציעס, פֿיל וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען, ביבליאָגראַפֿיעס, פֿאָלקלאָר־זאַמלונגען, אויסצוגן פֿון צײַטונגען און זשורנאַלן, פּלענער פֿון עקספּעדיציעס, פּראָיעקטן און באַשרײַבונגען פֿון אויסשטעלונגען, ווי אויך אַ רײַכער בריוו־אויסטויש מיט מוזייען און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

אינעם טאָגבוך פֿון דער ערשטער עקספּעדיציע (160 זײַטן העפֿט־פֿאָרמאַט) לייענען מיר גענויע און פּינקטלעכע באַשרײַבונגען פֿונעם יידישן לעבנסשטייגער, גלויבענישן, אָפּשפּרעכונגען, רעצעפּטן פֿון פֿאָלקס־מעדיצין, אַ ריי דערציילונגען וועגן דעם לעבן פֿון היימלאָזע יידישע קינדער, געשריבן פֿון די קינדער אַליין, פֿאָלקס־לידער, רעטענישן, גלײַכווערטלעך, וויצן אַדגל. פֿון דער רעשימע פֿון פּולנערס ווערק, וואָס זײַנען אויסגערעכנט אין זײַן שריפֿטלעכער אוטאָביאָגראַפֿיע, ווערן מיר געוווירע, אַז שוין אין 1925 זײַנען אַרויס פֿון דרוק צוויי זײַנע ווערק: אַ בוך „באַוועגלעכע און ספּאָרטיווע מאַסן־שפּילן אין שטעטל“, פֿאַרלאַג „שול און בוך“, מאָסקווע, 1925, 4000 עקזעמפּליאַרן, 5 דרוקבויגן (פֿאַרפֿאַסט צוזאַמען מיט ד. בענציאַנאָוון) און אַן עטנאָגראַפֿיש־עקאָנאָמישער באַריכט: „פֿון דעם לעבן אין דער שטאָט האָמעל“ (אין רוסיש), געדרוקט אין דער זאַמלונג אונטער דער רעדאַקציע פֿונעם פּראָפֿעסאָר באָהאָראַז־טאַן, פֿאַרלאַג „גיז“, מאָסקווע, 1925, זז. 157 — 196.

דאָס עטנאָגראַפֿישע ווערק „פֿון דעם לעבן אין דער שטאָט האָמעל“ שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן עכטע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿון אַ רײַפֿן עטנאָגראַף, וועלכע אַנטהאַלט אַ שלאַל מיט סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן און אַן אַלזײַטיקן פֿאָרשערישן אַנאַליז פֿונעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבנס־שטייגער פֿון דער שטאָט.

אין 1925 טרעט פּולנער אַרײַן אינעם לענינגראַדער מעלוכישן אוניווערסיטעט אויף דער עטנאָגראַפֿישער אָפּטיילונג פֿון דעם געאָגראַפֿישן פֿאַקולטעט. דאָ באַקומט ער די געהעריקע בילדונג, וואָס איז נייטיק פֿאַר זײַן ווײַטערדיקער אַרבעט. די זומערדיקע כאַדאָשים בייסן שטודירן אין אוניווערסיטעט האָט ער אויסגענוצט אויף עטנאָגראַפֿישע עקספּעדיציעס. אין 1926 יאָר פֿאָרט ער צו די גרוזינישע יידן אין דער שטאָט קוטאַיִסי. ער איז אָפּגעוועזן דאָרט 34 טעג און האָט געבראַכט אַ טאָגבוך, נאָטיצן און באַריכטן פֿון 300 זײַטן. אינעם באַריכט איז באַשריבן: 1) די אויפֿגאַבן און צילן פֿון



שײַע פּולנער

דער עקספּעדיציע; 2) די געשיכטע פֿון די יידן אין קוטאַיִסי; 3) די עקאָנאָמישע לאַגע און דער שטייגער זייערער; 4) די גײַסטלעכע קולטור; 5) די סאָציאַלע קולטור; 6) דער נײַער שטייגער. אין די טאָגביכער זײַנען קימאַט סטענאָגראַפֿיש פֿאַרצייכנט געשפּרעכן, באַגעגענישן מיט אָרטיקע טוער, שטייגער־שטריכן. איינצײַטיק ווערן די באַגעגענישן אויסגענוצט אויף צו זאַמלען ענטפֿערס אויף ש. אַנ־סקיס פֿראַגע־בוך לויט דער „יידישער עטנאָגראַפֿישער פּראָגראַם“.

אין 1927 קאָמאַנדירט דער עטנאָגראַפֿישער אָפּטייל פֿונעם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט פּולנערן קיין ווײַסרוסלאַנד אין דעם יידישן דאָרף זאַווערעזשיע, מאָהיליאָווער געגנט, קעדיי צו שטודירן דעם שטייגער פֿון די יידישע פּויערים. ער ברענגט פֿון דאָרט אַ שלאַל מאַטעריאַלן, פֿאַרשריבענע אויף 475 זײַטן.

די זומערדיקע כאַדאָשים פֿון די יאָרן 1928 און 1929 האָט פּולנער פֿאַרבראַכט אין גרוזיע, אין די שטעט אָנו, דרינוואַלי, קוטאַיִסי, טביליסי, ווו ער האָט געפֿאָרשט דאָס לעבן פֿון די גרוזינישע און באַרג־יידן. ער האָט געבראַכט פֿון די עקספּעדיציעס אַן אוצר פֿון ווערטלעך, פֿאָלקס־מײַסעס, פֿאָלקסלידער, נאָטיצן וועגן פֿאַמיליען־שטייגער פֿון די גרוזינישע יידן. אומגעקערט זיך קיין לענינגראַד, שרײַבט ער אַן צוויי אַרטיקלען: „גלויבונגען, מינהאָגים און סימאָנים אין צוזאַמענהאַנג מיט שוואַנגערײַ, געבורט און פּרוכטלאָזיקײַט בא די גרוזינישע יידן“ און „אָבערגלויבונגען און אָפּשפּרעכענישן באַם היילן קראַנקײַטן“.

אין 1926, ווען פּולנער האָט נאָך שטודירט עטנאָגראַפֿיע אין אוניווערסיטעט, האָט ער אויך געשאַפֿן די אָריגינעלע אַרבעט „יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן וועגן שפּײַז“ (ביז

איצט נאָך ניט געדרוקט). די ארבעט איז פאַר־
פאַסט אפן סמאך פון העכער 330 שפריכווער־
טער און רעדנס־ארטן וועגן שפײַז. דער מאַ־
טעריאַל איז אויסגעקליבן פון א ריי ספעציִעלע
זאמלונגען, פון די עקספעדיציע־נאָטיצן און פון
פערזענלעכן ארכיוו פונעם אווטאָר. אין דעם
ארײַנפיר פאָלעמיזירט פולנער מיטן ענגלישן
עטנאָגראַף עדוארד טיילאָר, וועלכער האָט
געשריבן, אז „מיטן גאנג פון דער געשיכטע
האָט דאָס שפריכוואָרט ניט געביטן זײַן כאראַק־
טער". אין די ערשטע צוויי קאַפּיטלען פון זײַן
ארבעט אנאַליזירט ער די יִדישע שפריכווער־
טער אין פאַרגלײַך מיט ענלעכע שפריכווער־
טער אין אנדערע שפראכן — העברעיִש,
דײַטשיש, רוסיש, ווײַסרוסיש, אוקראַיִניש —
און קלאַסיפיצירט זיי לויט זייער אינהאַלט. ער
דערווײַזט, אז פון אן ערעך 300 אזעלכע
שפריכווערטער זײַנען 247 אָריגינעלע יִדישע
און 58 אנטליִענע בא אנדערע פעלקער. אינעם
דריטן קאַפּיטל ברענגט ער די צעטיילונג פון
שפריכווערטער לויט זייער געאָגראַפישער
צעשפרייטונג. דאָס פערטע קאַפּיטל איז געוויד־
מעט דעם ספעציפישן כאַראַקטער פון די יִדי־
שע שפריכווערטער, אין וועלכע ס'הערן זיך
היפּטזאַכלעך מאָטיוון פון נויט און אָרעמ־
קײַט. די שפריכווערטער ווערן קלאַסיפיצירט
אין גרופעס לויטן עטנאָגראַפישן פרינציפּ, לויט
דער טעכניק פון שפײַז־באַארבעטונג, לויט דעם
כימישן באַשטאַנד פון דער שפײַז, לויט די
דערנערונגס־פראָצעסן.

דעם 1 יאַנוואַר 1930 ענדיקט פולנער דעם
אוניווערסיטעט און באַקומט א דיפלאָם פון אַן
עטנאָגראַף קאַווקאַז־קענער. דער מאָסקווער
צענטראַלער אינסטיטוט פאַר פאָלקס־קענטע־
ניש אָרגאַניזירט אין 1930 אַן עקספעדיציע אין
די שטעט און שטעטלעך פון ווײַסרוסלאַנד מיטן
ציל צו שטודירן דעם לעבנסשטייגער פון דער
דאָרטיקער יִדישער באַפעלקערונג. אלס אָנ־
פירער פון דער עקספעדיציע ווערט באַשטימט
פולנער. פון דער עקספעדיציע האָט ער גע־
בראַכט א רײַכן פאַקטאָ־מאַטעריאַל, פאַרצייכע־
נונגען (152 זײַטן) און עקספּאָנאַטן.

אין סאָף 1930 הייבט זיך אָן א וויכטיקער
פעריִאָד אין פולנערס טעטיקײַט, וועלכער
דויערט גאַנצע זיבן יאָר. דער יונגער געלערנ־
טער ווערט באַשטימט אלס פאַרוואַלטער פונעם
יִדישן אָפּטייל פון דער לענינגראַדער עפנט־
לעכער ביבליאָטעק אפן נאָמען פון סאַלטי־
קאָוו־שטשעדרין. ער פירט דורך א גרינטלעכע
רעאָרגאַניזאַציע פון דעם יִדישן אָפּטייל,
שטעלט צונויף די קאַטאַלאָגן, פירט דורך פע־
ריִאָדישע באַראַטונגען צוזאַמען מיט די יִדישע
אָפּטיילן פון די ביבליאָטעקן פון רספסר,
אוססר, ווססר. אָנהייבנדיק פון 1934 גייט ארויס
א ספעציִעלער ביבליאָגראַפישער ביולעטען.
פולנער פירט א ברייטע און פאַרצווײַגטע
ביבליאָגראַפישע ארבעט.

צו דער אקטועלער וויסנשאַפטלעכער אר־
בעט „ביבליאָגראַפיע פון דער יִדישער אוו־
טאָנאָמער געגנט" איז פולנער צוגעטראָטן אין
1932 יאָר. אין 1935 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן
דער 1־טער טייל פון דער ארבעט (20 דרוק־
בויגן) אף יִדיש, אוקראַיִניש און ווײַסרוסיש,
וואָס נעמט ארום די יאָרן 1928 — 1934.

פולנער האָט צונויפגעשטעלט א ביבליאָ־
גראַפיע און א קריטישן איבערזיכט איבער דער
וויסנשאַפטלעכער ארבעט אף יִדישער שפראַכ־
קענטעניש אין ראַטנפאַרבאַנד (7 דרוקבויגן),
א ביבליאָגראַפיע פון ליטעראַטור וועגן די
מיטלאַזיִאַטישע און קאַווקאַזער יִדן (20 דרוק־
בויגן).

אין סאָף 1937 גייט ער איבער אף ארבעט
אין לענינגראַדער מעלוכישן עטנאָגראַפישן מוזיי,
וווּ ער ווערט באַשטימט אלס פאַרוואַלטער פו־
נעם יִדישן אָפּטייל.

דאָ שטייט אים פאָר צו שאַפן צוויי עטנאָ־
גראַפישע ווערק: די אויסשטעלונגען „יִדן אין
צאַרישן רוסלאַנד און אין ראַטנפאַרבאַנד" און
די מאָנאָגראַפיע „כאַסענע־מינהאָגים בא יִדן".

אין דער אויסשטעלונג האָבן אָנטיילגענומען
די יִדישע מאָלער און גראַפיקער טאַנכום קאַפּ־
לאַן, שלוימע יודאָווין, טראַוגאָט און אנדערע.
די גרופע ענטוזיִאַסטן, בעראָש מיטן פאַרוואַל־
טער פונעם אָפּטייל, האָט פלײַסיק געהאָרעוועט
א גאַנץ יאָר. עס זײַנען געמאַכט געוואָרן פיל
סטענדן, מאַקעטן מיט מאַנעקענען אין דער נאַ־
טורעלער גרייס. אף די סטענדן — פאָטאָגראַ־
פיעס, דיִאַגראַמעס, טעקסטן, טאַבעלן, צייכע־
נונגען, בילדער.

אין מאַרט 1939 איז די אויסשטעלונג
געעפנט געוואָרן. זי האָט געהאַט א גרויסן
דערפאָלג.

פולנערס דיסערטאַציע „כאַסענע־מיהאָגים
בא יִדן" פאַרנעמט אין זײַן ארכיוו 6 היפשע
פאַפקעס, 992 זײַטן, געדרוקטע אף א שרײַב־
מאַשין. צום באַדויערן, איז אומעגלעך פעסט־
צושטעלן, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו ארבעטן
אף דער טעמע און ווען ער האָט זי פאַרענדיקט.
איינס איז קלאָר, אז ער האָט פיל יאָרן שטו־
דירט און געפאָרשט די כאַסענע־מינהאָגים,
באַארבעט אָן א שיִר מאַטעריאַלן און געשאַפן
אַן אייגנאַרטיק ווערק אין דער יִדישער וויסנ־
שאַפטלעכער ליטעראַטור.

אין דער דיסערטאַציע זײַנען אויסגענוצט
מאַטעריאַלן פון דעם טאַלמוד, פון דער ביבל,
מישנע, מעדראָשים, א מענגע פאָלקלאָר־מאַ־
טעריאַלן, ליטעראַרישע ווערק, מעמואַרן פון
פאַרשיידענע פאָרשער און פון גאַנצע עקספע־
דיציעס, די יִדישע ענציקלאָפעדיע, מאַנו־
סקריפטן פון עטנאָגראַפן און ליטעראַטן (יאַראָ־
שעוויטש, גובניצקי, גאָטלאָבער, לעוואַנדאַ,
שאָלעם־אליכעם, ווילענסקי, טאַלאַלײַ, שפיל־
בערג, באָגראַוו, פאַפערנאַ און אנד.).

עס ווערן אין דער דיסערטאַציע אלזײַטיק
און געגנוי באַלויכטן מינהאָגים, שטייגער־גע־
ווינשאַפטן, פאַראָרדענונגען, דינים, גלויבונגען,

וועלכע האָבן א שייַכעס צו כאַסענעס בא ייִדן, אָנהייבנדיק פון די ביבלישע צייַטן און ביז דער הייַנטיקער צייַט. דאָס ווערק פאַרנעמט 307 זייַטן אף רוסיש און טיילווייַז אף ייִדיש.

עס זייַנען אויך געבליבן ניט־פאַרעפנטלעכט מער פון 100 דרוקבויגן ווערטפולע עטנאָגראַ־פישע מאַטעריאַלן, וועלכע שייַע פולנער האָט צונויפגעקליבן.

## אייניקע מוסטערן פון ייִדישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן

### וועגן שפּייַז, געזאַמלטע פון ש. פולנערן

פ א ר ו ייַ ס ן — מיט איין איי קאָן מען א גאַנצע שיסל באָרשטש פאַרווייַסן.

ג י ס ן — גיס ניט ארויס דאָס אומרייניע וואַסער, קאָלזמאַן דו האָסט ניט קיין ריינס. (וואַריאַנט: מע זאָל דאָס אומריינע ניט אויסגיסן, ביז דאָס ריינע קומט ניט צו פליסן).

ש י ט ן — שיט מעל און גיס וואַסער.

— ער שיט זאַלץ אף די ווונדן.

מ א כ ן — ער מאַכט גאַלקעס (וועגן איינעם, וואָס האָט ליב מאַכן א קויסע).

א ר ייַ נ ל יי ג ן — דעם גאַנצן קעז לייגט מען ניט אַרייַן אין איין קרעפּל.

ק ר ו פּ נ י ק — אַז קרופּניק איז אַן אַכילע, איז כאַנ־דרעווקע א קעהילע. (כאַנדרעווקע — א נאָמען פון א קליין שטעטעלע).

— ווער עס קלאָגט, וואָס דער קרופּניק איז בי־טער, און ווער עס קלאָגט, וואָס די פּערל זייַ־נען שיטער.

ה אָ ב ע ר — דער האָבער שטעכט אים.

— ער קויפט בא א גאַנדז האָבער.

מ ע ל — אַז די מויז איז זאַט, איז די מעל ביטער.

ק ל ייַ ע ן — אַז מע לייגט זיך אין קלייַען, שלעפּן אוועק די כאַזיירים.

ב ר ו י ט — ריבוינעשעלוילעם, גיב מיר ברויט, אַזוי לאַנג איך האָב ציין.

— אַז מע האָט ברויט, זאָל מען קיין לעקעך ניט זוכן.

— ברויט אָן פּאָווידלע קאָן מען עסן, פּאָווידלע אָן ברויט אוואַדע.

— צום ברויט געפינט מען שוין א מעסער.

— פאַר ברויט אַנטלויפט מען ניט.

— ברויט אונטערוועגנס איז קיין מאַסע ניט.

— אַז מע האָט ניט קיין ברויט, איז ערגער, ווי דער טויט.

— מיט געבראַכטן ברויט איז מען אומעטום א גוטער אוירעך.

— קלוג, ווי א הייס ברויט.

— קערט זיך איבער א לעבל ברויט — א סימען, אַז ס׳וועלן קומען געסט.

— אַז דאָס ברויט פאַלט מיט דער פּוטער אַראָפּ — א סימען, אַז די קאַלע איז הונגעריק.

— פרעמד ברויט רייַסט אין האַלדז.

— ער בעט אף א שטיקל ברויט און מיינט גאָר א טרונק בראַנפן.

ק ר ו י ט — קרויט פילט די הויט.

— א נאַר וואַקסט ווי אין קרויט אַרייַן.

צ ו ק ע ר — ווו מע דאַרף האָבן צוקער, דאַרף מען ניט קיין זאַלץ.

— זייַ ניט צו זיס, מע זאָל דיך ניט אופּעסן. זייַ ניט צו ביטער, מע זאָל דיך ניט אויסשפּייַען.

ט א ב ע ק — א שמעק טאַבעק איז אויך א גמי־לעס־כעסעד.

כ א ל ע — איבער אַן אָנגעהויבענער כאַלע איז ניט גוט צו מאַכן קיין האַמויצע.

— די גאַנצע כאַלע גייט אוועק אף האַמויצע.

— עס ניט די כאַלע פאַר דער האַמויצע.

ט ש אָ ל נ ט — אין א טשאָלנט און אין א שידעך קוקט מען ניט צופיל אַרייַן.

ק ו ג ל — דער קוגל ליגט אים אף דעם פּאָנעם.

— דער קוגל וויינט, און מיר קוועלן.

מ א צ ע — אף מאַצע און אף טאַכריכים מוז זייַן.

— מאַצע און ווייַן מוזן זייַן, שמאַלץ און איי־ער — ניט זייער.

ה ו ן — א הון איז גוט צו עסן זאַלבאַנאַנד, איך און די הון.

פ י ש — פון דעם גרעסטן קאַרפּ קאָן מען האָבן נאָר איין קאַרפּן־קאָפּ.

ה ע ר י נ ג — צו א הערינג באַדאַרף מען קיין זאַלץ און צו גריוון — קיין שמאַלץ.

מ י ל כ י ק ס — דאָס בעסטע מילכיקס אין די נייַן טעג איז דאָך א שטיקל פלייש.

ה אָ נ י ק — ווו האָניק, דאָרט פליגן.

א יי ע ר — נעכטן א פייגעלע, הייַנט אַן אייעלע.

— גליטשיק, ווי אַן איי.

— די אייער זייַנען טאַקע קליגער פאַר די הי־נער, נאָר זיי ווערן באַלד פאַרשטונקען.

— ער באַגייט זיך מיט אים, ווי מיט א רוי איי.

ע ס ן — ווער עס עסט אף דער גאַס, קאָן קיין איי־דעס ניט זאָגן.

— עס דיך אָן, איידער די קליינע קינדער קומען אָן, טו זיך אָן, איידער די גרויסע קומען אָן.

— האָסט ניט וואָס צו עסן? עס בולקע מיט פּו־טער.

— בא דעם עסן קאָן מען קוים דעם הונגער פאַר־געסן.

צו אונדזער קינסטלערישער בײַלאַגע

# גריגאָרי פּערקעלס נײַע ליטאָגראַפיעס

אין אונדזער קינסטלערישער בײַלאַגע פּאָרעפּנטלעכן מיר אין הײַנטיקן נומער רעפּראָדוקציעס פון די נײַע אַרבעטן פונעם מאָסקווער קינסטלער גריגאָרי פּערקעל, וועלכער איז שוין באַוווּסט דעם לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" לויט די ליטאָגראַפיעס אַף דער טעמע פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. דעם קינסטלערס נײַע בילדער האָבן מיר גענומען פון זײַן אַלבאָם, וועלכער שליסט אײַן ליטאָגראַפיעס צו ל. נ. טאָלסטאָיס „מילכאָמע און שאָלעם" און רעפּראָדוקציעס פון קאָסטיומען צום ספּעקטאַקל „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער" אין דער שטעלונג פונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל.

מיר האָבן געבעטן דעם קינסטלער ענטפערן אַף עטלעכע פראַגעס.

— וואָס קאָנט איר אונדז דערציילן וועגן אײַער אַרבעט איבער די אילוסטראַציעס צו ל. נ. טאָלסטאָיס „מילכאָמע און שאָלעם"?

— די קאָמפּליצירטקײַט פון אָט דער טעמע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב געשטעלט פאַר זיך אַ ציל ניט סתּם אין טראַדיציאָנעלן סטיל אילוסטרירן דאָס דאָזיקע ווערק (דאָס האָבן שוין געטאָן אַ סאַך קינסטלער), נאָר דעריקער — איבערגעבן טאָלסטאָיס געדאַנק דורך נײַע קאָמפּאָזיציאָנעלע און פּלאַסטישע מיטלען. דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל קאָן מען בלויז דורך דער ליטאָגראַפיע־טעכניק, וועלכע גיט אַ מעגלעכקײַט אויסצונוצן אײַנצײַטיק סײַ די פּען, סײַ דעם בלײַער, סײַ דאָס פּענדזל. פון די 12 בויגנס אין מײַן טאָלסטאָי־אַלבאָם זײַנען אין דער קינסטלערישער בײַלאַגע פאָרגעשטעלט דרײַ. אָט, לעמאָשל, די טעמע „דעם גראַף בעזוכאָווס טויט". אינעם ראָמאַן איז דאָס איינער פון די עפּיזאָדן, אין וועלכע טאָלסטאָי באַווײַזט די אַנטוויקלונג פון די כאַראַקטערס פון זײַנע העלדן און טיילווײַז — דעם לעבנשטייגער פונעם מאָסקווער אַדלטום. איבערגעבן גראַפיש די דאָזיקע מאָמענטן, ניט אַרײַנפאַלנדיק אין שטייגער־שילדערונג, אין פּראָסטן נאַטוראַליזם, איז אוממעגלעך. זייער וויכטיק איז געווען צו באַווײַזן גופא דעם באַגריף טויט, ווײַל טאָלסטאָי רעדט אָפּט וועגן דעם טאָך פון לעבן און טויט. דעריבער האָב איך געשטרעבט מיט קינסטלערישע מיטלען איבערגעבן אָט דעם איבערגאַנג פונעם רעאַלן אין גאָרנישט — „צעשטערן" אַלץ, וואָס רינגלט אַרום דעם גויסעס, אויסטיילנדיק דערבײַ דאָס, וואָס ער זעט רעאַל פאַר זיך אין דער לעצטער רעגע: דעם פלאַם פון דער ליכט.

די ליטאָגראַפיע „אַאוסטערליץ" שפּיגלט אָפּ דעם איקער־עפּיזאָד פון דער גאַנצער עפּאָפּייע, וועלכער איז פול מיט סוזשעטישער, אידייִשער, עמאָציאָנעלער אָנגעלאָדנקײַט, מיט אים הייבט זיך אָן דער ראָמאַן, דורך אים דריקט טאָלסטאָי אויס אַ גאַנצע פילאָסאָפישע סיסטעם. אַאוסטערליץ — דאָס איז די מאַפּאָלע פונעם אינדיווידואַליזם, דער טריומף פון אייביקײַט איבער נישטיקײַט, וועלכע מאַסקירט זיך אונטער פאַלשער גאַדלעסדיקײַט. ליגנדיק אַ שווער פאַרווונדעטער אַפן אַאוסטערליצער פעלד, פילט אַנדריי מיט אַלע זײַנע כושים די קליינלעכקײַט און טריוויאַלקײַט פון זײַן לעבן אין פאַרגלײַך מיטן דערהויבענעם און גרויסאַרטיקן אידעאַל, ווי אויך די נישטיקײַט פון נאַפּאָלעאָנען. איך האָב געשטרעבט אויסדריקן אין מײַן ליטאָגראַפיע אָט דעם קאָנטראַסט.

— וויאַזוי פילט איר אויס אײַער אַרבעט טעכניש?

— צו מײַנע קאָמפּאָזיציעס מאַך איך ניט קיין שום עסקיזן, קיין צייכענונגען פון דער נאַטור, איך שטודיר ניט עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלן אַדגל. קוידעם־קאָל דאַרף איך דערפילן דעם אינערלעכן טאָך, דערזען די דערשײַנונג, וועלכע איך קלײַב זיך באַווײַזן.

— און וויאַזוי זײַט איר געקומען צו דער אַרבעט אין טעאַטער?

— אייגנטלעך, איז „דער פאַרקישעפּטער שנײַדער" מײַן ערשטע אַרבעט אין טעאַטער. דער רעזשיסער פונעם ספּעקטאַקל האָט אין אַ שמועס מיט מיר אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז אַ ספּעקטאַקל פון מאַסקעס, אַ מיוזיקל — דער קאָסטיום פון יעדן פּערסאָנאַזש דאַרף אויסדריקן אַ קאָנקרעטן מענטשלעכן כאַראַקטער. אָט דאָס טאַקע האָט מיך פאַרינטערעסירט, און כ'האָב זיך גענומען פאַר דער אַרבעט. אַ טייל פון די דאָזיקע קאָסטיומען רעפּראָדוצירן זיך אין דער בײַלאַגע. דער ספּעקטאַקל האָט געהאַט דערפאָלג, און איך בין גליקלעך, וואָס איך בין צוניץ געקומען דעם ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל מיט מײַן אַרבעט.

— ענדלעך, אַ טראַדיציאָנעלע פראַגע: אײַערע פּלענער אַף ווײַטער?

— איצט האָב איך בעדייע אָפּגעבן מער אויפמערקזאַמקײַט דער מאָלערײַ־קונסט. איך האָב אויך געמאַכט אַ פאָרשלאָג דעם פאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא" צו אילוסטרירן די מאָטאָנעאויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס אַ באַנד אויסגעוויילטע ווערק, דעהײַנע: מאַכן פּערציק ליטאָגראַפיעס צו פּערציק דערציילונגען פונעם גרויסן ייִדישן קלאַסיקער.

## אַן אַרטיקל אין אַ רוסישער זאַוואָד־צײַטונג

**כאַשעווער כאַווער רעדאַקטאָר!**

אין דער צײַטונג „זאַ טיאַזשאָלאָיע מאַשינאָסטראָיעניע", וועלכע דערשײַנט אַפן סווערדלאָווסקער אוראַלמאַשזאַוואָד, איז פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דעם וועטעראַן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, דעם דאָקטער יויסעף ווײַנ־טרוב. מיר דוכט, אַז עס האָט אַ זין איבערצודרוקן דאָס אַרטיקל אין אונדזער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

**ל. מ אַ ג י נ ש ט י י ן, סווערדלאָווסק**

## דער דאָקטער, וואָס האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן

**די פראַגע איז געווען אַן אומגעריכטע. דער דאָקטער, ניט פאַרשטייענדיק גלײַך, וועגן וואָס מע פרעגט אים, האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן אַפן פּאַציִענט. נאָר איידער באַטראַכטן דעם קראַנקן, האָט ער אַ ווײַלע אים דורכגענו־מען מיטן בליק: וועגן וואָס האָט מען אים גע־פרעגט? אָך, יאָ, טיכווין, דער מעדסאַנבאַט אין מאָנאַסטיר. וויפל זשע יאָרן זײַנען דורכגעגאַנ־גען?**

**מיט אינטערעס קוקט זיך אײַן דער דאָקטער אין זײַן פּאַציִענט, וועלכער זיצט אַנטקעגן אים. עפּעס אַ באַקאַנט פּנים, נאָר ס'איז שווער, זייער שווער צו דערקענען אין דעם שוין באַ־יאָרטן פולבלעכן מענטשן יענעם יונג אין דער מיליטערישער שינעל, וועמען ער האָט אַמאָל געראַטעוועט דאָס לעבן. וויפל אַזעלכע יאַטן זײַנען געלעגן אַף זײַן אָפּעראַציע־טיש אין יענע אומרויִקע יאָרן!**

דער דאָקטער קוקט אפגיך דורך דאָס ער־שטע זײַטל פון דער קראַנקײַט־ליסטע: „פּע־טשאָנקין פּעאָדאָסי פיאָדאָראָוויטש, הויפּט־אינ־זשעניער פון דעם אויסערלעכן מאָנטאַזש־צעך".

פּעטשאָנקין... אים דוכט זיך, אַז ער גע־דענקט אָט די פאַמיליע... צוויי מענטשן, ווע־מענס לעבנס־וועגן עס האָבן זיך איבערגע־קרייצט אין די „פּערציקער גרויזאַמע", זיצן איינער לעבן צווייטן.

...דערצאָרנטע פון זייערע דורכפאַלן, האָבן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס זיך געריסן צו טיכ־ווין, קעדיי אַרויסגיין צום טײַך סוויר. זיי האָבן אַרײַנגעפירט אין שלאַכט נײַע טאַנקען און מאָ־טאָריזירטע קאָלאָנעס, שטרעבנדיק וואָס גיכער פאַרענדיקן די פולע אומרינגלונג פון לענינ־גראַד.

אין באַשטאַנד פון אונדזער מיליטער איז געווען אַ מעדיצינישער וזוואָד, וועלכער האָט זיך פאַרטײַעט הינטער די שטיינערנע ווענט פון־נעם טיכווינער מאָנאַסטיר. אָן אויפהער, קימאַט קײַלעכדיקע מעסלעסן, האָבן געטאָן זייער העל־דישע אַרבעט די פראָנט־כירורגן. איין אָפּעראַ־ציע נאָך דער צווייטער. באַטאָג און באַנאַכט. בעראָש פון אָט דער גרופּע איז געשטאַנען דער מאַיאָר פון מעדיצינישער אַמט יויסעף אַבראַ־מאָוויטש ווײַנטרוב.

ווען ס'איז געוואָרן אוממעגלעך צו אַרבעטן אין מאָנאַסטיר, האָט די גרופּע זיך איבערבאַ־זירט אין דער מיזרעכדיקער פאָרשטאָט פון טיכווין, אין אַ ציגלנער צווייִשטאָקיקער שול־געבײַדע.

קיין מעדסאַנבאַט איז שוין ניט געווען, ס'איז אויסגעקומען אים איבערפירן אין הינטערלאַנד, נאָר אַ טייל פון אים — אַ פאָרפּאָסט — איז פאַר־בליבן אינעם ראַיאָן פון די שלאַכטן.

ס'איז געווען יאָמטעוו, דעם אַכטן נאָיאַבער 1941. דער סוינע האָט, ווײַזט אויס, בעקיוון גע־וואָלט פאַרשטערן דעם אָקטיאַבער־יאָמטעוו, און ווי אַ לאַווינע האָט די פאַשיסטישע פּעכאָ־טע, באַגלייט פון מאָטאָציקליסטן, זיך אָנגע־וואָרפן אַף טיכווין.

זיי זײַנען געקומען פון מײַרעוו, און אַף דער מיזרעכדיקער זײַט פון דער בײַשטאָט, אַפן צווייטן שטאָק פון דער שול־געבײַדע, זײַנען געלעגן פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן און אָפיצערן. מע האָט געדאַרפט וואָס גיכער זיי איבערפירן אין הינטערלאַנד. נאָר ווי‏אַזוי? און וווּהין? דער מאַיאָר האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל די שאָפערן פון די סאַניטאַר־מאַשינעס, זיי זאָלן אויסשפּירן דעם וועג. אָבער זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט ניט קיין פריילעכע נײַעס: גלײַך נאָך דער בײַ־שטאָט איז אַן אָפן פעלד, אַ וועלדל זעט זיך נאָר אַפן האָריזאָנט.

קורץ איז געווען די באַראַטונג פון דעם מע־
דיצינישן פּערסאָנאַל. דערקלערנדיק די אומ־
שטענדן, האָט דער מאַיאָר געזאָגט:

— די לאַגע איז א קלאָרע און א פּאַשעטע. אוטאָמאַשינעס זײַנען בא אונדז נאָר אַכט, פאַר־וואונדעטע — העכער הונדערט. א סאַך פון זיי קאָנען נאָר ליגן... קומט אויס, אז פאַר אונדז, מעדיקער, זײַנען קיין ערטער ניט פאַראַנען אין די מאַשינעס.

ער האָט א קוק געטאָן אויף די פאַרשוואַרצ־טע, מידע פון שלאָפלאָזע נעכט פּנעמער פון זײַנע כירורגן, סאַניטאַרן, מעדיצינישע שוועס־טער... און איבערגעלייענט אין זייערע אויגן דאָס, וואָס ער האָט דערוואַרט.

— איך האָב געקאָנט אָפּגעבן א באַפעל, נאָר איך זע, אז דאָס איז איבעריק. איר פאַרשטייט אַזוי אויך גוט. פאַר אונדז איז נאָר איין וועג — צופוס.

אינעם נאַכט־כוישעך האָט זיך אָנגעהויבן די שנעלע עוואַקואַציע. א קאַנאָנאַדע האָט זיך גע־הערט פון אַלע זײַטן. פאַרשיידנקאַליבריקע ראַ־קעטעס האָבן געלויכטן פון דער הייך, פון זיי־ער שײַן האָט מען זיך באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן וואָס גיכער.

דאָס פאַרשנייטע פעלד, א באַלויכטנס פון לעוואָנע־שײַן, האָט שעמערירט. דעם מאַיאָר און זײַנע כאַווײרים האָט זיך געדאַכט, אז דאָס פעלד איז אומענדלעך. די פיס האָבן געזונקען אין ווייכן, קימאַט א מעטער די טיף, שניי. די קעלט האָט קיינעם ניט געשאָנעוועט — בייזע פרעסט זײַנען געשטאַנען אין יענעם ווינטער. ווי אָנגעבויגן, ווי פויזענדיק, לאַנגזאַם, זייער לאַנגזאַם, נאָר אָן איבערײַס, האָבן די מענטשן זיך ווי אײַנגעשניטן אין דער ווינטער־דיקער נאַכט. זיי האָבן אונטערגעהאַלטן איינער דעם צווייטן, געהאָלפן די מידע... ניט אַלע זײַ־נען אַריבער דאָס פאַרשנייטע פעלד. פיר מענטשן זײַנען געבליבן ליגן אין שניי — אומ־געקומען פון דעם סוינעס קוילן. די איבעריקע האָבן פאַרטאָג דערגרייכט צום וואַלד. ער האָט זיי אַרײַנגענומען אין זײַנע אָרעמס, דער לײַ־בלעכער רוסישער וואַלד, געהאָלפן זיך באַ־האַלטן פונעם פאַשיסט, איבערכאַפּן דעם אָטעם. זיי זײַנען געגאַנגען ווײַטער און ווײַטער, און דורכמאַכנדיק א קילאָמעטער פערציק, מיזרעכ־דיקער פון טיכווין, אײַנגאַנצן אויסגעמאַטערטע, האָבן זיי געפונען דעם מעדסאַנבאַט. אהין האָבן נאָך פריִער זיך דורכגעשלאָגן אַלע אַכט סאַני־טאַר־אוטאָמאַבילן מיט די פאַרוואונדעטע.

פאַר ראַטעווען א גרויסע צאָל פאַרוואונדע־טע סאָלדאַטן און אָפיצערן, פאַר העלדנמוט און אַנטשלאָסנקײַט אין שלאַכט־אומשטענדן איז דער דאָקטער ווײַנטרוב באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען פון רויטן שטערן.

אין די יאָרן פון דער מילכאָמע האָט דער דאָקטער יויסעף אַבראַמאָוויטש ווײַנטרוב גע־מאַכט א סאַך אָפּעראַציעס. נאָר אָט די „אָפּע־ראַציע", וועלכע ער האָט דורכגעפירט, אַזוי צו זאָגן, אָן א סקאַלפּעל, איז געווען, ווײַזט אויס, איינע פון די וויכטיקסטע אין זײַן לעבן. דעמלט, אויף דער פראָנט־ליניע, איז ער אַרײַנ־געטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ס'האָט זיך געצויגן די מילכאָמע, ס'האָבן זיך געביטן די מעדסאַנבאַטן און שפּיטאָלן — און דער הויפּט־כירורג האָט אומעטום אויסגעפילט זײַן וויכטיקע פליכט. ער איז באַערט געוואָרן מיט דער העכסטער באַלוינונג פון אונדזער היימלאַנד — מיט דעם לענין־אָרדען. פינף שלאַכט־אָרדענס און עטלעכע מעדאַלן טראָגט ער אויף זײַן ברוסט. פאַרענדיקט דעם רומפולן שלאַכט־וועג האָט ער אין בערלין, שוין אַלס פּאָלקאָווניק פון מעדיצינישער אַמט.

אויף דעם אוראַלמאַשזאַוואָד איז אַלעמען באַ־ווּסט יויסעף אַבראַמאָוויטש ווײַנטרוב — דער כירורג פונעם שפּיטאָל נומער 14, דער פאַר־וואַלטער מיט אַן אָפּטייל אין דער זאַוואָדישער פּאָליקליניק. בא אים זײַנען געניטע הענט און א שאַרף אויג. ער איז באַרײַכערט געוואָרן מיט א קאָלאָסאַלער פּראַקטיק אין די מילכאָמע־יאָרן. מענטשן גייען צו אים מיט זייערע קראַנקײַטן און ווייטעקן און צווייפלען ניט, אז ער וועט טאָן אַלץ, קעדיי אומקערן זיי דאָס געזונט — אַזוי, ווי ער האָט אַמאָל אויסגעהיילט סאָלדאַטן און אָפיצערן, אומקערנדיק זיי אין די רייען פון די פאַרטיידיקער פונעם היימלאַנד.

ניט ווײַט פון דער פּאָליקליניק, אין איינעם פון די זאַוואָדישע צעכן, אַרבעט פעאָדאָסי פיאָ־דאָראָוויטש פעטשאָנקין, וועלכער האָט דורכ־געמאַכט די ניט גרינגע מילכאָמע־וועגן. דאָ מיִ־ען זיך צענדליקער און הונדערטער פראָנטאָ־וויקעס, און אָפט, אומדערוואַרט, קומען פאָר אָט אַזעלכע צופעליקע באַגעגענישן, וואָס וועגן איינער פון זיי האָבן מיר דאָ דערציילט.

ס. מאַלער

## נײַע איבערזעצונגען פון שאָול טשערניכאָווסקיס לידער

**טײַערע רעדאַקציע!**

עס איז מיר געפעלן דער אויפן, וויאַזוי „סאָוועטיש היימלאַנד" דערמאָנט פאַרשטאָרבענע שרײַבער: אַמאָל מיט אַן אַרטיקל וועגן דער שאַפונג פונעם שרײַבער, אַן אַנדערש מאָל מיט זײַנס אַ ווייניק באַקאַנט ווערק. ווען די רעדאַקציע האָט אין איינעם פון די נומערן פונעם זשורנאַל, באַפרידיקנדיק די באַקאָשע פון אַ לייענער, פאַר־עפנטלעכט אַ ציקל לידער פונעם פאַרגעסענעם דיכטער לייב נײַדוס, האָט עס בײַ מיר פאַרזענלעך פאַרפולט אַ גרויסן דערקענטעניש־בלויז.

אצינד קום איך צו אײַך מיט נאָך אַ באַקאָשע — איר זאָלט אָפּדרוקן עטלעכע נײַע איבערזעצונגען פון דעם העברעיִשן פּאָעט שאָול טשער־ניכאָווסקי, וועמענס 100־יאָריקער יובילײ עס ווערט אָפּגעמערקט.

**מ. וואַלדמאַן, כאַרקאָוו.**

## שאול טשערניכאָווסקי

## איך גלייב

לאַכן לאַכסטו פון מײַנע כאַלוימעס,
איך, דער טרוימער, רעד צו דיר הײַנט,
לאַך פון מיר, וואָס איך גלייב אינעם מענטשן,
וואָס אויך אין דיר איך גלייב, מײַן פרײַנט.

ווײַל מײַן נעשאָמע, וואָס לעכצט נאָך פרײַהײַט,
דעם גאָלדענעם קאַלב ניט פאַרקויפט איך האָב,
גלייב איך אין גײַסט פונעם שטאָלצן מענטשן,
וואָס גייט אויף דער ערד מיט פאַרהויבענעם קאָפּ.

דער גײַסט וועט צערײַסן די קייטן פון ניוועץ,
דערהייבן דעם מענטש, וואָס די צוקונפט בויט,
מער שטאַרבן פון הונגער
עס וועט ניט דער קאַפּצן,
פרײַהײַט — דער זעל,
און דעם אָרעמען — ברויט.

לאַך, ווי דיר ווילט זיך,
וואָס כ'גלייב אין פרײַנטשאַפט,
כ'גלייב, אַז געפינען איך וועל אַ האַרץ —
אַ האַרץ, פונקט ווי מײַנס,
וואָס מיט האָפענונג פול איז,
וואָס פילן קען גליק און אויך פילן שמאַרץ.

יאָ, אין דער צוקונפט דער ליכטיקער גלייב איך,
אַפילע — זאָל זײַן, אַז נאָך ווײַט איז צו טאָג,
קומען דאָך וועט ער, און אָפּגעבן שאָלעם —
אַ ברייטן, געבענטשטן וועט פאָלק צו פאָלק.

אויפבליִען אויכעט מײַן פאָלק וועט ווידער,
אויפשטיין עס וועט אויף דער ערד אַ דאָר,
אײַזערנע קייטן צעשמעטערן וועט ער,
שײַן פאַר די אויגן דערזען וועט ער קלאָר.

לעבן און ליבן, אויפטאָן און שאַפן
דאָ, אויף דער ערד, וועט דער נײַער דאָר,
ניט אין כאָלעם און ניט אויפן הימל —
אַלץ, וואָס דאָס לעבן אים גיט אין דער וואָר.

אַ נײַע ליד וועט זינגען דער דיכטער,
וועמענס האַרץ איז צו שיינקײַט וואָך,
אים, דעם יונגן, פון קייווער מײַנעם
אַ קראַנץ וועט מען קלײַבן מיט קוויטן אַ סאַך.

* * *

פריילעך געוועזן כ'בין אַ גאַנצן פרימאָרגן,
און אָפּדערנאַכט כ'האָב געיאָמערט אין פלאָגן.
פרעגט מען:
„פאַרוואָס דו באַוואַשסט זיך מיט טרערן?"
ענטפער, מײַן טײַבעלע, וואָס זאָל איך זאָגן?

זאָל איך זיי זאָגן, אַז האָסט מיר געשווירן,
אין אייביקער ליבע געשווירן זיך נעכטן,
און אָפּדערנאַכט כ'האָב געטראָפן דיך טאַנצן
פריילעך־פאַרשײַט מיט אַן אַנדער באַשערטן?

זאָגן, אַז ביטער איז מיר אויפן האַרצן —
וועט מען אַ גלעזל מיט ווײַן מיר שטעלן.
זאָגן, אַז ס'האָט מיך פאַרלאָזט מײַן געליבטע —
לאַכן מע וועט: „שיינע אויגן דען פעלן?"

ניין, ניט די לידער, וואָס כ'האָב דיר געשריבן,
זײַנען אַ שאָד מיר — איך קאָן זיך דיר שווערן,
נאָר די נעשאָמע, זי בענקט נאָך די אויגן,
וואָס זיי צו קושן כ'האָב ליב געהאַט גערן.

## בענקשאפט

קערט צוריק מיר אום מײַן קינדהײַט,
צײַט פון זינגען, וועלט מיט פריידן,
פעלדער — גאָלד, און הימלען ריינע,
טעג פון גלויבן, טעג אָן ליידן.

וויפל צויבער, וויפל פארבן!
קערט מיר ווידער אום די טרוימען,
וואָס דאָס הארץ האָט אויסגעוועבט זיי
און פארפלאנצט פון קישעף זוימען.

יענע צײַט, ווען ניט נאָך אויגן
שיינע בין איך נאָכגעגאנגען —
נאָך דער פרילינג־זון, וואָס האָט מיך
קישעף־מײַסעדיק געפאנגען.

קערט מיר אום די שיינע לידער,
מײַנע פרײַנט מיט ריין געוויסן,
יוגנט־צײַט, ווען ס׳פלעגט געלעכטער
פונעם פולן הארץ זיך גיסן.

צײַט פון ערשטע טריט, ווען ברויזן
פלעגן, ווי א קוואל, געפילן,
ווען מיט האָפענונג די זעל האָט
אויסגעטרוימט די העכסטע צילן.

קערט מיר אום אויך מײַנע טרערן —
זײַן זיי וועלן מײַן נעכאָמע,
ווען דער גלויבן איז אנטרונען, —
שמערצן טאָטשען די נעשאָמע.

קער זיך אום, מײַן קינדהײַט־פרילינג,
אומרויִק, ווי דער פרימאָרגן!
...נאָר צי אופבליִען אף פוסטקײַט
קען די ערד, וואָס איז פארדאָרבן?

ייִדיש — כ. ביידער

---

## א גרוס פון לאָס־אנדזשעלעס

כאָשעווע פרײַנט פון רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד״!

איך האָב גרויס פארגעניגן דערפון, וואָס איך שאַף מוזיק צו די לידער פון די סאָוועטישע ייִדישע דיכטער.

איך וויל האָפן, אז איך וועל נאָכאמאָל אינגיכן האָבן די געלעגנהײַט צו באזוכן אײַער וווּנדערלעך גרויס און שיין לאנד און ווידער זײַן צוגאסט אין אײַער רעדאקציע.

פאר די לעצטע פאָר יאָר האָב איך אָנגעשריבן מוזיק צו די לידער פון שיקע דריז — „א ניגנדל״, אהרן ווערגעליס — „א טרער״, אײַציק פעפער — „איך זע אײַך בא פלאמען פון שײַטער״, פערעץ מארקיש — „צו די פולע קוואלן״, מוישע טייף — „אלע פעלקער זײַנען ברידער״, מענדל ליפשיץ — „צום גרויסן פאָעט פושקין״ און אנדערע.

מיט דערעכערעץ —

**אלבערט ביטער,**
**לאָס־אנדזשעלעס**

# כראָניק

## ביראָבידזשאַנער נײַעס

### א לעקציע־קאָנצערט

אין ביראָבידזשאַנער קולטור־
פּאַלאַץ איז פאָרגעקומען א קאָנ־
צערט פונעם לאַורעאַט פון דעם
אַלפאַרבאַנדישן קאָנקורס פון עס־
טראַדע־אַרטיסטן, אײנעם פון די
עלטסטע פּעדאַגאָגן־דאָמריסטן פו־
נעם מאָסקווער אינסטיטוט אָפּן
נאָמען פון די גנעסינס רודאָלף
בעלאָוו. מיט אַן אַרײַנפיר־וואָרט
צום קאָנצערט איז אַרויסגעטראָטן
די באַקאַנטע פּיאַניסטקע עלעאָ־
נאָרע קירילאָווסקאַיאַ. זי האָט
דערציילט די צושױער װעגן דער
אױסטערלישקײַט פון דעם אַלטן
מוזיקאַלן אינסטרומענט, מיט דער
הילף פון וועלכן די רוסישע
פאָלקס־שפּילער — סקאָמאָראָכן
פלעגן אויסדריקן די ליידן און
פריידן פונעם פאָלק, דעם סאָציִ־
אַלן פּראָטעסט פון די עקספּלואַ־
טירטע קעגן די עקספּלואַטאַטאָרס.
דערפאַר האָבן אין XVI יאָרהונ־
דערט, לעמאָשל, די מאַכטהאָבער
צונויפגעקליבן באַם פאָלק אַלע
דאָמרעס און זיי פאַרברענט.

א נײַ לעבן האָט באַקומען דער
אַלטער סטרונע־אינסטרומענט אין
סאָף פונעם XIX יה., נאָך דעם ווי
דער באַרימטער מוזיקער אַנדריי
אַנדרייעוו האָט געגרינדעט דעם
ערשטן אָרקעסטער פון רוסישע
פאָלקס־אינסטרומענטן.

אין דעם האָבן זיך איבערצײַגט
די ביראָבידזשאַנער ליבהאָבער
פון מוזיק, הערנדיק רודאָלף בע־
לאָווס סאָלאָ־קאָנצערט אונטערן
אַקאָמפּאַנעמענט פון עלעאָנאָרע
קירילאָווסקאַיאַ, אין וועלכן עס
האָבן געקלונגען פיל רוסישע
פאָלקס־געזאַנגען, ווי אויך אַזעל־
כע קאָמפּליצירטע ווערק, ווי שאָ־
סטאַקאָוויטשעס „א שפּאַס", פּאַ־
גאַניניס „ווענעציִאַנער קאַרנאַ־
וואַל" אאַ.

### די וואָך פון בריוו

ווי באַוווּסט, האָט דער XIV
קאָנגרעס פונעם אַלוועלטלעכן
פּאָטשט־פאַרבאַנד רעקאָמענדירט
אין 1957, אַז די לענדער — מיט־
גלידער פונעם פאַרבאַנד זאָלן
יעדן יאָר דורכפירן א „וואָך פון
בריוו". די דאָזיקע איניציִאַטיוו
האָט באַוויליקט די אָרגאַניזאַציע
פון די פאַראייניקטע נאַציעס. בא
אונדז אין לאַנד איז „די וואָך פון
בריוו" געוואָרן אַן אײַגנאַרטיקער
דורכקוק פון דער אַרבעט פון די
פאַרבינדונגס־אָרגאַניזאַציעס.

אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער
געגנט איז הײַנט־צו־טאָג אין יעדן
דאָרף און יישעוו פאַראַן א
פּאָטשט־אָפּטיילונג. וואָס איז שײַ־
עך די ווייניק־באַפעלקערטע
פונקטן, ווערן זיי באַדינט דורך
באַוועגלעכע פאַרבינדונגס־אָפּטיי־
לונגען אויף אויטאָמאַשינעס.

פאַר די יאָרן פונעם נײַנטן פינפ־
יאָר זײַנען אין דער געגנט אויס־
געבויט געוואָרן 10 נײַע און רע־
קאָנסטרויִרט געוואָרן העכער 20
אַלטע געבײַדעס פון די פאַרבינ־
דונגס־אָפּטיילונגען, דערונטער אין
די דערפער וואַלדהיים, ביראָפעלד,
פּאַשקאָוואָ, באַבסטאָוואָ, לענינ־
סקאָיע, נאַגיבאָוואָ, אינעם יישעוו
בירא.

### געשאַנקען פון דער טײַגע

די וואָרצלען פונעם טײַגע־גע־
וויקס עלעוטעראָקאָק שטעלן מיט
זיך פאָר א ווערטפול רויוואַרג
פאַר דער פאַרמאַצעווט־אינדוסט־
ריע. מער פון צוויי טאָן אַזעלכע
וואָרצלען האָבן הײַאָר פאַרגרייט
די טוער פון דער אָבלוטשיער
מעלוכישער געוועלב־ווירטשאַפט.

די וואַלדציכטלער פון דער
ווירטשאַפט פאַרגרייטן אויך טײַ־
גע־יאַגעדעס, זריִע־קנאָספּן פון
דער אַמורער אַקאַציע און שיפּאָווו־
ניק, וועלכע ווערן אָפּגעשיקט אין
די וואַלד־ווירטשאַפטן פון די דאָ־
רעם־ראַיאָנען פונעם לאַנד.

דער בירער בינען־סאָווירט איז
באַוווּסט אינעם כאַבאַראָווסקער
קאַנט אַלס איינער פון די גרעס־
טע פּראָדוצירער פון האָניק, וואַקס
און פּראָפּאָליוס, וועלכע ווערן
אויך אויסגענוצט אַלס רויוואַרג
פאַר ווערטפולע היילונגס־פּרעפּאַ־
ראַטן.

### די געגנטלעכע לאַנדווירט־שאַפטלעכע אויסשטעלונג

אין ביראָבידזשאַנער קולטור־
פּאַלאַץ איז לעצטנס פאָרגעקומען
די יערלעכע געגנטלעכע לאַנד־
ווירטשאַפטלעכע אויסשטעלונג.

בא 200 עקספּאָנאַטן האָבן דער־
ציילט וועגן די אויפטוען פון די
קאָלעקטיוון פון די סאָווירטן און
קאָלווירטן, פון דער געגנטלעכער
פאַראייניקונג פון „סעלכאָזטעכני־
קאַ", ביראָבידזשאַנער געגנטלע־
כער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּרווו־
סטאַנציע, אַמורער מעלוכישן
סאָרטן־באַצירק און פון אַנדערע
ווירטשאַפטן.

באַם אַרײַנגאַנג אויף דער אויס־
שטעלונג זײַנען אויסגעשטעלט
פּאָרטרעטן פון די פאָרגעשריטע־
נע האָרעפּאַשניקעס, מיט וועלכע
עס שטאָלצירן די אַרבעטנדיקע
פון דער צוויי מאָל אָרדענטרעגע־
רישער ייִדישער אויטאָנאָמער
געגנט — פּאָרטרעטן פון די העלדן
פון סאָציִאַליסטישער מי וו. פּע־
לער, מ. פּאָקאַטילאָ, וו. פּאָזדניאַ־
קאָוו, פון די קאַוואַלערן פון פיל
אָרדענס פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד
פּ. פּיימאַן, ע. שישליאַניקאָוואַ, נ.
קראַמאַר, יו. גריב און אַנדערע.

### הײַזער פאַר די בויער פונעם באַם

דער קאָלעקטיוו פונעם צעך פון
הײַזער־בויונג באַם טונגוסקער
געהילץ־באַאַרבעטנדיקן קאָמבינאַט
פילט אויס באַשטעלונגען פאַר דער
בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל.

פון אָנהייב יאָר זײַנען פאַר די
בויער פונעם באַם שוין אָפּגעשיקט
געוואָרן 328 צווייִדירעדיקע הײַ־
זער, יעדער הויז מיט א ווױנ־שע־
טעך פון 47 קוואַדראַטע מעטער —
צוויי צימערן און א קיך, אויסגע־
שטאַטע מיט סטאַנדאַרט מעבל.
אַדאַנק אָט די ווױנ־הײַזער זײַנען
אויף דער מאַגיסטראַל אויסגעוואַקסן
יישוּווים מיט שיינע גאַסן.

ביזן סאָף יאָר וועט דער טונ־
גוסקער קאָמבינאַט אָפּלאָדן פאַר
דער גרויסער בויונג נאָך הונדערט
וויל־אײַנגעאָרדנטע קאָטעדזשן.

### שפּאַלעס פאַר דער מאַגיסטראַל

א צווייטע האָלץ־באַאַרבעטנדי־
קע אונטערנעמונג פון טונגוסק
גרייט שפּאַלעס פאַר דער בײַקאַל־
אַמורער מאַגיסטראַל. דער קאָ־
לעקטיוו פון דער אונטערנעמונג
האָט אין משך פונעם יאָר אָפּ־
געשיקט פאַר דער בויונג אַריבער
70 טויזנט שפּאַלעס.

לעקאָווועד דעם פאָרשטייענדיקן
XXV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָבן די
פאָרגעשריטענע בריגאַדעס גענו־
מען אויף זיך פאַרפליכטונגען אויס־
צופילן די טאָג־נאָרמעס אויף 150
פּראָצענט.

### עס גייט די קעטאַ

טעפּלאָאָזיאָרסקער פיש־זאַוואָד
איז איינער פון די עלטסטע אָפּן
ווײַטן מיזרעך. ער געפינט זיך
באַם ברעג פון אַן אוניקאַלער
אָזערע, וועלכע ווערט קיינמאָל
ניט פאַרפרוירן. אַהין קומט די
קעטאַ אָפּלייגן איר רויג.

פאַר די קימאַט 50 יאָר, זינט
דער זאַוואָד איז געשאַפן געוואָרן,
האָבן די פישציכטלער פון דער
אונטערנעמונג אינקובירט און
אומגעקערט אין שטילן אָקעאַן
הונדערטער מיליאָנען קעטאַ־פּי־
שעלעך.

לויטן פּלאַן דאַרפן די טעפּלאָ־
אָזיאָרסקער פישציכטלער אין האַ־
יאָריקן סעזאָן אויסכאָוועון 50 מי־
ליאָן אַזעלכע פישעלעך.

אויף דער באַזע פונעם פיש־זאַ־
וואָד פירן א באַשטענדיקע פאָר־
שערישע אַרבעט די געלערנטע־
איכטיִאָלאָגן — מיטאַרבעטער פו־
נעם שטיל־אָקעאַנישן וויסנשאַפט־
לעכן אינסטיטוט פון דער פיש־
ווירטשאַפט.

כראָניק

## פאַרשיידענס

## די באַפעלקערונג פון דער פּלאַנעטע

מיט וועלכע טעמפּן וואַקסט די באַפעלקערונג פון אונדזער פּלאַנעטע און ווי האַלט עס מיט די פּראָגנאָזן אויף דער צוקונפט? דעם ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע גיט דער פאַרעפנטלעכטער פאָרטראָג פונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אונאָ ק. וואַלדהיים „די רעכט פונעם מענטשן און דער וויסנשאַפטלעך־טעכנישער פּראָגרעס". אויב אין 1950, ווערט אָנגעוויזן אינעם פאָרטראָג, האָט די באַפעלקערונג פון אונדזער פּלאַנעטע באַטראָפן 2,5 מיליאַרד מענטשן, האָט אין 1970 די דאָזיקע צאָל שוין איבערגעשטיגן 3,6 מיליאַרד. אויב אַזאַ טענדענץ וועט דויערן אין משך פון נאָך דרײַסיק יאָר, וועט צום סוף XX יאָרהונדערט די באַפעלקערונג פון דער פּלאַנעטע באַטרעפן העכער 6 מיליאַרד מענטשן.

לויט די פאָרלויפיקע כעזשבוינעס, וועט צום סוף XX יאָרהונדערט די צאָל קינדער באַטרעפן 26 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל באַפעלקערונג אין די אינדוסטריעל אַנטוויקלטע לענדער און 35 פּראָצענט אין די זיך אַנטוויקלענדיקע לענדער. דאָס וועט פאָדערן צו פאַרדאָפּלען די צאָל אָנפאַנג־ און מיטלשולן.

אינעם פאָרטראָג ווערט אָפּגעמערקט, אַז יעדע וואָך ווערט אויף דער וועלט געבוירן העכער אַ מיליאָן מענטשן. באַזונדערס אינטענסיוו וואַקסט די באַפעלקערונג פון די זיך אַנטוויקלענדיקע לענדער.

## צו דער געשיכטע פון אַ דעטעקטיוו ראָמאַן

אַלס אורפאָטער פונעם דעטעקטיוו זשאַנער אין דער נאָכמלחמהדיקער יאַפּאָניע האָט מען ביז דער לעצטער צײַט געהאַלטן איינעם אַ סאָכיי סיבאַיאַמאַ, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט אין 1946 אַ ראָמאַן „דער מאָרד אויפן עלעקטראָ־לאָקאָמאָטיוו". ניט לאַנג צוריק האָט אַ פּראָווינציעלער פאַרלאַג באַשטימט אַרויסלאָזן אַ זאַמלונג פון שאַרפסינעדיקע ווערק, אין וועלכע די געשעענישן זײַנען פאַרבונדן מיטן אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט, און געבן אויך קורצע ביאָגראַפיעס פון די אַוטאָרן. וועגן סיבאַיאַמאַ אָבער האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפינען קיין שום ידיעות. נאָך לאַנגע זוכענישן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז סיבאַיאַמאַ איז אַ פּסעוודאָנים און דער אמתער נאָמען פונעם אַוטאָר פונעם ראָמאַן איז סיראָ סעקי, דער איצטיקער פּרעזידענט פון „מײַדענסיאַ", איינער פון די גרעסטע עלעקטראָטעכנישע קאָמפּאַניעס אין יאַפּאָניע. „נאָך דער מלחמה האָט אין דער עקאָנאָמיק פון יאַפּאָניע געהערשט אַ כאָאָס, — האָט ער געמאָלדן, — האָב איך געהאַלטן, אַז פריִער פאַר אַלץ איז נייטיק צו אַנטוויקלען דעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט. קעדיי אויפהייבן דעם אינטערעס צו די דאָזיקע פּראָבלעמען, האָב איך דעמאָלט באַשטימט אָנשרײַבן דעם ראָמאַן".

## מע זוכט אוצרות

דאָס פינפטע יאָר פּרוּוון די אַמעריקאַנער אוצרות־זוכער געפינען די רעשטן פון דער שפּאַנישער שיף „נועסטראַ סעניאָראַ דע אַטאָטשאַ", וואָס איז דערטרונקען געוואָרן אין XVII יאָרהונדערט. אויף איר באָרט, מיינט מען, האָט זיך געפונען 27 טאָן גאָלד און 47 טאָן זילבער.

לויט די ידיעות, איז די דאָזיקע שיף, וועלכע האָט איבערגעפירט אַ טייל אוצרות, אָנגערויבטע אין אַמעריקע, אויפן וועג קיין שפּאַניע באַגעגנט געוואָרן דורך אַ גוואַלדיקן שטורעם און איז דערטרונקען געוואָרן בײַ די ברעגן פון פלאָרידע.

דער כיישעק צו געפינען דעם דאָזיקן אוצר איז אַזוי גרויס, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין פּשאַ געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמפּאַניע, וועלכע איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, אויסנוצנדיק די לעצטע דערגרייכונגען פון דער טעכניק. אין 1973 יאָר האָט מען בײַם פלאָרידער ברעגלאַנד אויפגעהויבן פונעם אָקעאַן־דעק גאָלד־ און זילבער־שטיקער אויף אַ סומע פון 5 מיליאָן דאָלאַרן.

ווי ס'האָט מיטגעטיילט דער וויצע־פּרעזידענט פון דער קאָמפּאַניע ב. מאַקקעללי, האָט מען אויפן 64־טן קילאָמעטער מײַרעוור־צו פון קי־אועסטאַ ניט לאַנג צוריק געפונען פינף בראָנזענע האַרמאַטן און פעסטגעשטעלט, אַז זיי זײַנען פון דער שיף „אַטאָטשאַ". לויט דער מיינונג פון ספּעציאַליסטן, קאָן דאָס דאָזיקע געפינס פאַרלײַכטערן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס די זוכונגען פונעם דערטרונקענעם אוצר.

## „כ'געדענק אַ ווונדערלעכע רגע..."

איינע פון פּושקינס סאַמע באַרימטע לידער, געווידמעט א. פּ. קערן, האָט דער פּאָעט געשאַפן מיט 150 יאָר צוריק אין דאָרף מיכײַלאָווסקאָיע.

מיט אַנאַ קערן האָט ער דאָס ערשטע מאָל זיך געטראָפן אין 1819 אויף אַן אָוונט בײַ די אָלענינס. די נײַנצניאָריקע אַנאַ פּעטראָוונאַ האָט אָנטיילגענומען אין אַ ספּעקטאַקל, שפּילנדיק די ראָל פון קלעאָפּאַטרען.

די צווייטע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין זעקס יאָר אַרום. קערן איז געווען צעקריגט מיטן מאַן, דעם גענעראַל יע. נ. קערן, זי איז געקומען צו איר מומע פּ. א. אָסיפּאָוואַ, וועלכע האָט געוווינט אינעם שכײנעסדיקן מיט מיכײַלאָווסקאָיע דאָרף טריגאָרסקאָיע, און האָט דאָ פאַרבראַכט ביזן 19 יול. פּושקין איז געווען איבעראַשט פון איר שיינקײַט און אַנציקט פון איר זינגען און האָט ניט דורכגעלאָזט קיין מעגלעכקײַט צו זען זיך מיט איר. דער מומען זײַנען ניט געפעלן געווען די ראָמאַנטישע באַציִונגען צווישן דעם פּאָעט און איר פּלעמעניצע און האָט זי אָוועקגעפירט קיין ריגע צו אַנעס מאַן. פאַר איר אָפּפאָר האָט פּושקין אָנגעשריבן די שורות „כ'געדענק אַ ווונדערלעכע רגע...".

די ליד איז צום ערשטן מאָל געווען פאַרעפנטלעכט אינעם אַלמאַנאַך «Северные цветы на 1827 год» („צאָפן־קווייטן אויפן 1827 יאָר") אונטער דער באַצייכענונג «К***» און דערנאָך אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער זאַמלונג פון פּושקינס ווערק אין 1829. צוגרייטנדיק זי צום דרוק, האָט דער פּאָעט צונויפגעשטעלט צעטלען פון די לידער, ווו ער האָט דעשיפרירט די ווידמונג: „צו קערן א. פּ. ק." און „קערן".

י. אַקוטין („וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ")

## באַלוינטע ביכער

קימאַט א וואָך האָט אַף דער אויסשטעלונג „בוך־75״ געאַרבעט אַן אוטאָריטעטע זשורי פונעם צווישנפעלקערלעכן קאָנקורס אַף דער קינסטלערישער אויספורעמונג און פּאָליגראַפישער אויספילונג פון ביכער אין באַשטאַנד פון מאָלער, שרײַבער, פאַרלעגער פון פערצן לענדער.

די העכסטע באַלוינונג — די גאָלדענע מעדאַל „סערפּ און האַמער״ — איז איינשטימיק צוגעפּאַסקנט געוואָרן דעם בוך פון „פּאָליטיזדאַט״, וואָס אַנטהאַלט די רעדע פונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון צק קפּסס ל. אי. ברעזשנעוו „דער גרויסער העלדנטאַט פונעם סאָוועטישן פאָלק״, געווידמעט דעם דרײַסיקסטן יאָרטאָג פונעם זיג פונעם סאָוועטישן פאָלק אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, און אויך דעם טעקסט פון דער ווענדונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון קפּסס, פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון פססר, פון דער רעגירונג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד „צו די פעלקער, פּאַרלאַמענטן און רעגירונגען״.

ביכלאַל איז דער אָפּטייל פון פּאָליטישן בוך געווען זייער ברייט פאָרגעשטעלט. צום בײַשפּיל, די פינפבענדיקע „גרויסע געשיכטע פון דער קאָמונע״ (פראַנקרײַך) האָט באַקומען א זילבערנע מעדאַל. די פינפבענדיקע אויסגאַבע — „ווידערשטאַנד״ פון דעם זעלבן פראַנצויזישן פאַרלאַג — „ליוור קלאַוו דידראָ״ איז באַלוינט געוואָרן מיט א גאָלדענער מעדאַל. דער אַלבאָם „דײַטשישער אַנטיפאַשיסטישער ווידערשטאַנד אין פאָטאָגראַפיעס און דאָקומענטן. 1933 — 1945״ פונעם „רעדעבערג־פאַרלאַג״ (דײַטשישע פּערדעראַטיווע רעפּובליק) איז באַלוינט געוואָרן מיט א זילבערנער מעדאַל. איינע פון די דרײַ זילבערנע מעדאַלן „סערפּ און האַמער״ האָט די זשורי צוגעפּאַסקנט דעם פאַרלאַג פון ד. ד. ר. „מיטטעלדייטשע פערלאַג״ פאַרן בוך „טשילי — א ליד און א רעפּאָרטאַזש״.

לויטן אָפּטייל פון וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס איז א גאָלדענע מעדאַל צוגעפּאַסקנט געוואָרן דעם בוך „קאָפּערניק״ (פּוילישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע).

לויטן אָפּטייל פון קינסטלערישער ליטעראַטור איז א גאָלדענע מעדאַל צוגעפּאַסקנט געוואָרן דעם סאָוועטישן בוך „די געטלעכע קאָמעדיע״ פון דאַנטע (קינסטלער מ. פּיקאָוו), א זילבערנע מעדאַל — דער אויסגאַבע פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין״ (קינסטלער נ. קוזמין).

א גאָלדענע מעדאַל לויטן אָפּטייל פון קינדער־ליטעראַטור האָט באַקומען נ. לעסקאָווס בוך „לעוושאַ״ („א געלינקטער״) מיט די איליוסטראַציעס פון די קוקריניקסן.

צווישן די באַלוינטע מיט דער מעדאַל „די גאָלדענע צווײַג פון פרײַנטשאַפט״ געפינען זיך די אויסגאַבעס: מ. גאָרקי — „די מוטער״ (קינסטלער ד. ביסטי). מ. סערוואַנטעס — „דאָן קיכאָט״ (קינסטלער ס. בראָדסקי).

## געהיימע מוזייען

העכער דרײַ טויזנט ווערק פון דער אַנטישער קונסט האָט קאָנפיסקירט די איטאַליענישע פּאָליציי בייס די אונטערזוכונגען אין פּריוואַטע הײַזער אַפן צאָפן פון איטאַליע. לויט דער אָפּשאַצונג פון ספּעציאַליסטן, באַטרעפט זייער ווערט בא פינף מיליאַרד ליר (אַן ערעך 8 מיליאָן דאָלאַרן).

ווי ס׳האָט געמאָלדן א פאָרשטייער פון דער פּאָליציי, זײַנען אייניקע הײַזער געווען ענלעך אַף עכטע מוזייען. בלויז אַף איין ווילע הינטער מילאַן האָט מען געפונען 2.830 וואַזעס, בעכערס, סטאַטועטקעס און אַנדערע קונסט־ווערק, א טייל פון וועלכע עס ווערט דאַטירט מיטן VI יאָרהונדערט פאַר אונדזער ערע.

אַפן שפּור פון די „קאָלעקציאָנערן״ האָט די פּאָליציי אָנגעטראָפן, אויספאָרשנדיק מיטיילונגען וועגן אומגעזעצלעכע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין צענטראַל־ און דאָרעם־איטאַליע און וועגן דעם, אַז עס ווערן געהיים אַרויסגעפירט פון דאָרטן ווערטפולע געפינסן, דערונטער פון דער עטרוסקישער און אַלט־רוימישער קעראַמיק.

## די באַפעלקערונג פון פּאַריזש ווערט ווייניקער

די ניט לאַנג דורכגעפירטע פאָלקס־ציילונג אין פראַנקרײַך האָט באַוויזן טשיקאַווע יעדיעס וועגן דער הויפּטשטאָט. איר באַפעלקערונג ווערט מיט יעדן יאָר ווייניקער. אויב אינעם פּעריאָד צווישן 1954 און 1962 האָבן די הויפּטשטאָט פאַרלאָזט 100 טויזנט מענטשן, איז איר באַפעלקערונג פאַר די לעצטע זיבן יאָר געוואָרן ווייניקער אַף 300 טויזנט. פאַר די פאַרגאַנגענע צוואַנציק יאָר האָט פּאַריזש פאַרלאָרן 660 טויזנט אײַנוווינער. הײַנט־צו־טאָג פאַרמאָגט די פראַנצויזישע הויפּטשטאָט אין אירע אַדמיניסטראַטיווע גרענעצן בלויז 2,2 מיליאָן אײַנוווינער (אין די פּאַריזשער פאָרשטעט וווינט 2.5 — 3 מאָל מער מענטשן, ווי אין דער הויפּטשטאָט גופע).

די סיבעס פון דער דאָזיקער דערשײַנונג זײַנען ניט קיין סאָד: די הויכע וווינונגס־פּרײַז אין דער הויפּטשטאָט, דער „אָנגריף״ פון פּריוואַטע קאָנטאָרן און אַנשטאַלטן אַפן וווינונגס־פאָנד. באַזונדערס איז דאָס צו מערקן אין שטאָט־צענטער, ווו אייניקע ראַיאָנען האָבן פאַרלוירן ביז 40 פּראָצענט פון זייער פריערדיקער באַפעלקערונג. ס׳קומט פאָר אַן אייגנאַרטיקע „פאַרעלטערונג״ פונעם מיטעלן פּאַריזשער אײַנוווינער: פיל יונגע פאַמיליעס האָבן ניט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקײַטן צו וווינען אין די גרענעצן פון דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט.

## דער היטער פון „דזשאָקאָנדאַ״

די גאַנצע וועלט ווייסט וועגן לעאָנאַרדאָ דא ווינטשיס „דזשאָקאָנדאַ״, וואָס געפינט זיך אינעם לוווּר. אין משך פון א יאָר האָבן אָנדערהאַלבן מיליאָן באַזוכער פונעם פּאַריזשער מוזיי גרויס געגוס פון דער באַגעגעניש מיט איר. נאָר ס׳איז א ספק, צי ס׳איז כאָטש איינעם פון זיי געקומען אַפן געדאַנק, אַז דער באַשיידענער מוזיי־דינער, וואָס געפינט זיך שטענדיק באַם פּאָרטרעט, האָט געווידמעט א סאַך יאָרן פון זײַן לעבן איין לײַדנשאַפט — דער פאַרגעטערונג פון מאָנאַ ליזאַ.

שוין צוואַנציק יאָר, ווי לעאָן מעקיוזאַ צעשיידט זיך ניט מיט מאָנאַ ליזאַ. ער האָט פאַרנומען זײַן פּאָסטן, נישט זײַענדיק ניט קיין קונסטקענער, ניט קיין מאָלער. ער האָט פּאָשעט ליב געהאַט „דזשאָקאָנדאַ״ און האָט פאַרביטן די שטעלע פון א דירעקטאָר פון א קנעפּל־פאַבריק אַפן פּאָסטן בא לעאָנאַרדאָ דא ווינטשיס שאַפונג. ער צעשיידט זיך ניט מיטן בילד אַלע שאָען, ווען דער לוווּר אַרבעט, און ווי עס דערציילן זײַנע קאָלעגן, קומט ער אַלע טאָג אין מוזיי אַף א האַלבער שאָ פאַר דער עפענונג, כדי זיך מיסיאַכיד זײַן מיטן גרויסן ווערק.

פאַרשיידנס

# ביראָבידזשאַנער פּאָטאָ־כראָניק



1



2



3



4

1. דער צעך פון גרויספּאַנעליקער הײַזער־בויונג פון דער בוי־פאַרוואַלטונג נומ. 254, ווו עס ווערן צוגעגרײַט פּאַנעלן פאַר דער בויונג פון פילשטאָקיקע וווינהײַזער אינעם געגנטלעכן צענטער
2. דער קינדער־גאָרטן אינעם דאָרף יעקאַטערינאָ־ניקאָלסקאָיע
3. אָף דער בינע — א קינדער־כאָר
4. א גוטע גערעטעניש פון גאָרטן־קולטורן האָט געבראַכט דער פאַרגאַנגענער האַרבסט, אויך די טײַגע האָט געשענקט א רײַכע שעפע. אָף די בילדער: דער שוואָם וועגט 800 גראַם; שוין איינמאָל א קאַבאַק

## ווינקל פון געזעלשאפטלעכן פארשפרייטער פון „סאוועטיש היימלאנד“

# נײַע לייענער, נײַע פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל

אין דער אבאָנירונג אפן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“ האָבן זיך האיאָר אײַנגעשלאָסן א גרויסע צאָל אקטיווע לייענער, געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער און שרײַבער. די ווענדונג פון דער רעדאקציע, וועלכע איז אָפּגעדרוקט אין סענטיאבער־נומער, האָט ארויסגערופן א היפשן אינטערעס. וועגן דעם זאָגן איידעס די פילצאָליקע יעדיעס פון די ערטער.

דער שרײַבער אלעקסאנדער לײזען האָט מיטגעטיילט פון לוואָוו, אז צום סאָף סענטיאבער האָט ער פערזענלעך אבאָנירט אפן זשורנאל 27 לייענער. אין לוואָוו פירן דורך א גרויסע ארבעט די געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער יאקאָוו גערשקאָוויטש, אלבערט סטאָצקי, וויקטאָר דארקאָווסקי, יולי שולמייסקי און אנד.

פון האָמעל שרײַבט אונדז דער געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער. מיעל רוווינסקי, וויאזוי ס'האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו אופווירקן מיטן אייגענעם בײַשפיל אף די שכיינים און באקאנטע, זיי זאָלן ניט דורכלאָזן דעם טערמין פון דער אבאָנירונג. קוידעמקאָל האָט ער אליין זיך אונטערגעשריבן דעם 15 סענטיאבער אפן זשורנאל. ער האָט אופגעקלערט זײַנע כאַווײרים, אז אויספאָרמירן די אבאָנירונג איז בעסער פון אלץ אף א גאנץ יאָר, מע זאָל ניט דארפן פארנעמען זיך מיט דעם צוויי מאָל. אזוי האָבן, לויט זײַן בײַשפיל, טאקע געטאָן א סאך לייענער פון דער שטאָט.

ווי נאָר דער געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער וו. אײַזענבערג (בערדיטשעוו) האָט דורכגעלייענט דעם רוף פון דער רעדאקציע צו פארשפרייטן דעם זשורנאל, האָט ער זיך פארבונדן מיט די לייענער־„וועטעראנען“ און געהאָלפן זיי אין דער אבאָנירונג. ער האָט אויך געשאפן נײַע לייענער. אויסנוצנדיק די געלעגנהײַט, ווינטשן מיר דעם כ' אײַזענבערג, וועלכער איז ניט לאנג צוריק באלוינט געוואָרן מיט דער מעדאל „וועטעראן פון מי“, אריכאס־יאָמים און אויך נײַע דערפאָלגן אין זײַן ארבעט אלס געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער פון „סאָוועטיש היימלאנד“.

גוטע גרוסן באקומען מיר פון וויניצע. אין דער שטאָט האָבן מיר געהאט פון טאָמיד אָן א ברייטן אקטיוו, בעראָש פון וועלכן עס איז געשטאנען דער אומדערמידלעכער פאָפּוליאריזאטאָר פונעם יידישן געדרוקטן וואָרט ייצכאָק קיל. מיט א פאָר יאָר צוריק, ווען קיל איז געשטאָרבן, איז די אבאָנירונג עטוואָס געפאלן. די עסטאפעטע פונעם אלטן מויכער־ספאָרימניק האָט איבערגענומען דער ענטוזיאסט און ליבהאָבער פונעם געדרוקטן וואָרט, קילס א געוועזענער געהילף, דער יידישער ליטעראט געדאליע קאָסאָי. ער האָט צונויפגענומען א קרײַז ענטוזיאסטן פון דער יידישער ליטעראטור, אזעלכע ווי רוון אקיוויסאָן, ייסראָעל ספיוואק, מאָטל שטערנבערג און אנדערע. צוזאמען מיט די פריערדיקע אקטיוויסטן, די אלטע וויניצער טוישווים ארן סייוואק, שימען בערשאד און וועלוול אנאפאָלסקי, פירן זיי איצט דורך אן ענערגישע ארבעט אף צו שאפן נײַע לייענער.

אין א בריוו אין רעדאקציע וועגן דעם גאנג פון דער אבאָנירונג אף „סאָוועטיש היימלאנד“ אפן 1976 יאָר שרײַבט געדאליע קאָסאָי:

„כאָשעווע כאוויירים!

איך קלײַב זיך צופאָרן קיין מאָסקווע, קעדיי אײַך אָפּגעבן א מינדלעכן באריכט וועגן דעם צושטאנד פון דער אבאָנירונג בא אונדז אין וויניצע, דערציילן וועגן די מאָסמיטלען, וועלכע מיר האָבן אָנגענומען צו פארגרעסערן די צאָל אבאָנענטן. דערווײַל, ביז וואָס־ווען, וויל איך זיך באנוגענען מיט עטלעכע ציפערן, פון וועלכע איר וועט זען, אז אין פארגלײַך מיטן פאָריקן יאָר איז דאָ די צאָל אבאָנענטן אויסגעוואקסן אין דריטהאלבן מאָל. איך אליין האָב אבאָנירט 90 לייענער, פון זיי — 82 נײַע“.

און אָט איז א צווייטער גרוס פון וויניצע — פון רוון אקיוויסאָן: „מיך פרייען, נאטירלעך, די דערגרייכונגען אין דער אבאָנירונג אף „סאָוועטיש היימלאנד“ אפן נײַעם יאָר. ס'וועט אײַך, גלייב איך, זײַן אינטערעסאנט צו וויסן וועגן מײַן מעטאָד פון פאָפּוליאריזירן דעם זשורנאל און פון צוציען נײַע לייענער. צוליב דעם האָב איך פאר פיל פון מײַנע באקאנטע פאָרגעלייענט א ריי פארעפנטלעכטע אינעם זשורנאל מאטעריאלן, און דאָס האָט געגעבן גלענצנדיקע רעזולטאטן. איך האָב זיך נאָכאמאָל איבערצײַגט, אז דער בעסטער אגיטאטאָר פאר „סאָוועטיש היימלאנד“ איז „סאָוועטיש היימלאנד“ אליין“.

אין סמאָלענסק זעצט פאָר אקטיוו די אבאָנירונג די גרופּע כאוויירים — ארן שקונדיק, איסאק סארניעוויטש, יעפים סאָסין, בעראָש מיט אײַזיק שפילבערגן.

און אָט איז א בריוו פון אן אויסלענדישן פרײַנט פון דעם זשורנאל:

„טײַערע פרײַנט!

שוין 12 יאָר פארנעם איך זיך מיט פארשפרייטן „סאָוועטיש היימלאנד“. איך טו דאָס מיטן גרעסטן פארגעניגן, ווײַל דער זשורנאל איז פאר מיר א קוואל פון וויסן, און ניט נאָר אין געביט פון ליטעראטור. מיט גרויס אינטערעס לייען איך די פובליציסטישע מאטעריאלן — פון זיי דערוויס איך זיך דעם עמעס וועגן א סאך זאכן, איבערהויפט וועגן דער לאגע אף דעם נאָענטן מיזרעך.

איך וויל אײַך מיטיילן, אז איך האָב געשאפן א ריי נײַע אבאָנענטן, און זיי זײַנען אויך ביז גאָר צופרידן מיטן זשורנאל.

מיט כאווערישן גרוס —

ש. פײַנטוך, מעלבורן, אווסטראליע“.

פון דער שטאָט דאָנעצק שרײַבט אונדז דער אקטיווער געזעלשאפטלעכער פארשפרייטער זאלמען מינקין, אז אין סענטיאבער האָט ער זיך גלײַך אײַנגעשלאָסן אין דער אבאָנירונג און שוין אין די ערשטע טעג געשאפן 20 נײַע אבאָנענטן. ז. מינקין איז שטענדיק פארבונדן מיט פיל לאנגיאָריקע לייענער פונעם זשורנאל, און זיי, פון זייער זײַט, העלפן אים אין דער בעקאָוועדיקער ארבעט.

דער שרײַבער ה. רעלעס האָט זיך ניט לאנג צוריק אומגעקערט פון א רײַזע איבער א ריי שטעט און שטעטלעך פון ווײַסרוסלאנד. ער טיילט אונדז מיט, אז אין שטעטל הלוסק איז פריער געוועזן

אײן אבאָנענט — ב. אוליאַנאָוו. איצט זײַנען דאָרט צוגעקומען נײַע פיר. ב. אוליאַנאָוו האָט באַשטימט ווערן אַף ווײַטער א געזעלשאַפטלעכער פאַרשפּרייטער. נײַע לייענער זײַנען צוגעקומען אויך אין קאַלינקאָוויטשי און מאָזיר.

אין האָמעל האָט ה. רעלעס פּערזענלעך געשאַפן פינף נײַע לייענער.

און אָט איז נאָך אײן בריוו:

„טײַערע רעדאַקציע!

וועגן אײַער זשורנאַל האָב איך געהערט אויך פריִער, נאָר באַקענען זיך מיט אים האָט מיר אָפּגעגליקט בלויז הײאָר. ער איז מיר זייער געפעלן — סײַ לויטן אינהאַלט, סײַ לויט דער פּאָליגראַפישער אויספאָרמירונג. ווען איך האָב אים געבראַכט צו טראָגן מײַנע קרויווים און פרײַנט, האָבן זיי זיך אויך אַבאָנירט אַפן קומענדיקן יאָר.

ווי א לייענער פונעם זשורנאַל און זײַנער א פּאַטריאָט, וויל איך אַרויסזאָגן א ווונטש. לויט מײַן מיינונג, וואָלט צוועקמעסיק געווען צו פאַרברייטערן דעם כראָניק־אָפּטייל, דרוקנדיק פון צײַט צו צײַט פאַרשיידנאַרטיקע אינפאָרמאַציעס, נוצלעכע אייצעס, אָדער אַפילע קלייניקע „אײַנפאַלן", לאָמיר זאָגן — פון א ליבהאָבער פון דער נאַטור אָדער פון א פילאַטעליסט. עפּשער בין איך ניט גערעכט, דער זשורנאַל איז דאָך א ליטעראַריש־קינסטלערישער — דאָס וועט איר שוין אַליין באַשטימען".

דעם דאָזיקן איבערזיכט פון בריוו פון די ערטער שרײַבן מיר אין די ערשטע טעג פון אָקטיאַבער כוידעש, און מיר האָפן, אז צום סאָף יאָר וועלן מיר אײן יעדער שטאָט, אין יעדן ייִשעוו מיט א ייִדישער באַפעלקערונג באַקומען נײַע לייענער, וואָס דאָס זאָגט געוויס איידעס, אז דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער פּאָפּולער בא אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

יאשע טשערניס

# דאָס איז שיקאַווע

## דיומאַ איז געווען גערעכט

דער גרויסער פראַנצויזישער שרײַבער אַלעקסאַנדער דיומאַ האָט, ווי באַוווּסט, ליב געהאַט אַרומצופאָרן איבער דער וועלט. ער האָט דורכגעמאַכט א לאַנגע נעסיִע אויך איבער רוסלאַנד. אַרויסגעפאָרן אין 1858 פון פּאַריזש קיין פּעטערבורג, האָט ער זיך ווײַטער אַוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע און אַסטראַכאַן. שפּעטער האָט ער פאָרגענומען א רײַזע איבער קאַווקאַז און טראַנסקאַווקאַז. די פּראָטים פון אָט דער נעסיִע זײַנען גענוי באַשריבן אין זײַנע צוויי ביכער „פון פּאַריזש קיין אַסטראַכאַן" און „קאַווקאַז". האַגאַם ער האָט אָפּט דאָס ווירקלעכע צונויפגעמישט מיט פאַנטאַזיע, האָט ער אָבער געגעבן א רעאַל בילד וועגן די מענטשן און וועגן דער נאַטור פון רוסלאַנד, דערציילט פאַרשיידענע מײַסעס און לעגענדעס, וועלכע ס'האָבן אים דערציילט די אָרטיקע מענטשן.

די הײַנטצײַטיקע היסטאָריקער האָבן געפונען אין די אַרכיוון געהיימע באַפעלן פון פּעטערבורג צו די גובערנאַטאָרן, זיי זאָלן באַגעגענען דעם גאַסט מיטן געהעריקן קאָוועד, אָבער גלײַכצײַטיק זאָלן זיי אויפמערקזאַם אַכטונג געבן אַף דער אויפירונג פון אָט דעם טרייף־פּאָסלדיקן שרײַבער, ניט דערלאָזן, ער זאָל האָבן קאָנטאַקטן מיטן פאָלק, מיטיילן וועגן אַלע זײַנע באַגעגענישן, האַנדלונגען, שמועסן, וועגן די דאַטעס, ווען ער קומט און ווען ער פאָרט אַוועק.

א כוידעש צײַט האָט דיומאַ פאַרבראַכט אין באַקו. ער האָט דערנאָך גענוי באַשריבן די פעסטונג־שטאָט, אירע מאָנומענטאַלע ווענט, דעם פּאַלאַץ פונעם כאַן, דעם „מיידלטורעם", אָבער מער פאַר אַלץ האָט אים אינטערעסירט אין באַקו דאָס געבורטס־אָרט פון אָפּשעראָנער נאַפט און דער סוראַכאַנער טעמפּל פונעם פײַער־גאָט. נאָך דער רײַזע האָט ער געשריבן:

„...נאַפט — דאָס איז שטיין־אייל, פּעטראָל. נאַפט באַקומט מען אַרויס אין עטלעכע פּונקטן פונעם ערדקײַלעך. דאָס רײַכסטע געבורטס־אָרט פון נאַפט איז אין באַקו און אין זײַן אומגעגנט. אַרום דער שטאָט, איבערן גאַנצן ברעגלאַנד פונעם קאַספּישן יאַם, זײַנען אינעם ליימיקן מערגעל, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט נאַפט, אויסגעגראָבן ברינעמער פון 3 ביז 20 מעטער די טיף. 100 ברינעמער גיבן שוואַרצן נאַפט, 15 — העלן. מע באַקומט אַרויס בערערך 100 טויזנט קווינטאַלן נאַפט א יאָר. דעם דאָזיקן נאַפט שיקט מען פון באַקו קיין פּערסיע, טיפליס און אַסטראַכאַן. פאַראַן א פולער גרונט צו האַלטן, אז אונטערן קאַספּישן יאַם ליגט א מעכטיקער נאַפט־שיכט, וואָס ציט זיך ביזן לאַנד פון די טורקמענער".

די ליטעראַטור־פאָרשער האָבן ניט אײן מאָל אָנגעוויזן, אז אין דיומאַס רײַזע־באַשרײַבונגען איז פאַראַן א היפּש ביסל אויסטראַכטענישן, אומפּינקטלעכקײַטן, גרײַזן. אָבער דאָס, וואָס דיומאַ האָט געשריבן וועגן דעם באַקוער נאַפט, איז אַבסאָליוט וואָרהאַפטיק. א באַזונדערן אינטערעס רופט אַרויס זײַן סוואָרע, אז „אונטערן קאַספּישן יאַם ליגט א מעכטיקער נאַפט־שיכט..."

דיומאַ איז געווען גערעכט.

די שטאָט מיטן נאָמען נאַפט־שטיינער, אָדער ווי דאָס פאָלק רופט זי קאַמושקי (וואָס באַטײַט אין רוסיש שטיינדעלעך), איז אויסגעבויט געוואָרן אין קאַספּישן יאַם אין 1949, אַרום די אַזויגערופענע „שוואַרצע פעלדזן", וואָס זייערע שפּיצן זעען זיך קוים אַרויס אַפן יאַם־אויבערפלאַך. די שטאָט געפינט זיך 42 קילאָמעטער פונעם אָפּשעראָנער האַלב־אינדזל, זי שטייט אַף א מעטאַלענער עסטאַקאַדע אינעם אָפענעם יאַם.

פאַרן פערטל יאָרהונדערט פון איר עקזיסטענץ איז די שטאָט נאַפט־שטיינער געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע שול פון פּראָפעסיִאָנעלער מײַסטערשאַפט און אינטערנאַציִאָנאַלער פרײַנטשאַפט. נאַפט־אינזשעניערן פון אַנדערע לענדער קומען קיין פּסטר זיך לערנען, וויִאַזוי אַרויסבאַקומען נאַפט אינעם אָפענעם יאַם.

י. גינעווסקי

# קינסטלער גריגאָרי פּערקעל

אילױסטראַציע צו ל. נ. טאָלסטאָיס ראָמאַן „מילכאָמע און שאָלעם"





עסקיזן פון קאָסטיומען צו דער שטעלונג פון שאָלעם־אַלייכעמס
„דער פאַרקישעפטער שנײַדער״





אילוסטראַציעס צו ל. נ. טאָלסטאָיס ראָמאַן „מילכאָמע און שאָלעם"

# קאָמענטאַרן פון רעדאַקציע

## די רעזאָליוציע פון דער גענעראַל=אסאַמבליי פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס וועט צווינגען זיך צו פאַרטראַכטן אויך יענע, וואָס לאָזן זיך נאָך פאַרפירן פונעם ציִעניזם

אין נאָיאַבער כוידעש פון הײַנטיקס יאָר האָט די גענעראַל־אסאַמבליי פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס אָנגענומען א רעזאָליוציע, אין וועלכער עס ווערט געשטעמפּלט דער ציִעניזם ווי א פאָרם פון ראַסיזם און ראַסן־דיסקרימינאַציע. 72 לענדער פון דער וועלט האָבן געכאַסמעט דעם דאָזיקן דאָקומענט. ווי מע האָט געקאָנט דערוואַרטן, האָט עס אַרויסגערופן אַן אויסברוך פון קאַס אין די קרײַזן פונעם ציִעניזם און פון זײַנע אַדוואָקאַטן. אין די יִסראָעלדיקע רעגירונגס־אינסטאַנצן, אינעם קנעסעט, אין דער בירגערלעכער פּרעסע, אין די פּילקאָלירקע בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי־קרײַזלעך קומען פאָר סצענעס פון מאַסן־היסטעריע. אויך די אַמעריקאַנער באַלעבאַטים פון די רעגירער פון יִסראָעל האָבן, ווײַזט אויס, פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך. לעמאָשל, ווי עס טיילן מיט די צײַטונגען, האָט דער דעלעגאַט פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס דעניִעל פּאַטריק מאָיניכען געווידמעט דער דאָזיקער רעזאָליוציע א ראַדיִאָ־אינטערוויו, וועלכער ווערט טרעפלעך באַצייכנט ווי דער „אַמווייניקסטנס דיפּלאָמאַטישער פון אַלע אינטערוויוען, וואָס די אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטן האָבן ווען־עס־איז געגעבן". מאָיניכען האָט אין א צוּשטאַנד פון צערייצטקײַט געמאָלדן, אַז יִסראָעל איז „איינע פון די ווייניקע דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע מעלוכעס", בײַס די 72 לענדער, וואָס האָבן געשטעמפּלט דעם ציִעניזם אַלס ראַסיסטישע אידעאָלאָגיע, זײַנען „דיקטאַטאָרישע לויט די רעזשימען", — און ער האָט געפונען אַן אויסוועג פון דעם טעמפּן ווינקל, וווהין עס האָט זיך אַליין פאַרטריבן דאָס ציִעניסטישע אידעאָלאָגישע כאַיִל: מע דאַרף „ענטפערן מיט א ביס", האָט ער זיך דערלויבט צו אייצענען אינעם אינטערוויו.

איצט, נאָך דעם, ווי די דעבאַטן וועגן ציִעניזם אינעם פאָרום פון דער וועלט־עפנטלעכקײַט האָבן זיך פאַרענדיקט און דאָס אָרט פון די פּראָפּאַגאַנדיסטישע קאָמאַנדעס — די טומלער — מוזן אַזוי אָדער אַנדערש פאַרנעמען ערנסטע צווישנפעלקערלעכע באַאָבאַכטער, קומט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, די צײַט פאַר מער ווײַטגייענדיקע אָפּשאַצונגען און אַנאַליזן, אין רעזולטאַט פון וועלכע עס ווערט אומפאַרמײַדלעך פעסטגעשטעלט אָט וואָס:

אַרויסטרעטנדיק קעגן פאַרורטיילן דעם ציִעניזם אַלס פאָרם פון ראַסיזם, ברענגען ניט די אַפּאָלאָגעטן און פאַרטיידיקער פון אָט דער אידעאָלאָגיע קיין שום באַווײַזן, וועלכע זאָלן האָבן צו טאָן מיטן טאָך פון דער באַשולדיקונג גופא. זיי האַלטן פאַר איבעריק צו ריידן וועגן הונדערטער טויזנטער פּאַלעסטינער, וואָס זײַנען מיט קויעך פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימען, וועגן די פאַרעכנטע אין יִסראָעל פאַר מענטשן פון צווייטן סאָרט „שוואַרצע יִדן". זיי מײַדן אויס צו דערמאָנען די „צושמידונגס־געזעצן" פאַר אַראַבער, די אַכזאָריעסדיקע שטראָף־עקספּעדיציעס, די אַקציעס פון בולדאָזערן אָף אַראָפּצוטראָגן דערפער מיט ניט־יִדישער באַפעלקערונג אַדג. אַלס איינציקער „אַרגומענט" דינט זיי דער לעכערלעכער טעזיס, אַז די טאַדלונג פונעם ציִעניזם איז דאָס זעלבע, וואָס עס איז אַנטיסעמיטיזם. אויב אָננעמען ערנסט די דאָזיקע, מישטיינסגעזאָגט, „לאָגיק", באַקומט זיך, אַז אַלע די, וואָס האַלטן ניט מיט דער ציִעניסטישער אידעאָלאָגיע און קעמפן קעגן איר, אַלע אַנדערש־דענקענדיקע, אַרײַנגערעכנט ברייטע יִדישע מאַסן אין פאַרשיידענע לענדער פון דער וועלט, זײַנען אַנטיסעמיטן.

„די באַשולדיקונג אין אַנטיסעמיטיזם, — האָט געזאָגט דער פאָרשטייער פון יוגאָסלאַוויע אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס יאַ. פּעטריטש, — איז א באַליידיקונג פאַר די לענדער, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט צו דער רעזאָליוציע. מײַן לאַנד איז געווען א קאָרבן פונעם נאַציזם, וועמענס א הויפּט־לאָזונג איז אַנטיסעמיטיזם, און דעריבער איז צושרײַבן אונדז אַנטיסעמיטיזם — אַן אַבסורד".

אין פאַרלויף פון איינעם פון די טראַגישסטע צוזאַמענשטויסן פון אונדזער צײַט, אין די לעצטע, נאָך דער „זעקסטאָגיקער מילכאָמע", אַכט מיט א האַלבן יאָר, וואָס האָבן געקאָסט די פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך טויזנטער פאַרשניטענע לעבנס, — פּרוּוון די פּראָפּאַגאַנדיסטן פונעם

ציִעניזם דעקן זייַנע פאַרברעכנס מיט ביליקער דעמאַגאָגיע פונעם סאָרט „כאַפּט דעם גאַנעוו״. דער קאַטעגאָרישער פּסק־דין פון דער XXX סע־סיע פון דער גענעראַל־אַסאַמבליי באַווייַזט, אַז ס׳האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו פאַרעדן די צײַן דער וועלט־עפנטלעכקייַט. עס ווערט אַלץ שווע־רער צו שרעקן עמעצן, אַז, זעט איר, דער צאָרן קעגן די מײַסים פונעם עקסטרעמיסטישן ציִע־ניזם איז געצילט קעגן די ייִדן. פאַרקערט, אַלע פאַרשטייען, אַז די ראַסיסטישע אידעאָלאָגיע איז אַ פײַנט פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן, פּונקט ווי פון אַנדערע פעלקער.

אין דער ייִדישער סוויווע פון די מײַרעוו־לענדער ווערט איצט פאַרשפּרייט און געפּריי־דיקט אויך אַ „לאָגיק״, קלוימערשט אין נאָמען פון פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס און פּערסע־אָרגאַנען, וואָס זי איז פאַקטיש אַ ניואַנס פון דער אויבן אָנגערופענער. ווײַבאַלד מע פאַר־טרעט פּראָגרעסיווע קערפּערשאַפטן, זאָגט מען זיך אַרויס ווערטערלעך קעגן דער ציִעניסטי־שער אידעאָלאָגיע. אָבער דאָ גלײַך מאַכט מען איבעראַשנדיקע באַוואָרענישן, וועלכע זײַנען אין טאָך אַן אויסרייד אַף אַרויסצוטרעטן קעגן דער פאַרדאַמונג פונעם ציִעניזם אַלס פאָרם פון ראַסיזם, וואָס עס דרינגט אַרויס פון דער רעזאָ־ליוציע פון דער גענעראַל־אַסאַמבליי פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס.

צווישן די ציִעניסטן, טײַנעט מען, זײַנען פאַ־ראַן, אויסער רעאַקציאָנערן און עקסטרעמיסטן, אַזעלכע, וואָס קריטיקירן די האַנדלונגען פון דער רעגירונג פון ייִסראָעל; פאַראַן אויך אין אַמעריקע, לעמאָשל, ראַבאָנים און ראַבייִם — ציִעניסטן, וואָס נעמען אַן אָנטייל אין דער שאָ־לעם־באַוועגונג און טרעטן אַרויס פאַר די רעכט פונעם נעגערשן פאָלק. פונדאַנען דרינגט די באַוואָרעניש: „ניט אַרײַנוואַרפן אַלע ציִעניסטן אין איין זאַק״, וואָס קיינער טוט עס ניט אין העסקעם מיטן אַלעפבייס פון יעטווידער געזעל־שאַפטלעכער מאַסן־באַוועגונג. ווי באַוווּסט, זײַ־נען צווישן די גרינדער און אָנפירער פון דער וועלט־באַוועגונג פון שאָלעם־קעמפער, באַנאַנד מיט קאָמוניסטן, געווען אַזעלכע גײַסטלעכע, ווי דער ענגלענדער דזשאָנסאָן, דער דײַטש נימע־לער אאַ. דער סאָוועטישער קאָמיטעט פון שאָ־לעם האַלט אונטער פּאָזיטיווע קאָנטאַקטן מיט יענע לינקע ציִעניסטישע טוער אין ייִסראָעל, וועלכע שליסן זיך אָן אין דער פרידן־און פרײַנטשאַפט־באַוועגונג. דאָס דעמאָנסטראַטיווע ברעכן זיך אין אַן אָפענער טיר ברענגט אײנעם פאַל, וועגן וועלכן מיר ריידן דאָ, צו באַשײַמ־פּערלעכע טענדענצן פון קאַשערן די אידעאָלאָ־גיע פונעם ציִעניזם.

לעצטנס איז גאַנגבאַר אויך אַזאַ באַוואָרעניש: העיויס די ציִעניסטישע פּראָפּאַגאַנדע פּריי־דיקט, אַז ציִעניזם און ייִדן זײַנען איינס און דאָס זעלבע, דאַרף מען ניט באַשולדיקן דעם ציִעניזם אין ראַסיזם, אוּמאָפּהענגיק פון דעם, צי דאָס איז יאָ אַזוי, צי ניט, קעדיי ניט אַרויס־רופן טאַקע אַף אַן עמעס שטימונגען קעגן די ייִדן. דער דאָזיקער טעזיס, שוין אָפּגערעדט פון זײַן טעאָרעטישער נישטיקייַט, איז פאַקטיש — קאַפּיטוליאַציע פאַר דער דעמאַגאָגיע פונעם ציִעניזם. אַ ווירדיקן ענטפער אַף אַזעלכע פּאָ־ליטישע סאָפיזמען האָבן געגעבן די 72 לענדער אַף דער סעסיע פון דער גענעראַל־אַסאַמבליי.

אופגעבראַכטע פון די געפערלעכע מײַסים פונעם ציִעניזם, וועלכע דרינגען אַרויס פונעם פּאָסטולאַט „דאָס פאָלק אָן אַ לאַנד דאַרף באַ־הערשן דאָס לאַנד אָן אַ פאָלק״, פאַראייניקן זיך די סאָוועטישע מענטשן צום פּסק־דין פון די פעלקער פון דער וועלט: דער ציִעניזם איז אַ פאָרם פון ראַסיזם און ראַסן־דיסקרימינאַציע.

---

# כראָניק

## דער טיראַזש — 300.000 עקזעמפּליאַרן

דער מאָסקווער פאַרלאַג „מאַ־ליש״, וועלכער לאָזט אַרויס לי־טעראַטור פאַר די קינדער פון דעם פאָרשול־עלטער, האָט לעצטנס אַרויסגעגעבן אין אַ מאַסן־טיראַזש (300.000 עקז.) לייב קוויטקאָס מײַסעלע „אַ בער אין וואַלד״ אין דער רוסישער איבערזעצונג פון יעלענע בלאַגינינאַ.

דאָס מײַסעלע איז רײַך איליו־סטרירט מיט די צייכענונגען פון די קינסטלער ע. בולאַטאָוו און אָ. וואַסיליעוו.

## י.־א. ראָנטש — 75 יאָר

עס איז אַלט געוואָרן 75 יאָר דער ייִדישער פּראָגרעסיווער שרײַבער און קולטור־טוער ייִצ־כאָק־עלכאָנען ראָנטש.

י.־א. ראָנטש איז איינער פון די פּאָפּולערע שעפער פון דער הײַנט־צײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. ער איז באַקאַנט אין די לייענער־קרײַזן מיט לי־דער־זאַמלונגען, מיטן ראָמאַן „מאָ־טעק און סאַלטשע״ און מיט פּיל־צאָליקע אַרטיקלען און עסייען.

די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ באַגריסט האַרציק י.־א. ראָנטשן.

■ ■ ■

# לייב קוויטקאָס אלעפבייס

סאַליוטן, סאַליוטן אין מאָסקווע,
די סאָנים מיר האָבן פאַרטריבן
און שאָלעם געגעבן דער וועלט!

•

עס פירט דאָס פערד פון ווײַטן באַרג
דעם קאַלווירטניק אַפן מאַרק.
עפּל רויטע,
העלן האָניק,
עמערס פול מיט עסנוואַרג.

ערד און הימל האָבן געשווירן:
הימל זאָל רעגענען,
ערד זאָל געבוירן,
עמעס זאָל שטראַלן,
שעקער זאָל פאַלן!

יעטן זאָלסטו יעדער בייט,
יעדער בייט וועט זײַן אַ פרייד.

•

פּען, פּענדזל און פּאַפּיר —
פּוץ איך אויס אַ גאָרטן דיר:
פּאַוועס זיצן אַף די ערטער,
פּאַפּוגײַען שרײַען ווערטער,

פּיפּערנאָטער אין מונדיר —
פּיף־פּאַף — שיסט אין טיר.

•

---

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נום. 10, 11 פאַרן 1975.

פענדלעך זידן, פּאַרע פּאַכט.
פון פאַרטאָג שוין קאָכט דער קאַך,
פּאַרפּל שיט ער, ציבל בריט ער,
פעטס אין בעקן קריגט זיך ביטער.
פריִער פּרוּווט דער קעכער פיַין,
פעפּערט צו און זאַלצט אַריַין.
עפּשער עפּעס נאָך פאַרגעסן?
פּאַרטיק, זעצט זיך עסן.

---

פיַיער אף די סאָנים, פיַיער!
פאַר מיַין פריַי לאַנד, פאַר מיַין טריַיען!
פלי, מיַין פלי־מאַשין, געשווינד
אף די פליגל פונעם ווינט!

●

ציגל לייגט מען,
צעמענט מישט מען,
צוקער־זאַוואָדן דאַרפן דאָ זיַין.
צעכן ניַיינקע וואַקסן אויס.
צוקער־בורעקעס וועלן אַריַין,
צוקער־ציגעלעך וועלן אַרויס.

מיַין ציבעלע וואַקסט,
די שפּיצן צעצויגן.
דאָס ציגעלע וואַרפט
צו דעם מיט די אויגן.
ניטע, ציגו!

●

קוים וואַקס איך אויס,
קוים ווער איך גרויס,
קליַיב איך די בעסטע
אַרבעט אויס.
איך קלער און טו אַלץ קלערן —
איך וויל אַ קאָנסטרוקטאָר ווערן.

---

קלאַפּט אַ קינד אין פיַיקל:
— קומט אַהער, קומט אַהער!
אַ קאָמעדיע מיט אַ בער;
קלוגע קעמלען טאַנצן שערן;
קונצן וויַיזט אַן אַלטער שפּער;
קראָקאָדילן גיסן טרערן!

●

ר
רינגעלע, רינגעלע, רויגעז,
זײַנען מיר בערויגעז,
רינגעלע, רינגעלע ריק —
זײַנען מיר כאוועך צוריק.

---

ראשט דער וואסער־שטראָם,
שפּרינגט און פאלט,
און שפּריצט, און פּראלט, און ברילט —
און נאָר אין ווייכן שוים זיך שטילט.

---

רעדט צום ריבײַזן די מער:
דײַן גלאטע זײַט געפעלט מיר מער!

●

ש
שענסטער כאָלעם, ווער שוין וואָר!
שווימען כ׳זאָל אַף דעם לינקאָר.
מיט די שיפלײַט שטיין אַף וואך,
פארן היימלאנד גיין אין שלאכט.

---

שמידער, שמידער,
שטעל אונדז ווידער
שטארקע גליטשערס,
שטעל אנידער
אונדז צו גליטשן זיך אַף זיי.
פעטער שנייער,
שיט אָן ווידער
שניי אַף שניי!

פון אונדזער
פאָטאָ־
אַרכיוו

## ווייניק־באַוווּסטע פאָטאָגראַפיעס פון פּערעץ מאַרקישן



אין די יוגנט־יאָרן



פון לינקס אף רעכטס: פּ. מאַרקיש, ש. האַלקין און אי. פעפער

צווישן די קרוווים אין פּאָלאָנע (1919)





פאָרטרעט פונעם דיכטער. קינסטלער מאנע קאַץ

אפן אָוונט, געווידמעט פּ. מארקישעס 60־טן געבורטסטאָג אין מאָסקווער צענטראַלן ליטעראַטן־הויז. אין פּרעזידיום פון לינקס אף רעכטס: סעמיאָן טרעגוב, ארן ווערגעליס, אנא אכמאַטאָווא, סערגיי נאַראָווטשאַטאָוו, ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו, פּאַוועל אַנטאָקאָלסקי. אף דער טריבונע — לעוו אָזעראָוו



# מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

### אַליעווסקי, בוזי
(1941—1908)



— דיכטער, פּראָזאיקער. געבוירן אין שטעטל טשערניכאָוו (זשיטאָמירער געגנט). געענדיקט דעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אף וו. אי. לענינס נאָמען (1930). געלערנט אין דער אַספּיראַנטור און פאַרטיידיקט א דיסערטאַציע אפן טיטל קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן. די טעמע פון דער דיסערטאַציע — דאָוויד האָפשטיין. דעביוטירט מיט לידער אין מינסקער זשורנאַל „שטערן" (1926). א באַגאַבטער ליריקער, האָט ער אָפּגעשפּיגלט אין זיין שאַפן די איבערבוי־פּראָצעסן אינעם שטעטל אין די יאָרן פון נעפּ, די ראָמאַנטיק פונעם בירגערקריג („אין וווּקס"), דאָס אריינדרינגען פון דער ייִדישער יוגנט אין דער אינדוסטריע („שאַכטע"). אין אַליעווסקיס שאַפונג פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט די פאַטריאָטישע טעמע. אַליעווסקי האָט געשאַפן לידער און מייסעלעך פאַר קינדער. פיל פון זיינע דיכטערישע ווערק זיינען געווידמעט דער בויונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ווו ער איז געוועזן מיטרעדאַקטאָר און סעקרעטאַר פונעם זשורנאַל „פאָרפּאָסט".

אויסער דיכטונג, האָט אַליעווסקי געשאַפן אויך פּראָזע־ווערק, אין וועלכע עס זיינען פאַרקערפּערט די זעלבע טעמעס און מאָטיוון, וואָס אין זיין ליריק (פאַטריאָטיזם, בירגערקריג און אנד). פון אַליעווסקיס דערציילערישער שאַפונג טיילט זיך באַזונדערס אויס דאָס אווטאָביאָגראַפישע ווערק „אָשערל און זיינע פריינט". אַליעווסקי איז געוועזן דער אווטאָר פון אַרטיקלען איבער אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער ליטעראַטור. ער איז אויך געוועזן אַן איבערזעצער פון רוסיש אף ייִדיש (ל. קאַסיל. „שוואַמבראַניע", דערציילונג, מאָסקווע, 1934 און אנד.).

נאָך ביז דעם אָנהייב פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז בוזי אַליעווסקי, אלס אָפיצער, גערופן געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. ער איז אומגעקומען אין שלאַכט אין די ערשטע וואָכן פון דער מילכאָמע אין 1941.

ווערק. „אין וווּקס". לידער. מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק, 1930; „אַלץ העכער און העכער". לופטפאַרצייכענונגען. מאָסקווע, 1933; „שאַכטע". פּאָעמע. מאָסקווע, 1933; „ביראָבידזשאַנער לידער". מאָסקווע, 1938; „א נאַכט אפן אמור". מאָסקווע, 1938; „אָנהייב לעבן". דערציילונגען. מאָסקווע, 1939; „אף ביראָבידזשאַנער ערד". לידער. מאָסקווע, 1940; „לידער". מאָסקווע, 1940; „אָשערל און זיינע פריינט", די געשיכטע פון א יינגל, מאָסקווע, 1947. אַליעווסקיס ווערק זיינען דערשינען אויך אין דער איבערזעצונג אף רוסיש.

ביבליאָגראַפיע. „ליטעראַטורנאַיא ענציקלאָפּעדיא", ב. 8, מאָסקווע, 1934; „קראַטקאַיא ליטעראַטורנאַיא ענציקלאָפּעדיא" (קלע), ב. 5, מאָסקווע, 1968; ה. רעמעניק. „אונדזער יונגער ליטעראַרישער דאָר", זשורנאַל „שטערן", נומער 10—11, מינסק, 1930; י. דאָברושין, ב. אַליעווסקיס „שאַכטע", זשורנאַל „שטערן", נומ. 7, מינסק, 1934; ה. רעמעניק, „דער אופגאַנג פון א דאָר", צייטונג „אָקטיאַבער", מינסק, 1939, נומער 273; ש. קליטעניק, זשורנאַל „פאָרפּאָסט", נומער 2, ביראָבידזשאַן, 1936; מ. נאָטאָוויטש. צייטונג „אייניקייט", מאָסקווע, 28 אָקטיאַבער, 1943; י. דאָברושין, צייטונג „אייניקייט", מאָסקווע, 27 פעווראַל, 1945; נאָכעם לעווין. „בוזי אַליעווסקי", פאָרוואָרט צו „אָשערל און זיינע פריינט", מאָסקווע, 1947; ריווקע רובין. „אַן אָדלער און א טויב", זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומער 6, מאָסקווע, 1963.

### אלטשולער, מוישע
(1969—1887)



— געזעלשאַפטלעכער טוער, פּובליציסט. געבוירן אין שטעטל באָבער (מאָהילעווער גובערניע), אריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין 1921. די ליטעראַריש־פּובליציסטישע טעטיקייט אָנגעהויבן אין 1919. מ. אלטשולער איז געוועזן סעקרעטאַר פון דער הויפּט־ביוראָ פון די ייִדסעקציעס באַם צק פון דער קאָמפּאַרטיי פון אוקראַינע, מיטגליד פון דער צענטראַל־ביוראָ פון די ייִדסעקציעס באַם צק רקפּ(ב), מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון דער צייטונג „דער עמעס", פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פונעם אַנטירעליגיעזן

זשורנאַל „אפּיקוירעס". אלטשולערס ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעך־פּובליציסטישע טעטיקייט איז קאָנצענטרירט געווען הויפּטזאַכלעך ארום פּראַגן פון אנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט אויך איבערגעזעצט פון רוסיש אייניקע ווערק פון וו. אי. לענין.

ווערק. „האַגאָדע פאַר גלויבער און אפּיקאָרסים", מאָסקווע, 1927; „אנטירעליגיעזער לערנבוך", מאָסקווע, 1929; „גוף און נעשאָמע", מאָסקווע, 1948.

ביבליאָגראַפיע. ש. דימאַנשטיין, פאָרוואָרט צו אלטשולערס אנטירעליגיעזן לערנבוך; נ. רובינשטיין, „די ביכער־פּראָדוקציע אף יידיש אין סאָוועטנפאַרבאַנד", זשורנאַל „אפן וויסנשאַפטלעכן פראָנט", מינסק, 1933.

## אלעק, ש.

(1888—1937)

— געזעלשאַפטלעכער טוער, רעדאַקטאָר, פּובליציסט. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָנהייבנדיק פונעם 1930 — רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „אָדעסער ארבעטער".

ווערק. „פּאַרמעקטע וועגן". בערדיטשעוו, 1932; „אין אָנגלי", כאַרקאָוו, 1932; „טעמפּן", פאַרצייכענונגען. כאַרקאָוו — קיעוו, 1932.

ביבליאָגראַפיע. י. קוויטני, י. מיטלמאַן. „די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור", צייטונג „מאָרגן־פרייהייט", 9 יאַנוואַר, 1933.

## אלעקסאַנדראָוו, הילעל

(1890—1972)

—היסטאָריקער, ליטעראַטורפאָרשער, געבוירן אין באָברויסק, אין א פאַמיליע פון א אופקלערער. אלעקסאַנדראָוו האָט אקטיוו זיך באַטייליקט אין דער וויסנשאַפטלעכער ארבעט אין ווייסרוסלאַנד, געווען א מיטארבעטער פונעם יידישן סעקטאָר אין דער ווייסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. די לעצטע יאָרן פּובליקירט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" פאָרשונגען איבער דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור (וועגן מענדעלען, וועגן ייסראָעל צינבערגס ארכיוו און אנד.).

ווערק. „סאָציאַלע קעגנזאַצן אין יידישע קעהילעס אין 16־טן און 17־טן י. ה." („צייטשריפט", ב. 2, 3, מינסק, 1928); „די יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד" (דאָרטן); „יידן אין וו. ס. ס. ר.", מינסק 1930 (צוזאַמען מיט ארן וואָראַבייטשיקן); „דער פּראָלעטאַריאַט אין וו. ס. ס. ר.", מינסק, 1933.

ביבליאָגראַפיע. ד"ר י. שאַצקי, „געשיכטע פון בילדונג בא יידן", שריפטן פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, ב. 1, ייוואָ, ווילנע, 1933. זאַלמען קאַהאַן, „א לעבן פול מיט שעפערישער מי", זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, מאָסקווע, 1970.

## אקסעלראָד, זעליק

(1904—1941)

— דיכטער. געבוירן אין מינסק, באַקומען א טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג, געלערנט אין מינסק. צו 16 יאָר דעביוטירט מיט א ליד אין מינסקער „וועקער" (1920). זיך געלערנט אין מאָסקווער ליטעראַרישן אינסטיטוט אף וו. בריוסאָווס נאָמען. אין די צוואַנציקער און דרייסיקער



יאָרן אקטיוו זיך באַטייליקט אין ליטעראַרישן לעבן, געדרוקט לידער אין זשורנאַלן און צייטונגען, געווען א מיטארבעטער פון דער רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „שטערן". אין אקסעלראָדס ליריק זיינען טיף און שטאַרק עמאָציאָנעל פאַרקערפּערט די אינטימסטע געפילן און איבערלעבונגען פונעם מענטשן, באַזונדערס — פון דער יוגנט, אין זיין עפּאָכע.

ווערק. „צאַפּל". מינסק, 1922; „לידער". מינסק, 1932; „און ווידער לידער". מינסק, 1935; „אויג אף אויג". פּאָעמעס, מינסק, 1937; „רויטאַרמייִשע לידער", מינסק, 1939; אקסעלראָד האָט איבערגעזעצט פון ווייסרוסיש אף יידיש לידער פון יאַנקאַ קופּאַלאַ.

ביבליאָגראַפיע. י. בראָנשטיין. „ז. אקסעלראָדס דיכטערישער וועג", „אפן וויסנשאַפטלעכן פראָנט" נומער 3—4, מינסק, 1933; „דער סטילן־קאַמף", „פּראָליט", כאַרקאָוו, נומער 3—4, 1930; „שעפערישע פּראָבלעמעס פון דער יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע", מינסק, 1936; ב. אָרשאַנסקי, „די יידישע פּאָעזיע אין ווייסרוסלאַנד נאָך דער רעוואָליוציע", „צייטשריפט", ב. 5, מינסק, 1931; י. דאָברושין, „זעליק אקסעלראָדס וועג", זשורנאַל „שטערן" נומער 10—11, מינסק, 1932; ריווקע רובין, „דערהויבענע שטילקייט", זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 1, 1963.

* * *

# קלעזמארימלעך

ווערטער פון ארון ווערגעליס

מוזיק פון סערגיי טשעבאטאריאוו






ברידערלעך קלעזמאָרימלעך,
יעדערער און קיינער,
טוט א נעם די פידעלעך,
אלע ווי איינער.

זיצט ניט באַ די פּיערטעפּ,
בעסער באַ א שײַטער,
אין די אויגן — פּײַערלעך,
און דאָס בלוט — פאַרשײַטער.

אײַער ליד איז אויסגעבענקט,
אויגן פול מיט טרערן.

ווער ס'איז ניט קיין שפּילפויגל,
וועט שוין מער ניט ווערן.

שוין גענוג געזעסן דאָרט,
שטיל אף די באַסידעלעך.
קומט באַווײַזן אַלעמען,
וואָס עס שטעקט אין פידעלע.

ברידערלעך קלעזמאָרימלעך,
יעדערער און קיינער,
טוט א נעם די פידעלעך,
אלע ווי איינער.

